# רייַשער ייִדן

ז כ ר ו נ ו ת

פון ריישע ביז ניו יאָרק

פ ו ן

צבי שמחה לעדער

וואשאנגטאָן, ד. ק.
1953

**צום אָנדענק פון מיין פרוי שרהלע,**
**די מוטער פון מיינע צוויי קינדער,**
**וואָס איז אַוועק פון דער וועלט**
**אין איר 32סטן לעבנסיאָר - - -**

געווידמעט מיינע צוויי קינדער
ב ל ו מ ה ד ב ו ר ה און מ י כ א ל

דאָס זיינען מיינע זכרונות
פון אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן אין רײשע, גאַליציע, ביז צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין ניו יאָרק. איך האָב דאָס בוך געשריבן ניט צוליב זיך אַליין. דאָס וואָס איך שרייב וועגן זיך איז בלויז דערפאַר ווייל איך האָב עס אַלץ אַליין געזען, געהערט און איבערגעלעבט, אָנפאַנגענדיק פון מיינע יונגע חדר־יאָרן. איך האָב עס ניט געשריבן צוליב געלט אָדער אַנדערע ענלעכע אינטערעסן. דאָס בוך איז געווידמעט דער שטאָט רײשע, וואו איך בין געבוירן, מיינע שוועסטער און ברודער, מיינע קרובים און די רײשער יידן וואָס האָבן מקריב געווען זייער לעבן אויף קידוש השם אין דער לעצטער וועלט־מלחמה.

צ. ש. ל.

# אינהאַלט:

## מיינע עלטערן



## ריישער מלמדים און חדרים



## ריישער קלויז־בחורים



## אַ חתונה אין ריישע



## איך הויב אָן אַ ניי לעבן



## אין אַמעריקע



## ריישער פערזענלעכקייטן אין אַמעריקע

# די יידישע שטאָט ריישע

די געשיכטע פון דער שטאָט ריישע (רזשעשאָוו) הויבט זיך אָן פון מיטן פון 14טן יאָרהונדערט, ווען דער פּוילישער קעניג קאַזימיר דער גרויסער האָט אויסגעקליבן דעם שטח לאַנד לעבן דער טייך ווויסלאָק און האָט דאָרט געגרינדעט די שטאָט רזשעשאָוו וואָס איז געוואָרן דער זיץ פון דער פּוילישער קעניגלעכער פאַמיליע ביז צום סוף פון 16טן יאָרהונדערט. יידן האָבן אָנגעהויבן זיך דאָרט באַזעצן אין מיטן פון 15טן יאָרהונדערט און האָבן דאָרט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דעם, וואָס איז שפּעטער אַרויסגעוואַקסן די באַוואוסטע יידישע שטאָט ריישע, וואָס האָט באַשיינט די פּראָווינץ גאַליציע.

שוין אין די יאָרן פון 16טן און 17טן יאָרהונדערט, האָבן אין ריישע געוואוינט באַוואוסטע רבנים און גאונים. איינער פון זיי איז געווען דער גאון המפרסים הרב ר' יעקב בן יוסף ריישער, דער מחבר פון די ספרים „מנחת יעקב", „חק יעקב" און „תורת השלמים". זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען ר' יעקב ב"ק (ר"ת בן קדושים). דעם נאָמען „ריישער" האָט ער באַקומען צוליב דעם, וואָס ער איז אין די יאָרן 1680 געווען ראב"ד אין ריישע. די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן איז ער געווען רב אין דער שטאָט מעץ.

ריישע איז געווען דער מיטלפּונקט צווישן די צוויי גרויסע באַוואוסטע שטעט לעמבערג און קראָקע, אין דער עסטרייכישער פּראָווינץ גאַליציע, און האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון אַריבער 25 טויזנט (אין יאָר 1900) צווישן זיי אַרום אַכט טויזנט יידן.

כאָטש די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ מינדערהייט, איז אָבער דער יידישער איינפלוס אויפן שטאָטישן לעבן געווען זייער גרויס. יידן האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן פּאָליטיש און עקאָנאָמיש. כמעט דער גאַנצער שטאָטישער מסחר — פון שפּייז, טעקסטיל, פּאַפּיר, געהילץ, בוי־מאַטעריאַלן — ווי אויך אַלע אינדוסטריעס, זיינען געווען אין יידישע הענט.

די גרעסטע און באַרימטסטע אַדוואָקאַטן זיינען געווען יידן. זיי האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער שטאָטישער מאַגיסטראַט רע־

גירונג. די ניט־יידישע באַפעלקערונג האָט זיך פיל גערעכנט מיט זיי. אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט האָט די שטאָט געהאַט אַ יידישן שטאַטס־פּראָקוראָר און אונטערזוכונגס־ריכטער. דער יידישער אַדוואָקאַט דר. ווילהעלם האָכפעלד, איז געווען איינער פון די פירער פון דער פּוילישער שטאָט־רעגירונג. ער איז אויך אַ לאַנגע צייט געווען ריישער ראש הקהל. דער ריישער שטאָט־פיזיקוס איז געווען דר. טעלער. דער שטאָטישער מעטריקעל פירער איז געווען דר. קאַמערלינג. די אויבן דערמאָנטע און אויך איבער ניינציק פּראָצענט פון די יידישע דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן און אַנדערע יידישע פּראָפעסיאָנאַלן, זיינען געווען אַסימילירטע יידן.

אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט, ווען דער ציוניזם איז געווען אין דער התחלה, האָט שוין ריישע געהאַט אַ היפּשע צאָל ציוניסטן. עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט דער פאַראיין „חובבי ציון", געגרינדעט פון פיר באַוואוסטע אינטעליגענטן און משכילים: חיים וואַלד, נפתלי גליקס־מאַן, אבא אַפּעלבוים און קלמן קורצמאַן. דער ערשטער איז געווען איינער פון די אנערקענטסטע פּאָליטישע פירער אין שטאָט. ביי די ריישער יידן איז חיים וואַלד געווען דער טאָן־געבער אין שטאָטישער און אויך אין נאַציאָנאַלער פּאָליטיק. מ'האָט זיך מיט אים פיל גערעכנט.

אין ריישע האָט דאַמאָלט אויך עקזיסטירט דער יוגנט ציון פאַראיין „השחר", געגרינדעט פון משה וויזענפעלד און מאיר עלענבויגען — צוויי באַוואוסטע אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייטן פון דער דאַמאָלטדיקער ציוניסטישער יוגנט. דער לעצטער איז געווען דער אייניקל פון סאַטי־ניווער רב, וואָס האָט געוואוינט אין ריישע. מאיר עלענבויגען איז אַוועק פון דער וועלט אין זיינע יונגע יאָרן.

דער גרעסטער טייל פון די מיטגלידער פון די אויבן דערמאָנטע צוויי ציון פאַראיינען איז באַשטאַנען פון דער יידישער יוגנט. עס איז שוין דאַמאָלט אויך געווען אַ פּועלי ציון פאַראיין, אָנגעפירט פון דעם ענערגישן יונגן אינטעליגענטישן פירער מרדכי בוכבינדער.

יידן האָבן אויך פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ אין דער מעדיצינישער פּראָפעסיע. די בעסטע דאָקטוירים זיינען געווען יידן. פון די ניט־אידישע מעדיצינער האָט מען ווייניק געהערט. עס זיינען אין שטאָט געווען עטלעכע דאָקטוירים וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אויך מיט פּאָליטיק. איינער פון זיי — דר. יאַבלאָנסקי — איז געווען דער שטאָטישער בירגערמייסטער.

אויך אין באַנק און פינאַנץ־געשעפטן האָבן יידן פאַרנומען אַ וויכטיקע שטעלונג. אין מיינע יאָרן האָט ריישע געהאַט פינף יידישע באַנקען, וואָס האָבן פונקציאָנירט אויסשליסלעך מיט יידישן קאַפּיטאַל. די מער־

הייט פון די קאָנטאָס אין דער ריישער פיליאַלע פון דער עסטרייך־אונגאַרשן באַנק, זיינען געווען יידן. ווען איך זאָג „יידן" מיין איך טאַקע יידן מיט היפּשע לאַנגע בערד און פאות, אָנגעטאָן אין לאַנגע שוואַרצע קאַפּאָטעס און שוואַרצע סאַמעטענע קאַפּעלושן, וואָס איז דעמאָלט געווען די יידישע הלבשה אין גאַליציע. צווישן די מער באַוואוסטע רייכע יידישע באַנקירן און פינאַנסירער, האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן ר' יעקב נתן קאַנער, ר' נח שפּיראָ, די ברידער שיינבלום, ר' בערל מינץ און ר' בעריש שטיינבערג. דער לעצטער האָט געהאַט סמיכת רבנות. ער איז אויך געווען דער בעל תוקע אין דער שטאָטישער קלויז. די אויבן דערמאָנטע און נאָך אַנדערע שטאָטישע גבירים, זיינען כמעט אַלע געווען חסידים וואָס זיינען רעגלמעסיק געפאָרן צו אַ רבין, ווי עס איז דאַמאָלט געווען דער מנהג.

דער גרעסטער פאַבריקאַנט פון בראנפן און ראָזאָליס איז געווען ר' אָשר זילבער, אַ גביר אַדיר. ער איז געווען אַ רימאַנאָוער חסיד. ווען דער רימאַנאָווער רבי איז אין יאָר תרס"ב (1902) געקומען קיין ריישע אַלס גאַסט, וואו עס האָבן אים דערוואַרט אַ האַלבע שטאָט יידן ביי דער באַן־סטאַנציע, איז ער געשטאַנען אין הויז פון ר' אָשר זילבער.

אין ריישע איז אויך געווען אַ גרויסע קאָנדיטעריי (קענדי) פאַבריק, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון יוסף עהלבוים אַ רייכער אָנגעזעענער בעל־הבית. זיין זון, משה עהלבוים איז געווען, און איז אויך היינט מיינער אַ גוטער פריינט. ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט אין ריישע, איז ער שוין פריער געווען אין אַמעריקע ביי זיינעם אַ שוואָגער איטשע וויינמאַן.

דער עקספּאָרט פון אייער איז געווען אויסשליסלעך אין יידישע הענט. די גרעסטע פון די אייער־סוחרים איז געווען הער ליאָן און וויינבערג — גבירים אדירים. זיי האָבן באַשעפטיקט הונדערטער יידן וואָס האָבן דעם גאַנצן יאָר געאַרבעט ביי איבערקלייבן און פאַרפּאַקן טויזנטער קעסטלעך מיט אייער וואָס זיינען עקספּאָרטירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד.

די גרעסטע האָלסייל סוחרים פון מעל און שפּייז, זיינען געווען יידן. אין ריישע זיינען יעדן טאָג אָנגעקומען מיט דער באַן פיל וואַגאָנען מיט מעל, צוקער און אַנדערע שפּייזן, וואָס איז אויסגעלאָדן געוואָרן אין די גרויסע יידישע שפּייכלערס.

אויפן עק פון טעפּער געסל איז געווען אַ גרויסע זייף און ליכט פאַבריק וואָס האָט געהערט צו דער ציגנערמאַן פירמע. גערופן האָט מען זיי „זייפענזידער". אַ צווייטע גרויסע זייף און ליכט פאַבריק איז געווען אויפן

עק פון דער גאַס וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן הייוועל. דער אייגנ־טימער איז געווען ר׳ מאירל לעכטציער (זיין נאָמען איז געווען מאירל אַדלער. דעם נאָמען „לעכטציער״ האָט ער באַקומען צוליב דעם, ווייל ער האָט פאַבריצירט ליכט). אין דעם לעצטן יאָרהונדערט האָט די שטאָט נאָך ניט געהאַט קיין גאַז אָדער עלעקטרישע באַלייכטונג, האָט מען זיך באַנוצט מיט נאַפטלאָמפּן, אָבער דער הויפּט מיטל פאַר באַלייכטונג איז געווען דאָס חלב־ליכטל. אין די שולן, בתי כנסיות און להבדיל אין די קירכן האָט מען באַנוצט חלב־ליכט אין די טויזנטער יעדע וואָך.

די דאָזיקע פאַבריקן האָבן אויך פאַבריצירט יאָרצייט ליכט, וואָס זיינען געווען איבער 30 אינטשעס לאַנג און האָבן געברענט איבער 26 שעה. זיי האָבן אויפגעבויט אַ גרויסע אינדוסטריע. זייערע פּראָדוקטן זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין אַלע טיילן פון לאַנד. די אַדלערס און די צינערמאַנס זיינען געווען גבירים אדירים.

שמואל פעטט, דער פאָטער פון דעם באַרימטן ריישער זשורנאַליסט און ציון־פירער בן ציון פעטט, איז געווען איינער פון די גרויסע סוחרים פון מאַטעריאַלן פאַר דער בוי־אינדוסטריע. אויך ער איז געווען אַ גרויסער גביר און פילאַנטראָפּ.

די גרעסטע שלאָסעריי און אייזן־ווערקשטאַט וואָס האָט פּראָדוצירט גאַניקעס, פּלויטן, טויערן, פענצטער־ראַמען און אַנדערע מעטאַלענע פּראָ־דוקטן פאַרן געבריוך צום בויען הייזער, זיינען געווען די ברידער אַדלער. אויך די גרעסטע סטאָליער־ווערקשטאַטן זיינען געווען יידישע און האָבן באַשעפטיקט אַ גרויסע צאָל אַרבעטער.

יידן האָבן אויך זיך אָפּגעגעבן מיטן בוימייסטער פאַך. זיי האָבן איבערגענומען די אַרבעט פון בויען הייזער. דער אייגנטימער האָט באַ־זאָרגט מיט מאַטעריאַל און די בוימייסטער האָבן צוגעשטעלט די אַרבעטער וואָס האָבן די הייזער געבויט.

דער האַנדל מיט שטיינער, זאַמד און שאָטער, האָט געהערט צו לייזער קאָריץ. ער האָט געבויט די שטאָטישע טראָטואַרן און האָט אויך געפלאַסטערט די גאַסן און אינסטאַלירט קאַנאַליזאַציע.

אַלע שיינע גרויסע האָטעלן אין ריישע האָבן באַלאַנגט צו יידישע אייגנטימער. דער שענסטער און מאָדערנסטער איז געווען „האָטעל קראַ־קאָווי״. דער אייגנטימער איז געווען אַ ייד. די שענסטע און בעסטע קאַפע־הייזער מיטן אויסנאַם פון לאָטשקיס, האָבן באַלאַנגט צו יידישע אייגנטימער. אויך ניינציק פּראָצענט פון די ביר האַלעס און שענקען אייגנטימער און אויך די קעלנערס זיינען געווען יידן.

די טראַפיקן, וואו מ׳האָט פאַרקויפט טאַבאַק, ציגאַרעטן און שמעק־טאַביק, זיינען געווען געדונגען און פאַרוואַלטעט פון יידן. אַזוי ווי די דאָזיקע רויכער־אַרטיקלען זיינען געווען אונטער אַ רעגירונגס מאָנאָפּאָל, האָבן די גויאישע אייגנטימער פאַרדונגען די קאָנצעסיעס צו יידן וואָס האָבן פון דעם אויפגעאַרבעט אַ גרויס געשעפט, ווייל חוץ טאַבאַק און ציגאַרן האָבן זיי אויך פאַרקויפט פאַרשידענע אַנדערע אַרטיקלען וואָס זיינען געווען פריי פון מאָנאָפּאָל און האָבן אַריינגעבראַכט גוטע פּראָפיטן. די ריישער הויפּט־טראַפיק איז געווען פאַרוואַלטעט פון ר׳ יצחק לאַנדוי, אַ ביאַנער חסיד און בעל תפלה אין דער ביאַנער קלויז אין ריישע.

די גרעסטע און אויך רייכסטע פערד־סוחרים אין ריישע זיינען געווען יידן. זיי האָבן געפירט זייערע געשעפטן און אָנגעהאַלטן גרויסע שטאַלן אויף וואָליער מאַרק. אויך דער גרעסטער האַנדל פון בהמות איז געווען אין יידישע הענט. יעדן פרייטיק און אויך אויף די ירידים, האָבן אָט די סוחרים אויפגעקויפט הונדערטער בהמות אויף דער טאָרגאָוויצע און געשיקט גרויסע טראַנספּאָרטן מיט דער באַן קיין דייטשלאַנד.

אין ריישע איז אויך געווען דאָס גרעסטע און שענסטע יאָוועליר געשעפט אין גאַליציע. דער אייגנטימער איז געווען שאול שיף, אַ זייער אָנגעזעענער ייד אין שטאָט. דער אייגנטימער פון דער גרעסטער פּאַפּיר־סחורות פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט שרייב־פּאַפּיר, קאָווערטן און אַנדערע פּאַפּיר־אַרטיקלען פאַר קאָנטאָר־געברויך, אויך פּאַפּירענע זעקלעך צום פּאַקן, איז געווען אַ חסידישער יונגערמאַן מיטן נאָמען שיף.

ר׳ מאָטיש עקשטיין איז געווען דער אייגנטימער פון אַ גרויסן עלעקט־רישן מיל. דאָס איז געווען די גרעסטע און מאָדערנסטע מיל אין לאַנד. די ערשטע עלעקטרישע באַלייכטונג וואָס מ׳האָט געזען אין ריישע, איז גע־קומען פון ר׳ מאטיש עקשטיינס מיל. די באַלייכטונג איז באַנוצט געוואָרן אויסשליסלעך אין און אַרום דער מיל וואָס איז געווען אויף דער רוסקיווי־שער גאַס, וואו ר׳ מאטיש האָט אויך געהאַט זיין הויז. ער איז געווען אַ זשיקיווער חסיד און אַ גביר אדיר. ער האָט זיך אויך אינטערעסירט אין שטאָטישער פּאָליטיקע.

דער האָלסייל האַנדל פון שניט־סחורות איז געווען אויסשליסלעך אין יידישע הענט. ריישע איז געווען באַוואוסט אַלס דער צענטער פון שניט־סחורות וואו עס זיינען געווען אַרום צוואַנציק האָלסייל פאַרטיילער. דער גרעסטער פון זיי איז געווען חיים וואָלף באוי; אויך זכריה יעזשאָ־ווער, יוסף פייוועל, הערמאַן לובאַש, מענדל קאָרן, שמעון סאַנדהויז, קאַהאַנע און ברוין, שמעון דרוקער און אַנדערע.

אויך דער ריטייל־האַנדל איז ניינציק פּראָצענט געווען אין יידישע הענט. פון אַלע שטאָטישע ריטייל געשעפטן זיינען בלויז אַרום צען געווען ניט־יידישע. די יידישע ריטייל געשעפטן זיינען געווען זייער שיינע און אויך זייער מאָדערנע מיט גרויסע, פּראַכטפולע אויסלייג־פענצטער מיט שיין־אויסגעשטעלטע סחורות ווי אין די גרעסטע מאָדערנע שטעט.

די גרעסטע ציגל־פאַבריק האָט געהערט צו דער מינץ פירמע. די מינצעס זיינען אויך געווען גרויסע וואַלד־סוחרים. די גרעסטע הענדלער פון קוילן, האָלץ און בוי־מאַטעריאַלן זיינען געווען די ברידער דרוקער. מיכל בירמאַן איז געווען דער אייגנטימער פון דעם גרעסטן אייזן און שטאָל געשעפט אין דעם גאַנצן קרייז. מ׳האָט אים טאַקע גערופן „דער שטאָט מאַגנאַט". די רייצנערס האָבן פאַבריצירט סאָדע־וואַסען געטראַנקען מיט די בעסטע סיראָפּן, וואָס האָבן מיט דעם באַזאָרגט די גאַנצע שטאָט און אומגעבונג.

אין ריישע איז געווען אַ באַצירקס־הויפּטמאַנשאַפט — אַן אָפּטיילונג פון דער לאַנדעס רעגירונג אין לעמבערג — וואָס מ׳האָט גערופן „סטאַ־ראָסטווע". חוץ די שטאָטישע געריכטן, איז דאָרט אויך געווען אַ באַצירק געריכט אַ קרייז געריכט און אַ שטראָף געריכט. די אַלע געריכטן האָבן זיך געפונען אין אַ זייער שיינע אָבער ריזיק גרויסע געביידע, וואָס האָט פאַרנומען דעם פּלאַץ אויף וועלכן עס איז מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק געשטאַנען דער שלאָס פון דער פּוילישער קעניגלעכער פאַמיליע. דאָס געריכט־הויז איז געווען פאַרבונדן מיט דער קרימינאַל־תפיסה וואָס האָט פאַרנומען דעם אונטערשטן טייל פון דער ריזיקער געביידע, אין וועלכער עס זיינען געזעסן פאַרברעכער פון אַלע קלאַסן און פון אַלע שטעט און שטעטלעך וואָס האָבן געהערט צום ריישער קרייז. אין צענ־טער פון דער געביידע איז געווען אַ גרויסער פיר־עקיקער הויף וואו עס האָבן יעדן טאָג אַרומשפּאַצירט קרימינאַלניקעס באַגלייט פון וועכטער. מ׳פלעגט זיי יעדן טאָג אַרויסלאָזן פון די צעלן אויף דער לופט אויף אַ האַלבע שעה.

צום ריישער קרייז האָבן געהערט די שטעטלעך טיטשין, בלאַזשעוו, סאָקאָלאָוו, מאדען, קאָלביסאָוו, גלאַגאָוו, טשיטש, פּריסטיק און נאָך אַנ־דערע שטעטלעך ווי אויך פיל דערפער. פון די אויבן דערמאָנטע שטעט־לעך, זיינען יעדן וואָכיקן טאָג געקומען צו פאָרן קיין ריישע יידישע סוחרים אין אָפענע און אויך צוגעדעקטע וועגענער געשלעפּט פון פערד. די צוגעדעקטע וועגענער זיינען געווען ענלך צו די אַמעריקאַנער פּיאָנע־רישע „קאָווערד וועגאָנס". אין זיי פלעגן די קליין־שטעטלדיקע סוחרים

קומען איינקויפן פאַרשידענע סחורות פאַר זייער געברויך און אויך דער־לײדיקן זייערע לעגאַלע געשעפטן. די שטאָטישע גוים, צווישן זיי גאַנץ גרויסע אַנטיסעמיטן און שונאי ישראל, האָבן דאָך געלעבט בשלום מיט די יידן, שוין צוליב דעם אַליין וואָס זיי האָבן געדאַרפט אָנקומען צו יידן פאַר טובות און הלוואות.

די גויאישע שטאָטישע באַפעלקערונג איז דאַמאָלט געווען איינגע־טיילט אין צוויי קלאַסן: דער „ווייסע קאָלנער" קלאַס און דער אָרעמער קלאַס. צו די ערשטע האָבן געהערט די אויסשטודירטע; דער גרעסטער טייל פון זיי איז געווען שטאָט־באַאַמטע און פראָפעסיאָנאַלן. צום צווייטן קלאַס האָבן געהערט אָרעמע אַרבעטער, ערד־גראָבער און סטרוזעשס, וואָס האָבן כמעט אַלע געאַרבעט ביי יידן.

ריישע האָט געהאַט אַ יידישע קולטוס־געמיינדע מיט אַן אייגענער יידישער שטאָט־פאַרוואַלטונג, וואָס איז געווען דערלויבט און אַנערקענט פון דער עסטרייכישער רעגירונג. די פירער פון קהל זיינען דערוויילט געוואָרן דורך ספּעציעלע יידישע שטאָט־וואַלן אויף אַ באַשטימטן טערמין. מ׳האָט דערוויילט אַ קהל־פּרעזידענט, אַ וויצע־פּרעזידענט און אַ צאָל מיטגלידער צום קהל־ראַט. אָט די דערוויילטע קערפּערשאַפט האָט גע־טראָגן דעם געזעצלעכן נאָמען „קולטוס געמיינדע", אויף פּראָסט יידיש — „קהל".

קהל האָט געהאַט אַן אייגענע הויז אין מאַרק מיט קאַנצעלאַריעס וואָס זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן פון די יידישע שטאָט־איינוואוינער לויט דער באַשטייערונג פון קהל. יעדער יידישער איינוואוינער האָט געמוזט צאָלן קהלשע שטייערן לויט זייערע הכנסות. די רייכע יידן האָבן גע־טראָגן די גרעסטע לאַסט פון די קהל־שטייערן. די אָרעמע האָבן גאָרנישט געצאָלט.

ערב די וואַלן פלעגט זיך טאָן אויף טיש און בענק... אין די וואַלן פלעגן זיך באַטייליקן עטלעכע פּאַרטייען. ס׳איז אויך געווען אַ חסידישע פּאַרטיי. מאַנכע פון די פּאַרטייען, איבערהויפּט די חסידישע, האָבן גע־פירט די פּאָליטישע מלחמה ניט בלויז מיט שטים־צעטלעך נאָר אויך מיט די פויסטן. עס איז אָפט געקומען צו קריגערייען און אויך געשלעגן צווישן יידן אין קלויז, אָדער ערגעץ וואו, צוליב דעם וואָס זיי האָבן ניט איינגעשטימט וועגן אַ קאַנדידאַט. ביי די חסידים איז עס געווען אַ מלחמה לשם שמים. אין ריישער שוויץ־באָד איז אַמאָל פּאָרגעקומען אַזאַ אינצידענט: אין אַ קריג צווישן צוויי יידן צוליב אַ קהל־קאַנדידאַט,

האָט איינער אָפּגעגאָסן דעם צווייטן מיט אַ שעפּל הייסע וואַסער און אים שיִר דערהרגעט.

אין ריישע איז אין די דאַמאָלסטדיקע יאָרן דערשינען „די יידישע פאָלקס צייטונג" — אַ וועכנטלעכע צייטונג אַרויסגעגעבן פון עטלעכע ציוניסטן און משכילים. דער רעדאַקטאָר איז געווען נפתלי גליקסמאַן, אַ העברעאישער לערער און באַוואוסטער משכיל. די צייטונג האָט פיל געווידמעט דעם ציוניזם. די שרייבער האָבן זיך אָבער אויך אָפּגעגעבן מיט שטאָטישער פּאָליטיקע און ניט איינמאָל אָנגעגריפן איינצלנע מענטשן און זיי שטאַרק גערודלט פּשוט ווייל זיי האָבן מיט זיי פּאָליטיש ניט איינגעשטימט. דאָס האָט געפירט דערצו אַז עס זאָל זיך שאַפן אַ באַוועגונג צו גרינדן אַ צווייטע וועכנטלעכע יידישע צייטונג, געצילט ספּעציעל קעגן די שרייבער און אַרויסגעבער פון „דער פאָלקס צייטונג". די גרינדער פון דער קעגנערישער צייטונג זיינען געווען אפרים הירשהאָרן, אַ באַוואוסטער ריישער כלל־טוער; אַדאָלף פיש, און מענדל קאַרפּ, אַ הויכער אינטעליגענט, העברעער און זשורנאַליסט, און נאָך דריי, וגם אני הקטן בתוכם. מ'האָט אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען און זיך טאַקע באַלד גענומען צו דער אַרבעט. מענדל קאַרפּ האָט געשריבן די לייט־אַרטיקלען, אפרים הירשהאָרן האָט איבערגענומען דעם פּאָליטישן קאָלום. אין דעם דאָזיקן קאָלום האָט מען נישט געזשאַלעוועט קיין שמוץ פאַר די מיטאַרבעטער און רעדאַקטאָרן פון „דער פאָלקס צייטונג". איך האָב געשריבן די קאָלומס פון יידישע לאָקאַלע און וועלט נייס. די קריגערשע צייטונג האָט לאַנג ניט אויסגעהאַלטן, ווייל עס האָט געפעלט געלט. דאַקעגן איז „די יידישע פאָלקס צייטונג" אַרויסגעגאַנגען עטלעכע יאָר.

ריישע האָט געהאַט עטלעכע באַרימטע און זייער טיכטיקע זשורנאַליסטן און שרייבער. איינער פון זיי איז געווען דער באַוואוסטער זשורנאַליסט און ציון־פירער בן ציון פעטט, וועמענס לייט־אַרטיקלען זיינען אָפט דערשינען אין דעם לעמבערגער טאָגבלאַט, וואו ער איז געווען אַן אָפטער מיטאַרבעטער. ער איז אויך געווען איינער פון די בעסטע שטאָטישע רעדנער. ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע צייט פון זיין יוגנט פאַר דער ציוניסטישער באַוועגונג און האָט אויך זייער פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור ניט בלויז אין ריישע, נאָר אויך אין גאַנץ גאַליציע. ער וואוינט איצטער אין תל־אביב. ער איז דער ספּאָרט־רעדאַקטאָר פון דער טעגלעכער צייטונג „הארץ". אויך זיין ברודער אַדאָלף פעטט האָט אָפט געשריבן אַרטיקלען אין לעמבערגער טאָגבלאַט. משה וויזענפעלד און זיין ברודער לייב האָבן ביידע פאַרנומען אַ

הויכן פּלאַץ אין פעלד פון זשורנאַליזם. לייב וויזענפעלד האָט אין ריישע אַרויסגעגעבן אַן אייגענע צייטונג „די גערעכטיקייט" און איז אויך געווען אַן אָפּטער מיטאַרבעטער אין דעם קראָקאָווער „טאָג"; ער וואוינט איצטער אין קליוולאַנד און גיט אַרויס אַן אייגענע צייטונג. (מער וועגן אים שרייב איך ווייטער אונטערן קעפּל „ריישער פּערזענלעכקייטן אין אַמעריקע").
ווען מיר האָבן צוזאַמען פאַרקערט אין ריישע איז ער געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון דר. נתן בירנבוים (מתתיהו אחר). איך האָב אים איינמאָל געהאָלפן אַראַנזשירן אַ פאָרטראַג אין ריישע פאַר דר. בירנבוים, מיט יאָרן צוריק, איידער דר. בירנבוים איז געוואָרן אַ בעל־תשובה.

צו דער דערמאָנטער גרופּע האָבן אויך באַלאַנגט מענדל קאַרפּ, לעאָן חיים, נחום שטערנהיים, נפתלי גליקסמאַן, אפרים הירשהאָרן און אַנדערע.

חוץ די יידישע חדרים, וואו עס האָבן געלערנט יינגלעך פון אָרטאָ־דאָקסישע עלטערן, האָט די שטאָט אויך געהאַט מאָדערנע העבראעישע שולן, וואו עס האָבן געלערנט קינדער פון מאָדערנעם יידישן קלאַס. צווישן די העבראעישע לערער האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן אַבאָ אַפּעל־בוים, נפתלי גליקסמאַן און משולם דודזאַן. די ערשטע צוויי זיינען געווען ריישער, דער לעצטער איז געקומען קיין ריישע פון דער דאַמאָלסטדיקער פּאַלעסטינע. ער איז געווען אַ באַרימטער פּעדאַגאָג פון זייער הויכער אינטעליגענץ און איז געווען זייער באַליבט ביי אַלע וואָס האָבן אים געקאָנט, איבערהויפּט ביי דער יידישער יוגנט. דודזאָן האָט זייער פיל בייגעשטייערט צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער מאָדערנער העבראעישער שפּראַך און קולטור אין ריישע. אויך ער וואוינט היינט אין תל אביב. ער איז פאַרבונדן מיט דער מוניציפּאַלער רעגירונג. דעם 28טן דעצעמבער 1952 האָבן די ריישער יידן אין תל אביב געפייערט זיין 75טן יובל־טאָג.

ריישע האָט געהאַט אַ סך בתי־כנסיות, קלויזן, שולן און חסידישע קלויזן. עטלעכע פון די בתי־תפלות זיינען געווען קהל־אייגנטום. צו די האָבן געהערט די צוויי גרויסע שיינע שולן — די שטאָט־שול און די וואָלער שול. דאָס זיינען געווען ריזיק גרויסע און פּראַכטפולע בנינים. (איך וועל וועגן די צוויי שולן שרייבן מער אין די ווייטערדיקע קאַפּיט־לעך). די גרויסע שטאָטישע קלויז — דער בית המדרש — וואו עס איז אויך געווען דאָס שניידער־ און דאָס טרעגער־שולכל. די אַנדערע בתי תפלות זיינען געווען פריי פון קהלשן קאָנטראָל. די אויבן־דערמאָנטע בתי תפלות זיינען געווען גרופּירט צוזאַמען. אויף דער צווייטער זייט פון דעם אַריינגאַנג צום בית המדרש איז געווען די סאַנצער קלויז — אַ געדונגענע שטוב, אַ גרויסע און אַ נידעריקע הויז וואו עס האָט גע־

וואוינט אַ סטאָלער און אַנדערע בעלי־מלאכות. די פענצטער פון דער סאַנצער קלויז זיינען אַרויס אויף דער אָפענער מיקאשקע (דאָס איז געווען איידער מ׳האָט די מיקאָשקע פאַרדעקט); די פראָנט פענצטער זיינען געווען אַנטקעגן איבער דער אָפענער בית הכסא וואָס איז באַנוצט געוואָרן פון יידן פון אַלע אויבן־דערמאָנטע בתי תפלות, וואָס איז געווען איינע פון די שמוציקסטע און אומסאַניטאַרישסטע פּלעצער אין שטאָט.

די גרויסע זשיקיווער קלויז איז געווען אין רויזן געסל. די שיינע רימאַנאָווער קלויז איז געשטאַנען אויף זילבערס פּלאַץ. אויפן טעפּער געסל איז געווען די ביאַנער קלויז. אין רוסקיוויש איז אויך געווען אַ שיינע קלויז וואָס מ׳האָט גערופן „די צוקעריס״ צוליב דעם, וואָס דער גרינדער איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען „צוקער״. אין מאַרק איז אויך געווען אַ בית הכנסת וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „חברה בקור חולים״, וואו עס האָבן געדאַוונט באַלעבאַטישע סוחרים וואָס האָבן גע־וואוינט אין מאַרק.

ניט ווייט פון הינער־פּלאַז, לעבן די יאַטקעס, איז געווען אַ שולעכל וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „לינת הצדק״. ווייט אויף דער וואַלע, אַנטקעגנאיבער דער טאַרגאָוויצע, איז אויך געווען אַ שולעכל מיטן נאָמען „גמילת חסדים״. אויך דאָס איז געווען אַ געדונגענע שטיבל. דאָרט האָבן געדאַוונט יידן וואָס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אייער־פּאַקעריי. מ׳האָט טאַקע די שול גערופן „אייער־פּאַקער שולעכל״.

די חסידישע קלויזן און קליינע שולעכלעך זיינען געווען אין גאַנצן אומאָפּהענגיק פון קהל. זיי זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרן פון די יידן וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט. פון שול־מיטגלידער האָט מען דעמאָלט ניט געוואוסט. די גרעסטע הוצאה איז געווען „דירה געלט״. דאָס האָט מען באַקומען פון נדרים און עליות. די צווייטע הוצאה איז געווען עטלעכע פונט ליכט אַ וואָך און צו באַהייצן די שול אום ווינטער. די עליות האָבן אויך די הוצאות געדעקט.

די דערמאָנטע בתי תפלות זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרן פון צוויי גבאים וואָס זיינען דערוויילט געוואָרן אויף אַ יאָר. די וואַלן האָט מען אָנגערופן „כלפי״. פאָרגעקומען איז עס אַזוי: מ׳האָט אָנגעשריבן דעם נאָמען פון יעדן קאַנדידאַט אויף אַ שטיקל פּאַפּיר. די צעטלעך האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ יאַרמולקע און זיי אויסגעמישט. אַ קליינער יינגל אונטער פינף יאָר, האָט אַרויסגעצויגן דעם ערשטן און דעם צווייטן צעטל. דער, וועמענס נאָמען איז געווען פאַרשריבן אויפן ערשטן צעטל איז אָפּי־ציעל דערוויילט געוואָרן אַלס גבאי ראשון, דער צווייטער—אַלס גבאי שני.

דער שטאָטישער מרחץ איז געווען דאָס אייגנטום פון קהל. גערופן האָט מען עס שוויצבאָד. דעם מרחץ האָט קהל פאַרדונגען אויפן יאָר. מיינער אַ פעטער, טוביה נידער, האָט פאַרוואַלטעט דעם ריישער מרחץ עטלעכע יאָר און האָט פון דעם געמאַכט אַ שיינעם לעבן און חתונה געמאַכט עטלעכע טעכטער. מ׳האָט אים טאַקע גערופן טוביה דער בעדער.

קהל האָט אויך געהאַט אַ יידישן שפיטאָל וואָס איז געווען פריי פאַר יידישע פאַציענטן. בלויז זייער אָרעמע יידן האָבן זיך באַנוצט מיט דער פריווילעגיע, ווייל דער שפיטאָל האָט אויסגעקוקט פיל ערגער ווי אַ הקדש. דאָס איז געווען אַ קליינע אַלטע כאַטע, מיט צוויי־דריי גרויסע צימערן וואו עס זיינען געשטאַנען עטלעכע בעטלעך. דער שפיטאָל האָט זיך געפונען אויף דער גרינער גאַס. איך געדענק אַלס יינגל, ווען מיר האָבן געוואוינט ביים פעטער לייזער קאָריץ, ניט ווייט פון דער גרינער גאַס, האָב איך און נאָך קינדער זיך געשפּילט אויף די גרויסע ליידיקע פּלעצער. אום זומער זיינען די גרויסע פלעצער געווען די היים פאַר וואַנדערנדיקע צירקן, מענאַזשעריעס און אַנדערע אַמוזירונגען. אין מזרח האָט זיך דער פלאַץ געגרענעצט מיט דעם אַלטן בית עולם. ביים אַריינגאַנג צום בית עולם איז געווען דער אויבן דערמאָנטער שפיטאָל. איך פלעג זיך דאָרט אָפט אָפּשטעלן און אַריינקוקן. עס האָט מיר ווי געטאָן דאָס האַרץ קוקנדיק אויף די הילפלאָזע קראַנקע זקנים וואָס האָבן געזעסן אָדער געלעגן אויף די בעטלעך און געוואַרט אויף דעם מלאך המות וואָס פלעגט דאָרט אָפט אָפּשטאַטן אַ באַזוך.

די שטאָט האָט אויך געהאַט אַ שיינעם גרויסן שפיטאָל הינטערן שפּאַ־ציר גאָרטן אויף דער דרוקעראָווקי (דעם נאָמען האָט די גאַס באַקומען פון דעם, וואָס די באַוואוסטע דרוקער פירמע האָט דאָרט געהאַט דעם גרויסן לאַגער). עס איז ביז איצט ניט באַקאַנט צי דער דאָזיקער שפּי־טאָל איז געווען אַ שטאָטישע אָדער אַ פּריוואַט קאַטוילישע אינסטיטוציע. יידן זיינען אין דעם שפיטאָל קיינמאָל ניט געווען. אַלע דאָרטיקע פאַציענטן זיינען געווען קריסטן. די שפיטאָל־שוועסטער זיינען געווען נאָנעס. עס איז דאָרט אויך געווען אַ קאַטוילישער טשאַפּעל. איך פלעג אָפט זיך צוקוקן ווי די גלחים גייען דאָרט אַריין און אַרויס.

דער אַלטער בית עולם וואָס איז איבער 500 יאָר אַלט, וואו עס איז געווען דער יידישער שפּיטאָל, האָט זיך געצויגן איבער אַ גרויסן שטח. פון דער הינער־פלאַץ גלייך מיט דער מיקאשקע ביז לעבן דער באַן־סטאַנציע. אין אָנהויב פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט די שטאָט דורכ־געשניטן אַ וועג אין מיטן פון בית עולם צו פאַרבינדן די וואָליע מיט

דער גרינער גאַס. פון אַלע ריישער יידן, אין מיינע צייטן, איז ניט געווען קיין איינציקער וואָס זאָל וויסן פון אַ משפחה אָדער קרוב וואָס רוט דאָרט.

חוץ דעם אויבן דערמאָנטן בית עולם איז אויך געווען אַן אַלטער בית עולם הינטער דער שטאָט־שול. איך בין דאָרט אַמאָל געווען און האָב פּרובירט לייענען די שריפט פון די אַלטע, האַלב־צעבראָכענע מצבות, די נעמען פון די נפטרים, עס איז אָבער קיין סימן פון דער שריפט ניט פאַרבליבן. דער נייער בית עולם איז געווען וויַיט פון דער שטאָט, אויף דער בלאָניע, אויפן וועג קיין טיטשין.

פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ריישע זיינען אַרום אַכציק פּראָצענט געווען אָרטאָדאָקסן. זיי האָבן געטראָגן די טראַדיציאָנעלע יידישע הלבשה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ לאַנגן שוואַרצן קאַפּטאַן און אַ שוואַרצן סאַמעטענעם קאַפּעליוש. די באַלעבאַטישע יידן האָבן זיך געהאַלטן ריין און שיין, די באָרד שיין פאַרקעמט און די פאות פאַרלאָקט. דאַקעגן, האָבן די עקסטרעמע חסידים געטראָגן לאַנגע אויסגעצויגענע פאות, מיט פאַר־לאָזטע לאַנגע בערד, זייערע נאָזלעכער זיינען געווען באַצירט מיט ברוינעם שמעק־טאַביק; דער קאָלנער פון העמד צעשפּרייט אָפן. די קאַפּאָטע האָט געהאַט צוויי הינטערשטע קעשענעס פון וועלכע עס האָט אָפט אַרויס־געהאָנגען אַ פאַטשיילע. אום שבת האָט יעדער פאַרהייראַטער ייד געטראָגן אויפן קאָפּ אַ שטריימל און איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן זיידענעם כאַלאַט. דאָס איז געווען דער אָרטאָדאָקסישער שבת־סימבאָל. עס זיינען אויך געווען עטלעכע פון די אויפגעקלערטע יידן, וואָס האָבן אום שבת געטראָגן צילינדערס. זיי האָבן געדאַוונט אין דער שול.

יאָ, ריישע איז געווען אַן אמתע יידישע שטאָט מיט אַ יידישער אַט־מאָספערע. מ׳האָט זיך מיט יידישקייט ניט געשעמט. אַ חסידישער ייד איז אום שבת געגאַנגען איבערן גאַס איינגעהילט אין זיין גרויסן וואָלע־נעם טלית. אום סוכות האָט ער מיט שטאָלץ געטראָגן דעם אתרוג און לולב איבערן גאַס. אין אַ זומערדיקן שבת, ביי דער שבתדיקער סעודה, האָט מען דאָס זמירות־זינגען פון יידישע היימען געהערט אין אַלע גאַסן וואו יידן האָבן געוואוינט. יידן האָבן מחדש געווען די לבנה אין די גאַסן אויפן הויכן קול. קיינער האָט ניט געשטערט. די גוים, וואָס פלעגן דעמאָלט זיין אין גאַס, פלעגן זיך אָפּשטעלן קוקן אָבער ניט שטערן. דער גוי האָט קיינמאָל ניט געוואַגט אַרויסצוזייגן אַ ווידערשטאַנד, אָדער אַפילו חוזק מאַכן פון יידישן רעליגיעזן לעבן.

איך וועל וועגן דעם שרייבן מער אין די וויַיטערדיקע קאַפּיטלעך.

# ריישער רבנים

## דער רבי ר׳ לאַזערל ריישער

אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן אין ריישע געוואוינט חסידישע רבנים. דער עלטסטער און מער באַוואוסטער רבי איז געווען דער רבי ר׳ אליעזר ווייסבלום ז״ל, דער בעל מחבר פון ספר „משנה למלך״. אין דער חסידישער וועלט איז ער געווען באַקאַנט אַלס „רב לאַזערל ריישער״. ער האָט געהאַט אַ גרויס פאַרעכטס פון חסידים, וואָס פלעגן צו אים קומען רעגלמעסיק פון גאַליציע, אונגאַרן און פוילן. דער רבי האָט געהאַט אַן אייגענע גרויסע און שיינע הויז אין רויזען גאַס, וואו ער האָט געוואוינט אויפן צווייטן שטאָק. אונטן, אויפן ערשטן שטאָק, איז געווען אַ שיינע גרויסע קלויז, וואו דער רבי און די חסידים האָבן געדאַוונט. דער רבי האָט דאָרט אויך געפּראַוועט טישן שבתים און ימים טובים.

דעם רבי ר׳ לאַזערלס מגלת יוחסין ציט זיך ביז צום רבין ר׳ אלימלך פון ליזשענסק; אויך ביז צום באַרימטן ראָפּטשיצער רבין ר׳ נפתלי. ר׳ לאַזערלס פאָטער איז געווען דער רודניקער רבי ר׳ אלימלך, אַ זון פון דעם רימאַנאָווער רבין ר׳ מענדעלי.

נאָכדעם ווי זיין פאָטער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תר״ט (1849) (מ׳האָט אים מקבר געווען אין סאָקאָלאָוו, אַ קליין שטעטל לעבן ריישע) איז ר׳ לאַזערל אַלט געווען אין גאַנצן עלף יאָר. דער דינאָווער רבי ר׳ דודל, האָט אים גענומען צו זיך און געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד.

ווען ר׳ לאַזערל איז געקומען וואוינען ביים דינאָווער רבין נאָכדעם ווי ער איז געוואָרן אַ יתום, האָט אים דער דינאָווער רב אויפגענומען מיט כבוד און געזאָגט צום יינגסטן גאַסט: „דו ביסט ביי אונדז אַ חשובער גאַסט, דו דאַרפסט געבן תיקון״. „איך האָב קיין געלט ניט״, האָט דאָס יינגל (ר׳ לאַזערל) געענטפערט. „אויב אַזוי״, האָט דער דינאָווער רב געזאָגט, „וועל איך דיך איבערזוכן און זען אויב דו האָסט קיין געלט ניט״. דאָס יינגל (ר׳ לאַזערל) האָט שנעל צעקנעפּלט זיינע מלבושים, אויך דאָס העמד און אַנטפּלעקט דאָס האַרץ. „אדרבה״, האָט ער געזאָגט צום די־

נאָוועד רב, „באַזוכט מיך, איר וועט ביי מיר געפינען בלויז חטאים, עוונות ופשעים״. דער דינאָוועד רב איז פון זיינע רייד געוואָרן זייער נתפעל און האָט פאָראויסגעזען, אַז דאָס יינגל וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער רבי און מנהיג הדור.

ווען ר׳ לאָזערל איז אַלט געווען 14 יאָר איז ער אַוועק פון דינאָוו קיין סאַנץ, צום וועלט־באַרימטן צדיק ר׳ חיים האַלבערשטאַם. דער סאַנ־צער רבי האָט אים געהאַלטן ווי אַן אייגן קינד. ער האָט טאַקע דאָרט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון קשאַנאָווער רבין און איז געבליבן ביים שווער אויף קעסט. ער האָט זיך פאַר דער צייט אָפּגעגעבן מיט תורה און חסידות. באַלד איז ער טאַקי באַוואוסט געוואָרן איבעראַל אַלס אַ גרויסער חכם און רבי. ער האָט אויך אַרויסגעצייגט גרויסע פעאיקייטן אין חכמת הרפואות. ווען ער איז שפּעטער געוואָרן רבי אין ריישע האָבן, ניט נאָר זיינע חסידים, נאָר אויך פּריוואַטע מענטשן, שטאַרק געהאַלטן פון זיינע רפואות. ער איז געווען ניט נאָר זייער רבי, נאָר אויך זייער דאָקטאר. ער האָט מיט זיינע היילונגס־מיטלען און מעטאָדן געהאָלפן אַלע וואָס האָבן זיך צו אים געווענדט נאָך הילף.

נאָך דער פּטירה פון סאַנצער רבין איז ר׳ לאָזערל אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין באַקאָווסק. ער איז דאָרט לאַנג ניט געבליבן. ער איז אַוועק קיין פּשעוואָרסק וואו ער איז פאַרבליבן אַ קורצע צייט, פון דאָרט האָט ער זיך אַריבערגעצויגן קיין ריישע, וואו ער איז באַלד געוואָרן באַרימט אַלס דער גרעסטער צדיק הדור און איז דאָרט פאַר־בליבן ביז צו זיין פּטירה.

אין ריישע איז זיין פּאָפּולאַריטעט געוואָקסן פון טאָג צו טאָג. ס׳זיינען אָפט צו אים געקומען קראַנקע, וואָס דאָקטוירים האָבן זיי אויפגעגעבן, און מיטן רבינס הילף און רפואות זיינען זיי געזונט געוואָרן.

מיין פאָטער איז קיין חסיד ניט געווען, ער האָט פון קיין רבין ניט געהאַלטן, דאָך האָט ער איינמאָל זיך געלאָזט צוריידן און איז געגאַנגען זיך פּראָווען ביים רבין ר׳ לאָזערל. עס האָט זיך דאַמאָלט געהאַנדלט וועגן אַ וויכטיקן ענין און ער האָט זיך געגוויטיקט אין דער עצה פון אַן איש חכם. וואו איז דען פאַראַן אַ גרעסער חכם ווי דער רבי?! אין די דאַ־מאָלטדיקע יאָרן איז מען מיט אַלע פּראָבלעמעס געגאַנגען צום רבין, אי־בערהויפּט צו פרעגן אַן עצה, אַפילו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ געשעפט. און ווי דער רבי האָט געראָטן אַזוי האָט דער חסיד געטאָן. ביים חסיד איז דער רבי געווען דער געשעפטסמאַן, דער אַדוואָקאַט, דער דאָקטער, דער פירער און דער געטלעכער מענטש.

אַריינקומענדיק צום רבין האָט מיין פאָטער אים דערלאַנגט דאָס קוויטל. דער רבי האָט אים געפרעגט ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. מיין פאָטער האָט אים געענטפערט ווער ער איז. דער רבי האָט זיך אויפגעשטעלט פון זיין שטול און אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו נעמען דעם פדיון נאָך איידער ער האָט געלייענט דאָס קוויטל. מיין פאָטער איז געבליבן שטיין נבהל ומשתומם. ער האָט זיך דערויף ניט געריכט. ער האָט דעם רבין דערלאַנגט אַ פדיון פון דריי ריינש. דער רבי האָט דאָס געלט באַהאַלטן און נאָכדעם איבערגעלייענט דאָס קוויטל און אויך מיין פאָטער געראַטן וואָס צו טאָן. מיין פאָטער האָט דאָס געשעפט גראָד ניט דורכגעפירט, אָבער זינט דאַמאָלט איז ער מער צו קיין רבין ניט גע־גאַנגען.

ווען איך בין, אַלס יינגל, געוואָרן אַן אָנהענגער און פאַרעהרער פון רבין ר׳ לאָזערל, האָב איך אומדירעקט קריטיקירט מיין פאָטער פאַר זיין שטעלונג צום רבין. איך האָב עס אָנגענומען אַז מיין פאָטער, וואָס איז קיין מאָל צו קיין רבין ניט געפאָרן, האָט ניט געהאַט קיין באַגריף אַז יעדן גראָשן וואָס דער רבי נעמט פון זיינע חסידים, נעמט ער עס ניט פאַר זיך. ווייל דעם גרעסטן טייל פון די פדיונות צעטיילט דער רבי פאַר צדקה און וויכטיקע אינסטיטוציעס.

אַלס אַ יינגל פון אַ יאָר צען פלעג איך יעדן פרייטיק נאַכט, נאָך דער שבת סעודה, אָן מיינע עלטערנס וויסן, זיך אַרויסרייסן פון הויז און לויפן צום רבין ר׳ לאָזערלס טיש. איך זאָג „לויפן״, ווייל יעדער האָט זיך געאיילט צו קומען וואָס פריער כדי צו פאַרכאַפּן אַ פּלאַץ נאָנט צום טיש.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, איז ביים רבין אין הויז אויפן ערשטן שטאָק געווען אַ גרויסע קלויז. אַריינקומענדיק אין קלויז, האָב איך דאָרט געטראָפן פינף־זעקס מנינים יידן, וואָס זיינען געקומען צום רבינס טיש חוץ די חסידים וואָס זיינען געקומען פון וויטע שטעט. אין קלויז איז שוין געווען צוגעגרייט צווי לאַנגע טישן באַדעקט מיט ווייסע טישטעכער, מיט טעלער, לעפל פאַר אַלע וואָס וועלן עסן ביים רבינס טיש.

פּלוצים הערט מען אַ געשריי: „זאָל זיין שטיל!״ עס עפנט זיך די טיר. אַלע אין קלויז טרעטן צוריק אָן אַ זייט. עס באַווייזט זיך דער רבי אָנגעטאָן אין זיין שיינעם ברייטן שטריימל, איינגעהילט אין אַ גרויסן טלית באַצירט מיט אַ ברייטער זילבערנער עטרה. זיין פּנים האָט געשיינט ווי ביי אַ מלאך. אמת, איך האָב קיין מלאך אין מיין לעבן ניט געזען.

אָבער בשעת איך האָב דאַמאָלט געזען די צורה פון רבין ר׳ לאָזערל, בין איך געווען זיכער ביי זיך, אַז פּונקט אַזוי קוקט אויס אַ מלאך.

אַזוי שנעל ווי דער רבי איז אַריין אין קלויז און נאָך אים זיינע מקורבים, האָט ער באַלד אָנגעהויבן זינגען „שלום עליכם״. אַלע אין קלויז האָבן מיטגעזונגען. דער רבי האָט זיך נוהג געווען צו זינגען „שלום עליכם״ נישט זיצנדיק ביים טיש, נאָר אַרומגייענדיק איבערן קלויז פון איין עק צום צווייטן. אַזוי איז אויך געווען ביי דער תפלה „רבון כל עולמים״. ער האָט יעדעס וואָרט געזאָגט שטיל, געלאַסן, אָבער בכונה, אַרומגייענדיק איבערן קלויז. ער פלעגט זיך אָפּט אָפּשטעלן ביים פענצטער, אַרויסקוקנדיק אין דער פינצטער. די גרעסטע התלהבות האָט ער דער־גרייכט, ווען ער איז געקומען צום פסוק „אשר בראת בששה ימים כל היצור״. אָט די ווערטער האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ יאָמערלעכן גע־שריי, אַז עס איז אויף יעדן געפאַלן אַ פּחד. ער האָט געזונגען „אשת חיל״. נאָכן זינגען איז ער צוגעקומען צום טיש אויבנאָן און געמאַכט קידוש.

אויף דעם טיש זיינען געלעגן צוויי גרויסע חלות. איין חלה, וואָס איז געווען צוזאַמענגעבאַקן פון צוועלף קליינע חלות, און אויך אַ גרויס געפלאָכטענער קוילעטש. לעבן די צוויי גרויסע חלות זיינען אויך געלעגן צוויי קליינע ווייצענע חלותלעך, ספּעציעל פאַרן רבין איבער וועלכע ער האָט געזאָגט ברכת המוצא. באַלד נאָכדעם ווי ער האָט זיך געוואַשן די הענט מיט וואַסער פון אַ גרויסן ספּעציעלן קוואָרט מיט צוויי אויערן וואָס איז געווען צוגעגרייט לעבן זיין שטול, האָט דער רבי צעשניטן די גרויסע חלה אין קליינע מוצאס פאַר די רעביצין און אַלע וואָס האָבן געגעסן ביים טיש. די רביצין און די פרויען האָבן געגעסן אין אַ צימער אויפן צווייטן שטאָק.

דער רבי איז געווען אַ קליינער עסער. נאָכדעם ווי מ׳האָט אַוועק־געשטעלט דעם גרויסן טעלער פיש, האָט דער רבי טועם געווען אַ פּיצעלע פיש. ער האָט מיט זיינע פינגער אָפּגעציפּט שטיקלעך פיש און אויס־געטיילט צו די מקורבים, וואָס זיינען געזעסן נאָענט צו אים. די איבעריקע פיש וואָס איז געבליבן אויפן טעלער האָט ער אָפּגערוקט אין מיטן טיש פאַר שריים. עס איז טאַקי באַלד געוואָרן אַ טומל. וויפיל חסידים עס זיינען געשטאַנען אָדער געזעסן נאָענט צום שריים־טעלער, האָבן געהאַט זייערע פינגער אינעם טעלער. פאַר אַ חסיד איז געווען גענוג ער זאָל בלויז איינטונקען דעם פינגער אין די פיש־יויך און עס אָפּלעקן. אָט

דער טומל האָט געדויערט בלויז אַ מינוט צייט. דאָס זעלבע איז אויך געשען מיטן פלייש און קוגל. ביים אמתן חסיד איז בלויז אַ לעק פון שריים געווען אַ גרויסער געווינס. נאָך יעדן מאכל האָט מען ביים טיש געזונגען זמירות. צווישן די חסידים זיינען געווען עטלעכע גוטע זינגער. יעדער האָט געזונגען אַ זמר וואָס דער רבי האָט אים מכבד געווען. דער רבי האָט אויך געזאָגט תורה ביים טיש.

דער רבי ר׳ לאַזערל האָט געהאַט אַ גרויסן און זייער גוטן חוש פאַר הומאָר. ער האָט אָפט ביים טיש געזאָגט זייער גוטע וויצן, וואָס האָבן זיך צוגעפּאַסט צו די מענטשן וועגן וועמען ער האָט גערעדט. צווישן זיינע איבערגעבענע ריישער חסידים איז געווען איינער, ר׳ זאלקע, האָט ער געהייסן. ער איז געווען אַן עלטערער ייד פון נידעריקן וואוקס, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. ער פלעגט אָפּזיצן ביים רבין און איז אויך געווען ביי אַלע טישן. דער ייד האָט אויך געהאַט אַ גרויסן אַפּעטיט צום עסן. ווען ר׳ זאַלקע האָט זיך איינמאָל צוגעכאַפּט צום שריים־טעלער און האָט פאַראורזאַכט אַ גרויסן טומל האָט דער רבי וועגן דעם באַ־מערקט צו די מקורבים ביים טיש בזה הלשון: „זאַלקע איז אַ גאַנצער ווינטער — וויַיס איז ער ווי אַ שניי און „פרעסט״ ווי אַ פערד״. אַ זייער גוטער וויץ. איך געדענק אויך ווען איך בין אַמאָל געשטאַנען ביים שבת־טיש, פונקט אַנטקעגנאיבער דעם רבין, מיט הונדערטער חסידים געפּאַקט אַרום מיר, האָט דער רבי פּלוצים אַ קוק געטאָן אויף מיר און געפרעגט: „וועמענס ביסט דו?״ „איך בין וואָלף לעדערס זון״, האָב איך געענטפערט מיט הכנאה״. „אָה, יאָ...״ האָט דער רבי געזאָגט. „דיין טאַטע איז אַ רואה ואנו נראה״. אַלע חסידים האָבן געלאַכט, אויך איך. דער רבי האָט דערמיט געמיינט צו זאָגן, אַז מיין פאָטער האָט זיך געוויזן ביי אים איין מאָל און מער ניט.

איך געדענק, ווען איך בין געווען ביים רבינס טיש דעם שבת נאָך דעם ווען נח שרייבער און מענדל בילפעלד האָבן אויסגעבראָכן די שויבן אין הויז פון דעם ניי אָנגעקומענעם רב הרב לעווין (וועגן וואָס איך וועל שרייבן אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען), איז ביים טיש אַרויסגעקומען אַ שמיעס וועגן דעם אינצידענט. ווען מ׳האָט דעם רבין דערציילט אַז מענדל איז געווען איינער פון די שטיין־וואַרפער, האָט ער דערויף געזאָגט אין שפּאַס: „אויב אַ נאַר וואַרפט אַריין אַ שטיין אין אַ גרוב, קאָנען עס קיין צען קלוגע ניט אַרויסנעמען.

דער מלמד העשל טיטשינער האָט אַמאָל זיך געשטופּט ביים רבינס

טיש און אָנגעמאַכט אַ טומל. האָט דער רבי צו אים געזאָגט: „העשל, גיי אַהיים, דיין ווייב האָט באַקומען אַ שלאַק". העשל האָט זיך דערשראָקן און זיך געלאָזט שנעל לויפן אַהיים, ווייל, אויב דער רבי זאָגט, איז עס דאָך אמת. קומענדיק אַהיים האָט ער געפונען זיין ווייב זיצנדיק ביים טיש איבער אַ צאנה וראנה. איז ער געבליבן שטיין און זיך געוואונדערט פאַרוואָס דער רבי האָט אַזוינס געזאָגט. ווען ער איז צוריק געקומען צום טיש פרעגט אים דער רבי: „נו..." ענטפערט העשל: „מיין ווייב איז ב"ה געזונט". דערויף האָט דער רבי געזאָגט: „יאָ געזונט איז זי טאַקי, אָבער אַ שלאַק האָט זי באַקומען ווייל זי האָט מיט דיר חתונה געהאַט...".

נאָכן בענטשן האָט מען דעם רבין באַגלייט אויפן צווייטן שטאָק אין זיין חדר מיוחד. עס איז שוין געווען נאָנט צו חצות. איך בין געגאַנגען אַהיים אַ צופרידענער, ווייל איך האָב געהאַט די זכיה צו זיין ביים רבינס טיש.

* * *

מיט דעם רביצין בריינדעלע האָט דער רבי קיין קינדער ניט געהאַט, זי איז געווען אַן עקרה. דאָס האָט געפירט דערצו אַז דער רבי זאָל זי אָפּגטן.

אין ריישע האָט געוואוינט הרב ר' חיים יונה היילפּערן, איינער פון די ריישער שטאָט־רבנים. ר' חיים יונה האָט געהאַט אַ יונגע טאָכטער היהלע האָט זי געהייסן. חוץ דעם וואָס זי איז געווען אַ יפת תואר, איז זי אויך געווען זייער אַ געראָטענע און אַ גרויסע חכמת.

עטלעכע פון די געהויבענע חסידים האָבן זייער געוואָלט אַז דער רבי זאָל חתונה האָבן מיט הרב ר' חיים יונהס געראָטענע טאָכטער. אָבער אַזוי ווי מ'האָט דעמאָלט דעם רבין פאַרגעשלאָגן צוויי אַנדערע פּאַסנדיקע שדוכים, האָט ער זיך געפילט אין דער לאַגע פון „אין חבוש מתיר את עצמו" — אַ רבי קאָן העלפן אַנדערע אָבער ניט זיך אַליין. האָט ער באַשלאָסן צו פאָרן צום שיניווער רבין ר' יחזקאל האַלבערשטאַם, מיט אים זיך צו באַראטן. דער שיניווער רבי האָט אים טאַקע געראָטן ער זאָל חתונה האָבן מיט דער טאָכטער פון הרב ר' חיים יונה. דער רבי ר' אלעזרל האָט אָנגענומען די עצה. מ'האָט טאַקע ביים שיניווער רבין אין הויז געפּראַוועט די תנאים. זיי האָבן אויך שפּעטער חתונה געהאַט.

ווען איך בין אַלס יינגל געוואָרן אַ גרויסער אָנהענגער פון רבין ר' לאָזערל און דאָרט געוואָרן אַ יוצא ונכנס, האָב איך אָפּט געזען די יינגערע רביצין היהלע. זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ בליענדיקע רויז.

ווי אַלע אַנדערע שטעט, האָט ריישע אויך געהאַט אַ היפּשע צאָל מתנגדים. ווען אָט די מתנגדים און אויך די בעלזער חסידים, וואָס זיינען געווען קעגנער פון רבין ר׳ לאָזערל, האָבן געהערט אַז דער רבי האָט חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון הרב ר׳ חיים יונה, האָבן זיי זיך געשאַרפט די ציין און פון דעם געמאַכט אַ גרויסן צימעס... זיי האָבן דעם רבין אָפן קריטיקירט און אויך ניט געזשאַלעוועט קיין זלזולים. דאַקעגן האָבן די חסידים און אָנהענגער פון רבין מקנא געווען די יונגע רביצין וואָס זי האָט די זכיה צו זיין די ווייב פון דעם גרעסטן צדיק הדור.

אין יאָר תרס״ה האָט די רביצין געבוירן אַ מיידעלע. מ׳האָט איר אַ נאָמען געגעבן קריינדעלע. ביי די חסידים איז געווען ששון ושמחה, טעג און נעכט האָט מען געטאַנצט און געזונגען.

איך בין אויך אָפט געקומען צום רבינס טישן שבת בייטאָג און אויך צו שלוש סעודות. אָבער דעם גרעסטן עונג רוחני האָב איך געהאַט ווען איך בין געקומען צום רבין צו דער פּורים סעודה. דאַמאָלט זיינען געקומען מאַסקירטע שפּילער. דאָס זיינען געווען יונגע בחורים וואָס האָבן זיך פאַרשטעלט און אויפגעפירט פאַרשידענע שטיק וואָס האָט געמאַכט יעדן צו לאַכן. אפילו דער רבי, וואָס האָט זעלטן ווען געלאַכט, האָט אויך אָפט געלאַכט פון זייערע שפּילערייען און וויצן.

דעם רבי ר׳ לאָזערלס סדר היום האָט זיך אָנגעהויבן דריי אַזייגער פאַרטאָג. ער איז תכף געגאַנגען זיך טובלען. נאָכדעם האָט ער אין די עטלעכע שעה פון פרימאָרגן עוסק געווען אין לערנען שיעורים, אויך אין תפלות. ווען עס איז טאָג געוואָרן האָט ער זיך געשטעלט דאַוונען און האָט געלייגט צוויי פּאָר תפלין, רש״י און רבנו תם תפלין צוזאַמען. די תפלין זיינען געווען קליינע כדי ער זאָל קאָנען טראָגןביידע צוזאַמען. נאָכן דאַוונען האָט ער געלערנט דעם נועם אלימלך (פון ליזענסקער) און דעם דברי חיים (פון סאַנצער). ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן לערנען האָט ער געעפנט די טיר און אויפגענומען די חסידים וואָס זיינען געקומען זיך פּראַווען.

ביים עסן האָט ער אָפט גערעדט פון סאַנצער רבין. ער האָט זייער פיל דערציילט פון זיין לעבן און אויפטו, אויך פיל פון זיינע מאמרים און תורות.

דער רבי האָט אָפט געדאַוונט פאַרן עמוד אום שבת. אום ראש השנה און יום כפור האָט ער געדאַוונגט פאַרן עמוד מוספים און נעילה. ער האָט אויך גאַנץ שיין געזונגען.

נאָך דער געבורט פון זיין טאָכטער קריינדעל, האָט זיך דער רבי

ניט געפילט ביים בעסטן געזונט. ער פלעגט יעדן זומער פאָרן ערגעץ וואו אין אַ וואַרעם באד. איך געדענק אין זומער תר״ע, אום חודש תמוז, איז דער רבי געפאָרן קיין באגאכוואַלע, אַ דאָרף נישט ווייט פון ריישע. ער איז דאָרט קראַנק געוואָרן און נסתלק געוואָרן דאָנערשטיק נאַכט, ט״ו תמוז, תר״ע. די נאָנטע חסידים, וואָס זיינען מיט אים געוועזן בשעת פּטירה, האָבן אים מיטן ארון געפירט אויף אַ קאַרעטע פון באַגאָכוואַלע קיין סאָקאָלאָוו, וואו ער האָט געפונען זיין אייביקע רו לעבן קבר פון זיין פאָטער. די קאַרעטע איז דורכגעפאָרן דורך ריישע איבער רוסקאָוויש קיין סאָקאָלאָוו. כמעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון שטאָט איז דאָרט געווען ווען די קאַרעטע איז דורכגעפאָרן. דאָס וויינען און קלאָגן פון דער מאַסע מענטשן האָט מען געהערט ווייט אַוועק. די קאַרעטע האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט, ווייל עס איז קיין צייט ניט געווען. די לויה איז פאָרגעקומען אין סאָקאָלאָוו אַ שעה פאַר שקיעה. מיט דעם האָט זיך גע־ענדיקט דער לעצטער קאַפּיטל פון איינעם פון די גרעסטע צדיקי הדור אין ריישע.

## דער סאָקאָלאָווער רבי

קיין ריישע זיינען אָפט געקומען רבנים פון פאַרשידענע שטעט אַלס געסט אויף עטלעכע טעג אָדער וואָכן. אין די יאָרן ווען איך בין געווען פאַראינטערעסירט אין חסידות געדענק איך עטלעכע רבנים, וואָס זיינען געקומען אויף דער איינלאַדונג פון די ריישער חסידים; דער ראָזוואַדאָ־ווער, זשיקאָווער, טשעשאַנאָווער, רימאַנאָווער, פּלאָנטשער, ראָפּטשיצער, באָבאָווער, סאָקאָלאָווער, סאַסאָווער, דראָהאָביטשער און נאָך אַנדערע. דער צוועק פון אַזאַ באַזוך איז געווען מער צוליב געלט ווי צוליב די חסידים. אַזאַ באַזוך האָט אַ רבין אַריינגעבראַכט היפּשע עטלעכע רייניש. דער רבי פלעגט וואוינען ביי איינעם פון זיינע רייכע חסידים, אָבער די שבת־טישן האָט מען געפּראַוועט אין די קלויזן. איך, אַלס ייִנגל און אויך אַלס קלויז־בחור, האָב קיינמאָל ניט פאַרפעלט צו זיין ביי די טישן. איך האָב זיך גוט צוגעקוקט צו זייערע עבודות און זיך צוגעהערט צו די תורות. דאָס זיינען געווען די שענסטע טעג פון מיין יוגנט. ווען איך האָב שפּעטער פאַרלאָזן די קלויז (איך וועל וועגן דעם שרייבן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען) און האָב אָנגעהויבן אַ ניי לעבן אין אַ גאַנץ

אַנדערער וועלט, האָב איך מיט חסידות מער קיין שום שייכות ניט געהאַט. אָבער טיף אין מיין האַרץ איז געבליבן, ניט נאָר דער פונק פון יידישקייט, נאָר אויך דער פונק פון חסידות.

אין די ערשטע יאָרן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז קיין ריישע געקומען זיך דאָרט צו באַזעצן דער סאָקאָלאָווער רבי הרב ר׳ יהודה אונגאַר. זיין גזע איז מיר ניט באַקאַנט. סאָקאָלאָוו איז געווען אַ קליין שטעטל איבער צוויי מייל פון ריישע. ווי עס האָט זיך אַרויסגעצייגט, האָט דער רבי אין סאָקאָלאָוו קיין פאַרערער ניט געהאַט, חוץ עטלעכע לאָקאַלע חסידים. אָן חסידים איז אַ רבי קיין רבי ניט. די גאַנצע עקזיסטענץ פון רבין הענגט אָפּ אָן דער צאָל פון די חסידים. וואָס מער חסידים און פאַרערער, אַלץ גרעסער איז די הכנסה. דער רבי קאָן פירן אַ גרויסן שיינעם הויף און צעטיילן מער צדקה. צוליב דעם איז טאַקי דער סאָקאָלאָווער געקומען קיין ריישע זיך דאָרט צו באַזעצן.

ווען איך האָב אים געקאַנט איז ער געווען אַריבער די מיטעלע יאָרן. ער האָט געהאַט אַ בן יחיד, נפתלי האָט ער געהייסן, (מיר, קלויז־בחורים, האָבן אים גערופן „תולטשע") — אַ בחור פון אַ יאָר 13, וואָס האָט שוין געקוואָקעט צו ווערן אַ רבי.

קיין אייגענע הויז האָט דער רבי ניט געהאַט, בלויז אַ דירה וואו עס איז אויך געווען אַ שטיבל צו דאַווענען און פירן טישן. ווען ער האָט אין אָנהויב געוואוינט ביי זילבערן אין הויז, וואָס האָט זיך געפונען אויפן וועג אין פעלד אַריין, בין איך אָפט געקומען אַהין דאַווענען און אויך צו זיינע טישן.

אויף מיר האָט דער רבי געמאַכט אַ קליינעם איינדרוק. צוקוקנדיק זיך צו זיינע עבודות און צוהערנדיק זיך צו זיינע תורות און די שמועסן מיט זיינע חסידים, בין איך געקומען צו דער מיינונג, אַז דער סאָקאָלאָווער רבי וועט קיין גרויסער רבי קיינמאָל ניט זיין. ווייל כדי צו זיין אַ רבי און אַ מנהיג פון טויזנטער חסידים פאָדערט זיך, ניט בלויז קרעכצן און דאַווענען מיט שטורעם, נאָר קודם כל חכמה. אַ רבי פון חסידים דאַרף באַזיצן די פעאיקייטן פון זיין אַ מנהיג הדור און דאָ שפּילט חכמה אַ פיל גרעסערע ראָלע ווי קרעכצן אָדער מופתים. אַפילו ביים זאָגן תורה פאָדערט זיך חכמה און טאַקט. עס איז ניט בלויז די תורה וואָס דער רבי זאָגט ביים טיש, נאָר ווי אַזוי ער זאָגט עס. מיר קאָנען דאָ נעמען אַלס ביישפּיל אַזעלכע רבנים און גאוני הדור ווי ר׳ ישראלטשע ריזשינער, זיין זון ר׳ אברהם יעקב דער סאַדיגערער, ר׳ יעקב יצחק, דער לובלינער חוזה, ר׳ נפתלי ראָפּשיצער און נאָך אַנדערע ווי זיי, —

דאָס זיינען געווען רבנים וואָס האָבן געשמט איבער דער גאַנצער יידישער וועלט. זיי האָבן געהאַט חסידים אין די טויזנטער וואָס זיינען געפאָרן צו זיי פון פאַרשידענע ווייטע לענדער. אין זייער „חכמה" איז באַשטאַנען זייער גרויסער כח המושך. מיט זייער חכמה האָבן זיי אין דעם חסיד איינגע־פלאַנצט די מידה פון אמונת הצדיקים. סאַדיגערער חסידים האָבן ביים רבין קיין מופתים ניט געזוכט. זיי האָבן געגלויבט אין דער געטלעכקייט פון זייער רבין, אַז ער קאָן אַלץ טאָן, און אָט די גרויסע אמונה האָט דעם חסיד געהאָלפן, אַז דעם רבינס ברכות זאָלן ווערן מקוים. אָט די אַלע מעלות האָבן געפעלט דעם סאָקאָלאָווער רבין. ער האָט אין ריישע אויך קיין פאַרערער ניט געהאַט און אַפילו אין שטאָט ניט פיל חסידים דערוואָרבן.

# דער פלאַנטשער רבי

קיין ריישע איז אויך אָפט געקומען אַלס גאַסט דער פלאַנטשער רבי ר' אברהם חיים האָרוויץ, דער זון פון ראַזוואַדאָווער רבין ר' משה האָרוויץ פון דער ראָפּשיצער גזע. ער האָט זיך איינקוואַרטירט ביי איינעם פון זיינע חסידים און געדאַווענט אין דער שטאָט־קלויז וואו ער האָט אויך געפירט די שבת־טישן. ער האָט זיך אָבער אין ריישע קיין פּאָפּולאַריטעט ניט דערוואָרבן. אויך אים האָט געפעלט די מעלה פון פירערשאַפט. ער האָט געהערט צום זעלבן קלאַס מיט דעם סאָקאָלאָווער רבין. אין יאָר תרע"א האָט ער זיך באַזעצט אין ריישע און טאַקי געוואוינט אין אונדזער הויז אויף דער אָגראָדאָווי גאַס.

אויך דער פלאַנטשער רבי האָט קיין גרויס פאַרעכטס ניט געהאַט חוץ עטלעכע ריישער חסידים פון אָרעמען קלאַס וואָס פלעגן אָפּזיצן ביי זיינע טישן און אויך אין זיין שטיבל. ער האָט געהאַט עטלעכע חסידים פון די נאָנטע קליינע שטעטלעך אָבער ניט גענוג. ער האָט זיך טאַקי ניט געקאָנט דערלויבן צו פירן אַ הויף ווי די אַנדערע באַוואוסטע רבנים.

כדי צו האָבן אַ באַגריף ווי עס האָט דעם פלאַנטשער רבין געפעלט די אינטעליגענץ פון די רבנים וואָס איך האָב דערמאָנט אין פריערדיקן קאַפּיטל, איז כדאי צו דערמאָנען אַ מעשה וואָס האָט פאַסירט אַמאָל, ווען עס איז צו אים געקומען זיך פראַווען אַ רייכער פערד־סוחר מיט אַ קוויטל: אַזוי ווי ער האָט אָפּגעקויפט אַ סך פערד וואָס ער דאַרף אָפּפירן

קײן דײטשלאַנד צו פאַרקױפן, זאָל דער רבי מתפלל זײן און װינטשן אים הצלחה.

איבערלײענענדיק דאָס קװיטל האָט אים דער רבי אַ פרעג געטאָן: „זאָג מיר, װיפיל קאָסט אַ שאָק פערד?" דער רבי האָט זיך געדענקט אַז פערד קױפט מען אױף דער זעלבער מאָס װי מ׳קױפט אײער (אַ שאָק איז 60). אָט די פראַגע האָט געמאַכט זײער אַ שלעכטן אײנדרוק אױף דעם פערד־סוחר. ער איז מער צום פלאַנטשער רבין ניט געקומען.

אַלס ײנגל בין איך אָפט געקומען צו זײנע קלױז־טישן װען ער איז געקומען אין רײשע אַלס גאַסט־רבי. קײן גרױסער עולם פון חסידים װי בײ אַנדערע באַװאוסטע געסט־רבנים, װי דער ראַזװאַדאָװער (אַ ברודער פון פלאַנטשער רבין), דער זשיקאָװער אָדער דער סאָסאָװער, זײנען צו זײנע טישן ניט געקומען. זײן טיש־עבודה איז געװען מיט גרױס דבקות. ער איז אָפט אין מיטן זינגען פון די זמירות געבליבן שטיל פאַר עטלעכע מינוט, װי ער װאָלט זיך געפונען פלוצים אױף אַן אַנדער װעלט, בלױז די קנײטשן פון זײן שטערן האָבן זיך באַװעגן. אַזױ האָט ער געזונגען זמירות און געזאָגט תורה.

װען איך האָב פאַרלאָזט רײשע אין יאָר תרע״ג, האָט ער נאָך געװאױנט אין אונדזער הױז. ער איז נסתלק געװאָרן אין יאָר תרע״ט.

# רײשער אב״ד הרב ר׳ יהושע העשיל װאַלערשטײן

רײשע האָט אױך געהאַט פיר שטאָט דײנים. הרב ר׳ חײם יונה, דער שװער פון רבין ר׳ לאַזערל, האָט געװאױנט אין הױז פון רבין ר׳ לאַזערל, אין רױזן גאַס. דער צװײטער דײן איז געװען ר׳ מעכעלע דײן (אַזױ האָט מען אים גערופן) — אַ חסיד פון סאַנצער טיפּ. ער האָט געװאױנט אױף דער װאַליע. דער דריטער דײן איז געװען ר׳ יאָסעלע עלענבױגן, דער זון פון סאַטיניװער רב (דער סאַטיניװער רב האָט געװאױנט אין רײשע. ער איז נפטר געװאָרן אין די נײנציקער יאָרן). דער פערטער דײן איז געװען ר׳ מנשהלע אײכענשטײן. גערופן האָט מען אים „דער װער־צעקיער רב". די דײנים האָבן געװאױנט אין פאַרשידענע טײלן פון שטאָט. זײער אױפגאַבע איז געװען צו פסקענען שאלות איבער טעפּל־לעפל און עופות, אָבער װען עס האָט זיך געהאַנדלט װעגן אַ דין תורה, אַ גט אָדער הלוצה — האָט דאָס געהערט צום ראש בית דין. דאָס איז פאַרגעקומען

אין דער שטאָטישער ב״ד שטוב, וואו עס האָבן זיך באַטייליקט אַלע פיר דיינים, אונטערן פאָרזיץ פון הרב הראשי ר׳ העשיל וואלערשטיין.

די ב״ד שטוב האָט געהאַט אַ שטענדיקן שמש, וואָס פלעגט אָפט אַריינקומען אין קלויז, וואו איך און אַנדערע קלויז־בחורים זיינען געזעסן און געלערנט אַ בלאַט גמרא. ער האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן גיין מיט אים אין ב״ד שטוב, ווייל מ׳דאַרף האָבן מנין צוליב אַ גט אָדער חלוצה. פלעגן מיר גערן גיין און זיך אָפט באַטייליקן צום מנין פון אַ גט. אינטערעסאַנט זיינען געווען די פראַגעס וואָס דער רב האָט געשטעלט דעם מאַן און פרוי, וואָס זיינען געשטאַנען אין באַזונדערע ווינקעלעך און געשטאָכן איינער דעם צווייטן מיט בייזע בליקן. איך האָב אַמאָל בייגע־וואוינט אַ פאַל ווען אַ פרוי האָט אָנגענומען אַ גט פון איר מאַן. פלוצים, אין מיטן דער צערעמאָניע, איז צוגעשפרונגען צום מאַן וואָס איז געשטאַנען אין דער צווייטער זייט פון ב״ד שטוב, און איז אַריין מיט אירע נעגל אין זיין פנים און אים אַזוי צעדראַפּעט אַז עס האָבן זיך באַוויזן בלוט־פלעקן אויף זיין פנים. ווען מ׳וואָלט זיי ניט צעשיידן, וואָלט זי אים דאָס פנים צעריסן. איך געדענק אויך אַ פאַל ווען אין מיטן פון אַ גט־צערע־מאָניע איז די ווייבל צוגעלאָפן צום ב״ד טיש, וואו עס איז געשטאַנען אַ קריגל מיט טרינק־וואַסער, געכאַפּט דאָס קריגל און עס געוואָרפן אין קאָפּ דעם מאַן וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן איר אין דעם צווייטן ווינקל. דערמיט האָט זי פאַראורזאַכט אַ גרויסן טומל.

הרב ר׳ העשיל האָט געשמט אַלס איינער פון די גאוני הדור אין לאַנד. זיין מגלת יוחסין ציט זיך ביז צום „תוספות יום טוב״ הרב ר׳ יום טוב ליפּמאַן. הרב ר׳ העשיל איז דער מחבר פון די ספרים „כרם יהושע״ און „שדה יהושע״. ער איז גראָד ניט געווען פון חסידישן טיפּ. זיין קליידונג, כאָטש אָרטאָדאָקסיש, איז געווען ריין, נעט און באַלעבאַטיש. גערעדט האָט ער זייער ווייניק אָבער וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען מלא חכמה ותורה.

קיין איינציקער פון זיינע זין איז קיין רב ניט געווען. דאָס מיינט ניט אַז זיי זיינען דערצו ניט ראוי געווען. פאַרקערט, זיי זיינען געווען גרויסע לומדים און וואָלטן געקאָנט פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין די גרעסטע יידישע קהילות. זיי האָבן זיך אָבער אויסגעקליבן אַ גאַנץ אַנדערן דרך אין לעבן. זיי זיינען געווען גרויסע וואַלד־סוחרים, גבירים אדירים וואָס האָבן געשמט אין דער פּראָווינץ. זיין טאָכטער, ליפּטשע, האָט זי געהייסן, אַ גרויסע וואַלד־סוחרטע, האָט מען געשאַצט אין ווערט פון עטלעכע מיליאָן קראָנען.

הרב ר׳ העשיל האָט געדאַוונט אין שטאָטישן בית המדרש וואו ער האָט געהאַט אַ שטאָט אין מזרח. ער איז געווען זייער באַליבט און גע־אַכטעט ביי אַלעמען. ער האָט געהאַלטען דרשות אין דער שטאָט־שול צוויי מאָל אין יאָר — אום שבת הגדול און אום שבת־תשובה. די שול איז דאַמאָלסט געווען געפּאַקט מיט די גרעסטע שטאָטישע לומדים וואָס זיינען געקומען הערן זיינע דרשות ביי וועלכע ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס חריפות. ער איז נפטר געוואָרן אין ריישע אין יאָר תרס״ד.

# הרב ר׳ נתן לעווין

נאָך דער פּטירה פון הרב ר׳ העשיל וואַלערשטיין האָט זיך די שטאָט צוגעגרייט אויפצונעמען אַ נייעם ראש בית דין. לויט די סטאַטוטן פון דער קולטוס געמיינדע איז דאָס אויסקלייבן און אויפנעמען פון אַ שטאָט־רב געלעגן אויסשליסלעך אין הענט פון קהל. עס זיינען טאַקע איינגע־לאַדן געוואָרן רבנים קאַנדידאַטן פון פאַרשידענע שטעט, צו קומען האַלטן אַ דרשה אויף „פּראָבע״. איבער דער צייט פון עטלעכע חדשים האָט כמעט יעדן שבת איינער פון די רבנים קאַנדידאַטן געהאַלטן אַ דרשה אין דער שטאָט־שול, אין דער אַנוועזנקייט פון די מיטגלידער פון קהל־ראַט. דער גרעסטער טייל פון זיי האָבן קיין וואָרט ניט פאַרשטאַנען, זיי זיינען בלויז געקומען ווייל דאָס האָט זיך געפאָדערט לויט די סטאַטוטן. עס פלעגט אָבער קומען אַ גרויסער עולם יידן, אַ סך פון זיי גרויסע לומדים וואָס האָבן זיך אינטערעסירט אין דעם אַז די שטאָט זאָל האָבן אַ פּאַסנדיקן רב.

ווי איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען זיינען די מיט־גלידער פון קהל־ראַט געווען אַדוואָקאַטן און אַנדערע פּראָפעסיאָנעלע מענטשן, פיל פון זיי אַסימילאַנטן וואָס האָבן זיך מיט יידישקייט וויניק אינטערעסירט. איינער פון זיי איז דאַמאָלט געווען דער באַוואוסטער דר. האָכפעלד, וואָס איז אויך געווען דער פירער פון דער פוילישער שטאָט־רעגירונג. אין זייערע הענט איז געלעגן די מאַכט פון אויסקלייבן אַ ראש בית דין פאַר דער גרויסער יידישער שטאָט ריישע.

איינער פון די רבנים קאַנדידאַטן איז געווען הרב נתן לעווין, דער איידעם פון דעם וועלט־באַרימטן לעמבערגער רב הרב ר׳ יצחק שמעלקיס. פון אַלע קאַנדידאַטן, האָט הרב לעווין זיך אַרויסגעוויזן צו זיין דער פּאַסנדסטער צו זיצן אויפן ריישער כסא הרבנות. ער איז שוין

דאַמאָלט געווען אָנערקענט אַלס איינער פון די גרויסע גאוני הדור, אַן ערשטקלאַסיקער מטיף און בעל דרשן. ער האָט געהאַט אַ שאַרפן מוח. ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ דין אָדער הלכה, האָט ער עס גע־וואוסט צו דער מינוט. ער איז אויך געווען פון הויכער אינטעליגענץ מיט אַלגעמיינער פּראַקטישער בילדונג אין דייטש און אויך אין פּויליש; ער האָט אויך געקאָנט האַלטן אַ רעדע אין די צוויי שפּראַכן.

ווען דער קהל האָט אַנאַליזירט די קוואַליפיקאַציעס פון אַלע רבנים־קאַנדידאַטן, זיינען זיי געקומען צום באַשלוס, אַז הרב לעווין איז דער בעסטער און פּאַסנדיקסטער פון אַלע. דער קהל ראַט האָט אים טאַקי, נאָך אַן אָפּשטימונג, אויפגענומען אַלס ריישער אב בית דין.

נאָכדעם ווי דער באַשלוס פון קהל ראַט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, איז געוואָרן אַ טומל אין שטאָט. די פּראָגרעסיווע און אַפילו אַ גרויסער טייל פון אָרטאָדאָקסישן קלאַס זיינען מיטן אויסוואַל געווען צופרידן. דעם טומל האָבן פאַראורזאַכט די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן און אויך די חסידים. ביי די לעצטע איז הרב לעווין ניט געווען פּאַסנד צו זיין ריישער רב. זייער הויפּט איינווענדונג איז געווען, ווייל הרב לעווין האָט זיך געטראָגן אַביסל צו מאָדערן געקליידעט. ער האָט געטראָגן אַ ווייסן קראַגן מיט אַ קראַוואַט. אויך האָט ער געטראָגן אויסגעפּוצטע שיינע שיך, אויסגעפּרעסטע ריינע הויזן. אַזאַ הלבשה איז ביי חסידים באַטראַכט גע־וואָרן אַלס „נישט יידיש". ווען אַ חסידישער בחור האָט אָנגעטאָן אַ ווייסן קראַגן מיט אַ שניפּסל, כאָטש ער האָט געטראָגן אַ סאַמעט קאַפּעלוש און אַ לאַנגע קאַפּאָטע, איז ער דאָך באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ יוצא לתרבות רעה. אַזאַ איינעם האָט מען אַרויסגעשטויסן מחוץ למחנה. היינט ווער רעדט נאָך פון אַ רב.

די חסידים האָבן אויך אויסגעפונען אַז די רביצין, די פרוי פון הרב לעווין, טראָגט ניט דעם בעלזער שלייער אָדער אַ זיידענע שטערן־טיכל, ווי די חסידישע ווייבער האָבן דאַמאָלט געטראָגן. זי טראָגט גאָר אַ שייטל פון האָר, פאַרקעמט לויט דער לעצטער מאָדע, אָנגעטאָן אין מאָדערנע קליידער און אַ היטעלע מיט פעדערן. אויך דעם רבס טעכטער האָבן זיך געקליידט לויט דער לעצטער פּאַריזער מאָדע. דעם רבס זון, אַ יינגל פון אַ יאָר 10, יחזקאל האָט ער געהייסן, טראָגט ניט קיין סאַמעט קאַ־פּעלוש, אויך ניט קיין חסידישע קאַפּאָטע. ער האָט זיך געקליידט לויט דעם דייטש־יידישן טראַכט.

אַזוי ווי מער ווי די העלפט פון דער שטאָטישער יידישער באַפעל־קערונג איז געווען פון חסידישן קלאַס, האָט די נייס אַז קהל האָט אויפ־

גענומען הרב לעווין אַלס אב בית דין, פאַראורזאַכט אַ שרעקלעכן רעש. עס האָבן אָנגעהויבן פליען פראָטעסטן מצד די חסידים. זיי האָבן געלאָזט דרוקן פלאַקאַטן אין יידיש, וואָס זיינען אויסגעקלעפּט געוואָרן איבער דער גאַנצער שטאָט אין וועלכע זיי האָבן געוואָרפן שמוץ אויף די מיט־גלידער פון קהל. די פלאַקאַטן זיינען געווען אונטערגעשריבן „דער חסידי־שער קאָמיטעט".

די חסידישע קעגנערשאַפט צו קהל און דעם ניי־אויסגעקליבענעם רב האָט זיך צעפלאַקערט. די חסידים האָבן געטומלט און געשריען אַז די „דייטשע" פאָרשטייער פון קהל דאַרפן ניט קיין רב, ווייל זיי זיינען ווייט אַוועק פון יידישקייט. די חסידים האָבן איינגערופן מאַסן־פאַרזאַמ־לונגען אין קלויזן און אויך אין פאַרשידענע עפנטלעכע לאָקאַלן. מ'האָט געשריען און געלאַרמט, מ'האָט אַפילו ניט געזשאַלעוועט קללות נמרצות, מ'האָט געוואָרפן פעך און שוועבל אויף די „דייטשן" וואָס וואַגן זיך צו שטעלן קעגן דעם ווילן פון דער אמתער און אויפריכטיקער יידישער באַ־פעלקערונג. איך אַליין האָב ניט פאַרפעלט קיין איינציקע אסיפה.

איך געדענק, ווען איך האָב זיך באַטייליקט ביי אַזאַ אַסיפה, וואָס איז גערופן געוואָרן אין נח שפּיראָס באַנק־לאָקאַל, וואו מענדעלע האָרוויץ איז געווען דער הויפּט באַאמטער. די באַנק האָט מען גערופן „די זשי־קיווער באַנק" און האָט פונקציאָנירט מיטן קאַפּיטאַל פון פילע רייכע יידן וואָס זיינען געווען זשיקיווער חסידים. דער הויפּט־רעדנער אויף דער פאַרזאַמלונג איז געווען ר' בעריש שטיינבערג — אַ געבוירענער פון רוסלאַנד, וואָס האָט גערעדט מיט אַ ליטווישן אַקצענט. ער האָט אָנ־געהויבן די רעדע בזה הלשון: יידן! עס איז געקומען די צייט מיר זאָלן זיך באַפרייען פון דעם עול פון די קהלשע דייטשן. ווער איז קהל? אַ קליינע חברה דייטשן וואָס ווייסן ניט פון יידישקייט, און אויך ניט פון דער וויכטיקייט פון אַן אב"ד. שטעלט אייך פאָר די חוצפּה, עס קומען זעקס פאַרשיווע דייטשן (ער האָט גענוצט דעם אויסדרוק „זעקס פאַר־סיווע דייצן" אויף ליטווישן יידיש) און נעמען אונדז אויף אַ רב, אַ דייטשן רב, אָן אונדזער הסכמה, א. אז. וו... ער האָט געליאַרמט, געקלאַפּט מיט די הענט אין טיש און געשריען. מיר, אַלע חסידים, האָבן מיט אים איינגעשטימט.

איך, אַלס אַ חסידישער קלויז־בחור פון אַ יאָר 14, בין צוגעשטאַ־נען צו דער חסידישער פּאַרטיי. מיר האָבן באַשלאָסן ניט צו רוען און אויב עס וועט נויטיק זיין, צו באַנוצן די באַוואוסטע חסידישע וואָפן — די פויסטן. חוץ די הייליקע געזעצן פון דער תורה און חוץ רעגירונגס־

געזעצן האָט דער חסיד געהאַלטן פון דעם מיטל „כל דאלים גבר״ — ווער עס האָט געזונטע פויסטן און מוסקולן, דער איז דער שטאַרקער און דער געווינט. דער עלנבויגן איז דער חסידישער כלי זיין. דער „כל דאלים גבר״־מיטל, איז אויך באַנוצט געוואָרן פון די חסידים ביים רבינס טיש.

איך געדענק עס איז אַמאָל געקומען קיין ריישע דער סאָסאָווער רבי צו גאַסט אויף שבת. די אויפנאַמע איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. חסידים פון אַנדערע רבנים האָבן אים געערט און אויך געשעצט. אויף יעדן טריט און שריט האָט מען גערעדט פון די מופתים וואָס דער רבי באַווייזט יעדן טאָג. שבת האָט ער געפירט טישן אין דער זשיקיווער קלויז, בין איך אויך געגאַנגען פרייטיק נאַכט צום רבינס טיש. געדענק איך, אַז נאָך איידער דער רבי האָט אין זינען געהאַט צוצוקומען צום טיש, זיינען שוין הונדערטער חסידים געשטאַנען צוזאַמענגעדריקט אויף טיש און בענק. דער געדראַנג אין קלויז איז געווען אַ שרעקלעכער. די קולות האָבן דערגרייכט עד לב השמים. מ׳האָט זיך געשטופט און געדריקט; יעדער פון די חסידים האָט געוואָלט שטיין נענטער צום רבי׳ן, פלוצים, ווי עפּעס דורך אַ צופאַל, זיינען עטלעכע חסידים אַרונטערגעפאַלן פון אַ טיש. איינער איז געפאַלן, האָט ער אָנגעכאַפּט דעם וואָס איז לעבן אים געשטאַנען כדי זיך אָנצוהאַלטן, האָט ער דעם צווייטן אויך מיטגעשלעפּט, דער צווייטער האָט מיטגעשלעפּט אַ דריטן א. אז. וו. אָבער נאָך איידער זיי האָבן געקאָנט זיך אויפשטעלן פון דער ערד, האָבן אַנדערע חסידים, מיט געזונטע עלנבויגנס, פאַרכאַפּט די פּלעצער אויפן טיש. אָט דאָס איז געשען בליץ־שנעל.

יאָ, ווער עס האָט געהאַט געזונטע עלנבויגנס, דער איז געשטאַנען נאָנט צום רבינס טיש. האָבן מיר חסידים אויך אין דער מחלוקה וועגן הרב לעווין באַשלאָסן צו באַנוצן די זעלבע מיטלען ווי ווייט עס וועט מעגלעך זיין און ווי ווייט עס וועט העלפן.

אַ טאָג איידער הרב לעווין איז אָנגעקומען אין ריישע איבערצונעמען דעם כסא רבנות, האָט צווישן די חסידים, אויך צווישן אונדז יונגע קלויז־בחורים, געהערשט אַ טרויער. נח שרייבער (שוסטאַק האָט מען אים גערופן — אַ צונאָמען צוליב דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ זעקסטן פינגער אין יעדער האַנט), איך און נאָך צוויי אַנדערע האָבן אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפן אין קלויש־פּאָליש שפּעט אין דער נאַכט און דאָרט באַשליסן וואָס צו טאָן. מיר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין דער ריכטיקער שעה און האָבן זיך צוזאַמענגערעדט בסוד־סודות און באַשלאָסן אָפּצוטאָן דעם נייעם

רײַשער רבֿ אַ שפּיצל, אַז ער און אויך די קהלשע דײַטשן װעלן האָבן צו זינגען און צו זאָגן. מיר האָבן אָפּגעמאַכט, אַזוי װי מאָרגן קומט צו פֿאָרן דער נײַער רבֿ און ער װעט זיך אַרײַנציִען אין זײַן װאױנונג װאָס איז פֿאַר אים צוגעגרײט געװאָרן אין קהלס הױז, אַנטקעגן איבער דער קלױז צו מזרח, װעלן מיר אין מיטן דער נאַכט מיט שטײנער אױסהאַקן אַלע שױבן אין רבֿס װאױנונג אַלס אַ פּראָטעסט קעגן אים און די דײַטשע קהלשע הערשאַפֿט אין שטאָט.

אַזוי װי די װאױנונג פֿון רבֿ איז געװען אױפֿן צװײטן שטאָק, האָט זיך געפֿאָדערט אַ געזונטער יונג, מיט געזונטע עלנבױגנס, װאָס זאָל קאָנען װאַרפֿן די שטײנער זײ זאָלן טרעפֿן דעם ציל. האָבן מיר באַשלאָסן אַרײַנצוציִען אין דער „פֿאַרשװערונג" אײנעם אַ קלױז־בחור מיטן נאָמען מענדל בילפּעלד (צוליב דעם װאָס ער איז געװען אַ פֿעסטער און געזונט־געבױטער יונגער בחור פֿון אַ יאָר 14, מיט גראָד אַ שװאַכן קאָפּ צום לערנען, האָבן מיר קלױז־בחורים אים אַ נאָמען געגעבן „מענדל באַיאַק"). מענדל האָט די מיסיע אָנגענומען גערן, װײַל אַלס קלױז־בחור פֿון חסידישן טיפּ איז ער אױך געװען ביטער קעגן דעם אױפֿגענומענעם רבֿ. מיר האָבן אײנער דעם אַנדערן געגעבן תּקיעת כּף און איבערגעשלאָגן די הענט מיט ציצת אַז יעדער פֿון אונדז װעט עס האַלטן בסוד סודות.

דעם טאָג װען הרבֿ לעװין איז אָנגעקומען אין רײַשע, איז געװען אַ יום טובֿ אין שטאָט. שױן באַלד אין דער פֿרי האָט מען געזען הונדערטער ייִדן גײן צום באַן־הױף דעם גאַסט צו באַגעגענען.

עטלעכע שעה אײדער דער צוג איז אָנגעקומען, איז שױן בײַם באַן־הױף געװען סכּנות נפֿשות. דער געדראַנג איז געװען אַזױ גרױס, אַז די באַן־אָנגעשטעלטע און אױך די פּאָליצײ, זײַנען געװען מאַכטלאָז און האָבן גאָר ניט געקאָנט טאָן. יעדע מינוט זײַנען געקומען מער ייִדן. אַזױ װי עס איז ניט מעגלעך געװען אַרײַנצוגײן אין באַן־הױף, זײַנען הונדערטער מענטשן געבליבן שטײן אין דרױסן, וגם אני הקטן בתוכם. אַלס קעגנער צום נײַעם רבֿ האָט מיך דער קבלת פּנים װײניק אינטע־רעסירט. איך האָב בלױז געװאָלט זען, און אױב עס װעט מעגלעך זײַן, געבן שלום דעם גרעסטן גאון הדור, הרבֿ ר' יצחק שמעלקיס, דעם באַ־רימטן לעמבערגער רבֿ. מיט דער זעלבען באַן זײַנען אױך מיטגעקומען פֿילע אַנדערע רבנים צו באַגלײטן הרבֿ לעװין צום נײַעם כּסא הרבנות.

װען די באַן איז אָנגעקומען איז שױן געװען טונקל אין אָװנט. פֿון קבלת שלום בײַם באַן־הױף איז געװען אָפּגערעדט. דער געדראַנג איז געװען אַזױ גרױס דאָס אױב עס איז קײנער ניט אָװעקגעפֿאַלן איז עס

געווען נאָר על פּי נס. נאָכדעם ווי די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט געדויערט אַ גוטע האַלבע שעה ביז עס איז געלונגען דורכצושטופּן זיך מיט די חשובע געסט דורך דער ריזיקער כוואַליע יידן וואָס זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעדריקט דיק און האַרט ווי אַ וואַנט, וואָס האָט זיך קוים גערירט. איבער טויזנט יידן זיינען געשטאַנען אין דרויסן, ווייל אַריינגיין איז געווען אוממעגלעך.

עס איז ענדלעך געלונגען דורכצוברעכן די לעבעדיקע וואַנט און דורכצופירן אַלע רבנים, איטלעכן באַזונדער, און זיי ברענגען צו די פּיאַקער קאַרעטעס וואָס האָבן פּאַר זיי געוואַרט ביים באַן־הויף. כאָטש איך בין געקומען צום באַן־הויף מיט זעקס שעה פריער, איז מיר דאָך ניט געלונגען און אפשר ניט באַשערט געווען צו זען דעם לעמבערגער רב אָדער איינעם פון די אַנדערע רבנים. די חשובע געסט האָט מען געבראַכט אין דער היים פון נייעם רב. דער גאַנצער צווייטער שטאָק פון קהל־הויז איז געווען שיין אויסמעבלירט פאַר דעם צוועק. אונטן אין גאַס האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדערטער יידן, זיי זיינען דאָרט געשטאַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

באַלד נאָכדעם ווי דער נייער רב איז אנגעקומען אין זיין נייער וואוינונג, האָבן מיר, צוזאַמען מיט נח שוסטאַק און מענדל באַיאַק, זיך צוזאַמענגערעדט און האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין קלויז ביז שפּעט אין דער נאַכט, ווען עס וועלן שוין קיין מענטשן ניט זיין אין פראַנט פון רבס הויז. מיר זיינען נאָכדעם אַריין אין קלויז און האָבן זיך געזעצט לערנען, אָבער אין דער זעלבער צייט האָבן מיר געהאַלטן אַן אויג אויף דער גאַס צו זען ווען אַלע וואָס שטייען אַרום דעם רבס הויז וועלן גיין אַהיים.

עס איז שוין געווען צוועלף מיטנאַכט, איך האָב שוין לענגער ניט געקאָנט וואַרטן. בין איך געגאַנגען אַהיים שלאָפן. שפּעטער פון צוועלף אַזייגער וואָלט איך ניט געקאָנט קומען אַהיים. איך האָב אַזוי אויך גע־כאַפּט אַ גוטן סוף פאַר קומען אַהיים אַזוי שפּעט אין דער נאַכט.

וואָס עס איז געשען נאָכדעם ווי איך בין אַוועק אַהיים שלאָפן, האָב איך אויסגעפונען דעם נעקסטן פרימאָרגן. נח און מענדל זיינען געבליבן אין קלויז דורכצופירן די אַטאַקע אָן מיר.

איך בין קוים איבערגעשלאָפן די נאַכט. גאַנץ פרי בין איך אויפ־געשטאַנען און זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון קלויז צו זען וואָס דאָרט איז געשען. קומענדיק נאָנט צום שפּאַציר־גאָרטן, האָב איך באַ־מערקט אַ טומל אין גאַס. איך האָב געהערט ווי אַ ייד שרייט אַריבער

אויף דער צווייטער זייט גאַס צו זיינעם אַ באַקאַנטן, אַז „באַנדיטן״ האָבן אויסגעהאַקט שויבן אין די פענצטער פון דער וואוינונג וואו דער נייער רב וואוינט. איך בין געבליבן שטיין אַ דערשלאָגענער. עס האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן. עס האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ חרטה־געפיל. איך האָב זיך געלאָזט גיין ווייטער צום קלויז. אין פראָנט פון רבס הויז זיינען געווען פאַרזאַמלט הונדערטער יידן און אויך גוים. יעדער איז נייגעריק צו וויסן איינצלהייטן וועגן דער אַטאַקע. עס איז געווען אַ טומל, אַלע זיינען אויפגערעגט איבער דער חוצפּהדיקער אַטאַקע אויף דעם נייעם רבס הויז באַלד דעם ערשטן טאָג פון זיין אָנקומען.

אַזוי ווי קיין גרויסע סטראַטעגיסטן זיינען די צוויי חברה־לייט נח און מענדל ניט געווען, האָט מען זיך באַלד דערוואוסט אַז די אומ־מענטשלעכע אַטאַקע איז באַגאַנגען געוואָרן פון נח שרייבער און מענדל בילפעלד. ערשטנס, האָט מען זיי געזען לויפן פון דער סצענע שפּעט ביי נאַכט, צווייטנס, זיינען זיי דעם נעקסטן טאָג אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן פון שטאָט. מ׳האָט זייער געביין מער ניט געזען. די פּאָליציי האָט זיי געזוכט עטלעכע טעג און עס שפּעטער אינגאַנצן אויפגעגעבן. עס איז ביז דעם היינטיקן טאָג ניט באַקאַנט וואו זיי האָבן זיך אויפגע־האַלטן. צוויי־דריי חדשים שפּעטער איז די גאַנצע געשיכטע פאַרגעסן און אויך פאַרשטיקט געוואָרן. זעקס אָדער זיבן חדשים שפּעטער האָבן זיך נח און מענדל ווידער באַוויזן אין קלויז און ווידער געלערנט צו־זאַמען מיט אַלע קלויז־בחורים.

אַזעלכע מלחמות האָבן חסידים דאַמאָלט געפירט מיט זייערע קעגנער. ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם היינט, ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, פיל איך ווי מיין פּנים ווערט רויט פאַר בושה. די איינציקע פאַרטיידיקונג וואָס איך קאָן זיך געבן איז, אַז איך בין דאַמאָלט געווען יונג, אָן דער־פאַרונג, פאַרזונקען אין פאַנאַטיזם און אָפּט זיך זייער באַנאַרישט.

* * *

באַלד נאָכדעם ווי הרב לעווין האָט זיך געזעצט אויפן ריישער כסא הרבנות האָבן זיך עטלעכע פון דער חסידישער פּאַרטיי אונטערגעגעבן. צוערשט זיינען געקומען די פיר שטאָטישע דיינים אָפּגעבן כבוד זייער נייעם ראש בית דין. אַ טאָג שפּעטער זיינען געקומען די שטאָטישע שוחטים, וואָס זיינען פריער געווען דעם נייעם רבס גרעסטע קעגנער, און מיט הכנאה האָבן זיי אַנידערגעלייגט זייערע חלפים אויפן בית דין טיש. עס זיינען געקומען אויך עטלעכע חסידישע באַלעבאַטים כלומרשט מקבל שלום זיין פון דעם לעמבערגער רב, דער גרעסטער גאון פון

יענעם דור, — דאָס זיינען געווען יידן פון עקסטרעמען אָרטאָדאָקסישן און חסידישן קלאַס. זיי זיינען ענדלעך געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז זייער קעגנערשאַפט צום נייעם רב איז געווען אַ גרויסער טעות. זיי האָבן איינגעזען אַז הרב לעווין איז אַן אמתער גאון הדור און איינער פון די גרויסע לומדים. אַז כאָטש ער טראָגט אַ ריינע ווייסע העמד מיט אַן אויסגעפּרעסטן קאָלנער, און כאָטש ער גייט מיט אויסגעפּוצטע שיך און אין ריינע געפּרעסטע הויזן, אָבער בנוגע יידישקייט פירט ער זיך מיט דער זעלבער שטרענגקייט ווי די חסידים און עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, אַז ער טרעט ניט אָפּ פון אַ דין כחוט השערה. עס האָט ניט לאַנג גענומען ווען אַלע פריערדיקע קעגנער האָבן כאיש אחד אָנ־גענומען דעם נייעם הרב לעווין אַלס זייער רב און מנהיג און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט הרב לעווין גוט באַהערשט די דייטשע און פּוילישע שפּראַכן. ער איז געווען דער ערשטער ריישער רב וואָס האָט איינגעפירט, אַז דער שטאָט־רב זאָל באַגריסן דעם קייזער פראַנץ יאָזעף צו זיין געבורטסטאָג. ווען עס איז געקומען דער 18טער אויגוסט, דעם קייזערס געבורטסטאַג, האָט מען אין אַלע שטעט אין דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע געפייערט דעם יום טוב. אויך אין ריישע איז דעם טאָג געווען אַ גרויסער יום טוב. ריישע איז דאַמאָלט געווען אַ מיליטער־צענטער וואו עס איז געשטאַנען דער 40טער אינ־פאַנטעריע רעגימענט, אַ אולאַנער קאַוואַלעריע רעגימענט און אויך אַ לאַנדוועער רעגימענט; איז אין דער נאַכט פון קייזערס געבורטסטאָג אַרויס אַ מיליטער מוזיק קאַפּעלע באַגלייט פון גרויסע לאַמטערן, געטראָגן פון זעלנער, און אונטער די טענער פון מוזיק האָבן זיי דורכגעקרייצט די שטאָט.

דעם זעלבן פרימאָרגן איז הרב לעווין אָפּגעפאָרן אויף אַ פיאַקער אָנגעטאָן אין זיינע שוואַרצע זיידענע רבנישע מלבושים. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שיינעם סאָבעלנעם ספּאדיק. געפאָרן איז ער גאַנץ אַליין צום באַצירקס־הויפּטמאַן (סטאַראָסטווע) וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט כבוד. דער רב האָט דעם באַצירקס־הויפּטמאַן איבערגעגעבן די גראַטולאַציע און ברכות פאַרן קייזער אין נאָמען פון דער שטאָטישער יידישער באַפעלקערונג.

אויך איך בין געוואָרן אַ גרויסער און וואַרעמער אָנהענגער פון הרב לעווין. אַזוי ווי דער בית דין שטוב איז געווען אַ בית פּתוח לרווחה, בין איך דאָרט אָפּגעזעסן און מיט אינטערעס זיך צוגעקוקט און צוגע־

הערט צו די פּסק דינים פון הרב לעווין. איך האָב באַוואונדערט ניט בלויז זײַן הויכע אינטעליגענץ נאָר אויך זײַן חכמה. די פיר דיינים האָבן אַלע, זיצנדיק אַרום בית דין טיש, מיט הרב לעווין אַלס דער יושב ראש, ווייניק גערעדט. זיי האָבן געקוקט אויף זייער ראש בית דין מיט גרויס אַכטונג און הכנאה. דאָס איז געווען אין די יאָרן פון 1905־1906.

ווען איך בין אַוועק פון רײַשע אין יאָר תרע״ג (1913) איז הרב לעווין געשטאַנען אויפן העכסטן שטאַפּל פון פּאָפּולאַריטעט ניט נאָר אין רײַשע, נאָר אין גאַנץ גאַליציע.

## ר׳ שלמה לייבעלע פון טיטשין

נישט ווײַט פון רײַשע איז געווען אַ קליין שטעטל טיטשין. דאָס שטעטל איז געשטאַנען אויף אַ באַרג. אין מיטן דער שטאָט איז געווען אַ גרויסער מאַרק־פּלאַץ. ווען אַ פרעמדער האָט זיך צום ערשטן מאָל אָפּגעשטעלט אין מאַרק, האָט מען באַקומען דעם אײַנדרוק אַז טיטשין איז אַ ריין ייִדישע שטאָט, ווײַל אַלע מאַרק־געוועלבער זײַנען געווען ייִדישע און די סוחרים זײַנען געווען ייִדן מיט היפּשע בערד און פּאות. עס האָבן אָבער דאָרט געוואוינט מער גוים ווי ייִדן. ביים אַרײַנפאָר אין שטעטל איז געשטאַנען דער הויף און פּאַלאַץ פון דעם טיטשינער גראַף. דאָך האָט דאָס שטעטל אויסגעקוקט ווי אַ ריינער ייִדישער ישוב, ווײַל אין טיטשין האָט געוואוינט דער באַרימטער רבי ר׳ שלמה לייבעלע, דער מחבר פון דעם ספר „הכנסת לב לתפלה על התורה", וואָס האָט געשמט איבער דער חסידישער וועלט אַלס אַ גרויסער רבי און בעל מופת. ער האָט געהאַט אַ פּאָרעכטס נישט בלויז פון דער נאָענטער אומגעבונג, נאָר אויך פון ווײַטע שטעט זײַנען צו אים געקומען ייִדן מיט קוויטלעך צו בעטן עצות און ישועות.

בנוגע חסידים און חסידות האָט דער רבי ר׳ שלמה לייבעלע זיך געפירט גאַנץ אַנדערש ווי אַנדערע באַוואוסטע חסידישע רביים וואָס האָבן אָנגעווענדט אַלצדינג כדי צו פאַרשפּרייטן זייער רבישן אײַנפלוס איבער די חסידים און האָבן אויסגענוצט יעדן כח המושך פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

דער רבי ר׳ שלמה לייבעלע איז געווען פונקט דער היפוך. אויב ער האָט געהאַט וועלכן אײַנפלוס איבער זײַנע חסידים, האָט ער עס אויסגע־

נוצט זיך צו דערוווייטערן פון זיין אַ רבי פון חסידים. ער האָט קיין הויף ניט געהאַט. די דירה וואו ער האָט געוואוינט איז געווען אַן אַלטע כאַטע וואָס האָט זיך געהאַלטן על פי נס. צו זיינע חסידים און פאַרערער האָט ער אָפט געזאָגט: „איך בין נישט קיין רבי.״ זיין עניוות האָט אָבער ווייניק געהאָלפן. וואָס מער ער האָט אַרויסגעוויזן עניוות, אַלץ מער האָט מען פון אים געהאַלטן. ער האָט זיך אָבער קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט פון אויפנעמען חסידים, וואָס זיינען געקומען מקרוב ומרחוק צו פראַווען זיך ביי אים. געטאָן האָט ער עס ניט צוליב די פדיונות נאָר מער צוליב דעם, וואָס דער ייד האָט געמאַכט הוצאות צו קומען צו אים.

ר׳ שלמה לייבעלעס יחוס איז געווען אַ „יחוס עצמו״. ער האָט ניט געשטאַמט פון קיין רבישער גזע. זיין פאָטער איז געווען אַ געוועגלעכער דאָרפס ייד. עס איז פשוט אַ וואונדער ווי אַזוי דער זון האָט דערגרייכט די מדרגה פון ווערן אַזאַ באַרימטער רבי. זיין עניוות איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט פאַרקערט מיט פשוטע פראָסטע יידן.

ווען ער איז שוין געווען באַוואוסט אַלס גרויסער רבי און האָט געהאַט אַ גרויס פאָרעכטס פון חסידים פון אַלע טיילן פון לאַנד, האָט ער דאָך געלעבט אין גרויס דחקות. ווייל דעם גרעסטן טייל פון דאָס געלט וואָס איז אַריינגעקומען פון די פדיונות האָט ער צעטיילט צו אָרעמע לייט. טאָג און נאַכט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט עבודת הבורא. אַרום מיטן דער נאַכט, ווען אַנדערע יידן זיינען געשמאַק געשלאָפן אין זייערע היימען דאַמאָלט פלעגט ר׳ שלמה לייבעלע זיצן אין זיין חדר מיוחד און אָפּגעריכט חצות, געזאָגט תפלות און געלערנט די גאַנצע נאַכט.

איך געדענק, אין יאָר תר״ס — איך בין דאַמאָלט אַלט געווען 10 יאָר און בין שוין געווען אַ גרויסער פאַרערער פון רבין ר׳ לאזערל — האָט זיך מיר זייער געוואָלט פאָרן קיין טיטשין כדי צו זען די צורה פון רבין ר׳ שלמה לייבעלע פון וועמען איך האָב אַזוי פיל זיך אָנגעהערט פון זיינע חסידים אין ריישע. טיטשין איז געווען אין גאַנצן אַ מייל מיט צוויי קילאָמעטער פון ריישע. געפאָרן אַהין איז מען מיט אַ פערד און אָפּענעם וואָגן ווי אין די אַלטע צייטן, זומער און ווינטער אין רעגן און שניי.

פון טיטשין זיינען יעדן טאָג אין דער פרי געקומען צו פאָרן יידישע בעלי־עגלות און זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ באַשטימטן פּלאַץ אויף דער וואליע אַנטקעגן איבער דעם וואליער מאַרק וואו עס איז געווען אַ יידישע אכסניה. זיי האָבן געמאַכט די רייזע אַהין און צוריק צוויי מאָל אין אַ וואָכן־טאָג רעגלמעסיק. די וועגענער זיינען געווען אָפענע, מיט שטרויענע

זיך־פלעצער פאַר זעקס ביז אַכט מענטשן. די רייזע האָט געקאָסט אַ זעקסערל אין וועג. אַזוי ווי מיר האָט געפעלט די צען גראַצער און אויך די צייט, ווייל איך האָב דאַמאָלט געלערנט אין חדר, בין איך געבליבן ביי די שיינע חלומות און האָפנונגען אַז די צייט וועט קומען און איך וועל האָבן די זכיה צו פאָרן צום רבין ר׳ שלמה לייבעלע אין טיטשין.

די צייט איז טאַקע געקומען. דאָס איז געשען אין דעם דערמאָנטן יאָר. מיר האָבן דאַמאָלט געוואוינט אויף דער טאַרגאָוויצע, ניט ווייט פון וואָליער מאַרק. איינמאָל, גייענדיק אין חדר אין אַ פרימאָרגן, שטעלט מיך אָפּ אַ באַלעבאַטישער ייד און פרעגט מיך ווי מ׳קאָן דאָ קריגן אַ געלעגענהייט (אַ וואָגן) צו פאָרן קיין טיטשין. ער איז נאָר וואָס געקומען מיט דער באַן פון טאַרנע און ער וויל פאָרן זיך פראַווען ביים רבין ר׳ שלמה לייבעלע. איך האָב אים צוגעפירט צום פּלאַץ וואו עס שטייען די טיטשינער בעלי עגלות. גייענדיק האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אים מקנא דערפאַר וואָס ער וועט האָבן די זכיה צו זען דעם הייליקן צדיק פנים אל פנים, אָבער ניט איך, ווייל עס פעלן מיר אויס די צען גראצער צו דעקן די הוצאות.

דערהערנדיק וואָס איך האָב געזאָגט האָט דער ייד, וואָס האָט אגב אויסגעקוקט צו זיין אַן עושר, אַ זאָג געטאָן צו מיר אַז אויב איך וויל, וועט ער מיך מיטנעמען צום רבין קיין טיטשין און וועט באַצאָלן פאַר מיר די צוויי זעקסערלעך הוצאות. דערהערנדיק די ווערטער, בין איך אויפגעשפּרונגען פאַר שמחה. איך האָב געקוקט אויף דעם יידן ווי ער וואָלט געווען אַ ל״וניק וואָס נאָר גאָט האָט געשיקט מיר צו געבן די מעגלעכקייטן צו פאָרן קיין טיטשין צום רבין. פאַר גרויס שמחה און איבעראַשונג האָב איך פאַרגעסן פון מיין חדר און היים, וואו איך וועל דאַרפן אָפּגעבן דין וחשבון פאַר מיין אָפּוועזנקייט. איך בין געווען גרייט אָנצונעמען די גרעסטע שטראָף פון מיינע עלטערן און דעם חדר־רבין העשיל טיטשינער, וואָס איז אגב געווען מער שלעגער ווי מלמד, אַבי צו האָבן די זכיה צו זען דעם טיטשינער רבין ר׳ שלמה לייבעלע. מיר זיינען טאַקי באַלד צוגעקומען צום וואָגן. אַ האַלבע שעה שפּעטער בין איך געווען אויפן וועג קיין טיטשין.

אָנקומענדיק אין טיטשין האָט מען אונדז אָנגעוויזן וואו עס וואוינט דער רבי און אויך דער ייד וואָס שרייבט די קוויטלעך. צוערשט זיינען מיר געגאַנגען צום קוויטל שרייבער. ער איז געווען אַ מלמד, וואָס איז געזעסן אויבנאָן ביי אַ טיש אַרומגערינגלט מיט חדר־ייִנגלעך, וואָס האָבן געלערנט גמרא. דער מלמד האָט איבערגעהאַקט דאָס לערנען און

האָט אָפּגעשריבן דאָס קוויטל פאַר דעם טאַרנער ייד לויט ווי ער האָט פאַרלאַנגט. דער מלמד האָט דעם יידן געפרעגט, אויב ער זאָל אויך אַריינשרייבן דעם נאָמען פון „זיין זון", מיינענדיק מיך. דער טאַרנער ייד האָט געענטפערט „ניין", אַז איך בין ניט זיין זון נאָר גאָר אַ ריישער בחורל, וואָס האָט געוואָלט מיטפאָרן צום רבין. פון דעם קוויטל־שרייבער זיינען מיר געגאַנגען זיך פראַוועון צום רבין.

דאָס קליינע הייזל וואו דער רבי האָט געוואוינט איז געווען, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, אַן אַלטע כאַטע. אין שטיבל וואו דער רבי האָט אונדז אויפגענומען איז געשטאַנען אַ שאַפע מיט ספרים, אַ קליין טישל ביים פענצטער און אַ בענקל. איך בין פון שרעק און גרויס דרך־ארץ געבליבן שטיין, קוקנדיק אין דער צורה פון דעם אַזוי באַרימטן רבין ר' שלמה לייבעלע. ער איז געווען אַ מאַן פון מיטעלן וואוקס, אויסגעדאַרט, הויט און ביין, פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק אָדער אפשר גאָר יינגער, מיט אַ קורץ שיטערע בערדל.

שטייענדיק אָנגעלענט ביי דער וואַנט לעבן פענצטער האָט דער רבי געלייענט דעם יידנס קוויטל און אים געראַטן וואָס צו טאָן און אים אויך געוואונטשן הצלחה. ער האָט אויך געגעבן זיין ברכה פאַר זיין גאַנצן בני בית. נאָכדעם האָט ער זיך געווענדעט צו טאַרנער ייד, פרעגנדיק אויף מיר: „דאָס איז אייער זון?" „ניין", האָט געענטפערט דער טאַרנער ייד. „דאָס איז אַ בחורל פון ריישע וואָס האָט זייער געוואָלט קומען זען דעם רבין. אַזוי ווי ער האָט ניט געהאַט אויף די הוצאות, האָב איך אים מיטגענומען מיט זיך".

דער רבי האָט מיך צוגערופן צו זיך, געגעבן שלום, געפרעגט מיין נאָמען און וואָס איך לערן. ער האָט מיך געבענטשט און אויך מיר געגעבן אַ מטבע, אַ זעקסערל. ביי מיר איז די מטבע ווערט געווען אַ הון רב. איך האָב זיך בשעת מעשה געפילט אַלס דער גליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט. אַ קלייניקייט, אַ מטבע וואָס דער רבי ר' שלמה לייבעלע האָט מיר געגעבן מיט זיין הייליקער האַנט. איך האָב די מטבע שנעל און אויך גוט באַהאַלטן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט רבין און געלאָזט זיך גיין צום מאַרק וואו עס איז געשטאַנען אַ וואָגן גרייט אונדז צוריק צו פירן קיין ריישע. פאָרנדיק צוריק האָב איך זייער געדאַנקט דעם טאַרנער יידן פאַר זיין טובה. איך בין געווען צופרידן וואָס איז האָב געהאַט די זכיה צו זיין ביים באַרימטן רבין ר' שלמה לייבעלע פון טיטשין.

# הרב דר. צבי הירץ קאַריץ, הי״ד

איינער פון די רבנים וגאונים אין דעם אייראָפּעאישן קאָנטינענט איז געווען דער רב הכולל פון סאַליניקי, גריכענלאַנד — אַ שטאָט מיט איבער 100 טויזנט יידן און איינע פון די גרעסטע יידישע קהילות אין די מזרח לענדער. דאָס איז געווען הרב דר. צבי הירש קאַריץ, פון דער גזע פון הרב רב פנחסל קאָריצער, איינער פון דעם בעל שמס ערשטע תלמידים, געבוירן און דערצויגן אין רײשע, דער זון פון לעזער קאָריץ, אַן אָנגעזעענער בעל־הבית און פילאַנטראָפּ.

הרב קאָריץ איז געווען מיינער אַ שעווסטערקינד, מיט פיר יאָר יינגער פון מיר. אין מיינע יונגע יאָרן בין איך יעדען שבת נאָכמיטאָג געקומען צום פעטער לייזער קאָריץ אין הויז. ערשטנס, צוליב דעם גוטן שבת־אויבס, צווייטנס האָב איך גערן פאַרברענגט מיט זיין זון הענעק (אַזוי האָט מען אים גערופן אַלס יינגל), איבערהויפּט אין דער צייט ווען מיר האָבן געוואוינט אין דעם גרויסן הויז וואָס האָט געהערט צום פעטער לייזער אויפן הינער פּלאַץ, וואו עס זיינען געווען צוויי ריזיק גרויסע שפּיל־פּלעצער וואָס האָבן זיך געצויגן ביז צו דער גרינער גאַס.

הענעק קאָריץ איז געווען פּונקט דער היפּוך פון מיר. ווען איך בין געווען אַ חסידישער יינגל פון צען יאָר, מיט צוויי פּאות, געטראָגן אַ לאַנגן קאַפּטן, געלערנט אין חדרים און געלעבט אין אַ חסידישער אַט־מאָספירע, האָט הענעק קאָריץ געלערנט אין שקאָלעס, ווייט פון חדרים. דער פעטער לייזער, כאָטש ער איז געווען אַן ערלעכער און אָפּגעהיטענער ייד איז ער דאָך געווען ווייט פון דעם חסידישן און אָרטאָדאָקסישן דרך. ער איז געווען אין אַ געוויסן גראַד „אויפגעקלערט". ער האָט געדאַוונט אין דער חברה ביקור חולים אין מאַרק.

הענעק איז געווען אַן אויסערגעוויינטלעך גוטער סטודענט. טאָג און נאַכט איז ער געווען פאַרטיפט אין לערנען און שטודירן. אַפילו אין די יינגערע יאָרן האָט ער זיך ווייניק אָפּגעגעבן מיט שפּילערייען. ווען איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיט מיר גיין אַרונטער אין הויף זיך שפּילן אויף די פרייע לאָנקעס, האָט ער זיך אָפּט אָפּגעזאָגט דערפון. ער האָט דערצו קיין צייט ניט געהאַט. יעדע פרייע מינוט האָט ער אויס־גענוצט זיצנדיק איבער די ביכער און שטודירט.

ווען ער איז אַלט געווען ניין יאָר איז ער אַריין אין גימנאַזיע. חוץ די לעקציעס אין שקאָלעס האָט ער אויך געלערנט יידישע למודים. ער איז אין קיין חדר ניט געגאַנגען. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער

עושר, האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן אַ פּריוואַטן יידישן לערער און מלמד וואָס האָבן מיט אים געלערנט תנ״ך און שפּעטער אויך ש״ס ופוסקים. ער האָט ניט בלויז געלערנט מיט די מלמדים, נאָר אויך אַליין שטודירט די למודים ווען ער האָט נאָר געהאַט צייט דערצו. איך געדענק ווען איך בין אַמאָל געקומען אין הויז פון פעטער לייזער, איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ קלויז־בחור. העגעק איז שוין געגאַנגען אין גימנאַזיע, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם שוואַרצן געפּאַסטן סטודענטן אָנצוג. ווי דערשטוינט בין איך געבליבן ווען איך האָב אים געטראָפן זיצן ביים טיש לערנען אַ בלאַט גמרא.

ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט איז העגעק געווען אַן ערשט־קלאַסיקער סטודענט. ער האָט גראַדואירט פון גימנאַזיע מיט אויסצייכע־נונגען, וואָס פאַר אַ יידישן סטודענט איז עס דעמאָלט געווען אַ זעלטנקייט, צוליב דעם וואָס די גוים האָבן געהאַט די אויבערהאַנט איבער די שקאָלעס. ער איז אויך געווען דער יינגסטער סטודענט אין קלאַס. ער איז שפּע־טער געפאָרן קיין ווין וואו ער האָט שטודירט מעדיצין אין ווינער אוניווערזיטעט. נאָך אַ יאָר האָט ער די מעדיצינישע שטודיען אויפ־געגעבן און גענומען שטודירן פילאָזאָפיע און טעאָלאָגיע. פיר יאָר שפּע־טער האָט ער גראַדואירט פון ווינער אוניווערזיטעט מיט דעם טיטול דאָקטאָר. ער האָט אויך דעמאָלט אָנגעשריבן אַ בוך איבער פילאָזאָפיע וואָס איז געדרוקט געוואָרן פון דער אוניווערזיטעט און איז באַנוצט גע־וואָרן אַלס אַ טעקסט־בוך פאַר די אוניווערזיטעט קלאַסן.

אין יאָר 1927 האָט ער חתונה געהאַט מיט גיטל צווייגל וואָס איז געקומען פון אַ זייער אָנגעזעענער אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע אין האַמבורג, דייטשלאַנד. ער האָט זיך באַזעצט אין בערלין וואו ער איז געווען פּראָ־פעסאָר אין דעם דאָרטיקן יידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. אין יאָר 1933 איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב הכולל פון גריכנלאַנד. זיין וואוינ־אָרט איז געווען סאַלאָניקי.

אין דער צייט וואָס ער איז געזעסן אויפן כסא הרבנות אין גריכנ־לאַנד איז ער געווען זייער באַפריינדעט מיטן גריכישן קעניג דזשאָרדזש, אויך מיט דעם דאַמאָלסטדיקן פריים־מיניסטער מעטאַקסיס. איך האָב געזען עטלעכע בילדער פון אים וואו ער איז פאָטאָגראַפירט מיטן גרי־כישן קעניג. דיפּלאָמאַטן און מיטגלידער פון דער קעניגלעכער פאַמיליע זיינען געווען אָפטע באַזוכער אין זיין היים.

אַלס רב הכולל, זיינען אַלע גריכישע רבנים געווען אונטער זיין יוריסדיקציע. אין סאַלאָניקי אַליין זיינען דאַמאָלט געווען צען רבנים

חוץ די רבנים פון אַנדערע גריכישע שטעט. כמעט אַלע רבנים אין גריכנלאַנד זיינען געווען ספרדים. אַזוי ווי הרב קאָריץ איז געווען אַן אַשכנזי, זיינען טאַקע די ספרדישע רבנים אין אָנהויב ניט געווען צו־פרידן. זיי האָבן אָבער קיין ברירה ניט געהאַט, ווייל די דערוויילונג פון רב הכולל איז ניט געווען אין זייערע הענט. הרב קאָריץ איז אָבער געווען ניט נאָר אַ גרויסער פילאָסאָף, נאָר אויך אַ דיפּלאָמאַט. ער האָט צוליב דעם זיך געמאַכט זייער באַליבט ניט נאָר ביי די יידן פון זיין לאַנד, נאָר אויך ביי די קעגנערישע רבנים. זיי האָבן פאַר אים געהאַט די גרעסטע אַכטונג. זיין פרייער צוטריט צום קעניגלעכן הויף האָט זייער פיל געהאָלפן צו טאָן טובות פאַר די יידן אין גריכנלאַנד.

ווען די נאַציס ימח שמם זיינען אַריינגעדרונגען אין סאַלאָניקי, האָבן זיי די דאָרטיקע יידן ניט פאַרשוינט. כאָטש הרב קאָריץ האָט געהאַט די מעגלעכקייטן צו אַנטלויפן קיין פּאַלעסטינע איידער די נאַצישע מער־דער זיינען געקומען האָט ער זיך אנטזאגט איבערצולאָזן זיין היים און פאָלק. ער איז געבליבן אין זיין בית־דין שטוב פונקט ווי אַ קאַפּיטאַן אויף אַ שיף ווען די שיף הויבט אָן זינקען. די באַרבאַרישע נאַציס האָבן אים טאַקע פאַרנומען מיט זיין פאַמיליע און אַוועקגעשיקט אין דעם מאָרד־לאַגער בערגען־בעלזען. דאָרט איז הרב קאָריץ אומגעקומען אויף קידוש השם צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן קדושים נאָך שווערע ליידען.

זיין פרוי גיטל קאָריץ, מיט די קינדער, נאָכדעם ווי זיי זיינען באַ־פרייט געוואָרן פון לאַגער נאָך דער נאַצי־מפּלה, האָבן זיך באַזעצט אין תל־אביב. איר זון אריה, וואָס האָט אָנטייל גענומען אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון מדינת ישראל, איז אַלט 24 יאָר, ער שטודירט פאַר אַדוואָקאַט. זי האָט אויך אַ טאָכטער פון אַ יאָר 13 וואָס לערנט אין די שולן. זי האָט דאָ אין אַמעריקע נאָענטע קרובים וואָס וואוינען אין פיניקס, אַריזאָנאַ. דאָס איז דער באַוואוסטער דר. יעקב רייכערט אַ מע־דיצינער, אַ גרויסער כלל־טוער און ציון־פירער, און זיין פרוי דר. רחל מאַשע (מאַרשיע) רייכערט, וואָס נעמט אויך אַ גרויסן אָנטייל אין יידישן לעבן אין פיניקס.

מיט דעם ענדיקט זיך די געשיכטע פון איינעם פון די אָנגעזעענסטע רבנים, אַ רייזשער קינד.

# ר׳ אברהמעלע שינדלער, הי״ד

ר׳ אברהמעלע שינדלער איז קיין רב ניט געווען. ער האָט אָבער געהאַט די נויטיקע מעלות פון אַ רב און די פעאיגקייטן פון אַ מנהיג הדור. אַלע וואָס האָבן אים געקאָנט וועלן איינשטימען מיט מיר ווען איך זאָג, אַז אויב ער וואָלט געווען וויליק צו ווערן אַ רב, וואָלט ער לייכט געקאָנט פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין דער גרעסטער יידישער קהילה אין לאַנד.

ווען איך האָב אים געקאָנט, האָט ער אויסגעקוקט פיל יינגער פון זיין עלטער. כאָטש ער האָט שוין געהאַט אַ זון פון אַ יאָר צוואַנציק, האָט ער אַליין ניט אויסגעקוקט עלטער ווי אין די דרייסיקער יאָרן. ער איז געווען אַ ייד וואָס מ׳האָט זעלטן געקאָנט געפינען זיין גלייכן אין דער חסידישער וועלט.

ר׳ אברהמעלע איז געווען אַ שיין געבויטער מאַן. זיין פּנים איז געווען באַצירט מיט אַ פּעך שוואַרצער באָרד און שיינע פּאות. ער האָט געטראָגן דיקע ברילן. ער איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די גרעסטע שטאָטישע לומדים. ער איז אויך געווען אַן אויסגעצייכנטער מטיף און ספרא רבה, אויך אַן עקסטרעמער אָרטאָדאָקס און אַן אויסגעשפּראָכענער סאַנצער חסיד וואָס האָט דאָס חסידות הויך געשאַצט. ער האָט געדאַוונט אין דער סאַנצער קלויז, וואו ער איז געווען דער מנהיג. די יידן אין קלויז האָבן אים זייער הויך געאַכטעט. ער האָט מיט זיי געלערנט אַ שיעור גמרא עטלעכע מאָל אין דער וואָך. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל תפלה.

ר׳ אברהמעלע איז געווען אַ באַזונדערער טיפּ וואָס מ׳האָט זיין גלייכן ניט געזען. דערצו איז ער אויך געווען אַ גוטער סוחר. ער האָט געהאַנדלט מיט ציטרוס פּרוכטן. זיין געוועלב איז געווען אויפן בערגל, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מאַרק, אין אַ קעלער מיט דעם אַריינגאַנג פון פאָרענט. דאָרט האָט מען פאַרקויפט מאַראַנצן, לעמאַנעס, באָקסער, פייגן, טייטלען און אַנדערע זיסע אימפּאָרטירטע פּרות. די סחורה איז געקומען קיין ריישע אין אַ טריעסטער וואַגאָן וואוהין מ׳האָט עס געבראַכט פון די טראָפּישע געגנטן אין מיטל מזרח. ר׳ אברהמעלע האָט אַליין געפירט דאָס געשעפט, זיינע זין האָבן אַרויסגעהאָלפן. אָבער ווי פאַרנומען ער איז געווען, האָט ער דאָך אָפּגעגעבן דעם גרעסטן טייל פון זיין צייט פאַר צרכי צבור.

אין יאָר תרס״ה איז אים איינגעפאַלן צו גרינדן אַ ישיבה אין ריישע,

פאַר קלויז־בחורים. ר׳ אברהמעלע האָט ניט געגלויבט אין ריידן נאָר אין טאָן, ער האָט אָפט געזאָגט: „אמור מעט ועשה הרבה". ער האָט באַלד אַנאָנסירט אַז עס האָט זיך געגרינדעט אַ ישיבה אונטער זיין פירער־שאַפט און דער ראש הישיבה וועט זיין ר׳ מענדל רייך, איינער פון די גרעסטע לומדים אין שטאָט. ער איז אויך געווען אַ דיין, אָבער ניט אָנגעשטעלט ביי דער שטאָט. ער האָט עס געטאָן פריוויליק; ער האָט אויך אַנאָנסירט אַז יעדער בחור זאָל זיך פאַרשרייבן צו לערנען אין דער ישיבה.

איך בין געווען איינער פון די בחורים וואָס האָבן זיך באַלד פאַר־שריבן. אין אַ באַשטימטן טאָג האָט זיך די ישיבה געעפנט. געלערנט האָבן מיר אין שטאָטישן בית המדרש, דריי שעה פאַר מיטאָג און דריי שעה נאָך מיטאָג. די איבעריקע צייט האָבן מיר איבערגעחזרט די למודים וואָס מיר האָבן דעם טאָג געלערנט. אונדזער רבי איז געווען ר׳ מענדעלע רייך. דעם ערשטן טאָג ווען די ישיבה האָט זיך געעפנט, איידער מיר האָבן אָנגעהויבן לערנען דעם ערשטן שיעור, האָט ר׳ אברהמעלע גע־האַלטן אַ רעדע וואָס איז געווען פול מיט מוסר פאַר די ישיבה בחורים. פאַר אונדז, קלויז־בחורים, האָט די ישיבה זייער פיל אויפגעטאָן. מיר זיינען ניט געווען אָנגעוויזן צו לערנען אין גרופּן פון צוויי אָדער דריי. דאָס לערנען אין דער ישיבה איז געווען פריי.

ווען איך בין געוואָרן אויס קלויז־בחור (ווי איך וועל ווייטער שרייבן) און האָב געלערנט אַ קורס אין בוכהאַלטעריע, האָב איך די ישיבה אין גאַנצן פאַרלאָזן און מיט די קלויז־בחורים מער קיין שייכות ניט געהאַט. איך האָב אָבער, איבער דער צייט וואָס איך בין געגאַנגען אין שולע, געטראָגן די חסידישע הלבשה און אויך די פּאות. די קלויז־חברים האָבן זיך שוין פון מיר דערווייטערט.

כאָטש איך בין מער קיין קלויז־בחור ניט געווען, בין איך דאָך אָפט אַריינגעקומען אין קלויז לערנען אַ בלאַט גמרא פאַר זיך אַליין. אַזוי ווי די קלויז בחורים האָבן מיך פיינט געהאַט און האָבן עפנטלעך אַרויסגעוויזן זייער שינאה צו מיר מיט דעם, וואָס בשעת איך בין געזעסן אין קלויז ביים טיש אַריינקוקנדיק אין אַ ספר אָדער אַ גמרה, האָב איך פלוצים באַקומען אַ נאַסע שמאַטע איבערן פּנים, אָדער צוזאַ־מענגעדריקטע נאַסע פּאַפּיר, אָדער עפּעס אַ האַרטע זאַך אין קאָפּ. בין איך אַוועק פון קלויז און זיך געזעצט לערנען אין סאַנצער קלייזל, ווייל דאָרט זיינען קיין בחורים ניט געווען. עס האָבן דאָרט געלערנט עטלעכע עלטערע יידן — האָב איך טאַקע דאָרט געפונען אַ מקום מנוחה.

איינמאָל, זיצנדיק ביים לערנען אין סאַנצער קלייזל, איז פּלוצים אַריינגעקומען ר׳ אברהמעלע שינדלער. דערזעענדיק מיך, איז ער געבליבן שטיין און געקוקט אויף מיר עטלעכע סעקונדן. ער האָט שוין געוואוסט אַז איך האָב פאַרלאָזן די ישיבה און זיך פאַרנומען אויף אַן „אַנדערן״ דרך. איז ער פּלוצים צוגעלאָפן צו מיר און מיר דערלאַנגט צוויי געזונטע פּעטש אויףביידע זייטן פון פּנים אַז כ׳בין שיר אַוועקגעפאַלן. „אַרויס פון אונדזער מקום קדוש דו שגץ, דאָ איז ניט קיין פּלאַץ פאַר אַפּיקורסים״. ער האָט ווידער אויפגעהויבן די האַנט און מיר ווידער געוואָלט דערלאַנגען, בין איך שנעל אַרויסגעלאָפן פון דער קלויז. ער איז מיר נאָכגעלאָפן ביז צום טויער, אָבער איך בין שוין געווען אויף דער צווייטער זייט פון דער מיקאָשקע. אַזאַ מערקווירדיקער און שטרענגער חסידישער ייד איז געווען ר׳ אברהמעלע שינדלער. ער איז געווען איבערגעבן צו גאָט און די תורה מיט לייב און לעבן. ער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן כבוד התורה. ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע טעג פון זיין לעבן פאַר דעם צוועק.

דאָס איז געווען דער לעצטער שיעור גמרא וואָס איך האָב געלערנט אין אַ קלויז. איך בין זייט דאַמאָלט מער אין קיין קלויז ניט געקומען לערנען. אַזוי ווי אין דער היים האָב איך קיין ש״ס ניט געהאַט, האָב איך זינט דאַמאָלט אין רײַשע קיין גמרא ניט געעפנט.

ר׳ אברהמעלע האָט שוין אין זיינע יונגע יאָרן געליטן פון אַ שוואַכער ריאה. ער האָט געטראָגן דיקע גלאָז ברילן און אַפילו מיט די ברילן האָט ער קוים געזען. אין די צוואַנציקער יאָרן איז ער שוין געווען אַ סגי נהור. דאָס האָט אים אָבער ניט אָפּגעהאַלטן פון זיין הייליקער עבודה פאַר גאָט און דער תורה. ער איז אָנגעגאַנגען מיט זיין נאָבעלער אַרבעט פונקט ווי עס איז גאָר ניט געשען.

אַזוי ווי ער האָט בלינדערהייט ניט געקאָנט אַליין אַרומגיין אין די גאַסן, האָט אים זיינער אַן אייניקל, אַ יונגער יינגל, געפירט וואו ער האָט געדאַרפט גיין. איז ער טאַקי פונקט ווי אין די פריערדיקע יאָרן אַרומגעגאַנגען זאַמלען געלט פאַר צדקה און זיך ווייטער מתעסק געווען בצורכי צבור. געזעסן יומם ולילה על התורה ועל העבודה ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

ווען די נאַצי־באַרבאַרן ימח שמם האָבן פאַרנומען רײַשע און זיך צוגעגרייט צו פאַרטיליקן אַלע יידן, האָבן זיי, ווי אין אַלע יידישע געטאָס דאָרט אָרגאַניזירט אַ יידישע געטאָ פּאָליציי וואָס מ׳האָט גערופן „קאָפּאָס״.

אָט די קאַפּאָס וואָס האָבן געהאַט די אויפזיכט איבער דער יידישער באַפעלקערונג, האָבן יעדן טאָג באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן אַ געוויסע צאָל יידן פאַרן נאַצישן מאָרד לאַגער.

איינער פון די קאַפּאָס וואָס איז געווען אַ גרויסער פאַרערער פון ר׳ אברהמעלע שינדלר, האָט געהאַפּט און געבעטן, אַז ער, ר׳ אברהמעלע, וועט זיך קאָנען ראַטעווען על פּי נס. עס איז אָבער געווען אומזיסט. די נאַצי רוצחים האָבן קיינעם ניט פאַרשוינט. אין אַ געוויסן מאָרגן איז דער קאַפּאָ געקומען צו ר׳ אברהמעלען און אים מודיע געווען אַז עס איז געקומען די צייט וואָס ער מוז אים איבערגעבן אין די הענט פון די מערדער. ער האָט אים אויך געזאָגט, אַז עס טוט אים זייער וויי וואָס ער דאַרף אויספירן אַזאַ שליחות ער קאָן זיך אָבער ניט העלפן. ער האָט היינט באַקומען אַזאַ באַפעל און ער מוז דעם באַפעל דורכפירן.

דערהערנדיק דאָס האָט דער קדוש ר׳ אברהמעלע פאַרשטאַנען אַז עס אַ גזר מין השמים, האָט ער עס מקבל געווען באהבה. ער האָט ביים קאַפּאָ געבעטן ער זאָל אים געבן דריי טעג צייט כדי זיך צוצוגרייטן. דער קאַפּאָ האָט מיט אַ געפיל פון רחמנות אים צוגעזאָגט צו וואַרטן דריי טעג אָבער ניט לענגער.

אין די דריי טעג האָט דער צדיק ר׳ אברהמלע געמאַכט הכנות פונקט ווי די צדיקים פון די עשרה הרוגי מלכות אין דער צייט פון אדריוניס. ער האָט באַזאָרגט תכריכים און זיך צוגעגרייט צום „טאָג" בקדושה ובטהרה. דעם דריטן טאָג האָט ער זיך טובל געווען, אָנגעטאָן די תכריכים און אין דער באַגלייטונג פון זיין אייניקל וואָס האָט אים געפירט צום קאַפּאָ, האָט מען אים איבערגעגעבן צו די נאַצי מערדער וואו ער האָט אויסגעהויכט זיין הייליקע נשמה נאָך די שרעקלעכע עניים קשים, צוזאַמען מיט אַנדערע ריישער קדושים.

מיט דעם ענדיקט זיך דאָס קאַפּיטל וועגן דעם גרויסן צדיק און קדוש ר׳ אברהמעלע שינדלער. ער האָט געלעבט פאַר גאָט און די תורה און האָט מקריב געווען זיין לעבן פאַר גאָט און דער תורה. תהי נפשו צרורה בצרור החיים.

# ריישער משכּילים

## חיים וואַלד

אין דעם ערשטן קאַפּיטל האָב איך געשריבן, אַז דער חובבי ציון פאַראיין, די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין ריישע, איז געגרינדעט געוואָרן פון פיר באַוואוסטע משכּילים און אינטעליגענטן. איינער פון זיי איז געווען חיים וואַלד, ער איז אויך געווען איינער פון די פּיאָנערן פון דער שטאָטישער ציוניסטישער באַוועגונג.

די פּאָפּולאַריטעט פון חיים וואַלד איז געווען זייער גרויס ניט נאָר אין ריישע, נאָר אויך אין ריישער קרייז. ער איז געווען דער איינציקער ייד אין ריישע וואָס האָט געהאַט אַן אויסערגעוויינלעך גוטן חוש פאַר פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן. ער איז געווען אַ פּאָליטישער פּסיכאָלאָג. ער האָט אָפּגעשאַצט די קוואַליפיקאַציעס פון אַ קאַנדידאַט און האָט קיינמאָל קיין טעות ניט געמאַכט. די שטאָטישע יידן האָבן זיך פיל גערעכנט מיט אים און מיט זיינע פּאָליטישע מיינונגען.

וואַלד איז געווען אַ פּאָליטיקער אין פולן זין פון וואָרט. ווען איך זאָג „פּאָליטיקער", מיין איך ניט חלילה אין זין פון די היינטיקע פּאָלי־טיקער וואָס נוצן אויס זייערע פּאָליטישע קאַריערעס פאַר פּערזענלעכע צוועקן. וואַלדס פּאָליטישע קאַריערע איז געווען בלויז לטובת הכלל. אים האָט נאָר אינטערעסירט אַז דער קאַנדידאַט פאַרן קהל־אַמט אָדער פאַר דער שטאָטישער רעגירונג, זאָל זיין ראוי און קוואַליפיצירט דערצו, אַז ער וועט ברענגען נוצן פאַר דער שטאָטישער באַפעלקערונג.

איך געדענק גוט חיים וואַלדן אין אָנהויב פון דעם 20טן יאָרהונדערט. ער איז געווען אַ שיין אָבער דין געבויטער יונגערמאַן, מיט אַ קליינעם געשטוצטן בערדל און צוויי קורצע פּאותלעך וואָס האָבן געהאַנגען גלייך, ניט געקרייזלט, פון ביידע זייטן פון קאָפּ. ער האָט געהאַט אַ געוועלבל אין דער גאַס ניט ווייט וואו עס האָט געוואוינט דער רבי ר' לאָזערל. דעם גרעסטן טייל פון טאָג איז ער געווען פאַרנומען מיט דער אַרבעט אין זיין געוועלבל. אָבער קוים האָט ער זיך פּלוצים באַוויזן אין מאַרק,

האָט מען אים באַלד אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן כדי מיט אים צו ריידן און זיך צוהערן צו זיינע פּאָליטישע מיינונגען.

אָט שטייט חיים וואַלד אין מאַרק אויף דער צייל לעבן קאָשטשושקיס מאָנומענט מיט זיין שטעקעלע אין האַנט. עס שטייען אַרום אים אַ גרופּע יידן און באַוואַרפן אים מיט פראַגעס. עס אַנטוויקלט זיך אַ דיסקוסיע איבער וויכטיקע פּאָליטישע ענינים און געשעענישן. חיים וואַלד רעדט, דער עולם שלינגט זיינע ווערטער, ווייל חיים ווייסט וואָס ער רעדט. ער רעדט ניט גלאַט אין דער וועלט אַריין. ער איז ניט געווען פון די פלאַפּלערס. ער האָט גראַד ווייניק גערעדט. אָבער וואָס ער האָט גע־זאָגט איז געווען גוט איבערגעטראַכט און אויסגערעכנט. ער האָט זעלטן געלאַכט ביים ריידן. ער איז געווען דער „רבי" פון דער שטאָטישער יידישער פּאָליטיק און די רײשער יידן זיינען געווען זיינע פּאָליטישע „חסידים".

ווען עס איז געקומען די צייט פאַר די קהל־וואַלן, איז ער געווען איינער פון די וויכטיקסטע פיגורן אין דעם פּאָליטישן טומל, ניט ווייל ער האָט קאַנדידירט פאַר אַן אַמט. ניין. וואַלד איז קיינמאָל קיין קהל־קאַנדידאַט ניט געווען. ער איז אָבער געשטאַנען אויף דער וואַך און האָט אַכטונג געגעבן אַז דער קהל־קאַנדידאַט זאָל זיין קוואַליפיצירט פאַרן אַמט. דער סוף איז געווען, אַז די דאָזיקע קאַנדידאַטן וואָס ער האָט געשטיצט, זיינען אַלע מאָל דערוויילט געוואָרן.

וואַלד איז געווען דער הויפּט־פיגור ביי די פּאָליטישע פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען אַן אויסגעצייכנטער רעדנער. ער האָט גערעדט צום פּונקט, אָן דריידלעך. ער איז געווען זייער ערנסט אין זיינע אַנאַליזירונגען פון דעם קאַנדידאַטס מעלות, אָדער פאַרקערט, די חסרונות. איך אַלס חסידישער קלויז־בחור, כאָטש איך בין געווען זיין קעגנער בנוגע ציוניזם, בין איך געווען זיינער אַ פאַרערער פּאָליטיש. אין דער צייט פון די וואַלן בין איך אָפט געקומען צו די אסיפות וואו ער האָט גערעדט. ער איז געווען דער בעסטער רעדנער אין יידישן פּאָליטישן פעלד. דער אַלטער דר. רייך, אַ באַוואוסטער רײשער אַדוואָקאַט, אַליין אַ גרויסער פּאָליטיקער, האָט זייער פיל געהאַלטן פון חיים וואַלדן און פון זיינע פּאָליטישע מיינונגען. וואו נאָר עס האָט גערעדט חיים וואַלד ביי אַן אסיפה, איז תיכף אויסגעוואָקסן דר. רייך. דאָס יאָר 1913, ווען איך האָב פאַרלאָזט רײשע, איז געווען חיים וואַלדס בליענדיקסטער יאָר אין זיין פּאָליטישער קאַריערע.

# אבא אַפּעלבוים

אבא אַפּעלבוים איז אויך געווען איינער פון די פיר גרינדער פון דעם חובבי ציון פאַראיין אין ריישע. ער איז געווען אַ מאָדערנער העברעער און איינער פון די שטאָטישע משכילים. ער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער ערשטער מאָדערנער העברעאישער שולע אין ריישע וואו עס האָבן געלערנט קינדער פון מאָדערנעם יידישן קלאַס וואָס זיינען אין קיין חדרים ניט געגאַנגען. צום גרעסטן טייל זיינען עס געווען קינדער וואָס זיינען געגאַנגען אין שטאָטישע שקאָלעס. אויך ער האָט אַלע מאָל געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע יידן ווען ער האָט זיך באַוויזן אין מאַרק. דאָס זיינען מיינסטנס געווען יידן פון דעם השכלה־קרייז. זיי האָבן דיסקוטירט ציוניזם און מאָדערנע השכלה.

שוין אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער זיך באַטייליקט אַלס מיטאַרבעטער אין פאַרשידענע העברעאישע צייטונגען פון יענער צייט. זיין פּאָפּולאַריטעט האָט אים פאַרבונדן מיט באַרימטע יידישע און העברעאישע היסטאָריקער מיט וועלכע ער האָט געפירט אַ שטענדיקע קאָרעספּאָנדענץ. איינער פון זיי איז געווען דער באַרימטער פּראָפעסאָר אברהם בערלינער.

אַפּעלבוים האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן פאָרשן דאָס לעבן פון די חכמי ישראל אין די אַלטע צייטן. ער האָט זיך בפרט אינטערעסירט אין די יידישע וויסנשאַפטלער אין איטאַליע. ער האָט אָנגעשריבן די ביאָגראַפיע פון ר׳ יהודה מוסקאַטאָ וואָס איז געווען רב אין מאָנטאַוואָ מיט דריי הונדערט יאָר צוריק. די ביאָגראַפיע איז דערשינען אין יאָר 1900. ער האָט אויך געשריבן די ביאָגראַפיע פון ר׳ עזריה פיגו, דער מחבר פון ספר „בינה לעתים", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1904. די דריטע ביאָגראַפיע וואָס ער האָט געשריבן איז געווען פון משה זכותא, דערשינען אין לעמבערג אין יאָר 1926. אָט די אויבנדערמאָנטע ביכער פאַרנעמען אַ חשובן פּלאַץ אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

אַבאָ אַפּעלבוימס העברעאישער סטיל איז אַ קלאַסישער. חוץ די אויבן דערמאָנטע ביכער, האָט ער אויך געשריבן אַ סך מאמרים אין העברעאיש וועגן חיבת ציון און אַנדערע יידישע פראַגן. ער איז געווען אַ גרויסער בעל תנ״ך און תלמודיסט. ער איז פון אָנהויב פון זיינע יונגע יאָרן ביז צו זיין טיפער עלטער געווען אַ גרויסער מתמיד. יומם ולילה איז ער געזעסן און געלערנט ש״ס און פוסקים, הלכה און אגדא. ער האָט אויך געשריבן אין יידיש און איז געווען דער מיטגרינדער פון דער ריישער יידישער „פאָלקס צייטונג" צוזאַמען מיט נפתלי גליקסמאַן. ער איז נפטר געוואָרן אין ריישע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

# נפתלי גליקסמאַן

אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט, אויב מ׳האָט אין רײַשע גע־רעדט פון העברעאיש, איז תיכף געקומען אויפן געדאַנק נפתלי גליקסמאַן. העברעאיש און נפתלי גליקסמאַן זײַנען געווען איינס. דאָס זעלבע איז אויך געווען מיט זשורנאַליזם. מ׳האָט אים פאַרבונדן מיט ביידע.

נפתלי איז געווען קליין אין וואוקס אָבער הויך אין אינטעליגענץ. ער איז געווען איינער פון די אינטעלעקטועלע פּערזענלעכקייטן אין רײַשע. זײַן פּנים איז געווען באַצירט מיט שיינע רויט־האָריקע וואָנסעלעך און אַ רויטן קאָפּ האָר. אין מײַנע צײַטן איז ער געווען אַ מטופּל מיט אַ גרויסער פאַמיליע קינדער. זײַן הכנסה איז געווען קלענער פון דעם געברויך. אַלע וואָס האָבן אים געקאָנט וועלן מודה זײַן, אַז ווען ער וואָלט אָפּ־געגעבן זײַן גאַנצע צײַט צו דער לערער־פּראָפעסיע, וואָלט ער געהאַט פּרנסה בכבוד. ביי אים איז אָבער דער ציוניזם געשטאַנען פיל העכער פון פּרנסה און פאַר אָט דעם נאָבעלן צוועק האָט ער אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון זײַן לעבן אין רײַשע.

ער איז אויך געווען דער אָנפירער פון די רײַשער משכילים און דער איינציקער העברעער וואָס האָט הויך געשעצט די ייִדישע שפּראַך און ליטעראַטור. זײַן רעדאַגירן פון דער „בייער פאָלקסצייטונג״ איז אויך ניט געווען על מנת לקבל פּרס. ער האָט מיט זײַנע אויסערגעווייינטלעכע זשורנאַליסטישע פעאיקייטן געהאָלפן פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן אי־דעאַל ניט נאָר אין רײַשער קרייז, נאָר אויך אין דער פּראָווינץ. מיט זײַנע אַרטיקלען האָט ער פיל געהאָלפן באַקעמפן די שטאָטישע אַסימי־לאַטאָרישע קליקעס און געהאָלפן דערוויילן ציוניסטישע קאַנדידאַטן אין די קהל־וואַלן.

נפתלי גליקסמאַן איז אין גאַס קיינמאָל ניט געגאַנגען אַליין. טאָמער האָט ער זיך ערגעץ וואו באַוויזן, האָט ער אַלע מאָל געהאַט אַרום זיך צוויי־דריי אָדער מער יונגע לייט וואָס האָבן אים באַגלייט פון איין אָרט צום צווייטן. ווי לאַנג איך האָב אים געקאָנט, האָב איך אים קיינמאָל ניט געזען אין גאַס אָן אַ באַגלייטער. ער איז געווען באַליבט ביי אַלעמען. אַפילו זײַנע פּאָליטישע קעגנער האָבן אים געאַכטעט.

נפתלי גליקסמאַן איז געבוירן אין קריפּטש, גאַליציע (מ׳האָט אים טאַקע גערופן מיטן צונאָמען „קריפּטש״), אַן אור־אייניקל פון דעם רבין ר׳ דודל קריפּטשער (דער נסתר). ער איז געווען אַ חסידישער בחור, האָט געלערנט אין קלויזן און אין ישיבות. ווען ער האָט דערגרייכט דעם 17טן

לעבנסיאַר, האָט ער אויך אָנגעהויבן לייענען השכלה ביכער, אַזוי אַרום האָט ער זיך ביסלעכווייז צוגעקערט צו דער השכלה.

באַלד נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ ריישער מיידל האָט מען אים אַסענטירט צום מיליטער. ער איז שפּעטער געוואָרן אַ העברעאי־שער לערער און האָט באַקומען די אָנערקענונג אַלס דער בעסטער פּע־דאַגאָג אין דער פּראָפעסיע. ער האָט אויך געווידמעט צייט צום יידישן און העברעאישן זשורנאַליזם. זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעהויבן ווען ער איז געוואָרן אַ קאָרעספּאָנדענט פון די צייטונגען „כרמל" און „דער וועקער". זיינע אַרטיקלען זיינען אויך דערשינען אין דער ווינער „אידישער וועלט", אויך אין דער וועכנטלעכער „דראהאבי־טשער צייטונג".

אין יאָר 1908 האָט ער געגרינדעט די „נייע פאָלקס צייטונג", אַ יידישע וואָכנשריפט אין ריישע. (איך האָב וועגן דעם געשריבן אין דעם ערשטן קאַפּיטל). ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר. אונטער זיין רעדאַקציע האָט די צייטונג געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג. עס זיינען אין ריישע דערשינען אַנדערע יידישע וואָכנבלעטער אָבער קיין איינציקע פון זיי האָט קיין קיום ניט געהאַט. זיינע לייט־אַרטיקלען זיינען געווען אַ קוואַל פון וויסנשאַפט, אַן אוצר פון יידישן זשורנאַליזם, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט אין יענע יאָרן.

שפּעטער איז ער אויך געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין לעמבערגער טאָגבלאַט, אויך אין „המצפה". ער האָט אויך געשריבן אַ בוך „דרכי חיים". ער וואוינט היינט אין מדינת ישראל, וואו ער האָט העברעאיזירט זיין נאָמען אויף „אשריאלי".

## קלמן קורצמאַן

קלמן קורצמאַן איז אויך געווען איינער פון די פיר גרינדער פון חובבי ציון פאַראיין. אויך ער איז געווען פון הויכער אינטעליגענץ מיט אַן אַלגעמיינער פּראַקטישער בילדונג. ער איז אין מיינע צייטן געווען דער סעקרעטאַר פון דער ריישער קולטוס געמיינדע, אַן אַמט וואָס ער האָט איבערגענומען נאָכדעם ווי משה דוד געשווינד האָט רעזיגנירט צוליב זיין עלטער.

קורצמאַן איז געווען דער היפוך פון חיים וואַלד און אבא אַפּעלבוים. ער איז געווען פון הויכן און אויפגעקלערטן קלאַס. ער האָט קיין באָרד

און פּאות ניט געטראָגן. זיין הלבשה איז געווען פון דייטשישן טראַכט. אַלס סעקרעטאַר פון קהל איז ער געווען דער גאַנצער פירער. די קהל מיטגלידער — פון פּרעזידענט ביז דעם קהל־ראַט — האָבן זיך מיט אים פיל גערעכנט. ער איז טאַקע געווען דער וואָרט־פירער ביי די זיצונגען פון קהל־ראַט.

זיין אַרבעט איז געווען אַ וויכטיקע, אַ פאַראַנטוואָרטלעכע און אויך אַ שווערע. אין די לעצטע יאָרן פאַר די מלחמות, האָט ריישע געהאַט אַ גרויסע יידישע באַפעלקערונג. די קהל מיטגלידער זיינען בלויז געקומען צו די זיצונגען און אָנגענומען באַשלוסן. אָבער די אמתע טעגלעכע פונקציעס פון דער קולטוס געמיינדע האָט דורכגעפירט קלמן קורצמאַן.

די קהל קאַנצעליי איז געווען אַ פּלאַץ וואו מענטשן זיינען געקומען און געגאַנגען דעם גאַנצן טאָג. קלמן קורצמאַן האָט יעדן אויפגענומען, ער האָט מיט זיי גערעדט און זיי געגעבן די אינפאָרמאַציע און די הילף אין וועלכער זיי האָבן זיך גענויטיקט. ער האָט זיך צו יעדן באַצויגן פריינטלעך. ער האָט קאָנטראָלירט ניט נאָר די קאַנצעליי, נאָר אויך אַלצדינג וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט קהל אָדער איז געווען אונטער קהלס פאַרוואַלטונג. ער איז דערפאַר געווען באַליבט ביי אַלעמען. אויך ער געהערט צו דער ציוניסטישער פּיאָנערן קלאַס אין ריישע.

## משה וויזענפעלד

ווען איך בין געווען אַ יונגער חדר־ייִנגל פון אַ יאָר צען, איז שוין משה וויזענפעלד געווען אַ דערוואַקסענער קלויז־בחור פון אַ יאָר 17. אין שטאָט האָט ער געשמט פאַר אַן עילוי. ער האָט טאַקי געקאָנט גוט לערנען. ער איז געווען דער איינציקער פון די ריישער בחורים, מיט וועמען דער ריישער שטאָט־רב, הרב ר׳ העשעל וואַלערשטיין, האָט זיך אָפּגעגעבן און אַפילו מיט אים געלערנט.

וויזענפעלד האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן צום לערנען. אין זיינע יונגע יאָרן איז ער שוין געווען אַ תלמיד חכם. ער איז דערצויגן געוואָרן אין אָרטאָדאָקסישן גייסט און האָט זיך פיל אָפּגעגעבן מיט חסידות. ער האָט נאָכגעפאָלגט דאָס חסידות לויט דער שיטה פון בעל שם. צוליב זיין גרויסן ווילן צום לערנען, האָט ער זיך ניט צופרידן

געשטעלט מיט לערנען בלויז ש״ס און פוסקים, ער האָט אויך גענומען לערנען קבלה און פון דעם איז ער אַריבער צו השכלה און האָט אויך שפּעטער אָנגענומען דעם ציוניסטישן אידעאַל.

איך געדענק אים גוט אין די יאָרן ווען איך בין געווען אַ קלויז בחור. די בחורים האָבן זיך שוין פון אים דערווייטערט צוליב דעם וואָס ער איז דאָך געווען אַ ציוניסט און אפּיקורס. ער איז אָבער אָפט געקומען אין קלויז וואו עס זיינען געווען עטלעכע בחורים מיט וועלכע ער האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט און וועלכע ער האָט דערנענטערט צום ציוניזם. איינער פון זיי איז געווען שלום אַזשע שוחטס (וועגן אים — אין קאַפּיטל „ריישער שוחטים״). וויזענפעלד איז געווען אַ שיין געבויטער יונגערמאַן. זיין ריידן האָט געהאַט אַ השפּעה אויף די צוהערער. גערעדט האָט ער בנעימות און מיט מתיקות.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, האָבן די חסידישע קלויז־בחורים מיט אים קיין שום שייכות ניט געהאַט. ביי זיי איז ער באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ פּורץ בגדר, האָט מען זיך פון אים דערווייטערט. איינער פון זיינע חברים איז געווען מאיר עלענבויגן, אַן אייניקל פון סאַטיניווער רב. זיי האָבן צוזאַמען געלערנט און געאַרבעט צו פאַרשפּרייטן די ציוניסטישע אידייע. זיי האָבן טאַקי געגרינדעט דעם ערשטן ציוניסטישן יוגנט פאַראיין „השחר״, וואָס האָט געדינט אַלס אַ פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פאַר דער ציוני־סטישער יוגנט, און האָט עקזיסטירט ביז דעם טאָג ווען די ריישער קהילה איז אָפּגעמעקט געוואָרן פון די נאַצישע רוצחים י״ש.

וויזענפעלד איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין „המצפה״ און אין אַנדערע צייטונגען און זשורנאַלן. ער איז אויך געווען איינער פון די אַרויסגעבער פון דער נייער „פאָלקס־צייטונג״ אין ריישע. ער האָט אויך געשריבן אַרטיקלען אין „לעמבערגער טאַגבלאַט״, וואָס איז דאַמאָלט געווען אונטער דער רעדאַקציע פון משה קליינמאַן. ער איז שפּעטער אויך געוואָרן דער גאַליצישער קאָרעספּאָנדענט פון „אידישן מאָרגן זשורנאַל״ אין ניו יאָרק. ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן שטאַפּל פון זיין קאַריערע אין יאָר 1913 ווען איך האָב פאַרלאָזט ריישע. ער איז אומגעקומען על קידוש השם צוזאַמען מיט די ריישער יידן אין דער לעצטער וועלט־מלחמה.

# משה דוד געשווינד

משה דוד געשווינד האָט געהערט צום אַלטן דור פון רייִשער משכילים. אין זיין הלבשה איז ער געווען הויך־מאָדערן, וואָס אין די יאָרן 1860־1870 איז דאָס אין רייִשע געווען אַן אויסערגעווייִנלעכע זאַך, ווייל עס איז דאַמאָלט געווען די בליענדיקע צייט פון חסידיזם. דער ציוניזם האָט נאָך ניט עקזיסטירט. די צייט פון זיינע יונגע יאָרן האָט ער אָפּגעגעבן צו פאַרשפרייטן די השכלה צווישן דער רייִשער יוגנט, וואָס אין יענע יאָרן איז עס ניט געווען קיין גרינגע זאַך.

ווען איך האָב אים געקענט איז ער שוין געווען אַ זקן מיט אַ שוואַכע שמיעה. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ הויכן אינטעליגענט פון אַלטן קלאַס. ער איז געווען הויך געאַכטעט אפילו ביי די פרומע יידן. ער איז אויך געווען אַ באַוואוסטע פיגור אין קהילה קרייזן.

משה דוד געשווינד איז געבוירן אין רייִשע אין יאָר 1846. ער איז דערצויגן גוואָרן אין אַ פרומער ייִדישער אַטמאָספערע וואו ער האָט געלערנט ייִדישע לימודים און אויך שטודירט אַ סך העברעאיש און השכלה. שוין אַלס יונגערמאַן איז ער געווען אַ מיטאַרבעטער אין די גרעסטע העברעאישע צייטונגען. אין די זיבעציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט, איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער רייִשר קולטוס גע־מיינדע, אַן אַמט וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן איבער 30 יאָר. ער איז אויך געווען דער אָפּיציעלער דאָלמעטשער אין די רייִשער געריכטן וואו ער האָט איבערגעזעצט העברעאישע און ייִדישע דאָקומענטן אויף פויליש — אַ שפּראַך וואָס ער האָט באַהערשט פאָלשטענדיק אין וואָרט און שריפט.

געשווינד איז געווען אַ גוטער העברעער. אין זיינע יונגע יאָרן האָט ער געשריבן העברעאישע לידער וואָס זיינען אָפט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין די דאַמאָלטדיקע העברעאישע זשורנאַלן. אין יאָר 1883 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון לידער פון דעם פוילישן דיכטער סלאָוואַצקי אין העברעאיש. ער האָט אויך איבערגעלאָזט אין כתב יד אַ ספר „דברי חכמים" — אַ לעקסיקאָן צו די אגדות הש"ס. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1905.

# לעאָן (לוי) חיים

איינער פון די באַוואוסטע רייִשער משכילים אין אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט איז געווען לעאָן חיים. ער האָט געהערט ניט נאָר צום

מאָדערנעם קלאַס משכּילים, נאָר אויך צום אינטעלעקטועלן קלאַס. ער איז אויך געווען פון די ערשטע ריישער ציוניסטן וואָס האָט פיל גע־האָלפן פאַרשפרייטן די ציוניסטישע אידייע צווישן דער ריישער יוגנט. ער האָט אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע קולטורעלע אונטער־נעמונגען און האָט זיך דערפאַר דערוואָרבן גרויסע פּאָפּולאַריטעט ביי דער מאָדערנער ריישער אינטעליגענץ. זיין בילדונג איז געווען אַ הויכע און קלאַסישע. ער האָט גוט באַהערשט עטלעכע אויסלענדישע שפּראַכן און האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט אין דער פראַנצויזישער שפּראַך.

ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט אין יאָר 1907, האָט ער שוין פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ אין קולטורעלע קרייזן. ער איז דאַמאָלט געווען דער געשעפטספירער פון אלאויזשע פרעליכס קאָנטאָר און וועקסל גע־שעפט, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פראָנט לאָקאַל פון דער מאַגיסטראַט געביידע אין מאַרק. דאָס איז געווען אַ פּריוואַט באַנק־געשעפט וואָס האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט אויסבייטן אויסלענדישע געלט. דער אייגנטימער איז געווען אַ קליינינקער אויסגעדאַרטער מענטשל מיט אַ פראַנצויזיש בערדל פון דעם מאָדערנעם „דייטשן" קלאַס, דער זון פון וואָלף פרעליך, אַן אָנגעזעענער ריישער באַלעבאָס. ער האָט די גאַנצע פירונג פון זיין געשעפט איבערגעלאָזט אין די הענט פון לעאָן חיים, וואָס האָט מיט זיין הויכער אינטעליגענץ און פעאיקייטן דאָס געשעפט אַרויפגעאַרבעט אויף אַ הויכן מצב.

לעאָן חיימס פאָטער האָט געהאַט אַ שענק אויסער דער שטאָט אויף דער באָשניע. דאָס הויז פון דער שענק איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ ריזיק גרויסן גאָרטן באַצירט מיט שיינע ביימער און פלאַנצן. אין גאָרטן זיינען געווען אויסגעשטעלט אַ סך טישן מיט בענק. אום זומער פלעגן דאָרט קומען אַ סך מענטשן פון שטאָט דאָרט אָפּזיצן אין גאָרטן ביי אַ גלעזל משקה. דער פּלאַץ איז געווען באַוואוסט אין שטאָט צוליב די גוטע זויערע מילך מיט סמעטענע, געשמאַקע גאָמולקעס און גוטע מאכלים וואָס מ'האָט דאָרט סערווירט. כאָטש די באָשניע איז געווען אַ מהלך רב פון שטאָט, האָבן דאָך מענטשן געמאַכט דעם לאַנגן שפּאַ־ציר אַהין פון אַלע טיילן פון שטאָט. אין די יאָרן ווען איך בין געווען אַ חסידישער קלויז־בחור, געדענק איך ווי די חסידישע יידן און בחורים זיינען געגאַנגען צו דער באָשניער שענק כּדי צו פראַוון די יאָרצייט פון דעם מקובל ר' שמעון בר יוחאי אום ל"ג בעומר.

לעאָן האָט זיך אין זיין פאָטערס קרעטשמע־געשעפט קיינמאָל ניט באַטייליקט כאָטש ער האָט געוואוינט מיט זיינע עלטערן. יעדן טאָג,

זומער און ווינטער, אין רעגן אָדער אין שניי האָט ער געמאַכט דעם לאַנגן שפּאַציר פון דער באָשניע ביז צו דער קאַנצעליי, אַן ערך פון איבער דריי ענגלישע מייל אַהין און צוריק. ער איז געווען בטבע אַ שנעלער גייער. קיינער האָט מיט אים ניט קעקענט אָנהאַלטן זיינע גרויסע און שנעלע טריט. ווען איך האָב אים אַמאָל באַגעגנט אויף דער וואָליע לעבן דער בריק אויפן וועג צו דער קאַנצעליי, האָב איך מיט אים צוזאַמען שפּאַצירט און גערעדט. גייענדיק בין איך אָפּט געבליבן צוריקשטעליק, ווייל איך האָב ניט געקאַנט אָנהאַלטן מיט אים זיינע שנעלע און דאָפּלט גרויסע טריט.

פונקט ווי קיינער האָט ניט געקאָנט נאָכפאָלגן זיינע שנעלע טריט, אַזוי האָט זיך קיינער ניט געקאַנט פאַרגלייכן צו אים אין זיינע הויכע בילדונג און אינטעליגענץ. ער איז טאַקי צוליב דעם געווען אנערקענט און באַליבט ביי אַלעמען.

## נפתלי טוכפעלד

צווישן די ריישער וויין־שענקערס פון בעסערן קלאַס האָט פאַרנומען אַ מער בכבודן פּלאַץ ר׳ דוד טוכפעלד. ניט דערפאַר ווייל זיין שענק־פּלאַץ איז געווען אַנדערש שענער אָדער בעסער, נאָר צוליב זיינע דריי זין, פון וועלכע דער יינגסטער, נפתלי, איז געווען מער באַליבט און פּאָפּולער ניט צווישן די יונגע בחורים נאָר צווישן די חשובע שטאָט־באַלעבאַטים.

זיין פאָטער איז געווען אַ בכבודער און באַלעבאַטישער פרומער ייד. געדאַוונט האָט ער אין דער גרויסער קלויז מיט זיינע דריי זין, וואָס זיינען געווען פרומע אָרטאָדאָקסישע בחורים, אָנגעטאָן אין שיינע סאַמע־טענע קאַפּעלושן און בעקעשיס. דער עלטסטער איז געווען מער עקסטרעם אין פרומקייט. ער האָט געדאַוונט מיט אַ חסידישן התלהבות, ענלעך צום בעלזער שטייגער. דער מיטעלער ברודער איז אויך געווען אַ פרומער, אָבער ניט אַזוי עקסטרעם ווי דער עלטערער ברודער. דער יינגסטער בחורל איז געווען נפתלי. גערופן האָט מען אים מיט אַ פאַרפּוילישטן נאָמען „טולעק״. דאָס איז געווען זיין נאָמען ווי לאַנג איך געדענק אים. ער איז געווען אַ בחורל געבענשט מיט אַלע מעלות, וואָס האָט אין ריישע צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט.

די טוכפעלד שענק איז פּאַטראָניזירט געוואָרן פון יידן פון דעם העכערן באַלעבאַטישן קלאַס. עס איז דאָרט געווען דער פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון די אָנגעזעענע גרויסע שניט־סוחרים ווי יוסף פּייוול, זכריה יעזשאָווער, הערמאַן לובאַש און אַנדערע. מ׳האָט זיי דאָרט געזען יעדן אָוונט זיצנדיק ביי אַ קוואַרטירל ווייַן און געזעלשאַפטלעך פאַרברענגען. די שענק האָט אויך געדינט אַלס אַ פּלאַץ פאַר די רייכע און חשובע באַלעבאַטים, ווי למשל ר׳ אברמעלע באַבאַד און אַנדערע פון אָרטאָדאָקסישן קלאַס.

איך געדענק טולעק טוכפעלדן אַלס אַ יונגן בחורל אין די בר מצוה יאָרן. ער האָט זיך שוין דאמאָלט געמישט אין פּאָליטיקע און אויך אין אַלגעמיינע וועלטלעכע ענינים. איך האָב אים אָפט געזען זיצן און אָנטייל נעמען אין אַ דיסקוסיע אין קלויז ביי אַ זיק, צוזאַמען מיט ר׳ אברהמעלע באַבאַד און אַנדערע באַלעבאַטים. אַלע האָבן שוין דעמאָלט געהאַט וועגן אים אַ הויכע מיינונג און האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע באַמערקונגען. זיין ריידן איז אָפט געווען געמישט מיט אַ חוש פון הומאָר, אָבער וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען מיט שכל און לאָגיק, מיט חכמה און אינטעליגענץ. ער איז אפשר געווען דער איינציקער יונגער בחור אין שטאָט, וואָס מ׳האָט זעלטן ווען געזען אין דער געזעלשאַפט פון יונגע בחורים פון זיין עלטער. אַפילו אין די גאַסן אָדער אין מאַרק האָט מען אים געזען פאַרקערן אין דער געזעלשאַפט פון עלטערע באַלעבאַטים.

אויך אין זיין פאָטערס שענק, וואו ער האָט אַרויסגעהאָלפן מיט דער אַרבעט, האָבן די באַלעבאַטישע סוחרים וואָס פלעגן דאָרט זיצן, מער פאַרברענגט מיט דעם יונגן טולעק ווי מיט זייערע עלטערע פריינט. ער וואוינט איצט אין תל אביב וואו ער איז זייער אַקטיוו אין ארגון בני ריישע און אויך אין אַנדערע וויכטיקע יידישע אונטערנעמונגען.

# ריישער יידן

## די שטאָט-שוחטים

אין די ביינציקער יאָרן פון לעצטן יאָרהונדערט זיינען אין ריישע געווען עטלעכע שוחטים, וואָס זיינען געווען אָנגעשטעלט פון קהל. שוחטים זיי־נען אויפגענומען געוואָרן לויט זייערע קוואַליפיצאַקיעס מיט דער צו־שטימונג פון שטאָטישן אב בית דין. לויט די רעגולאַציעס האָבן די שוחטים געבראַכט זייערע חלפים צום בית דין אין באַשטימטע פעריאָדן צום איבערקוקן.

די שטאָט האָט געהאַט צוויי שעכט־הייזער. דאָס שעכט־הייזל פאַר עופות איז געווען אין אַ זייטיקער געסל לעבן דער מיקאָשקע הינטער דער שטאָט שול, וואָס האָט געהערט צו קהל. די שטאָט האָט אויך געהאַט אַ גרויסן, שיינעם און מאָדערנעם שעכט־הויז ביים וויסליק לעבן דער עלעקטראָוואַניע וואָס איז באַנוצט געוואָרן פון די יידישע און גויאישע קצבים אונטער דער אויפזיכט פון אַ שטאָטישן וועטערינאַר.

די שוחטים זיינען געווען צעטיילט אין צוויי קלאַסן. די עלטערע שוחטים האָבן געשאָכטן בהמות און עופות, די יינגערע, צווישן זיי, עטלעכע אָנהויבער וואָס זיינען געווען אויף דער „לערע", זיינען בלויז געווען שוחטי עופות. אַ גרויסע צאָל פרויען פון עקסטרעמען אָרטאָדאָקסישן קלאַס האָבן זיך אויסגעהיט אַז זייערע עופות זאָלן געשאָכטן ווערן נאָר פון די אַלטע שוחטים.

צווישן די באַוואוסטע שוחטים אין יענע יאָרן זיינען געווען ר' אברהמעלע שוחט, ר' הערש שוחט, ר' אַזשע שוחט און ר' ישראל שוחט און נאָך עטלעכע, חוץ די וואָס האָבן זיך געלערנט און זיך צוגעגרייט צו ווערן שוחטים. דער עלטסטער פון די שוחטים איז געווען ר' אברהמעלע שוחט. ווען איך האָב אים געקאָנט איז ער שוין געווען אַ זקן און אויך אַ חלוש. ער האָט געדאַווענט אין דער שטאָטישער קלויז און געהאַט די חזקה צו דאַווענען מוספים אין די ימי נוראים. ער האָט גראָד ניט געהאַט קיין שטימע פון אַ בעל תפלה, פון חזנות שוין אָפּגערעדט. זיין שטימע

איז געווען אַ הייזעריקע און זייער אַ שוואַכע. ער האָט פאַר זיין דאַוונען קיין געצאָלט ניט באַקומען — אין יענע יאָרן איז געווען אַ גרויסער כבוד צו זיין אַ שליח ציבור. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם און האָט זיך געפירט אויפן בעלזער חסידישן שטייגער. צוליב זיין עלטער איז ער געווען באַוואוסט אַלס דער ראש השוחטים. אָבער דעם ריכטיקן אויבנאָן צווישן די שוחטים האָט פאַרנומען ר׳ הערש.

ר׳ הערש שוחט איז געווען אַ באַזונדערער ייד אין זיין קלאַס. ער איז געווען געבענטשט מיט אַלע מעלות. אַ גרויסער למדן און דערצו אַ חכם עתיק. ער האָט זיך באַטייליקט אין יידישער פּאָליטיקע און אויך אין אַלע יידיש־חסידישע אונטערנעמונגען וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן יידישן רעליגיעזן לעבן. געטאָן האָט ער עס דיפּלאָמאַטיש דורך אַנדערע, איבער וועמען זיין איינפלוס איז געווען גרויס.

אויך ער האָט געדאַוונט אין דער שטאָטישער קלויז וואו ער איז געווען דער שטענדיקער בעל קורא. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל תפלה, זיין לייענען און דאַוונען איז געווען פול מיט מתיקות. ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער אין „מחזיקי הדת״, אַ וואָכן־צייטונג וואָס האָט געדינט דעם אָרטאָדאָקסישן יידנטום און האָט געהאַט די שטיצונג פון בעלזער רבין. ר׳ הערש שוחט איז געווען אַן איבערגעבענער בעלזער חסיד וואוהין ער איז רעגלמעסיק געפאָרן. ער האָט אויך געדאַוונט לויטן בעלזער שטייגער.

ר׳ הערש איז אויך אומדירעקט געווען אַ קעגנער פון רבין ר׳ לאָזערל. איך זאָג „אומדירעקט״, ווייל אין די יאָרן ווען איך בין געווען אַ קלויז בחור און אַ גרויסער אָנהענגער פון רבין ר׳ לאָזערל, האָב איך אויך פיל געהאַלטן און הויך געאַכטעט ר׳ הערש שוחט. זיין זון חיים, פון מיין עלטער, איז געווען מיינער אַ חבר. מיר האָבן צוזאַמען געלערנט אין די זעלביקע חדרים און אויך שפּעטער אין קלויז, — בין איך אָפט אַריינגעקומען אין הויז פון ר׳ הערש שוחט און זיך אָפט צוגעהערט צו זיין ריידן און לערנען. כאָטש איך האָב געוואוסט אַז ער האַלט ניט פון רבין ר׳ לאָזערל, האָב איך קיינמאָל ניט געהערט פון אים אַ וואָרט וואָס זאָל זיין געצילט קעגן דעם רבין. פאַרקערט, איך בין געווען אַמאָל ביי אים שבת ביים טיש, האָט זיין איידעם געזאָגט עפּעס קעגן רבין ר׳ לאָזערל, האָט ר׳ הערש שנעל אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און אים אָפּגעשטעלט ער זאָל ניט ריידן אַזוי.

איינמאָל איז פאָרגעקומען אַן אָפענער קאָנפליקט צווישן ר׳ הערש שוחט און די חסידים פון רבין ר׳ לאָזערל, וואָס האָט געקאָנט פירן צו

גרויסע סקאַנדאַלן און אפשר אויך צו בלוט פאַרגיסונג ווען ניט הרב ר׳ לאָזערל וואָס האָט עס אויסגעפונען אין צייט און האָט פאַרמידן דעם סקאַנדאַל.

געשען איז דאָס נאָכדעם ווי די רביצין חיהלע האָט מיט מזל געבוירן אַ מיידעלע. אַ טאָג שפּעטער — דאָס איז געווען אום שבת נאָכן טיש — האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג צווישן די חסידים, אַז ר׳ הערש שוחט האָט זיך אויסגעדריקט עפּעס ניט פּאַסנדיק וועגן רבין ר׳ לאָזערל. ווען די חסידים האָבן דאָס דערהערט איז געוואָרן אַ טומל. זיי האָבן זיך תיכף פאַרזאַמלט אין פראָנט פון הויז פון ר׳ הערש שוחט, וואָס האָט גראָד געוואוינט אַנטקעגן איבער דער וואוינונג פון הרב ר׳ לאָזערל, און אָנ־געהויבן אַ מאַסן דעמאָנסטראַציע. איך בין גראָד דעמאָלט געווען דערביי. די דעמאָנסטראַנטן זיינען געווען זייער אויפגעבראכט און ניט געזשאַלעוועט קיין זלזולים מיט קללות נמרצות קעגן ר׳ הערש שוחט. עס האָט גע־האַלטן דערביי אַז עטלעכע פון די גאָר אויפגערעגטע חסידים זאָלן אַריינ־דרינגען אין דער וואוינונג פון ר׳ הערש שוחט. ווען דאָס וואָלט געשען, וואָלט עס זיך געענדיקט מיט אַ שרעקלעכן סקאַנדאַל. אַ גליק וואָס דער רבי האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט דערפון, האָט ער אַרויסגעשיקט דעם גבאי ער זאָל די חסידים דעמאָנסטראַנטן פאַרטרייבן און אַזוי אַרום פאַרמידן אַ גרויסן סקאַנדאַל.

די חסידים האָבן זיך ווי עס איז אָפּגעהאַלטן פון אַריינדרינגען אין די וואוינונג פון ר׳ הערש שוחט. אָנשטאָט דעם האָבן זיי געמאַכט אַ רעדל אין פראָנט פון זיין הויז און געטאַנצט און געזונגען אָט די ווערטער וואָס האָבן זיך צוגעפּאַסט צו אַ געוויסער מעלאָדיע וואָס איך געדענק נאָך היינט:

„אַז הערש שוחט האָט די גאַל
קומט דאָך אונדז אַ מזל טוב...״

צווישן די אויבנדערמאָנטע שוחטים האָט אויך פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ ר׳ אָזשע שוחט. אויך ער איז געווען איינער פון די גרויסע שטאָטישע לומדים, וואָס האָט געהערט צום בעלזער קלאַס צוזאַמען מיט ר׳ הערש שוחט. ר׳ אָזשע שוחט איז געווען קליין־געוואָקסן, מיט אַ קור־צער באָרד פון ברוינעם קאָליר. אויך ער איז געווען אַ גוטע בעל תפלה. ווען ער האָט אַמאָל געדאַוונט אין קלויז פאַרן עמוד, איז דער עמוד געווען העכער פון דעם בעל תפלה, אַזוי קורץ־געוואוקסיק איז ער געווען. ער האָט אויך געלערנט אַ שיעור גמרא אין קלויז יעדע נאַכט אין די

וואָכן־טעג מיט אַ היפּשן עולם יידן. איך בין אָפט געזעסן ביים טיש און מיטגעלערנט.

ר׳ אָזשע האָט געהאַט אַ זון, שלום האָט ער געהייסן. מיר קלויז־בחורים האָבן אים גערופן „שלום אָזשע שוחטס״. איך געדענק דעם בחור שלום אין עלטער פון 17־18 יאָר. ער האָט געהאַט אַ גוטע קאָפּ און געקאָנט זייער גוט לערנען. אום שבת האָט ער געטראָגן אַ סויבלנעם ספּאָדיק, לויט דעם בעלזער שטייגער. ער האָט געהאַט שיינע געלאָקטע פּאות. דורך אַ צופאַל האָט ער זיך באַקאַנט מיט משה וויזענפעלד — איינער פון די ריישער יוגנט משכילים, ציוניסט און גרינדער פון דעם יוגנט ציון פאַראיין „השחר״. משה וויזענפעלד האָט זיך דאַמאָלט גע־קליידט ווי אַ חסידישער בחור און איז אָפט געקומען אין קלויז אין דער צייט ווען מיר בחורים זיינען געזעסן ביים לערנען. אַזוי אַרום האָט שלום אָנגעהויבן לערנען און לייענען השכלה ספרים בצינעה, וואו ער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט דעם ציוניסטישן אידעאַל.

ווען עס איז פּלוצים באַקאַנט געוואָרן אַז שלום אָזשע שוחטס איז נחמץ געוואָרן, אַז ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אָן דער ציוניסטישער פּאַרטיי און לייענט ספרים חצונים, האָבן מיר קלויז־בחורים אומאָפיציעל אים אַריינגעלייגט אין חרם. דאָס האָט זיין פאָטער ר׳ אָזשע פאַרשאַפט גרויס חלושת הדעת פון וועלכן ער האָט אין אָנהויב זייער געליטן. שלום האָט שפּעטער חתונה געהאַט פון אַ שטעטל ניט ווייט פון לעמבערג. ער האָט, ווייזט אויס, געגעסן קעסט ביים שווער. איך געדענק אין יאָר 1912, ווען איך בין געווען פאַרבונדן געשעפטלעך מיט מיין שוואָגער און בין אַרומגעפאָרן מיט אַ יאַרעס־קאַרד אויף די באַנען, האָב איך אַמאָל באַזוכט דאָס שטעטל. אַריינקומענדיק אין אַ קליינער טראַפיק צו קויפן ציגאַרעטלעך, בין איך דערשטוינט געוואָרן צו טרעפן שלום אָזשע שוחטס אַלס דעם פאַרקויפער. איך האָב זיך מיט אים צערעדט, ער האָט מיר דערקלערט אַז די טראַפיק געהערט צו זיין שווער און ער העלפט אַרויס פאַרקויפן.

צווישן די שוחטים איז אויך געווען איינער מיטן נאָמען ר׳ ישראל שוחט. ער איז געווען עלטער פון ר׳ הערש און ר׳ אָזשע, פון מיטעלן וואוקס, ברייט געבויט, מיט שניי ווייסע באָרד און פּאות. ער איז געווען פּונקט דער היפוך פון די אויבנדערמאָנטע דריי שוחטים. מאַנכע האָבן געדענקט אַז ער איז אַביסל אַ „צעדרייטער״, כאָטש ער האָט אויסגעזען צו זיין אַ גאַנץ נאָרמאַלער ייד.

אין זיין קליידונג האָט ער מער אויסגעזען ווי אַ חסידישער רבי. עס

זיינען אָבער אין ריישע געווען אַ גרויסע צאָל יידן וואָס האָבן פון זיין שחיטה ניט געגעסן צוליב דעם ווייל ער האָט אָפט טריף געמאַכט עופות מיט זיין שחיטה. אַ סך פרויען האָבן אים אויסגעמידן און ניט געלאָזט ער זאָל שעכטן זייערע עופות. איך געדענק אַ פאַל, אַלס אַ ייִנגל פון אַ יאָר זיבן, בין איך געקומען פרייטיק אין אַ זומער טאָג אַרום 9 אַזייגער אין דער פרי מיט אַן עוף צום שעכט־הייזל. ביים שעכט־קאַסטן זיינען דאַמאָלט געווען צוויי שוחטים — איינער פון זיי איז געווען ר׳ ישראל. ניט וויסנדיק פון גאָרניט, האָב איך אים דערלאַנגט דאָס הינדל. אָבער נאָך דער שחיטה האָב איך געזען ווי ער באַטראַכט די קנה מיטן ושט און דליפּעט עפּעס דאָרט מיט די פינגער און לייגט דאָס עוף אַוועק אַן אַ זייט, ניט איבער שעכט־קאַסטן מיט די אַנדערע געשאָכטענע עופות.

דער טומל ביים שעכט־קאַסטן איז געווען גרויס. איך האָב ניט געקאָנט זיך צוריקן צו אים: אויסצוגעפינען פאַרוואָס ער פאַרהאַלט דאָס עוף, עס איז דאָך פרייטיק, איך דאַרף אַהיים גיין ווייל די מוטער מיינע וואַרט דאָרט כדי זי זאָל קאָנען צוגרייטן דאָס עוף צום קאָכן לכבוד שבת. עס האָט געדויערט אַ גוטע שעה ביז איך האָב זיך צו אים צוגעשלאָגן.

ווען איך האָב אים געפרעגט פאַרוואָס ער דערלאַנגט מיר ניט מיין עוף האָט ער געזאָגט, אַז עס איז דאָ אַ שאלה, ווייל ער האָט געמאַכט אַ שלעכטן שניט. ער האָט מיר דערקלערט אַז איך מוז וואַרטן ביז ער וועט האָבן צייט עס איבערצוקוקן.

אַרום 12 אַזייגער, ווען עס איז שוין געוואָרן אַביסל שטיל ביים שעכט־קאַסטן און די ווייבער מיט די געשאָכטענע עופות זיינען שוין אַלע אַוועק, האָט ר׳ ישראל שוחט גענומען איבערקוקן מיין עוף און מיך געראָטן איך זאָל עס טראָגן צו ר׳ אברהמעלע שוחט ער זאָל עס באַקוקן אין דער היים און פּסקנען. ווען איך בין געקומען צום הויז פון ר׳ אברהמעלע שוחט — ער האָט געוואוינט אין מלמדים געסל — האָב איך אים אין דער היים ניט געטראָפן. נאָך אַ שעה וואַרטן האָט מיר זיין ווייב געראָטן איך זאָל צוריקגיין אין שעכט־הייזל, וועל איך אים דאָרט איצטער באַשטימט טרעפן. קומענדיק צוריק אין שעכט־הויז איז ער טאַקע דאָרטן געווען. ר׳ ישראל האָט אים געוויזן דאָס האַלדז פון דער עוף, נאָך אַ לאַנגן דליפּען און ציפּען דעם קנה מיטן ושט האָט ר׳ אברהמעלע געפּסקנט „טריף״. דער שניט איז געמאַכט געוואָרן ניט אויפן ריכטיקן אָרט, איז עס טריף.

ביי אונדז אין דער היים איז דערוויל געוואָרן אַ טומל. מ׳האָט ניט געוואוסט וואָס מיט מיר איז געשען, וואו איך בין ערגעץ אַהינגעקומען מיטן עוף. מ׳האָט געשיקט מיך זוכן אין שעכט־הויז, בין איך גראָד

דאַמאָלט געווען ביי ר' אברהמעלע שוחט, מ'האָט מיך אויך געזוכט אין די גאַסן. מיין פאָטער די מוטער און די קינדער זיינען געגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען מיך זוכן, זיי האָבן ניט געוואוסט וואו איך בין פלוצים פאַרפאַלן געוואָרן. ווען מיין מוטער האָט געזען אַז עס איז שוין צוויי אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט זי באַשלאָסן צו גיין צו דער פאָליציי אַז מ'זאָל לאָזן אויספויקן אין די גאַסן אַז איך בין פאַרשוואונדן געוואָרן מיט אַ הינדל און ווער עס האָט מיך געזען אָדער ווייסט פון מיר זאָל תיכף ומיד מעלדן דער פאָליציי. גייענדיק איבערן הינער פלאַץ צו דער פאָליציי האָבן זיי מיך באַגעגענט אויפן וועג אַהיים מיט דעם טריף־געמאַכטן עוף. זיי האָבן זיך דערפרייט אַז איך לעב. איך האָב זיי דער־ציילט וואָס עס איז געשען, אַז דער שוחט ר' ישראל האָט טריף געמאַכט דאָס עוף. מיין מוטער איז געבליבן אויסער זיך. וואו וועט זי איצט אַזוי שפעט באַקומען אַן אַנדער עוף אויף שבת. עס דויערט דאָך צוויי שעה דאָס כשר מאַכן און צוויי שעה דאָס קאָכן. מיר האָבן טאַקי דאַמאָלט געהאַט אַ פאַרשטערטן שבת. זינט דאַן האָב איך אויסגעמידן ר' ישראל שוחט.

עס זיינען אין שטאָט געווען נאָך עטלעכע שוחטים, אָבער די אויבן דערמאָנטע האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. צווישן די יינגערע שוחטים זיינען געווען עטלעכע שנה ראשונהניקעס וואָס האָבן געלערנט שחיטות. איינער פון זיי איז געווען דער איידעם פון ר' הערש שוחט. ער האָט געגעסן קעסט ביים שווער און אין דער זעלבער צייט געלערנט שחיטות. אויך די לערנערס פלעגן שטיין ביים שעכט־קאַסטן און מיט דער צייט זיינען זיי געוואָרן שוחטים מיט דער הסכמה פון דעם שטאָט בית דין.

## ר' שלמהלע ראַדאָמישלער

דער צווייטער נאָמען פון ר' שלמהלען איז מיט ניט באַקאַנט. גע־רופן האָט מען אים ראַדאָמישלער געוויס דערפאַר וואָס ער האָט אַמאָל געוואוינט אין שטעטל ראַדאָמישלע ניט ווייט פון טאַרנע. ווען איך האָב אים געקאָנט איז ער געווען אין די מיטעלע יאָרן; אויך פון מיטעלן וואוקס, מיט אַ קורצער שוואַרצער באָרד און היפשע לאַנגע פאות. ער האָט געהונקען אויף אַ פוס און געטראָגן אַן אייזערנעם „ברייס". ר' שלמהלע איז געווען איבער נאַטירלעך פרום און האָט דאָס פרומקייט

אַרויסגעוויזן ביים דאַווגען. ער האָט נאָכגעפאָלגט חסידות לויט דער סטרעליסקער שיטה.

ער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיין דאַוונען אין קלויז וואו ער האָט געהאַט אַ שטאָט גאַנץ אונטן. געדאַוונט האָט ער מיט דער סטרעליסקער התלהבות: טופּען מיט די פיס, קלאַפּן מיט די הענט אין טיש אָדער אין באַנק. די קולות זיינע האָט מען געהערט גאַנץ ווייט. די אַרבעט ביי זיין דאַוונען איז געווען אַזאַ שווערע, אַז אַפילו אום ווינטער פלעגט ער באַגאָסן ווערן מיט שווייס. ער איז אָפט געקומען צו דער מדרגה פון עד כלות הנפש.

כדי צו האָבן אַ באַגריף מיט וואָס פאַר אַ מסירת נפש סטרעלסקער חסידים פלעגן דאַוונען איז ווערט איבערצוגעבן די געשיכטע וואָס האָט פּאַסירט נאָך דער הסתלקות פון דעם צדיק ר׳ אורילע סטרעליסקער, ווען אַ סך פון זיינע חסידים האָבן באַשלאָסן זיך צו באַהעפטן צום ריזשינער צדיק ר׳ ישראלטשע, וואָס האָט דאַמאָלט שוין געוואוינט אין סאַדיגערע.

דער אונטערשיד צווישן דעם סטרעליסקער און דעם סאַדיגערער דרך פון דאַוונען איז געווען אַ גרויסער און עקסטרעמער. די סאַדיגערער האָבן געדאַוונט בנעמות, רואיק, שטיל אָן רעש. דאַקעגן האָבן די סטרע־ליסקער געדאַוונט מיט אַ שרעקלעכן ברען און התלהבות, קלאַפּנדיק מיט די הענט און פיס, זיך געוואָרפן און געשפּרונגען מיט אַזאַ שטורם, אַז זיי האָבן געשטערט די סאַדיגערער חסידים ביים דאַוונען, וועלכע האָבן עס פשוט ניט געקאָנט פאַרנעמען.

כאָטש דער ריזשינער צדיק האָט זייער פיל געהאַלטן פון די צו־געקומענע סטרעליסקער חסידים, האָט ער אָבער אויך ניט געקאָנט פאַר־נעמען זייער שטורמדיקן דאַוונען. דער רבי האָט טאַקי געלאָזט רופן אַלע סטרעליסקער חסידים און זיי געלאָזט וויסן אַז, אָדער זיי זאָלן אויפגעבן דעם סטרעליסקער דרך פון דאַוונען, אָדער זיי זאָלן גיין געזונטערהייט זיך זוכן אַן אַנדער רבין.

אַזוי ווי די סטרעליסקער חסידים האָבן זייער הויך געשעצט דעם ריזשינער רבין האָבן זיי מיט צוואַנג אויפגעגעבן דעם אַלטן דרך כדי צו בלייבן ריזשינער חסידים. איך זאָג „מיט צוואַנג״, ווייל איינער פון די אויבן דערמאָנטע חסידים, צווינגענדיק זיך צוריקצוהאַלטן פון דעם שטור־רעמדיקן דאַוונען, האָט טאַקע ביים דאַוונען באַקומען אַן האַרץ־שלאַג און איז אַוועק פון דער וועלט.

ווי איך האָב פריער באַמערקט, האָט ר׳ שלמהלע געדאַוונט אין דער

שטאָטישער קלויז וואו מיין פאָטער האָט געדאַוונט. ווען איך בין געווען אַ קליין ייִנגל האָט ער שוין געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט. איך האָב זיך אָפט אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון אים, ווייל שטיין לעבן אים איז געווען אוממעגלעך צוליב דעם וואָס ער פלעגט אָפט מיט זיינע אויסגעשפרייטע הענט און צוגעמאַכטע אויגן קלאַפּן און שרייען און אָפט האָט אַן אומ־שולדיקער וואָס איז געשטאַנען נאָנט צו אים, פון אים געכאַפּט אַ גוטן קלאַפּ. איך האָב שוין אַלס ייִנגל באַוואונדערט זיין גבורה. איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי עס נעמט זיך צו אַזאַ שוואַכן ייִדן אַזאַ קראַפט; ווייל ער איז דאָך געווען אַ קריפּל און אַ חלוש. ער איז ביים דאַוונען קיינמאָל ניט געזעסן. ער איז געשטאַנען אויף די קראַנקע פיס פון אָנהויב ביזן סוף. אפילו ביי קריאת התורה פלעגט ער זיך ניט אַוועק־זעצן. מיט זיין שטורעמדיקן דאַוונען האָט ער אָפט געשטערט אַנדערע מתפּללים. זיי האָבן אָבער קעגן זיין דאַוונען קיין מאָל ניט פּראָטעסטירט. זיי האָבן געוואוסט אַז ער טוט עס לשם שמים. אין ריישע איז ער געווען דער איינציקער וואָס האָט נאָכגעפאָלגט דעם סטרעליסקער דרך החסידות.

# ר׳ אפרים ציבעלע

ווי איך האָב שוין פריער געשריבן איז מער ווי אַ האַלב פון דער ריישער ייִדישער באַפעלקערונג געווען פון דעם עקסטרעמען אָרטאָדאָקסישן און חסידישן קלאַס. זיי האָבן אָפּגעהיט דאָס ייִדישקייט לויט דעם אָרטאָ־דאָקסישן חסידישן דרך. עס איז אָבער צווישן זיי געווען איינצלנע ייִדן, וואָס כאָטש זיי האָבן אָפּגעהיט כל המצוות שבתורה לויט זייער מענטשלעכן יכולת, האָבן זיי אָבער זיך אויסגעצייכנט מיט אָפּהיטן איין־איינציקע מצוה אין עקסטרעמער פאָרם, וואָס מיט דעם האָבן זיי געצויגן די אויפמערק־זאַמקייט פון אַלע ייִדן אין שטאָט.

אין ריישע איז, למשל, געווען אַ ייִד, ר׳ חיים׳ל טרעגער האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ פרומער ייִד וואָס האָט שטאַרק געהאַלטן פון דער מצוה צו ברענגען פריש טרינק־וואַסער אין אַ גרויסן קריגל יעדן שבת נאָכמיטאָג אין די בתי תפילות, וואו עס זיינען געזעסן ייִדן און האָבן געלערנט ביז זמן מנחה. ער האָט דערלאַנגט אַ טרונק וואַסער צו יעדן וואָס האָט עס פאַרלאַנגט, און ווער איז געווען ניט דאַמאָלט דאָרשטיק? נאָך אַ שבתדיקער סעודה פון געהאַקטע ציבעלע מיט שמאַלציקע גריוון,

טשאָלנט, קוגל מיט צימעס, האָט זיך יעדער מחיה געווען מיט אַ טרונק וואַסער. אין שטאָט איז אויך געווען אַ ייד, ר׳ שמואל יוספס האָט מען אים גערופן, וואָס האָט שטרענג אָפּגעהיט די מצוה פון הלוית המת. ער האָט קיין איינציקע לויה אין שטאָט ניט פאַרפעלט. אויב מ׳האָט אים אַמאָל געזען זיך אָפּשטעלן ביי אַ הויז, האָט מען זיך משער געווען אַז עס וועט דאָרט היינט פאָרקומען אַ לויה.

משה סראָקע האָט געהאַלטן שטאַרק פון דער מצוה משמש זיין תלמידי חכמים. ער איז געקומען יעדן טאָג אין קלויז אַרום דריי אַ זייגער פאַרטאָג, וואו ער האָט אָפּגעקאָכט פרישע טיי פאַר יידן און בחורים וואָס זיינען געקומען יעדן פאַרטאָג אין קלויז לערנען, ווי איך וועל שרייבן אין די וויטערדיקע קאַפּיטלען. עס זיינען געווען נאָך עטלעכע יידן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט געוויסע מצוות מער ווי מיט אַנדערע. איינער פון זיי איז געווען ר׳ אפרים ציבעלע.

איך ווייס ניט ביז דעם היינטיקן טאָג פאַרוואָס מ׳האָט אים גערופן „ציבעלע״. אַלס יינגל האָב איך עס אָפּט געפרעגט — קיינער האָט אָבער ניט געוואוסט דעם ענטפער. געוואוינט האָט ער אין מלמדים געסל. ער איז געווען אַן עקסטרעם אָפּגעהיטער פרומער ייד וואָס איז געזעסן יומם ולילה על התורה ועל עבודה. ער האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט דעם, וואָס ער האָט דעמאָנסטרירט מיט זיין בני בית ווי אַזוי די יידן זיינען אַריבערגעגאַנגען דעם ים, נאָכדעם ווי זיי זיינען אויסגעלייזט געוואָרן פון מצרים.

געוואוינט האָט ער אין אַ הילצערנע הייזל, וואו ער האָט געהאַט אַ צימער פאַר זיך מיט זיין בני בית. דעם גאַנצן יאָר האָט מען פון אים ניט געהערט, מ׳האָט זיך אויך וועגן אים ווייניק אינטערעסירט. אָבער ווען עס איז געקומען שביעי של פסח האָבן אַלע יידן גערעדט פון ר׳ אפרים ציבעלע, ווייל אין דער נאַכט פון שביעי של פסח פלעגט ער אַריבערפירן זיין ווייב און קינדער „איבערן ים״. אַזוי ווי ביי אים אין שטוב איז קיין ים ניט געווען, האָט ער געשאַפן אַ מיניאַטור ים. ער האָט איבערגעקערט דאָס פעסל וואַסער וואָס איז געשטאַנען אין שטוב ביי דער טיר און פאַרפלייצט דאָס שטיבל מיט וואַסער. ער האָט שפּעטער גענומען זיין בני בית און מיט זיי אַריבערגעגאַנגען דעם „ים״, פון איין זייט שטוב ביז דער צווייטער. עס פלעגן זיך דאָרט דעם אָוונט פאַרזאַמלען פיל מענטשן צו צוזען די דעמאָנסטראַציע.

# ר׳ משה חסיד

געהייסן האָט ער משה שיפּער. דעם נאָמען „משה חסיד״ האָט ער באַקומען צוליב זיין אויסערגעוויינטלעך חסידישן לעבנס שטייגער. ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס מיט זייער אַ דינער פיגור. אויף דעם דינעם פּנים האָט ער געהאַט אַ זייער שיטער און אויך זייער קורצע באָרד. פוןביידע זייטן — צוויי שיינע, פיין, דין געקרויזלטע אָבער זייער לאַנגע פּאות. ווען ער איז געגאַנגען אין גאַס, האָבן זיך זיינע פּאות באַוואויגן פּונקט ווי זיינע הענט, און אויב עס איז געווען אַ ווינט, זיינען די פּאות געפלויגן הויך אין דער ריכטונג פון ווינט. ער האָט געהאַט אַ שפּייז געוועלב אויף דער וואָליע, וואָס איז געפירט געוואָרן פון זיין ווייב און טעכטער און דערפון האָט ער געמאַכט אַ פיינעם לעבן.

ר׳ משה חסיד האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין באַזונדערן טאַנצן אום שמחת תורה ביי די הקפות אין קלויז. אין די אָרטאָדאָקסישע קלויזן איז געווען אַ מנהג צו טאַנצן בשעת די הקפות אום שמחת תורה. באַלד נאָכדעם ווי דער בעל תפלה האָט פאַרענדיקט די תפלות פון דער ערשטער הקפה נאָכדעם ווען מ׳האָט צוריק אַריינגעשטעלט די ספרים אין היכל, האָט מען גענומען טאַנצן אַרום דעם שולחן. דער טאַנץ איז פאָרגעקומען אַזוי: יעדער טאַנצנדיקער ייד האָט אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויף די פּלייצעס פון דעם יידן וואָס איז געווען אין פאָרנט פון אים און גע־טאַנצט צום ריטם פון דעם ניגון וואָס אַלע אין קלויז האָבן געזונגען. יונג און אַלט זיינען געשטאַנען אויף די טישן און די בענק כדי צו זען די שמחה פון טאַנצן ביי די הקפות. די שטייענדיקע אויף די טישן, איבערהויפּט דאָס יונגוואַרג, האָבן אָפּט אָנגעצונדן פייערווערק, וואָס האָט אַרויסגעגעבן שטראַלן פון פאַרשידענע קאָלירן, און אויך פונקענדיקע שטראַלן, וואָס האָט צוגעגעבן אַ זייער שיינעם עפעקט צו די הקפות־טענץ.

די טאַנצנדיקע יידן האָבן כמעט אַלע פאַרגלויזט אָדער צוגעמאַכט די אויגן בשעת דעם טאַנצן. אָט פון די אַלע טאַנצנדיקע יידן האָט זיך אָמבעסטן אויסגעצייכנט ר׳ משה חסיד מיט זיין אייגנאַרטיק טאַנצן. ווען אַלע יידן פון „רעדל״ האָבן געטאַנצט נאָרמאַל, האָט אָבער ר׳ משה חסיד „געשפּרונגען״, ניט געטאַנצט. איך זאָג „געשפּרונגען״ ווייל ער פלעגט טאַקי האָפּקען אַ 20 אינטשעס פון דער פּאָדלאָגע. ער האָט גע־טאַנצט ביי יעדער הקפה. די קלויז־יידן האָבן זיך אָפּט געוואונדערט, ווי עס נעמט זיך צו אים אַזאַ גבורה, אַז ער קאָן טאַנצן ביי אַלע הקפות

און ניט ווערן מיד. די שטאָט קלויז איז טאַקי צוליב אים און זיין טאַנצן געווען איבערגעפילט אום שמחת תורה ביי די הקפות מער ווי אַנדערע בתי תפילות, ווייל מ׳האָט געוואוסט אַז ווען ר׳ משה חסיד וועט טאַנצן וועט זיין וואָס צו זען.

## די צוויי קלויז-שמשים

אין מיינע יונגע יאָרן האָט די שטאָט קלויז געהאַט אַן אַלטן שמש, זיין נאָמען איז געווען ר׳ לוי. ווען איך האָב אים געקאָנט, איז ער געווען אין די הויכע אַכציקער יאָרן, און אויך אַ סגי נהור מיט אַן איינגעבויגע־נעם רוקן. טראָץ זיין הויכן עלטער האָט ער ניט פאַרפעלט צו קומען יעדן טאָג דריי אַזייגער אין דער פרי צו עפענען די קלויז.

ר׳ לוי שמש איז געווען אַ מערקווירדיקער מענטש. אַפילו אַלס יינגל האָב איך באַוואונדערט זיין גבורה. ווי לאַנג איך האָב אים גע־קאָנט האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַז ר׳ לוי שמש זאָל זיין קראַנק, אַפילו ניט פון אַ פאַרקילונג. ווען איך בין געוואָרן אַ קלויז־בחור, אין יאָר 1903, און בין געקומען לערנען אין קלויז פיר אַזייגער פאַרטאָג זומער און ווינטער, איז שוין ר׳ לוי דאָרט געווען. ער איז דאַמאָלט שוין אַלט געווען אַ יאָר 90.

ווי איך האָב פריער באַמערקט, האָט ר׳ לוי געעפנט די קלויז אַרום דריי אַזייגער פאַרטאָג. ער פלעגט גיין פון זיין היים ביז צו דער קלויז האַלטנדיק אין האַנט אַ לאַמטערנע, ניט כדי ער זאָל זען ווי צו גיין אין דער פינצטער, ווייל ער איז שוין דאַמאָלט געווען אַ בלינדער. די לאַמ־טערנע האָט געדינט מער אַלס שוץ פאַר אַנדערע — זיי זאָלן אים זען. ער פלעגט אויף קיין מינוט זיך ניט פאַרשפּעטיקן, אפילו אום ווינטער, אין די שרעקלעכסטע קעלטן ווען די טעמפּעראַטור איז אָפט געפאַלן ביז 10 אָדער 15 גראַד אונטער נול.

חוץ זיין אויפגאַבע צו עפענען די קלויז יעדן פאַרטאָג, האָט זיך ר׳ לוי אויך אָפּגעגעבן מיט אַנאַנסירן לויות. געטאָן האָט ער עס אויף אַזאַ אופן: אַזוי ווי מ׳האָט געלאָזט וויסן דער חברא קדישה אַז עס איז ווער פון דער וועלט אַוועק, האָבן זיי תיכף פאַרשטענדיקט וועגן דעם זקן ר׳ לוי, וועלכער האָט זיך באַלד אַרויסגעלאָזט אין שטאָט, צו ערשט אין מאַרק, און געקלאַפּט מיט דער פּושקע. ווער עס האָט געזען ר׳ לוין

מיט דער פושקע, האָט מען געוואוסט אַז עס איז עמיצער געשטאָרבן. יעדער איז צוגעקומען צו אים, אַריינגעוואָרפן אָ גראצער אָדער אַ האַלבן אין דער פושקע און געפרעגט, ווער דער בר מנן איז. אַזוי אַרום האָט די שטאָט געוואוסט פון יעדן טויטן פאַל און אויך געקומען צו די לויות.

ווי איך האָב פריער געשריבן, האָט זיך ר׳ לוי שמש אָפּגעגעבן מיט עפענען און שליסן די קלויז יעדן טאָג. אָבער דער אַקטיווער שמש פון דער גרויסער קלויז איז געווען מענדל, מ׳האָט אים טאַקי גערופן „מענדל שמש״״. איך געדענקט דעם דאָזיקן מענדל שמש ווען ער איז געווען נאָך אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק. ער איז געווען זייער אַ קלוגער און אויך אַ כיטרער ייד און געוואוסט ווי אַזוי פאָרצוגייך מיט יעדן און האָט זיך דערפאַר זייער גוט אַריינגעפּאַסט אין דער שמש־פּראָפעסיע. ניט נאָר האָט ער געוואונען די אַכטונג און רעספּעקט פון די קלויז־באַלעבאַטים, נאָר פיל האָבן זאָגאָר מורא געהאַט פאַר אים. דאָס יונגוואַרג האָט פאַר אים געציטערט. ער איז געווען אַ זעקס פוסיקער יונגער ייד אַ גיבור און ניט געזשאַלעוועט קיין פעטש פאַר איינעם וואָס האָט זיך פאַר אים פאַרזינדיקט. ער איז געווען אין זיינע בליענדיקע יאָרן און מיר יונגע יינגלעך האָבן פאַר אים געציטערט.

מענדל שמש איז געווען אַ בעלזער חסיד, האָט ער טאַקי געדאַוונט מיטן בעלזער נוסח און שטייגער, זיך געשאָקלט פון רעכטס צו לינקס, און געפּאָכעט מיט זיינע צוויי לאַנגע הענט מיט די בעלזער הוויות. ער איז געווען דער אויפרופער ביי די עליות. די גבאים האָבן זיך זייער פיל גערעכנט מיט אים. כאָטש ער איז געווען אַ כיטרער האָט ער אָבער ביי יעדער געלעגנהייט געהאַנדלט דיפּלאָמאַטיש און דערפאַר האָבן אים די קלויז גבאים רעספּעקטירט פונקט ווי די באַלעבאַטים. די גבאים האָבן זיך פיל גערעכנט מיט אים, איז ער טאַקי געווען דער דיקטאַטאָר ביי די עליות. ער האָט אָבער ניט געהאַט דערביי וועלכע ניט איז פּערזענ־לעכע אבזיכטן.

כדי צו באַגרייפן זיין אינטעליגענץ און פעאיקייטן, וואָס מ׳האָט ביי בעלזער חסידים זעלטן געזען, באַווייזט דער פאָלגנדיקער פאַקט: ווען ער איז שוין געווען אַ מטופל מיט עטלעכע קינדער און עס איז פאַר אים געווען שווער צו מאַכן אַ לעבן פון שמשות, איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק צו עפענען אַ „בופעט״ טאַקי אין קלויז. די גבאים און אויך די קלויז־באַלעבאַטים האָבן קעגן דעם ניט אַרויסגעשטעלט זיך, מאַנכע האָבן פשוט מורא געהאַט מיט אים זיך אָנצוהויבן. האָט ער אויסגעקליבן אַ גוטן פּלאַץ אינעם אונטערשטן טייל פון קלויז, און דאָרט איינגעריכטעט

אַ „בופעט". ער האָט אַװעקגעשטעלט אַ גרױסן טיש און דאָרט אױסגע־געלײגט פאַרשידענע זיסע בעקערײען, פּריצנקלעך לעקעך פלודן, קעז־קיכלעך און ראָגעלאַך, אױך פאַרשידענע שאַרפע גטראַנקען, װי בראַנפן, שליװאָװיץ און זיסע ראָזאַלעס. אַרום טיש זײַנען געװען צװײ לאַנגע בענק. אַ סך באַלעבאַטים, אַזױ שנעל װי זײ האָבן פאַרענדיקט דאָס דאַװנען, אױסגעטאָן דאָס טלית און תפלין זײַנען זײ באַלד צוגעקומען צו מענדל שמשס שענק־טיש איבערצובײַסן. זײ האָבן געטרונקען לחיים און איבער־געביסן מיט געשמאַקע קיכלעך און דערפאַר באַצאָלט דעם באַשטימטן פּרײַז. אַזױ װי עס זײַנען אין קלױז געװען מנינים װאָס האָבן געדאַװנט פון פאַרטאָג ביז אַרום מיטאָג צײַט, װאו עס האָבן געדאַװנט עטלעכע הונ־דערט ײדן, מאַנכע פון זײ גבירים אדירים, האָט מענדל שמש פון דער קלױז־שענק אױפגעאַרבעט אַ גוט געשעפט און געהאַט פּרנסה בכבוד. אין אָװנט, צװישן מנחה־מעריב, האָט ער פאַרקױפט יאַפּטשיק מיט אַרבעס.

## ר׳ יואל פעפער

ר׳ יואל איז געװען אַ קלײנינקער ײד, ברײט געבױט, מיט אַ לאַנגער ברײטער, גראָער באָרד. זײַן פּלײצע, פון דער לינקער זײַט, איז געװען העכער פון דער רעכטער זײַט. װען ער איז געשטאַנען איז זײַן קערפּער געװען אױסגעבױגן מער צו דער רעכטער זײַט. ער האָט געהאַט אַ שפּײַז־געװעלב אױף דער ריסקיװישער גאַס, ניט װײַט פון די יאַטקעס. ער האָט זיך מיט דעם געװעלב ניט אָפּגעגעבן. זײַן װײַב און קינדער האָבן דאָס געשעפט געפירט. אַזױ האָט עס זיך געפירט בײַ די עקסטרעמע אָרטאָ־דאָקסישע ײדן. דער מאַן האָט געדינט גאָט און די װײַב האָט געזאָרגט פאַר פּרנסה און געפירט די װירטשאַפט אין הױז.

ר׳ יואל איז געװען אַ גרױסער תלמיד חכם. ער איז אױך געװען באַװאוסט אַלס אַ חכם. אַ גרױסן טײל פון טאָג און נאַכט איז ער אָפּגעזעסן אין קלױז װאו ער האָט געהאַט זײַן „שטאָט" (באַשטימטן זיץ). אַזױ שנעל װי ער איז אַרײַנגעקומען אין קלױז און זיך נאָר װאָס אַנידער־געזעצט, זײַנען שױן אַרום אים געזעסן עטלעכע ײדן. זײ האָבן געװאוסט, אַז זיצנדיק נאָנט צו ר׳ יואל פעפער, װעלן זײ שױן הערן דברי חכמה און תורה.

געדעדט האָט ר׳ יואל מיט אַ שטילער הײזעריקער שטימע. אָבער

וואָס ער האָט אַרויסגערעדט איז אַריין אין די אויערן פון די צוהערער. ער האָט מיט עטלעכע יידן יעדן טאָג געלערנט אלשי״ך, אין דער נאַכט האָט ער אויך געלערנט אַ שיעור גמרא מיט זיי. אָבער חוץ דאָס לערנען, האָט ער געהאַט אַרום זיך אַ גרופּע יידן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע מיינונגען איבער פאַרשידענע אָנגעלעגנהייטן און אויך איבער פּאָ־ליטיקע. איך בין אָפּט, אַלס יינגל, צוגעקומען צו דער גרופּע יידן וואָס האָבן אַרומגערינגלט ר׳ יואל פּעפּער. אויבנאָן זיצט ר׳ יואל, רויכערט אַ דראַמעלע, בלאָזט דעם רויך גלייך אַרויף אין דער הויך. זיינע צו־הערער און פאַרעהרער באַשיטן אים מיט פראַגעס וועגן פאַרשידענע ענינים און אויך וויכטיקע געשעענישן. ער ענטפערט יעדן אויף זיין שטייגער. וואָס ער זאָגט איז פול מיט חכמה און לאָגיק, ניט סתם גערעדט אין דער וועלט אַריין. ער האָט זיינע מיינונגען אַלע מאָל באַגריג־דעט. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן דעם יידן ריידן. ער האָט אָפט פאָרויסגעזאָגט געוויסע פּאַסירונגען, איבערהויפּט אין פּאָליטישע אָנגעלעגנהייטן, און ער פלעגט טאַקי טרעפן. עס פלעגט טאַקי אַזוי זיין.

## ר׳ הירש יעקב

אין ריישע זיינען אויך געווען פיל אָרעמע לייט. דאָס מיינט ניט אַז אַלע אָרעמע לייט זיינען געווען ריישער. דער גרעסטער טייל פון די אביונים זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע בעטלערס, וואָס האָבן זיך אָפּגע־געבן מיט בעטלעריי אַלס פּרנסה־קוואל. אין גאַליציע זיינען געווען אַזעלכע וואַנדערנדיקע אָרעמע לייט אין די טויזנטער. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ באַשטימטן ראַיאָן וועלכן ער האָט דורכגעשפּאַנט איינמאָל אין יאָר. ער איז געגאַנגען צו פוס פון שטאָט צו שטאָט. אין יעדער שטאָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף צוויי־דריי טעג, אַרומגעגאַנגען פון הויז צו הויז, פון שטוב צו שטוב און בעטלען נדבות מיט אַן אויסגעשטעלטער האַנט. ווען אַזאַ אָרעמאַן האָט געעפנט אַ טיר האָט ער צוערשט געקושט די מזוזה, אַריין אין שטוב און געבליבן שטיין ביי דער טיר. אין דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן עטלעכע האַלבע גראַצער און מיט דער רעכטער האַנט האָט ער מיט די פינגער געדליבעט די האַלבע גראַצער; זיין פּאָזיציע ביי דער טיר איז געווען זיין עמבלעם פון בעטלעריי. ווען מ׳האָט אַזאַ יידן דערזען ביי דער טיר, האָט מען אים דערלאַנגט אַ האַלבן

גראַצער. אויב די באַלעבאָסטע האָט נאָר געהאַט אַ גאַנצן גראַצער, האָט זי עס אים דערלאַנגט און פֿון אים גענומען רעשט אַ האַלבן גראַצער. טאָמער איז אַזאַ אָרעמאַן פֿאַרקראָכן אין אַן אָרעמער שטוב, איז ער אַוועק מיט גאָר נישט. אָבער זעלטן ווען האָט אַן אָרעמאַן באַקומען מער ווי אַ האַלבן גראַצער, וואָס איז דאַמאָלט געווען די באַשטימטע נדבה פֿאַר אָרעמע לייט אַפֿילו ביי די שטאָט גבירים. אַן אָרעמאַן פֿלעגט אַמאָל אויך בעטן אַ שטיקל ברויט אָדער אַן אָפּגעטראָגענעם מלבוש.

קיין באַשטימטן וואוינפּלאַץ האָבן די וואַנדערנדיקע אָרעמע לייט ניט געהאַט. זיי האָבן אויך פֿון דעם קיין צימעס ניט געמאַכט. זיי זיינען געשלאָפֿן אויף די האַרטע בענק אין די בתי תפֿלות, ווייל אין רײַשע איז קיין הקדש ניט געווען. נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעשפּאַנט די שטאָט אין צוויי־דריי טעג האָט ער דעם נעקסטן פֿרימאָרגן גענומען דעם טלימיק, אָדער דעם זאַק אויף דער פּלייצע און געוואַנדערט צופֿוס ביז דער נעקסטער שטאָט.

ווער זיי זיינען געווען און פֿון וואַנען זיי קומען האָט קיינער ניט געוואוסט. קיינער האָט זיך אין דעם אויך ניט אינטערעסירט. צום באַדויערן האָט זיך קהל אויך מיט זיי ניט אינטערעסירט, דערפֿאַר האָט די שטאָט ניט געהאַט קיין פֿרייען שלאָף־פּלאַץ פֿאַר די אַלע וואַנדערנדיקע אָרעמע לייט, ווי עס איז געווען אין אַנדערע גרויסע שטעט. עס איז אויך ניט געווען קיין פֿרייע יידישע קיך צו באַזאָרגן זיי מיט פֿרייע מאָלצייטן.

ביי די אָרעמע לייט האָט עס אָבער ניט אויסגעמאַכט. זיי זיינען געווען געוואוינט פֿון קינדהייט אָן צו דעם נע־ונד לעבן. אַזוי שנעל ווי אַן אָרעמאַן האָט פֿאַרלאָזט די שטאָט, איז באַלד אויף זיין פּלאַץ אָנגעקומען אַ צווייטער.

פֿרייטיק צו נאַכט, נאָך קבלת שבת, האָבן זיך צענדליקער אָרעמע לייט פֿאַרזאַמלט ביים אַרויסגאַנג פֿון דער שטאָטישער קלויז, און אויך ביי אַנדערע בתי תפֿלות, און זיך געבעטן ביי די אַרויסגייענדיקע בעלי־בתים מ׳זאָל זיי מיטנעמען צו זיך אַהיים אַלס אַן אורח פֿאַר שבת. עס זיינען דאָרט געווען אַ סך רייכע יידן וואָס האָבן יעדן שבת מיטגענומען אַן אורח אַהיים. אונדזער פֿאָטער האָט אָפֿט מיטגענומען אַהיים אַן אורח אויף שבת. איך זאָג „שבת״, ווייל ווען מען האָט אַזאַ אורח געבראַכט אַהיים פֿרייטיק נאַכט איז ער שוין געבליבן אַן אורח פֿאַר גאַנץ שבת ביי אַלע דריי סעודות. באַלד נאָך דער ברכת המוצא האָט דער פֿאָטער דעם אורח געגעבן שלום און אויסגעפֿרעגט פֿון וואַנען ער קומט. עס איז אָפֿט געווען זייער אינטערעסאַנט צו זיצן ביים טיש און צוהערן,

וואָס אַן אָרעמאַן האָט דערציילט פון זיין וואַנדערלעבן. עס איז צווישן זיי אויך געווען לומדים און חסידים. מיר האָט זייער אינטערעסירט צו הערן מעשיות פון רבנים און פון זייערע וואונדערלעכע מופתים.

צווישן די הויז־בעטלער זיינען אויך געווען עטלעכע ריישער אָרעמע־לייט, וואָס זיינען קיינמאָל פון שטאָט ניט אַרויס. זיי האָט געפעלט די וואַנדערלוסט. זיי זיינען געגאַנגען אין די הייזער בעטן נדבות פונקט ווי די וואַנדערנדיקע אָרעמע לייט. צווישן זיי זיינען געווען עטלעכע וואָס זיינען געווען באַוואוסט צוליב זייער בעטלערישער פּראָפעסיע און אויך צוליב זייער יחוס. איינער פון זיי איז געווען ר׳ הירש יעקב.

ר׳ הירש יעקב איז ניט געווען סתם אַ בעטלער. כאָטש ער איז אויך אַרומגעגאַנגען בעטלען נדבות אין די הייזער, איז ער דאָך ניט קלאַסיפיצירט געוואָרן מיט די פּראָפעסיאָנעלע בעטלער. פאַרקערט, ער האָט געפירט אַ באַלעבאַטיש הויז און אָפט מיטגענומען אַן אורח אויף שבת. אָבער פּרנסה האָט ער געצויגן פון נדבות. ער איז דעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין די הייזער קלייבן נדבות פאַר זיך, גלייך מיט אַנדערע אָרעמע לייט.

זיין פאָטער, ר׳ חיים אורי, איז געווען אַ רב אָדער רבי אין ריישע. דאָס איז ניט געווען אין מיינע צייטן. פאַרוואָס דער זון האָט ניט איבערגענומען דעם כסא רבנות פון פאָטער איז מיר ניט באַקאַנט. איך דענק, אַז ער איז ניט געווען קוואַליפיצירט דערצו. אין זיין הלבשה האָט ער גראָד אויסגעזען ווי אַ רבי. ער האָט געטראָגן קורצע הויזן ביז די קני, מיט לאַנגע ווייסע זאָקן און פאַנטאָפל.

געדאַוונט האָט ער אין דער שטאָטישער קלויז, וואו מ׳האָט אים געאַכטעט און רעספּעקטירט צוליב זכות אָבות. ער האָט געהאַט די חזקה צו בענטשן ראש חודש אום שבת מברכים. ער איז געווען אַן איש צדיק תמים. קיין למדן איז ער ניט געווען. ווי לאַנג איך האָב אים געקאָנט, איבערהויפּט איבער דער צייט וואָס איך בין געווען אַ קלויז־בחור, האָב איך אים קיינמאָל ניט געזען זיצן איבער אַ גמרא אָדער אַנדערע לומדישע ספרים. ווען ער איז געקומען פרי פאַרטאָג אין קלויז אַריין האָט ער זיך באַלד גענומען צו תפלות זאָגן. אין וואָכן־טעג האָט ער געהאַט זיין מנין אין קלויז וואו ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד. אָבער פּרנסה האָט ער געצויגן בלויז פון נדבות. אים פלעגט מען געבן גאַנצע צוויי גראַצער איין מאָל אַ וואָך, ווען ער איז געגאַנגען אין די הייזער, ניט אַ האַלבן ווי מ׳האָט געגעבן אַנדערע אָרעמע לייט.

ר׳ הירש יעקב האָט געהאַט אַן אייזערנעם זכרון. ער האָט גע־

וואוסט פון אַלע יאָרצייטן און טאַקי גלייך געקומען איינקאַסירן די עטלעכע גראַצער. וואו עס איז געווען אַ ברית, אַ חתונה אָדער אַ שמחה אין שטאָט, איז אויסגעוואָקסן ר׳ הירש יעקב, ניט צוליב דעם טרונק בראנפן אָדער שטיקל לעקעך נאָר פשוט צוליב די עטלעכע גראצער. אויב עס איז ערגעץ פאָרגעקומען אַ פריוואַטער צוזאַמענקונפט, וואָס קיינער אין שטאָט האָט פון דעם ניט געוואוסט חוץ די וואָס האָבן זיך דערביי באַטייליקט, האָט ר׳ הירש יעקבס חוש אים געפירט אַהינצו אין צייט. מ׳האָט אים אָפט ניט אַריינגעלאָזט, ווייל עס איז ניט געווען קיין עפנטלעכע שמחה, אָבער געקומען איז ער. איך געדענק אַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט ווען מיין שוואָגער מאָטל איז געקומען מיט זיין מוטער פון סאַנץ זיך צו באַקאַנען מיט מיין שוועסטער ציליע ווען מ׳האָט אים גערעדט דעם שדוך. דאָס איז אַראַנזשירט געוואָרן בסוד סודות. אַ שעה נאָך דעם ווי דער חתן מיט זיין מוטער זיינען געווען ביי אונדז, איז אויסגעוואקסן ר׳ הירש יעקב מיט אַ מזל טוב. קיינער פון אונדזער פאַמיליע האָט ניט געוואוסט פון דעם, אָבער ר׳ הירש יעקב האָט יאָ געוואוסט. פון וואַנען? ווי אַזוי? דאָס איז אַ פראַגע וואָס קיינער האָט ניט געקאָנט ענטפערן.

ר׳ הירש יעקבס ווייב האָט זיך געפירט ווי אַ רביצין מיט אַ שיין באַלעבאַטיש הויז. ווען איך האָב אין מיין צוועלפטן יאָר געלערנט אין חדר פון ר׳ דודל פאַקעליס איז דער חדר געווען אין זעלבן הויז און אויפן זעלבן שטאָק וואו עס האָט געוואוינט ר׳ הירש יעקב. איך האָב אָפט אַריינגעקוקט אין זיין דירה און מיט באַוואונדערונג באַמערקט וואָס פאַר אַ שיין באַלעבאַטישקייט זיין ווייב האָט געפירט. ווען איך האָב פאַרלאָזט ריישע אין יאָר תרע״ג (1913) איז ער שוין געווען אַ זקן, אָבער זייער אַקטיוו אין זיין „פּראָפעסיע״.

## חזן בלומענקראַנץ

אין די ניינציקער יאָרן האָט ריישע געהאַט אַ שטאָט־חזן וועלכער האָט געשמט אין גאַנץ עסטרייך. ניט נאָר איז ער געווען אַ באַרימטער זינגער מיט אַ גוטער טענאָר שטימע וואָס האָט זיך געקאָנט פאַרגלייכן מיט דעם בעסטן אָפּערע־זינגער אין די דאַמאָלסטדיקע יאָרן, נאָר ער איז אויך געווען איינער פון די בעסטע חזנישע קאָמפּאָזיטאָרן אין זיין

צייט. זיין קאָמפּאָזיציע פון „הנרות הללו" צו חנוכה ווערט נאָך היינט געזונגען. דאָס איז געווען דער באַרימטער חזן בלומענקראַנץ.

זיין געהאַלט האָט דער חזן באַקומען פון קהל. געדאַווענט האָט ער אין דער שטאָטישער שול שבתים און ימים טובים מיט אַ גרויסן כאָר פון פיינע איינשטודירטע משוררים, וואָס זיינען אַליין שפּעטער געוואָרן גרויסע חזנים און זינגער. ווען חזן בלומענקראַנץ האָט געדאַווענט, איז די שטאָט־שול געווען געפּאַקט מיט יידן פון אַלע קלאַסן, אַפילו מיט אַזעלכע, וואָס האָבן אין שול ניט געדאַווענט. דאָס דאַווענען האָט זיך אָפּט געצויגן ביז נאָך האַלבן טאָג. זיינען טאָקי אַ סך יידן, נאָך דעם ווי זיי זיינען אַרויס פון קלויז און פון אַנדערע בתי תפלות נאָכן דאַווענען, גע־קומען אין שטאָט־שול, געשטאַנען ביים טויער — ווייל אַריינגיין אין שול איז ניט געווען מעגלעך — און זיך צוגעהערט צום מתיקותדיקן דאַווענען און נגינה פון חזן בלומענקראַנץ. איך געדענק ביים שלום זכר פון מיין ברודער משה אין יאָר תרנ"ז, און צום ברית, איז אויך געווען חזן בלומענקראַנץ מיט זיינע משוררים. הונדערטער מענטשן זיינען געשטאַנען אין גאַס הינטער די פענצטער צו הערן דאָס זינגען פון זיינע שיינע קאָמפּאָזיציעס.

יעדן יאָר, אום חנוכה, צום ערשטן ליכטל האָט ער געגעבן אַ חנוכה־קאָנצערט אין דער שטאָט־שול. ער האָט געבענטשט חנוכה ליכט מיט זיינע משוררים אין באַגלייטונג פון אַ יידישער מוזיק־קאַפּעלע פון דעם באַוואוסטן ריישער כלי־זמר מאָטל קרעבס. כאָטש עס איז געווען אין קאַלטן ווינטער און עס איז פונקט אַזוי קאַלט געווען אין שול, ווי עס איז געווען אין דרויסן, זיינען דאָך יידן געקומען אין מאַסן צום חנוכה־קאָנצערט און דאָרט געזעסן אָדער געשטאַנען צוויי־דריי שעה, אָדער מער. קאַלט? — ווער האָט עס געאַרט די קעלט? יידן זיינען געשטאַנען צוזאַמענגעדריקט, יעדער האָט אין זיך אַריינגעזאַפּט די זיסע טענער פון דעם חזנס נגינה און דאָס זינגען פון די משוררים.

אין די נײַנציקער יאָרן, אַלס יינגל, האָב איך די חנוכה־קאָנצערטן קיינמאָל ניט פאַרפעלט. איך בין אָפּט געקומען אין שול מיט אַ שעה צוויי פריער, כדי צו זיין נאָענטער צום חזן. חזן בלומענקראַנץ האָט זיך נוהג געווען צו באַזוכן אַלע רייכע שטאָט באַלעבאַטים דורך די אַכט טעג פון חנוכה נאָך מעריב, מיט זיינע משוררים און פאַר זיי זינגען חנוכה־קאָמפּאָזיציעס און דערפאַר באַקומען עטלעכע רייניש חנוכה־געלט. ער פלעגט אויך קומען צו אונדז אין דער היים. צום באַדויערן איז ער אַוועק פון דער וועלט אין זיינע מיטעלע יאָרן. ניט נאָר ריישע, נאָר

גאַנץ גאַליציע האָט געטרויערט אויף דעם פאַרלוסט פון איינעם פון די בעסטע חזנים און קאָמפּאָזיטאָרן פון יענער צייט. וואָלט חזן בלומענקראַנץ דאַמאָלט געלעבט אין אַמעריקע, וואָלט ער באַשטימט פאַרנומען דעם העכסטן פּלאַץ אין דער וועלט פון חזנות.

נאָך דער פּטירה פון חזן בלומענקראַנץ האָט די שטאָט מער קיין חזן ניט אויפגענומען. עס זיינען אָפט געקומען קיין ריישע חזנים אויף „פּראָבע". זיי האָבן געדאַוונט אין איינע פון די צוויי גרויסע שולן אום שבת. איך געדענק איינעם פון די חזנים, יאָסעלע ראָזענבלאַט, וואָס איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן געוואָרן איינער פון די גרעסטע און בעסטע וועלט־חזנים אין ניו יאָרק. ווען איך האָב אים געזען אין ריישע, איז עס געווען אין יאָר תרס"ב (1902). ער איז דאַמאָלט געווען אַ יונגערמאַן וואָס האָט זיך געגוויטיקט אין אַ שטעלע אַלס חזן.

געדאַוונט האָט ער מעריב אין אַ וואָכנטאָג אין דער וואלער שול, כדי צו דעקן די הוצאות. האָט ער פאַרלאַנגט 10 גראַצער איינטריט געלט. אַ שעה פאַר מנחה האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ טישל ביים שול־טויער און האָט איינקאַסירט אַ זעקסערל פון יעדן וואָס איז געקומען הערן אים דאַוונען. עס איז אויך דאָרט געווען אַ גרויסער עולם יידן וואָס זיינען געקומען אים הערן דאַוונען.

עס איז דעמאָלט קיין ריישע געקומען דאַוונען דער שפּעטער וועלט־באַרימטער חזן זיידעלע ראָוונער. עס זיינען אויך געקומען אַנדערע יונגע גוטע חזנים וואָס זיינען מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן וועלט באַרימט, אָבער קיינער פון זיי האָט ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון חזן בלומענקראַנץ.

## ר' זישא חזן און ר' משה אַמקרויט

אַ חוץ דעם שטאָט חזן, האָבן די צוויי גרויסע שטאָטישע שולן, די שטאָט־שול און די וואָליער שול, געהאַט אַן אייגענעם און שטענדיקן בעל תפלה. אויך זיי האָט מען גערופן מיטן טיטל „חזנים". ר' זישע איז געווען דער בעל תפלה פון דער שטאָט־שול. ער איז אויך געווען שמש ביים שטאָטישן בית דין. איך געדענק גוט רב זישע חזן. אַ שיינער הויך־געוואקסענער ייד, מיט אַ לאַנגער רויטער באָרד, מיט אַ טיפע און שטאַרקע סקאַרבאָווע שטימע וואָס קיינער האָט ניט געקאָנט

נאָכמאַכן. ער איז אויך געווען דער אָפּיציעלער חזן אויף חתונות און אַנדערע שמחות.

די וואָליער שול האָט אויך געהאַט אַן אייגענעם חזן — ר' משה אַמקרויט. ער איז געווען פון מיטעלן וואוקס אָבער זייער פעט געבויט. אַ חוץ חזנות האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט סופרות. ער איז געווען איי־נער פון די פּעאיקסטע סופרים אין גאַליציע און אַ ספּעציאַליסט אין שרייבן ספרי תורהס. אַלס יינגל, ווען מיר האָבן געוואוינט אויף דער וואליע, בין איך אָפט געקומען אין דעם שולעכל גמילת חסדים און צוגעקוקט ווי ער שרייבט אויף די יריעות פאַר אַ נייעם ספר תורה פאַרן שולעכל. ער איז געווען אַ קינסטלער אין דעם פאַך. ער האָט געהאַט זייער אַ גוטע און שטאַרקע טענאָר שטימע און איז אויך געווען דער בעל קורא אין שול. ער האָט זיך געקליידט פונקט ווי אַ חסידישער רבי. ער איז געווען אַ מטופל מיט אַ סך קינדער און האָט געפירט אַ געמוטשעטע לעבן. דאָס סופרות און חזנות האָבן ניט געטראָגן אויף פּרנסה. זיין עלטסטע טאָכטער, אַ יונגע מיידל מיט אַ געשעפטס־קאָפּ און געשעפטס־גייסט, האָט אים צוגערעדט אַז ער זאָל עפענען אַ געוועלב מיט זיסע בעקערייען. ער האָט טאַקי געעפנט אַזאַ געוועלב אויף דער וואליע. זיין טאָכטער האָט דאָס געשעפט געפירט. אין משך פון דריי־פיר יאָר האָט זי אַרויפגעאַרבעט דאָס גרעסטע יידישע דעליקאַטעסן און זיסע בעקעריי געשעפט אין שטאָט. ר' משה האָט זיך שפּעטער צוריקגעצויגן פון חזנות און סופרות. ווען איך האָב פאַרלאָזט ריישע איז ער שוין געווען אַן עושר.

איידער איך פאַרענדיק דאָס קאַפּיטל פון די צוויי שול־חזנים, וויל איך אויך באַשרייבן די גרויסקייט און שיינקייט פון די צוויי באַרימטע בתי כנסיות, די וואליער שול און די שטאָט־שול.ביידע שולן זיינען געווען געבויט אויפן זעלבן שטייגער — ריזיק הויכע בנינים, אַביסל העכער פון דריי שטאָק מיט זייער לאַנגע גרויסע פענצטער. אין מיטן פון שול איז געווען אַ בימה, צען פוס הויך, אַרומגערינגלט מיט פיר ריזיק ברייטע און רונדע זיילן מיט שטיגן אַרויפצוגיין פון ביידע זייטן. די מזרח־וואַנט, ווי אויך די איבעריקע ווענט און דער שול באַלקן זיינען געווען באַצירט מיט גאָלד און זילבער מאָלערייען, מיט גרויסע קינסט־לעריש אויסגעאַרבעטע לייבן און אָדלערס, באַפּוצט מיט גאָלד־פאַרב, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי לעבעדיק. דער ארון קודש איז אויך געווען צען פוס הויך, אַרויפצוגיין מיט שטיגן; ביי דער רעכטער זייט פון די שטיגן איז געווען דער עמוד. פון באַלקן האָבן אַרונטערגעהאַנגען קינסט־

לעריש אויסגעאַרבעטע שיינע מעשענע לײַכטער, מאַנכע פון זיי האָבן געהאַט איבער דרייסיק רערן פאַר ליכט. דאָס האָט געדינט אַלס די איינ־ציקע באַלייכטונג. קיין נאַפט־לאָמפּן האָט מען אין שול ניט באַנוצט. אַנטקעגן איבער דעם שול־טויער, צווישן די צוויי בימה זיילן איז גע־שטאַנען אין דער הויך אויף צוויי אונטערגעשפּארטע זיילן אַ קליינע זאָפע, זייער קינסטלעך אויסגעאַרבעט, מיט די שענסטע האַנט־שטריקע־רייען — אַן אמתער אַנטיק. דאָס האָט מען גערופן „כסא של אליהו הנביא". אין די פריערדיקע יאָרן האָט מען די זאָפע באַנוצט אַלס אַ פּלאַץ פאַרן סנדיק, ווען עס איז פאָרגעקומען אַ ברית אין שול. די שול־ווענט זיינען אויך געווען באַצירט מיט טאָוולען, מיט קינסטלעך אויסגעאַרבעטע ראַמען פון גאָלד און זילבער קאָלירן — אַלץ קינסטלע־רישע האַנט־אַרבעט. אויף די ריזיק גרויסע טאָוולען זיינען געווען האַנט־געדרוקטע גאָלדענע אותיות פון תהילים און אַנדערע מאמרים, וואָס האָבן זיך דערצו צוגעפּאַסט.

די שול־פּאָדלאָגע איז געווען אַ שטיינערנע פיין אויסגעאַרבעט ווי אויך די הילצערנע, שיינע אויסגעאַרבעטע זיץ־פּלעצער מיט די שיינע צו־געפּאַסטע שטענדערס. די זיץ־פּלעצער אין מזרח, און אויך די זייטיקע, זיינען געווען דער אייגנטום פון די וואָס האָבן די „שטעט" געקויפט, אויף לעבנסלאַנג. די שולן האָבן ניט געהאַט קיין באַהייצונג. אום זומער איז אין די שולן געווען אַנגענעם קיל, איבערהויפּט אין די הייסע טעג. אָבער אום ווינטער איז געווען זייער קאַלט, איבערהויפּט ווען די טעמ־פּעראַטור איז געפאַלן אונטער נול. דאָך זיינען יידן געקומען דאַוונען אין שול אין די גרעסטע קעלטן און שניי־שטורעמס. זיי זיינען געזעסן איינגעהילט אין זייערע טוליפּעס און פוטערנע פּעלצן וואָס האָבן זיי באַשיצט.

די שולן האָבן ניט געהאַט קיין מזוזות ביים אַריינגאַנג. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס די שולן האָבן פאַרנומען דעם פּלאַץ פון בית־המקדש וואָס איז אויך געווען פריי פון מזוזות. האָבן טאַקי די יידן געקושט די רעכטע זייט פון דער וואַנט ביים אַריינגאַנג פון שול. עס איז אויף דעם מזוזה־פּלאַץ אַלע מאָל געווען אַ ברייטער טונקעלער פלעק, דאָס איז געקומען פון דער באַרירונג פון די טויזנטער הענט וואָס האָבן באַרירט דעם מזוזה־אָרט מיט זייערע פינגער און געקושט.

צוליב דעם וואָס די שולן האָבן קיין מזוזות ניט געהאַט, האָט מען אונדז איינגערעדט, אַז יעדע נאַכט ביי חצות, קומען אַלע שדים פון שטאָט דאַוונען אין די צוויי שולן. איז עס דערפאַר אַ סכנה דורכצוגיין דאָרט

שפּעט ביינאַכט. איך האָב דעמאָלט געוואוסט פון אַ סך יידן וואָס האָבן אויסגעמידן צו גיין שפּעט ביינאַכט אין די שול־געגנטן. ווייל פּונקט ווי מיר חדר־יינגלעך, האָבן זיי אויך געגלויבט אַז שדים דאַוונען דאָרט יעדע נאַכט צוליב דעם וואָס די שולן האָבן ניט קיין מזוזות. און אויב איינער גייט פאַרביי דער שול שפּעט נאָך מיטנאַכט, בשעת די שדים האָבן קריאת התורה און יענער ווערט אויפגערופן צו דער תורה, מוז ער אַריינגיין — האָט מען זיך טאַקי געשראָקן ניט אַריינצופאַלן צו די שדים.

די דערמאָנטע צוויי שולן וואָס זיינען געווען עטלעכע הונדערט יאָר אַלט זיינען געווען באַוואוסט אַלס די שענסטע בתי תפלות אין גאַליציע.

לינקס פון דער שטאָט־שול איז געווען דער אַריינגאַנג צום שטאָטישן בית המדרש וואו עס האָבן געדאַוונט פיל פון די ניט חסידישע, אָבער זייער אָנגעזעענע שטאָט באַלעבאַטים. עס האָט אויך דאָרט געדאַוונט דער שטאָט רב ר׳ העשיל. לינקס פון בית המדרש איז געווען די שטאָט־קלויז. אין פראָנט פון קלויז איז געווען אַ פרייער, דריי־עקיקער פּלאַץ, וואו עס האָבן זיך אָפּט פאַרזאַמלט יידן פאַר זמן תפלה, איבערהויפּט אין אַ זומער־אָוונט פאַר מנחה־מעריב. דער פּלאַץ האָט אויך געדינט אויף קידוש לבנה לבנה און אויך פאַר די קליינהענדלער (פּעדלערס). אין שטאָט זיינען געווען פיל פון די הענדלער. זיי האָבן אָנגעקויפט סחורות, און האָבן עס געבראַכט אויפן פּלאַץ פאַר דער קלויז צו פאַרקויפן. אין הויז צו דער רעכטער זייט פון קלויז איז געווען אַ קליינע שענק וואו יידן ספּעציעל די פּעדלערס, האָבן אַריינגעכאַפּט אַ טרונק־בראַנפן און פאַרביסן מיט אַ שטיקל שמאַלץ־הערינג. דער אייגנטימער איז געווען משה אַפּריל, אָבער גערופן האָט מען אים „דער באַשעפער״. דאָס איז געווען אַ באַוואוסטער נאָמען צווישן די יידן אין שטאָט. אום ווינטער פלעגט מען אויף דעם פּלאַץ אויך פאַרקויפן געבאַקענע קאַר־טאָפל און געבראָטענע עפּל און אויך קוקורוזענע באָבעלעך. האַרט ביים טראָטואַר זיינען אויך געווען עטלעכע בודקעס וואו יידן האָבן פאַר־קויפט בעקערייען, פרוכט און אַנדערע אַרטיקלען.

## שבתי לויפער

ווער אין ריישע האָט ניט געקאָנט שבתי דעם לויפער? שבתי איז געווען איינער פון די מערקווירדיקסטע יידישע טיפּן אין שטאָט.

איך געדענק שבתין אין די נײַנציקער יאָרן אַלס אַ זייער שײנער און הויך־געוואַקסענער מאַן. זיין קליידונג איז געווען פון דייטשן טראַכט, פון אַלטע, אָפּגעטראָגענע מלבושים. ער איז געווען פיזיש שטאַרק און זייער אַטלעטיש אַנטוויקלט. זיין שיין פּנים איז געווען באַצירט מיט אַ שײנער אַרומגעשווירענער באָרד, מיט שײנע בלויע אויגן (מיט יאָרן שפּעטער איז ער געוואָרן בלינד אויף אַן אויג). כאָטש ער איז געווען אַן עם־הארץ, אָן וועלכע בילדונג, האָט ער דאָך געהאַט באַזונדער גוטע מעלות. ער איז גראַד געווען זייער אַ קלוגער מאַן און אַ גרויסער וויצלער דערצו.

גערופן האָט מען אים „לויפער" צוליב דעם וואָס אין זיינע יונגע יאָרן איז ער געווען אַן אַטלעטישער לויפער. געטאָן האָט ער עס ניט צוליב ספּאָרט, נאָר כדי צו פאַרדינען עטלעכע קראָנען. אין אַ געוויסן זומער־טאָג, ווען אין דרויסן איז געווען וואַרעם און שיין, האָט ער זיך באַקליידט אין אַ רויטן געפּאַסטן צירקוס קאָסטיום, באַהאַנגען מיט קליינע גלעקלעך, אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען אין שטאָט און אויסגערופן אַז דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג וועט ער לויפן 25 מאָל אַרום דעם וואָליער מאַרק אָן אַן אָפּשטעל. דאָס איז טאַקי געווען אַ וואונדער. דערצו האָט זיך געפּאָדערט אַן אויסערגעוויינלעכע גבורה.

געדענק איך ווי שבתי האָט דורכגעפירט אַזאַ „לויפער־פּאָרשטעל־לונג" אויף דער ריישער וואָליע וואו מיר האָבן דאַמאָלט געוואוינט. דאָס איז געווען אין יאָר 1896. אַלס אַ זעקס־יאָריקער יינגל, האָב איך שבתין באַוואונדערט און פאַרגעטערט פאַר זיין שײנעם אַטלעטישן אויסזען.

אונטער דעם קלאַנג פון די גלעקלעך וואָס האָבן באַצירט זיין קאָ־סטיום, איז ער צוערשט אַרומגעגאַנגען עטלעכע מאָל דעם וואָליער מאַרק, וואו דאָס קליינוואַרג איז אים נאָכגעגאַנגען און וואו עס האָבן זיך שוין פאַרזאַמלט עטלעכע הונדערט מענטשן, וועלכע זיינען געקומען זען דעם וואונדער פון זיין לויפן. גייענדיק, האָט ער געוואָרנט די פאַר־זאַמלטע, אין דער פּוילישער שפּראַך, אַז אין דער צייט ווען ער וועט לויפן זאָלן אַלע פאַרזאַמלטע זיין פאָרזיכטיק און ניט שטיין אָדער גיין אין זיין וועג, אַז ער וועט ניט זיין פאַראַנטוואָרטלעך אין פאַל פון אַ צוזאַמענשטויס מיט וועמען וואָס וועט גראָד זיך געפינען אין זיין לויף־וועג. נאָך עטלעכע מאָל אַרומגיין אַרום דעם וואָליער מאַרק און ריידן צו די פאַרזאַמלטע האָט ער אָנגעפאַנגען לויפן צו דער באַוואונדערונג פון עולם און טאַקי געלאָפן אָן אַן אָפּשטעל ביז ער האָט דערגרייכט זיין ציל.

ווען ער איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן לויפֿן, האָט ער גענומען אַ גרויסע שיסל און אַן אויסגעמאַטערטער איז ער אַרומגעגאַנגען צווישן די פֿאַרזאַמלטע וועלכע האָבן אינעם שיסל אַריינגעוואָרפֿן עטלעכע גראַ־צער. אויך זיין ווייב, מיט אַ זויג־קינד אין דער האַנט און עטלעכע קליינע קינדער אירע וואָס האָבן זיך איר נאָכגעשלעפּט, איז אויך אַרומ־געגאַנגען מיט אַ שיסל צו העלפֿן איינקאַסירן די גראַצער פֿון די פֿאַר־זאַמלטע.

קיין גליקן האָט אים די לויף־פּראָפֿעסיע ניט געבראַכט. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען אַ קבצן און האָט געלעבט פֿון קצבה. ער האָט אָפֿט געבעטעלט נדבות. ווען איך בין געוואָרן עלטער, האָב איך זיך געוואונדערט, היתכן ווי קומט עס, אַז אַזאַ שיינער קלוגער מאַן, מיט גרויסע פֿעאיקייטן, זאָל פֿירן אַזאַ בעטלעריש לעבן? דער תּרוץ איז, דאָס אַלס אַן אָרעמער יינגל ביי אָרעמע עלטערן האָט ער ניט געהאַט די ריכטיקע דערציאונג. ווען עס וואָלט אים געשפּילט דער מזל גע־בוירן צו ווערן ביי רייכע עלטערן און קריגן אַ גוטע מאָדערנע דער־ציאונג, וואָלט ער אויסגעוואקסן אַ גרויסע פּערזענלעכקייט וואָס וואָלט געבראַכט אַ סך נוצן דעם שטאָט און זיין פֿאָלק.

יאָ, יעדער ייד אין ריישע האָט געקאָנט שבתין. מ׳האָט אַפֿילו מורא געהאַט פֿאַר אים. ניט אַזוי פֿאַר אים, ווי פֿאַר זיין מויל. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין זידלען מענטשן מיט נידעריקע אויסדרוקן באַגלייט פֿון קללות נמרצות וואָס מ׳האָט זעלטן געהערט. ער האָט פֿאַרפּאַסט נייע קללות איבער נאַכט. וואו עס איז געווען אַ חתונה, אַ ברית אָדער גלאַט אַ שמחה איז דאָרט געווען שבתי צו כאַפּן אַ טרונק־בראנפֿן און אַ גראַצער. ווען איך האָב פֿאַרלאָזן ריישע, איז ער שוין געווען אין די פֿופֿציקער יאָרן — שוין ניט מער דער אַטלעט שבתי וואָס מיר האָבן געקאָנט אין די נײַנציקער יאָרן.

## דער יידישער רופֿא

חוץ די יידישע באַוואוסטע דאָקטורים האָט די שטאָט אין יענע יאָרן געהאַט דריי יידישע רופֿאים (פֿעלדשערס), וואָס האָבן באַהאַנדלט די יידישע און אויך די גויאישע באַפֿעלקערונג. ווען זיי האָבן זיך גענויטיקט אין מעדיצינישער הילף.

דער רופא האָט קיין מעדיצין קיינמאָל ניט שטודירט. ער איז אייגנטלעך געווען אַ פריזירער (באַרבער) ביי פּראָפעסיע, געשוירן האָר און געגאָלט בערד. ער האָט געאַרבעט אין זיין פריזער שטוב צו מאַכן אַ לעבן. די מעדיצינישע פּראָפעסיע איז געווען אַ זייטיקע, וואָס האָט אים אַריינגעבראַכט עקסטראַ עטלכע גילדן אַ יאָר.

ווען עס איז ערגעץ וואו אין אַ יידישער היים עמיצער קראַנק געוואָרן, און אויב דער פּאַציענט איז געווען אַ קליין קינד, האָט מען צוערשט „אָפּגעלאָשן אַן עין הרע" און באַנוצט פאַרשידענע סגולות. אויב דער חולה איז געווען אַ דערוואַקסענער מענטש, האָט מען צוערשט אַליין געדאָקטערט. ווען דער פּאַציענט האָט זיך ניט געבעסערט, האָט מען באַלד געשיקט רופן דעם רופא, וועלכער האָט דעם חולה באַקוקט און באַטאַפּט און זיך באַלד גענומען צו דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג. אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַרקילונג מיט אַ האַלדז־ווייטיק, האָט דער פעלדשער אויסגעפּענזלט דעם האַלדז. איז עס געווען אַ ברוסט־פאַרקילונג — האָט ער געשטעלט באַנקעס אויף די פּלייצעס. איז עס געווען אַ לונגען־אַנטצינדונג — האָט ער געשטעלט פּיאַווקעס אויף די פּלייצעס. איז עס געווען אַ פאַרדאָרבענער מאָגן — האָט ער געמאַכט אַ קאַנע. ער האָט אויך איבערגעלאָזט אינסטרוקציעס ווי אַזוי דעם חולה צו באַהאַנדלען. דערפאַר פלעגט ער באַקומען 25 ביז 50 קרייצער, לויט דעם פּאַציענט. אויב דער קראַנקער האָט זיך ניט געבעסערט און האָט באַקומען אַ הויכן פיבער, האָט מען ערשט דאַמאָלט געשיקט רופן דעם דאָקטאָר.

אין ריישע זיינען אין די ניינציקער יאָרן געווען דריי גוט־באַוואוסטע רופאים. דער ערשטער און מער באַוואוסטער איז געווען קלמן רופא (גאָלדמאַן). ער האָט געהאט זיין פריזער שטוב אויף דער וואַליע. חוץ מעדיצין האָט ער זיך אויך אָפּגעגעבן מיט צאָן־דאָקטעריי. ער האָט אויך געריסן ציינער. געטאָן האָט ער עס אַזוי גוט און געשיקט, פּונקט ווי אַ היגער גוטער דענטיסט, אָבער אָן אַנאַסטעטיק אָדער וועלכע איינשלאָף־מיטלען. חוץ די צוואַנג, מיט וועלכן ער האָט געריסן די ציינער, האָט ער קיין אַנדערע נויטיקע אינסטרומענטן ניט געהאַט, אויך ניט קיין באַשטימטן פּלאַץ פאַר דעם. ער האָט דעם פּאַציענט אַריינגעפירט אין אַ זייטיק שטיבל ביים ריקוואַרטיקן אַרויסגאַנג פון פריזער שטוב, אים אַוועקגעזעצט אויף אַ בענקל לעבן פענצטער, געהייסן עפענען דאָס מויל און געזוכט דעם שלעכטן צאָן. ער האָט שנעל און אומבאַמערקט אָנגעכאַפּט דעם צאָן מיט דער צוואַנג און בליץ שנעל דעם צאָן אַרויס־

געריסן. די געשרייען פון דעם פּאַציענט האָט מען געקענט הערן ווייט אַוועק. דער פּאַציענט האָט באַצאָלט די 30 קרייצער און איז אַוועקגעגאַנגען שפּייענדיק מיט בלוט.

דער צווייטער באַוואוסטער רופא איז אויך געווען אַ פּריזירער, זיין נאָמען איז געווען עהרליך. ער האָט געהאַט זיין פּריזיר שטוב אין מאַרק. ער האָט זיך אָפּגעגעבן בלויז מיט מעדיצינישער באַהאַנדלונג. אַלס קינד געדענק איך אים ווי אַ גאַנץ אָפטן באַזוכער ביי אונדז אין דער היים. מ׳האָט פון אים זייער פיל געהאַלטן.

דער דריטער רופא האָט געהייסן „מאַנדל רופא״. ער האָט געהאַט דעם פּריזיר־שטוב אויפן פיש־פּלאַץ, אַנטקעגן איבער דעם שפּאַציר גאָרטן. אויך ער האָט געהאַט אַ גרויסע פּראַקטיקע פון „מעדיצין״. ער האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט צאָן־באַהאַנדלונג אָבער ניט מיט רייסן ציינער. ער האָט אָפּגעשטעלט צאָן־שמערצן. אויב עס איז ווער צו אים געקומען מיט צאָן־ווייטיק און אַ געשוואָלענעם פּנים, האָט ער אין דעם לעכל פון קראַנקן צאָן אַיירנגעלייגט אַ שטיקל וואַטע איינגעטונקט אין מעדיצין וואָס האָט אָפּגעשטעלט די שמערצן.

קיין איינציקער פון די רופאים האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו פּראַקטיצירן די „האַלב־דאָקטאָרשע״ פּראָפעסיע. זיי זיינען אָבער אָנ־געגאַנגען מיט דער אַרבעט אומגעשטערט. איבער די 23 יאָר וואָס איך האָב אין ריישע געלעבט, האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז אַ קראַנקער זאָל ליידן פון דער באַהאַנדלונג פון די אויבן דערמאָנטע רופאים.

# ימים טובים אין ריישע

געווידמעט מיין ברודער
מאיר און זיין פרוי גיטל

## פסח

די שענסטע צייט איז פאַר מיר, אַלס ייִנגל, געווען פאַר־פסח, צוליב צוויי טעמים. ערשטנס האָט זיך באַוויזן די פרילינגס־זון, די אייז האָט אָנגעהויבן צו שמעלצן און עס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן די אנגענעמע פרי־לינגס ווינטן. צווייטנס, איז מען שוין די וואָך פון פסח אין חדר ניט געגאַנגען, ווייל די חדרים האָבן געדאַרפט דורכגיין אַ רייניקונג צוליב פסח. די רייניקונג איז באַשטאַנען פון קאַלעכן די ווייסע ווענט, וואַשן און רייניקן אַלצדינג וואָס איז אין שטוב. דאָס האָט אָפּט געדויערט מער ווי אַ וואָך צייט, האָבן מיר חדר־ייִנגלעך דערווייל געלעבט אַ גוטן טאָג.

באַלד נאָך פורים האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרברייטונגען צו פסח. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דער טומל פון מצות באַקן ביי די ייִדישע בעקערס. אין די יאָרן האָט אַ ייד ניט געקויפט קיין מצות. מ׳האָט „גע־באַקן" מצות. פאַרקומען פלעגט עס אַזוי: יעדער פון די באַלעבאַטים האָט ביים בעקער באַשטעלט אַ געוויסן טאָג. אין דעם טאָג איז ער גע־קומען צום בעקער צוזאַמען מיט זיין ווייב און עלטערע קינדער און דאָרט געבאַקן די מצות. זייער דאָרט זיין איז געווען צוליב דעם, זיי זאָלן אַכטונג געבן אַז די מצות זאָלן געבאַקן ווערן לויט דעם דין.

דער גרעסטער טומל פלעגט פאַרקומען די וואָך פון פסח, ווען עס פלעגט זיך אָנפאַנגען דאָס רייניקן פון די וואוינונגען. מ׳פלעגט אַרויס־נעמען אַלע ספרים אין דרויסן און זיי אויסלופטען; מ׳האָט גערייניקט די צימערן, דאָס מעבל, געוואַשן און געמאָלן. אַ טאָג פאַר ערב פסח איז יעדע ייִדישע היים געווען פאַרטיק צום פסח.

פסח — דער יום טוב פון פרייהייט. די ערשטע סדר נאַכט: מ׳האָט

נאָר וואָס אָפּגעדאַוונט אין די בתי תפלות. יידן איילן זיך אַהיים איבער־צונעמען די מלוכהביים סדר טיש. עס פילט זיך אַנדערש ווי אין אַנדערע יום־טובים נעכט. אַפילו די יידן וואָס גייען פון שול זעען אויס אַנדערש. היינט גייט דער ייד פריי און שטאָלץ, מיטן קאָפּ אַרויף. היינט האָט ער פאַר קיינעם קיין מורא ניט. היינט נאַכט, פאַרן שלאָפן, וועט ער קיין קריאת שמע ניט זאָגן, היינט איז ליל שמורים.

אויך די הויז גופא איז גאַנץ אַנדערש. דאַכט זיך די זעלבע הויז, די זעלבע מעבל, די זעלבע מענטשן, דאָך קוקט אַלץ אויס אַנדערש ווי אַ גאַנץ יאָר. די אַטמאָספערע, די פסחדיקע כלים, די גלעזער, די מאכלים, דער ריח פון די געקעכצן שמעקט גאַנץ אַנדערש. דער פסח פילט זיך אין יעדן ווינקל פון הויז. יידן זעצן זיך צום סדר־טיש אַרומגערינגלט פון גאַנצן בני בית. די טישן זיינען באַצירט מיט די טייערסטע זילבערנע און גאָלדענע כלים, אויך ביי די אָרעמע זיינען די טישן געדעקט מיט דעם בעסטן וואָס זיי פאַרמאָגן. דעם סדר־טיש האָט מען געשטעלט לעבן אַ בעט, וואָס האָט געדינט אַלס אַ הסב בעט פאַרן בעל־הסדר. אויפן בעט איז ער געזעסן בהרחבה, געזאָגט די הגדה און געגעסן אָנגעלענט אויף די ווייכע קישנס.

אויך די ריישער גאַסן האָבן געהאַט אַ פסחדיקן אויסזען. איבער־הויפּט דער ריישער מאַרק, ווייל אום חול־המועד פסח זיינען אַלע דאָרפס־יידן, וואָס האָבן געהאַט דערוואַקסענע קינדער פאַר שדוכים, געקומען אין שטאָט אַריין און זיך אָפּגעשטעלט מיט זייערע פערד און וואגנס אין מיטן מאַרק, אויסגעפּוצט אין זייערע שענסטע מלבושים. געקומען זיינען זיי ניט צוליב געשעפטן, נאָר כדי צו שליסן שדוכים צווישן זיך מיט זייערע קינדער. עס פלעגן זיך אַרום זיי אַרומדרייען עטלעכע שטאָטישע שדכנים. אַזוי אַרום פלעגן יעדן טאָג אויסגעפירט ווערן עטלעכע שדוכים צווישן די דאָרפס באַלעבאַטים. די „סחורה" איז געווען גלייך אויפן פּלאַץ, מ'האָט זיך אָנגעקוקט און אויב עס איז ביידע צדדים געפעלן, האָט מען געעפנט אַ פלעשל בראנפן, טאַקי אין מיטן מאַרק. מ'האָט געמאַכט אַ וואָרט, געטרונקען לחיים און געוואונטשן זיך מזל טוב. עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען געשריבן תנאים און דריי־פיר חדשים שפּעטער האָט מען געפּראַוועט די חתונה.

איך, שוין אַלס אַ בחור פון 12־13 יאָר, בין אָפט געקומען אין מאַרק אום חול המועד, זיך געדרייט אַרום די דאָרפישע וואגענעס און געקוקט אויף די יונגע שעמעוודיקע פּנימער פון די יונגע מיידלעך און בחורים. מאַנכע פון די דאָרפס־מיידלעך זיינען אויך געווען אויסער־

געװײנלעכע שײנקײטן, װאָס דער פײנסטער שטאָטישער יונגערמאַן װאָלט זיך אין זײ פאַרליבט. מיר האָבן אָבער דאַמאָלט געלעבט אין אַן אַנדער צײט און אַטמאָספערע.

אויך אין קלויז און אין די אַנדערע בתי תפלות איז אום פּסח די אַט־מאָספערע געװען גאַנץ אַנדערש װי דעם גאַנצן יאָר. די מתפללים זײנען געװען אין אַ גוטער שטימונג. די פּנימער זײנען געװען באַצירט מיט אַ שמײכל און פרײלעכקײט.

בײ די עקסטרעמע חסידים איז די הויפּטזאַך פון פּסח געװען די הגדה, ניט די קנײדלעך, צוליב דעם װײל זײ האָבן ניט געגעסן קײן „געבראָקטס". אַזאַ ײד איז געװען עקסטרעם אין אויסהיטן זיך פון חמץ. אויב ער האָט געהאַט דעם מינדסטן חשש, האָט ער ניט געגעסן. זײ האָבן טאַקי ניט געגעסן קײן קנײדלעך, לאַטקעס, געפילטע פיש, געבראָקטע מצה אין די יויך, קוגל פון מצה־פאַרפל מצה־ברײ — װאָס זײנען דעמאָלט (און אויך הײנט) די הויפּט פּסחדיקע מאכלים. זײ האָבן עס ניט געגעסן צוליב דעם, װײל אין די אויבן־אויסגערעכנטע מאכלים איז געװען אַ חשש חמץ. קײן װײסע מצות האָבן זײ אויך ניט געגעסן צוליב דער זעלבער אורזאַך. זײ האָבן בלויז געגעסן מצה שמירה, װאָס איז געװען פון גאַנצן געמאָלענעם װײץ. די שמירה מצות פאַר די סדרים פלעגן זײ אַלײן באַקן ערב פּסח. בײם באַקן מצות האָבן זײ געזאָגט גאַנץ הלל בצבור אין דער בעקער שטוב. אַפילו די גרעסטע רבנים האָבן עס געהאַלטן פאַר אַ מצוה צו גײן צום בעקער אום ערב פּסח כדי צו העלפן באַקן די שמירה מצות פאַר די סדרים.

בײ די חסידים האָבן זיך אָנגעהויבן די פאַרברײטונגען פאַר די שמירה מצות דעם טאָג װען מ'האָט דעם װײץ געשניטן אין פעלד אין זומער־צײט. עס פלעגן דאַמאָלט קומען אין פעלד צום שניט עטלעכע חסידישע ײדן װאָס פלעגן דאָרט שטײן אַלס משגיחים פאַר דער גאַנצער צײט װאָס דער װײץ איז געשניטן געװאָרן און איז אַרויפגעלײגט געװאָרן אויפן װאָגן. זײ האָבן אויך דעם װאָגן באַגלײט ביז צום פּלאַץ, װאו מ'האָט דעם געשניטענעם װײץ אָװעקגעלײגט אויף אַ זיכערן אָרט. זײ פלעגן אויך שטײן בײ דער מיל װען מ'האָט דעם װײץ געמאָלן מיט אַ האַנט־מיל און די מעל באַהאַלטן ביז פאַר־פּסח. אַזוי אָפּגעהיט זײנען זײ געװען.

װי איך האָב פריער געשריבן, האָבן די אָפּגעהיטענע ײדן זיך אויס־געהיט פון עסן די גוטע געשמאַקע פּסחדיקע מאכלים צוליב די דער־מאָנטע טעמים. זײ האָבן עס אָפּגעהאַלטן ביז שביעי של פּסח אָװנט.

אַזוי שנעל ווי עס איז געוואָרן טונקל, האָבן די חסידים ניט געוואַרט, זיי פלעגן באַלד מאַכן אַ מנין אין פּאָליש און שנעל אָפּדאַווענען מעריב, און אויך באַלד לויפן אַהיים צו דערכאַפּן די האַרץ מיט אַ שטיקל געפילטע פיש, קניידלעך, געשטאָפּטע העלדזלעך — זיי פלעגן די שמאַלציקע מאכלים אויסלעקן. דאָס איז געווען דער איינציקער פסח־טאָג וואָס די חסידים האָבן געפילט דעם טעם פון די פסחדיקע מאכלים.

דעם ערשטן טאָג פסח, אויב עס איז געווען אַ וואַרעמער און זוניקער טאָג, פלעגן זיך באַלד נאָכן עסן באַווייזן אין מאַרק הונדערטער מענטשן, אויסגעפּוצטע אין נייע מלבושים. עס האָט אויסגעזען ווי אַן „איסטער פּאַרייד" אויף דער 5טער עוועניו אין ניו יאָרק. עס פלעגן שפּאַצירן פרויען, מענער, יונגעלייט, מיידלעך און קינדער אין זייערע נייע פּסח־דיקע קליידער לויט דער דאַמאָלסטדיקער מאָדע.

שיין איז געווען פסח אין ריישע. פסח — דער יום טוב פון ימים טובים.

# שבועות

ביי די חסידים איז געווען אַ מנהג צו פאָרן צו אַ רבין ניט ווייניקער ווי איינמאָל אין יאָר. די בעסטע צייט איז געווען שבועות. אַלס אַ חסידישער קלויז־בחור בין איך פאַר־שבועות אַרומגעגאַנגען אַן אומע־טיקער צוליב דעם, ווייל אַ גרויסער טייל פון מיינע חסידישע קלויז־חברים, און אויך באַלעבאַטים, זיינען געפאָרן יעדער צו זיין רבין. אַזוי ווי איך בין געווען אַ גרויסער אָנהענגער פון די רבנים פון דער ריזשינער גזע, האָט זיך מיר אויך זייער געוואָלט פאָרן צו איינעם פון זיי אויף יום טוב. מיך האָט עס געצויגן קיין ביאַן, וואו עס האָט געפירט אַ גרויסן רבישן הויף דער רבי ר' איטציניו, דער זון פון אַלטן סאַדי־גערער רבין ר' אברהם יעקב. צום באַדויערן האָב איך זיך דאָס ניט געקאָנט דערלויבן צוליב צוויי טעמים. ערשטנס, וואָלטן עס מיינע עלטערן ניט דערלויבט. צווייטנס, האָט מיר געפעלט דאָס נויטיקע געלט פאַר רייזע הוצאות. האָב איך מקנא געווען מאַנכע פון מיינע חברים, וואָס זיינען יאָ געפאָרן און האָבן געהאַט די זכיה צו זיין מיט זייער רבין אונטער איין דאַך אום יום טוב.

ערב שבועות: די יידישע טיילן פון שטאָט זיינען זייער פאַרנומען,

מענער און פרויען איילן זיך מיט די פארברייטונגען צום יום טוב. דאָס יונגוואַרג לויפט ערגעץ צום וויסליק, וואו עס שטייען ביי די ברעגעס הויכע בוימער מיט שיינע פרישע גרינע בלעטער. זיי רייסן אָפּ קליינע צווייגלעך און ברענגען עס אין די שולן און אין אַנדערע בתי תפלות. אין הויז זיינען די ווייבער פאַרנומען מיט קאָכן שבועותדיקע קרעפּלעך און באַקן קעז־קיכלעך. באַלד נאָך מיטאָג זעט מען שוין הונדערטער יידן גיין פון שוויץ־באָד, מיט אויסגעצוואָגענע בערד און פאות. מ׳איילט זיך אַהיים כדי זיך צוגרייטן צום גרויסן יום טוב שבועות.

שבועות: דרויסן איז זומער, די לופט איז וואַרעם, די זון־שטראַלן רייסן זיך אַריין אין קלויז דורך די גרויסע אָפענע פענצטער, די הענג־לייכטער זיינען באַצירט מיט פרישע גרינע בלעטלעך. די קלויז איז ניט איבערגעפילט מיט מתפללים ווי אַלע מאָל, ווייל אַ גרויסער טייל פון די באַלעבאַטים זיינען געפאָרן יעדער צו זיין רבין, אָבער די יידן וואָס זיינען אין קלויז דאַוונען מיט גרויס התלהבות. היינט איז שבועות, דער יום טוב פון בכורים און קבלת התורה.

דער בעל הקורא הויבט אָן זאָגן די שיינע קאָמפּאָזיציע פון אקדמות, וואו עס ווערט דערציילט די גרויסקייט פון גאָט, דעם האַר פון דער וועלט וואָס זיצט אויף אַ פייערדיקן שטול, אַרומגערינגלט מיט אַ חיל פון טויזנטער זעקס־פליגלדיקע מלאכים, וואָס באַדינען און לויבן אים. עס לויבן אים אויך די צדיקים, וואָס טוען זיין ווילן פון ווען די זון גייט אויף און אונטער. גאָט וועט זיי באַצאָלן פאַר זייערע גוטע מעשים, זיי וועלן אַרומשפּאַצירן אין גן־עדן טאַנצנדיק מיט דער שכינה. עס וועט קומען דער שור הבר מיט זיינע גרויסע הערנער, דער שטאַרקסטער פון אַלע בהמות, ער וועט זיך צוגרייטן צו פירן אַ מלחמה מיט דעם ריזיקן גרויסן לויתן. עס וועט קומען דער באַשעפער מיט זיין שווערד און וועט צוגרייטן אַ סעודה פאַר די צדיקים, וואָס וועלן זיצן אַרום טישלעך אין גן עדן. זיי וועלן אויך טרינקען פון דעם יין המשמר, וואָס איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ קעלטער פון דעם טאָג וואָס די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן. גרויס איז אונדזער גאָט, וואָס האָט אונדז געגעבן די תורה. אַלע יידן אין קלויז פילן זיך ווי געשפּאַנט, פונקט ווי זיי וואָלטן געשטאַנען ביים באַרג סיני.

אַזוי ווי איך בין געווען אַ פאַרעהערער פון ביאַנער רבין, האָב איך געדאַוונט שבתים און ימים טובים אין דער ביאַנער קלויז. די קלויז איז געווען אין אַ שטיבל פון אַ האַלב צעבראָכענעם הילצערן הייזל אויפן טעפּער געסל. די אויסשטאַטונג פון שטיבל איז געווען זייער אָרעם,

מיט אַלטע האַלב־צעבראָכענע טישן און בענק, אָבער צווישן די חסידים האָט געהערשט דער גייסט פון סאַדאַגורער חסידות, די מידה פון אהבת חברים האָט דאָרט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע. ווען עס איז געקומען זמן התפלה ווען די חסידים זיינען געקומען דאַווענען, האָט יעדן אַרומגענומען אַ וואַרעם געפיל; מ׳האָט געפילט פונקט ווי מ׳זיצט אין אַ פּאַלאַץ. צווישן די ביאַנער חסידים זיינען געווען עטלעכע גבירים. איך געדענק איינעם פון זיי, ר׳ בערל מעלער, אַ רייכער לעדער סוחר, אויך ר׳ יצחק לאַנדוי, דער אייגנטימער פון דער גרעסטער ספּעציעל טראַפיק אין שטאָט. אַזוי ווי איך האָב ניט געקאָנט פאָרן צום רבין, האָב איך די צוויי טעג שבועות פאַרבראַכט אין דער ביאַנער קלויז, וואו מיר זיינען געזעסן נאָכמיטאָג און אויך אין אָוונט נאָך די סעודות ביי אַ גלעזל משקה, און עוסק געווען אין חסידות. מיר האָבן געטרונקען לחיים און זיך אַלע געוואונשן מיר זאָלן זוכה זיין צו קאָנען פאָרן צום רבין קיין ביאַן, און אין דער נאָנטער צוקונפט. צום באַדויערן האָב איך מיט אַ יאָר צוויי שפּעטער פאַרלאָזן די קלויז און חסידות. מיין וואונטש צו פּראַווען דעם יום טוב קבלת התורה ביים הייליקן צדיק ר׳ איטציניו אין ביאַן איז ניט מקוים געוואָרן.

## ימים נוראים

די ימים נוראים האָבן זיך אָנגעהויבן אין ריישע ערב ראש חודש אלול, ווען יידן האָבן אין מיטן טאָג פאַרלאָזט זייערע היימען און געשעפטן און געגאַנגען אין די שולן און קלויזן צו יום כפור קטן. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די הייליקע טעג וואָס האָבן זיך געצויגן ביז נאָך יום כיפור. איבער דער צייט פון די הייליקע טעג איז אויפן פנים פון יעדן יידן געלעגן אַ טרויעריקע און ערנסטע מינע. מ׳האָט געזוכט אַ וועג פאַר תשובה. דער ייד האָט זיך יעדן טאָג מתודה געווען. דאָס בלאָזן שופר יעדן טאָג נאָכן דאַווענען איז געווען דער סיגנאַל צו דערוועקן יעדן איינעם צו תשובה. זיי האָבן זיך דערווייטערט פון וועלטלעכע תענוגים, מ׳האָט בלויז געדענקט פון די פּאָרכטיקע טעג, צו לייטערן זיך פון די זינד פון גאַנצן יאָר.

די וואָך פאַר ראש השנה האָבן זיך אָנגעהויבן די סליחות טעג. יידן, מענער, פרויען און עלטערע קינדער זיינען אויפגעשטאַנען דריי

אַזייגר פאַר טאָג ווען עס איז געווען שטאַק פינצטער צו גיין צו סליחות. דרויסן איז שוין געווען גוט קאַלט. אָבער די גאַסן זיינען געווען פול מיט יידן וואָס האָבן געשטראָמט יעדער צו זיין בית תפלה צו סליחות.

ראש השנה — דער טאָג פון הרת עולם, ווען אַלע באַשעפענישן פון דער וועלט ווערן געשטעלט צום משפט. די אַטמאָספערע אין קלויז איז ניט די זעלבע ווי אין אַנדערע ימים טובים. דאָס דאַוונען איז אַנדערש, די נגונים זיינען אַנדערע. דעם גאַנצן יאָר דאַוונט דער ייד מיט התלהבות, ער בעט פאַר געזונט און פרנסה, אָבער אום ראש השנה דאַוונט ער מיט בכיות און תחנונים. ער בעט ניט פאַר עולם־הזהדיקע זאַכן. ער בעט סליחה ומחילה, אַז מ׳זאָל אים אין הימל פאַרשרייבן אין דעם ספר החיים.

אַרום זעקס אַזייגער אין דער פרי פלעגן שוין יידן קומען דאַוונען אין קלויז אום ראש השנה. אַלע זיינען אין אַן ערנסטער שטימונג. פון זייערע פנימער איז פאַרשוואונדן דער יום טוב שמייכל. דער בעל שחרית אין קלויז איז געווען דער באַוואוסטער ר׳ הירש יעקב. דערויף האָט ער געהאַט אַ חזקה. די תפלות און די פזמונים האָט ער געזאָגט מיט אַ וויינענדיקן קול. פון דער וויבערשער קלויז האָט זיך געהערט דאָס וויינען און די יללות פון די ווייבער. ביי געוויסע תפלות האָבן אויך די מענער פאַרגאָסן טרערן. די עקסטרעמע ערנסטקייט האָט געהערשט ביי תקיעת שופר און ביי ונתנה תוקף. דאָס דאַוונען האָט זיך געצויגן ביז פיר אַזייגער ביטאָג. באַלד נאָכן עסן זיינען אַלע צוריק געקומען אין קלויז צו זאָגן תהלים בצבור און דאַוונען מנחה און גיין צו תשליך.

באַלד נאָך מנחה פלעגן יידן, אויך פרויען און קינדער גיין צו תשליך צום וויסליק טייך. פון אַלע טיילן פון שטאָט און פון אַלע בתי תפלות האָבן יידן געשטאָמט אין די טויזנטער, איבער די לאַנגע וועגן וואָס האָבן געפירט צום וויסליק. דאָרט האָבן אַלע געזאָגט די תשליך תפלות, אויסגעליידיקט די קעשענעס און געוואָרפן די קרישקעס אין וואַסער. קליינע קינדער פלעגן אָנפילן זייערע קעשענעס מיט קרישקעס אין דער היים, כדי עס אַריינצוּוואַרפן אין וויסליק ביים תשליך. מיט דעם האָט זיך יעדער ייד געריייניקט פון זיינע זינד און זיי אַריינגעוואָרפן אין טייך.

אין ריישע זיינען געווען יידן וואָס האָבן געפאַסט ביידע טעג ראש השנה פונקט ווי יום כפור. זיי האָבן בלויז געגעסן די אָוונט סעודות. דאָס איז געווען דער אָנהויב פון עשרת ימי תשובה.

* * *

אין ריישע, פונקט ווי אין אַלע יידישע שטעט, איז געווען אַ מנהג צו שלאָגן כפּרות אַ טאָג פאַר ערב יום כפּור. די צערעמאָניע פון כפּרות־שלאָגן איז איבעראַל געווען די זעלבע. מ׳האָט געזאָגט די תפלה „בני אדם יושבי חושך" האַלטנדיק דאָס עוף ביי די געבונדענע פיסלעך צוזאַמען מיט די פליגל־פעדערן. דאָס עוף האָט מען אַרומגעדרייט אַרום דעם קאָפּ בשעת מ׳האָט געזאָגט „זה חליפתי" דריי מאָל.

איז טאַקי אין דעם טאָג פון כפּרות־שלאָגן געווען אַ גרויסער טומל אין אַלע יידיש־אָרטאָדאָקסישע היימען. איך זאָג „טומל", ווייל אין יעדע פון די היימען, איבערהויפּט ביי די רייכע באַלעבאַטים, האָט מען צו־געגרייט אַן עוף פאַר יעדן איינעם פון דער פאַמיליע אַפילו פאַר אַ זויג־קינד. אַ האָן פאַר דעם מאַן און די יינגלעך און אַ הינדל פאַר דעם ווייב און פאַר יעדן מיידל — האָט מען אָפט געדאַרפט האָבן 15־16 עופות אין אַ היים פון אַ גרויסער פאַמיליע.

אין אַ הויז וואו עס האָבן געוואוינט 15־20 יידישע פאַמיליעס, זיינען די קולות פון קליינוואַרג און דאָס קוואָקען פון די עופות געווען עד לב השמים. אָפט האָט זיך אַ ייד אָדער אַ קינד פאַרלוירן און נאָכגעלאָזט די פליגל פון עוף בשעת זיי האָבן דאָס עוף געדרייט אַרום דעם קאָפּ; דאָס עוף האָט געקלאַפּט מיט די פליגל, עס איז געוואָרן אַ געשריי מיט אַ טומל, די קולות פון די מענטשן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קולות פון די עופות. אַזעלכע קולות האָבן זיך געהערט פון יעדער שטוב. באַלד נאָכן כפּרות־שלאָגן האָט מען די עופות געטראָגן צום שוחט. יעדער איז געווען זיכער, אַז דער עוף איז געווען זיין אָדער איר כפּרה פאַר די זינד.

דער טאָג פון ערב יום כפּור פלעגט אַריבערגיין זייער שנעל, כאָטש די טעג זיינען דאַמאָלט נאָך געווען גענוג גרויס, איז אָבער אין דעם טאָג געווען זייער פיל צו טאָן מיט די פאַרבאַרייטונגען צום יום הדין. מ׳האָט זעלטן געקאָנט אויסקומען דעם טאָג אָן איילעניש.

אַזוי שנעל ווי מיר זיינען געקומען פון קלויז, אַרום צען אַזייגער אין דער פרי און איבערגעביסן זיינען מיר באַלד געגאַנגען אין שוויץ־באָד. אַהיים געקומען פון דאָרט זיינען מיר איינס אַזייגער; האָבן מיר געגעסן אַ גרויסן יום טובדיקן מאָלצייט און באַלד נאָכדעם געגאַנגען דאַווענען מנחה אין קלויז. מיר האָבן מיטגענומען אַ גרויסן יאָר־צייט ליכט וואָס האָט געברענט איבער 24 שעה. די קלויז איז שוין געווען

פול מיט מתפּללים אין די יום טובדיקע מלבושים. אונטן אין קלויז איז געשטאַנען דער אַלטער ר׳ לוי שמש, האַלטנדיק אין האַנט אַ לעדערנעם רימען. אויף דער ערד איז געווען אויסגעשפּרייט שטרוי. אויף דעם פּלאַץ האָט זיך יעדער ייד מתודה געווען און זיך געלאָזט שלאָגן מלקות. די מלקות צערעמאָניע איז פאָרגעקומען אַזוי: באַלד ווי אַ ייד האָט אָפּגעדאַוונט מנחה, איז ער צוגעקומען וואו דער שמש איז געשטאַנען. ער האָט זיך אויסגעשטרעקט אויף דער ערד ליגנדיק אויפן שטרוי מיטן קאָפּ אַראָפּ און דעם רוקן אַרויף. דער שמש האָט אים דערלאַנגט עטלעכע שמיץ מיטן לעדערנעם רימען איבערן רוקן פון קערפּער — דורך דער צייט האָט דער ייד געזאָגט ודוי. ווען ער האָט זיך אויפגעשטעלט, זיינען די אויגן געווען פייכט. אַזוי האָט זיך יעדער ייד געלאָזט שלאָגן מלקות, כדי אָפּצוקומען פאַר געוויסע זינד וואָס על פּי תורה האָבן זיי געדאַרפט באַשטראָפט ווערן מיט מלקות.

אַזוי שנעל ווי מיר פלעגן קומען אַהיים פון מנחה, האָט מען זיך גע־זעצט עסן די סעודה המפסקת, דעם לעצטן מאָלצייט פאַרן פאַסטן. מ׳האָט באַלד נאָכדעם אָפּגערייניקט דעם עס־טיש און צוגעגרייט פאַר ליכט בענטשן. די מוטער האָט אָנגעפאַנגען ליכט בענטשן מיט אַ ספּעציעלע יום כפור תפילה; זי האָט יאָמערלעך געוויינט, איר וויינען האָט יעדן פון אונדז דאָס האַרץ געבראָכן און אונדז גערירט צו טרערן. דאָס האָט געדויערט אַרום צוואַנציק מינוט. נאָכדעם האָט דער פאָטער אַרויפגעלייגט זיינע הענט אויפן קאָפּ פון יעדן קינד און אונדז געבענטשט מיט טרערן און תפילות. באַלד נאָכדעם האָט ער גענומען דעם ווייסן קיטל און טלית און מיר זיינען געגאַנגען אין קלויז. אַ שעה פאַר שקיעה.

אין קלויז זיינען שוין געווען עטלעכע מנינים יידן. אויף די לאַנגע טישן זיינען געשטאַנען לאַנגע שמאָלע זאַמד־קעסטלעך, אין די קעסטלעך זיינען געשטאַנען אַריינגעשטעקט אין זאַמד הונדערטער גרויסע יאָרצייט ליכט, יעדער ייד, אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל און מיטן טלית איבערן קאָפּ האָט מיט טרערן געזאָגט די תפילה זכה, וואו ער איז זיך מתודה אויף זיינע זינד. עס איז געווען פאַר שקיעה, אָבער די קלויז איז שוין געווען געפּאַקט מיט מתפּללים.

מ׳האָט געעפנט דעם ארון הקודש. נאָכדעם ווי מ׳האָט אַרויסגענומען דריי ספרי תורות, און דריי חשובע באַלעבאַטים, וועלכע האָבן רעפּרע־זענטירט אַ בית דין האָבן מתיר געווען און דערלויבט דעם בעל תפילה צו דאַוונען מיט די זינדיקע יידן, האָט ער אָנגעהויבן זאָגן „כל נדרי״. די ערנסטע שטימונג און געשפּאַנטע האַלטונג פון יעדן אין קלויז איז

ניט צו באַשרייבן, אַ פּחד האָט יעדן אַרומגענומען. ווען דער בעל תפלה האָט געענדיקט די ברכה פון שהחינו, האָבן אַלע געענטפערט „אמן" מיט אַזאַ יעמערלעך קול, אַזאַ שטורם, אַז די ווענט פון קלויז האָבן אַזש געציטערט. געלט זאַמלונגען? — זאָל גאָט היטן. ווער האָט דעמאָלט געדענקט פון זאַמלען געלט נאָך כל נדרי, מ'וואָלט עס ניט געוואגט צו טאָן, דאָס וואָלט דאָך פאַרשוועכט דעם יום כיפור און די אַטמאָספערע; עס וואָלט איבערגעשלאָגן די ערנסטקייט פון דאַווענען און עס געמאַכט וואָכעדיק. מיט אַזעלכע מאַטעריעלע קלייניקייטן אום יום כפור נאַכט האָט זיך קיינער ניט אָפּגעגעבן.

דאָס דאַוונען האָט געדויערט עטלעכע שעה. נאָכן דאַוונען זיינען כמעט אַלע יידן געבליבן אין קלויז, געזאָגט שיר היחוד און שפּעטער אויך תהלים ביז נאָך חצות. אַ סך יידן זיינען געבליבן זיצן אין קלויז די גאַנצע נאַכט.

אום יום כיפור האָט מען זיך געשטעלט דאַוונען אין קלויז אַרום זעקס אַזייגער פרי. צווישן שחרית, מוסף, מנחה און נעילה האָט מען זיך אָפּגערוט אַ האַלבע שעה, דאָס אָפּרוען האָט מען גערופן „אות אמת". ס'זאָגט זיך נאָר אַזוי „אָפּגערוט", ווייל אין דער האַלבער שעה וואָס מ'האָט זיך געדאַרפט אָפּרוען, האָבן אַלע געזאָגט תהלים.

די ערנסטע שטימונג האָט אָפּגעהאַלטן דעם גאַנצן טאָג. ביים דאַוונען מוסף האָט יעדער ייד געפילט אַז ער שטייט אין דער עזרה פון בית המקדש, און הערט זיך צו, צו דער עבודה פון כהן גדול. ווען דער חזן האָט געשילדערט די סצענע מיט דעם כהן הגדול, בשעת די עבודה ווען ער זאָגט די תפלה מיטן שם המפורש, זיינען אַלע יידן אין קלויז, אָן אויסנאַם, געפאַלן כורעים, טאַקע זיך אויסגעצויגן אויף אַלע פיר אויף דער ערד. מוסף האָט מען פאַרענדיקט אַרום פיר אַזייגער, און מנחה אַרום פינף, און מ'האָט זיך תכף געשטעלט דאַוונען נעילה.

ביי תפלת נעילה האָט זיך געענדערט די שטימונג ביי אַלע אין קלויז. די תפלה פון נעילה איז טאַקי זייער אַ וויכטיקע, ווייל דאַמאָלט ווערט דאָך געחתמעט יעדן איינעמס שיקזאַל לויט זיין פאַרדינסט. דאָך האָט זיך געמערקט ווי ביי יעדן יידן אין קלויז האָט זיך די שטימונג גע־ענדערט. אָנשטאָט זיין מיד און צעבראָכן ווי ער האָט זיך געפילט דעם גאַנצן טאָג, איז ער ביי נעילה געוואָרן אָפּגעפרישט; ער איז געווען זיכער ביי זיך, אַז ער האָט אויסגעבעטן פאַר זיך און זיין בני בית אַ סליחה ומחילה, אַז זיי וועלן אַלע האָבן אַ גוט יאָר. באַלד נאָך דער תקיעה גדולה האָבן זיך אַלע געוואונשן אַז מ'זאָל האָבן אויסגעבעטן

אַ גוטן יאָר און אַ גוט יום טוב. נאָך דאַווענען מעריב איז יעדער גע־גאַנגען אַהיים מיט אַ זיכערקייט, אַז אַלץ וואָס ער האָט געבעטן וועט מקוים ווערן.

די עקסטרעם אָרטאָדאָקסישע ייִדן האָבן באַלד נאָך דעם עסן זיך אָנגעהויבן גרייטן אויף סוכות. פילע פון זיי זיינען טאַקי די זעלבע נאַכט אַרויסגעגאַנגען צו באַזאָרגן מאַטעריאַלן פאַר דער סוכה.

# סוכות

מוצאי יום כפור האָט געהערשט אַ פרייַלעכקייט אין יעדער ייִדישער היים. מ׳האָט געגעסן און געטרונקען וויפיל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. פאַרשוואונדן איז די ערנסטקייט פון די לעצטע פאָרכטיקע טעג. דער ייִד האָט זיך געפילט ריין פון זינד. עס איז געווען דער אָנהויב פון אַ ניי לעבן און אַ גוט יאָר. ער האָט זיך גענומען צוגרייטן צום שיינעם יום טוב סוכות, די צייט פון שמחה.

די פרימערע רייִשער ייִדן פאַרלירן ניט קיין צייט. ביי זיי הערשט שוין די סוכות אַטמאָספערע; זיי הויבן שוין אָן מיט דער צוגרייטונג צו דער סוכה־אַרבעט, מ׳רעדט זיך דורך וואו מ׳זאָל די סוכה שטעלן און וויפיל ייִדן עס וועלן דאָרט זיצן. די בחורים פּלאַנען שוין ווי אַזוי צו באַצירן די סוכה, וויפיל אויסגעבלאָזענע אייער און וויפיל פאַפירענע פייגל און קייטן מ׳וועט דאַרפן און ווי גרויס דער אָדלער וועט זיין.

אין רייִשע איז ניט געווען קיין איינציק ייִדיש הויז אָן אַ סוכה. די פיר טעג פון יום כפור ביז סוכות האָט מען געזען ווי אין אַלע ייִדישע הויפן אַרבעטן ייִדן ביי דער סוכה מיט ברעטער, טשוועקעס און האַמער. זיי פלעגן איבערלאָזן זייערע געשעפטן און פאַראַנטוואָרטלעכקייטן און זיך נעמען צו דער סוכה. גרויס און קליין האָבן זיך ביי דער אַרבעט באַ־טייליקט, די סוכה איז געווען אַ הייליקייט, וואו זיי וועלן פאַרברענגען זיבן טעג און נעכט. איך זאָג „נעכט״, ווייל צווישן די זייער פרומע און חסידישע ייִדן האָבן זיך געפונען אַזעלכע וואָס זיינען אויך געשלאָפן אין דער סוכה אויב דער וועטער האָט עס דערלויבט.

ביי די מוכרי ספרים און אין אַנדערע פלעצער וואו מ׳האָט פאַרקויפט אתרוגים און לולבים, איז געווען ווי אויף אַ יריד. יעדער פאַרהייראַטער ייִד, חוץ די זייער אָרעמע, האָט געהאַט אַן אייגענעם אתרוג, יעדער לויט

זיינע פינאַנציעלע יכולת. אַ רייכער באַלעבאָס האָט זיך דערלויבט צו באַצאָלן 25 גילדן און אויך מער פאַר אַ פּרי עץ הדר; אַפילו די מיטל־קלאַסיקע יידן האָבן ווי עס איז אָפּגעשפּאָרט יעדן גראַצער, כדי צו האָבן אַ שיינעם אתרוג. דער אתרוג איז געקומען פריער פון דאָס עסן. אָפט פלעגן צוויי יידן, וואָס האָבן געדאַוונט אין איין בית הכנסת, קויפן אַן אתרוג בשותפות.

צו קויפן אַן אתרוג האָט פאַרנומען פיל צייט, בפרט ביי די גבירים, דערפאַר ווייל יעדער פון זיי האָט געזוכט אַן אמתן „הדר". ער האָט זיך געוואָלט אויסשטעלן אין קלויז אַז ער האָט אַ פערפעקטן פּרי עץ הדר. האָט טאַקי יעדער ייד מיטגעבראַכט מבינים, וואָס האָבן יעדן אתרוג איבער־געקוקט מיט פאַרגרעסערונג־גלעזלעך ביז ער האָט אויסגעקליבן דעם אתרוג, וואָס לויט זיין אָדער זייער מבינות איז געווען דער שענסטער פון אַלע. דעם אתרוג האָט מען תיכף אַריינגעלייגט אין אַ טייערע זיל־בערנע אתרוג־פושקע וואָס איז ספּעציעל געקויפט געוואָרן פאַר דעם צוועק. דעם אתרוג האָט מען געהאַלטן דעליקאַט, ווי אַן אבן טוב. ווען מ'האָט עס אַרויסגענומען אָדער אַריינגעלייגט אין דער זילבערנער פושקע, האָט מען עס געטאָן אַזוי פאָמעלעך און מיט מער פאַרזיכטיקייט ווי אַ ניי־געבוירענע קינד. דעם פּיטם האָט מען אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, ווייל אָן פּיטם איז אַן אתרוג קיין אתרוג ניט; חוץ דעם, איז דער פּיטם געווען אַ סגולה פאַר יונגע פאַרהייראַטע ווייבלעך צו האָבן קינדער יראים ושלמים. איך האָב איינמאָל אַלס אַ זיבן יאָריקער יינגל, מיטגעמאַכט די צערעמאָניע פון „אַ פּיטם־בייס". מיר האָבן געהאַט גוטע פריינט וואָס האָבן נאָר וואָס געהאַט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער און האָבן געהאַט אַן איידעם אויף קעסט.

איין מאָל האָט מען מיך באַלד נאָך סוכות געשיקט מיטן אתרוג צו דער יונגער ווייבל, אָדל האָט זי געהייסן, ניט וויסנדיק פאַר וועלכן צוועק. ווען איך האָב דעם אתרוג געבראַכט, האָט אָדל זיך געוואַשן די הענט, גענומען דעם אתרוג אין דער רעכטער האַנט, מיטן פּיטם אַרויף, און אין דער לינקער האַנט האָט זיך גענומען אַ תחינהלע. זי האָט גע־מאַכט אַ ברכה און נאָכדעם ווי זי האָט, מיט טרערן אין די אויגן פאַרענדיקט די תחינה, האָט זי אַריינגעביסן אין שפּיץ אתרוג און געשמאַק צעקייט דעם פּיטם. מיט אַן אנגענעמען שמייכל האָט זי מיר צוריק־געגעבן דעם אתרוג.

דעם גרעסטער פאַרגעניגן און אויך התלהבות פאַר סוכות איז פאַר אונדז יינגלעך געווען ווען מיר האָבן געוואוינט אין גרויסן הויז פון

פעטער לייזער קאָריץ, אויפן הינער פּלאַץ, וואו עס האָבן געוואוינט צענדליקער יידישע איינוואוינער, אָרטאָדאָקסישע יידן, וואו מ׳האָט גע־דאַרפט האָבן מער ווי איין גרויסע סוכה פאַר אַלעמען.

די סוכות האָט מען אָנגעהויבן שטעלן אַ טאָג נאָך יום כפור. א׳ן גרויסן הויף פלעגט ווערן אַ טומל, יידן מיט לאַנגע בערד און יאַרמולקעס האָבן געשוויצט און געאַרבעט. עס איז אָפט געקומען צו קריגערייען צווישן זיי, צוליב דעם וואָס יעדער פון די יידן האָט געדענקט אַז ער איז אַ בעסערער אַרכיטעקט ווי דער צווייטער. צווישן זיי איז געווען איינער, ר׳ בערל מעליצער האָט מען אים גערופן. ער איז געווען אַ שטאַרקער און הויך־געוואָקסענער ייד מיט געזונטע מוסקלען. ער האָט געהאַט אַ רויטלעכע באָרד. זיינע נאָזלעכער זיינען אַלע מאָל געווען אָנגעפּילט מיט ברוינעם שמעק־טאַביק. ער האָט אויך געהאַט טאַביק־פלעקן אויף די עקן פון זיינע אַרבל מיט וועלכע ער האָט אָפּגערייניקט זיין נאָז, ווייל ער איז געווען פויל אַרויסצונעמען די רויטע פאַטשיילע וואָס האָט אַלע מאָל אַרויסגעהאַנגען פון זיין הינטערשטע קעשענע. אָט דיזער ר׳ בערל איז געווען אַ יודע הכל, ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן אַרכיטעקט און אינזשינער, איז עס אָפט געקומען צו קריגערייען. אַזוי ווי די יידן האָבן פאַר ר׳ בערלען מורא געהאַט, פלעגן זיי אים נאָכגעבן.

די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען פיבעריש. מ׳האָט געהויבן אַלטע ברע־טער, געקלאַפּט טשוועקעס. עס האָט אָפט פּאַסירט וואָס אָנשטאָט צו טרעפן דעם טשוואק מיטן האַמער האָט דער ייד אָנגעשלאָגן דעם האַמער אין זיין שפּיץ פינגער, האָט מען טאַקי דערהערט אַ יאָמערלעכן געשריי „אוי גוואַלד!״ די קולות ביים בויען די סוכה האָט מען געהערט צוויי־דריי גאַסן ווייטער.

נאָך דריי טעג אַרבעט האָט מען פאַרענדיקט דעם בנין פון סוכת שלום. אַלע האָבן פריי אָפּגעאָטעמט. די ווייבער האָבן זיך גענומען צו באַצירן די ווענט מיט ליילעכער און אַנדערע דעקאָראַציעס. די בחורים האָבן אויסגעאַרבעט פאַרשידענע פייגל פון קאָלירטע פּאַפּיר, באַנוצנדיק פאַר דעם צוועק אויסגעבלאָזענע אייער־שאָלן און עס באַפּעסטיקט מיט זיגל־וואקס. צווישן די בחורים האָבן זיך געפונען קינסטלער אויף דעם געביט. עס איז געווען צו באַוואונדערן ווי שיין און קינסטלעריש זיי האָבן די פייגל אויסגעאַרבעט. אָט די פייגל און קייטן האָט מען אויפגע־האַנגען און צוגעבונדן צום סכך. מ׳האָט אויך אויסגעהאַנגען פאַרשי־דענע פּרות צווישן די פויגל. אויבן אָן, אויף מזרח וואַנט פון דער סוכה, איז געהאַנגען אַ ריזיק גרויסער אָדלער, שיין און קינסטלעריש אויס־

געאַרבעט. דער מיטל טייל איז געווען באַצירט מיט גאָלד פּאַפּיר, דאָס איז געווען דער קערפּער פון אָדלער געמאַכט פון וואַקס. אויך דער קאָפּ פון אָדלער, די מויל, צונג און אויגן זיינען געווען קינסטלעריש אויסגע־אַרבעט און באַצירט מיט גאָלד.

ערב יום טוב, עטלעכע שעה פאַר נאַכט, האָט מען געדעקט די טישן אין דער סוכה. פון יעדער וואוינונג האָט מען געבראַכט בענקלעך און טישן לויט דעם געברויך. די טישן זיינען געווען געדעקט און באַצירט מיט לייכטער, חלות, באַדעקט מיט שיינע חלה־טישטעכער, וויין פלעש־לעך, כוסות, עסצייג און אַנדערע מכשירים. עס איז פּשוט געווען אַ פאַרגעניגן עס צו זען.

ווען דער עולם איז געקומען פון דאַוונען איז מען גלייך געגאַנגען אין סוכה. דאָרט האָבן זיי באַגעגנט זייערע פרויען און קינדער און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס זאָגן פון די אושפּיזין און קידוש. דער טומל פון די פרויען און קינדער איז געווען גרויס, פאַר זיי איז אין סוכה קיין פּלאַץ ניט געווען; אויך איז די טיר פון דער סוכה ניט געווען גענוג ברייט פאַר אַזאַ גרויסן עולם אַזוי ווי יעדע פרוי און די קינדער האָבן דווקא געוואָלט יוצא זיין פונעם קידוש פון זייערע מענער, האָבן זיי געמאַכט אַזאַ גרויסן טומל אַז דער קידוש־מאַכער האָט זיינע אייגענע דבורים ניט געקאָנט הערן. באַלד נאָכדעם ווען אַלע האָבן געמאַכט קידוש, זיך געוואַשן און געמאַכט די המוצא, איז געוואָרן אַביסל רואיקער.

די ווייבער און די קליינוואַרג האָבן געגעסן אין הויז. יינגלעך פון איבער זעקס יאָר האָבן געגעסן אין סוכה. אויך איך, אין דעם עלטער, האָב געגעסן אין סוכה, זיצנדיק ביים פאָטערס זייט. נאָכן קידוש האָבן פון אַלע זייטן געשטראָמט פרויען און מיידלעך, טראָגנדיק פיש און אַנדערע מאכלים פאַר די מענער אין סוכה. מ׳האָט געגעסן, געזונגען, געזאָגט תורה און גערעדט פון חסידות. דאָס זיצן ביי דער סוכה סעודה האָט געדויערט דריי־פיר שעה. אַזוי האָבן יידן פאַרבראַכט די זיבן טעג סוכות, סיידן ווען עס האָט גערעגנט. איך געדענק אַמאָל די ערשטע נאַכט סוכות. מיר האָבן געוואוינט אין אונדזערע נייע הויז, וואו מיר האָבן געהאַט אַן אייגענע איינגעמויערטע סוכה אויפן בוידעם, מיט צוויי שלאַקן, האָט דעמאָלט גערעגנט די גאַנצע נאַכט. ווען איך און דער פאָטער זיינען אַהיים געקומען פון קלויז, זיינען מיר געווען אויסגע־ווייקט פון רעגן, האָט דער פאָטער געפּסקנט אַז מיר זאָלן וואַרטן מיטן עסן ביז עס וועט אויפהערן רעגענען. ווען עס איז שוין געווען נאָך צען דער זייגער און עס האָט נאָך אַלץ גערעגנט שטאַרק, האָט זיך דער

פּאָטער אויפגעשטעלט און געזאָגט צו דער מוטער אַז השי״ת וויל אונדז ניט אין דער סוכּה, וועלן מיר מוזן עסן אין שטוב. מ׳האָט טאַקי שנעל צוגעגרייט דעם טיש, געמאַכט קידוש. מיר קינדער זיינען געוועזן אויס־געהונגערט, האָבן מיר שנעל פאַרצערט אַלץ וואָס מ׳האָט דערלאַנגט צום טיש. דער פאָטער, אָבער, איז געזעסן ביים טיש שטאַרק פאַרטרויערט, ווייל ער האָט ניט געקאָנט מקיים זיין מצות סוכּה לויט דעם דין.

# פּורים

זייט איך בין אַלט געוואָרן 10 יאָר האָב איך זייער שטרענג אָפּ־געהיט די תּענתים פון יאָר. אַ טאָג פון תענית איז געוועזן אַ טאָג פון טרויער. חוץ דעם פאַסטן האָט מען זיך אויך דערוויייטערט פון תענוגים. גייענדיק אין גאַס האָט מען זיך אויסגעהיט מ׳זאָל חלילה ניט הערן די טענער פון מוזיק אָדער קוקן אויף עפּעס וואָס קאָן ברענגען פאַרגעניגן. אויך אין בתּי תּפלות איז דער תענית טאָג געוועזן אַנדערש ווי אין גע־וויינלעכע טעג. שוין צוליב די ספּעציעלע תּפלות, סליחות און לייענען בייטאָג און צו מנחה.

גאַנץ אַנדערש איז אָבער געוועזן אום אסתּר תענית. געפאַסט האָבן מיר פּונקט ווי אַלע אַנדערע תענתים, עס איז אָבער דאָך געוועזן אַן אויסנאַם. אָנשטאָט טרויער, האָט זיך געפילט אַ פרייד אין האַרצן. מ׳האָט געציילט די מינוטן, דער טאָג זאָל זיין פאַרביי, ווייל אין די געדאַנקען פון יעדן ייִדן איז געוועזן דער געדאַנק פון פּורים. אסתּר תענית איז שוין געוועזן באַלד ווי פּורים. דעם גאַנצן פאַסט־טאָג האָט זיך געפילט די פּורים אַטמאָספערע. אין דער היים האָט מען זיך געפּאָרעט, געבאַקן המן־טאַשן, מאָן קיכלעך און אַנדערע זיסע בעקערייען. מ׳האָט געציילט די מינוטן, עס זאָל ווערן נאַכט, מיר זאָלן גיין אין קלויז דאַוונען, פאַרענדיקן דעם תענית מיט די פאָרמאַליטעטן און אָנהויבן לייענען די מגלה. דער שולחן וואָס איז געשטאַנען אין מיטן קלויז איז באַלאַגערט פון ייִדן וואָס צאָלן איין „מחצית השקל״־געלט. יעדער ייִד לייגט אַריין אין דער געלט־טאַץ אַ מחצית השקל אין ווערט פון גראַצער, פאַר יעדן מיטגליד אין דער פאַמיליע. ביי יעדן ייִדן רוט אויפן פּנים אַ באַהאַלטענער שמייכל און צופרידנקייט. דאָס יונגוואַרג זיצט אומרואיק, אָנגעלאָדן מיט פּורימדיקע טומל־מאַכערס, ווי דער גראַגער, וואָס שפּילט די הויפּט ראָלע.

מהאָט שוין פאַרענדיקט דאַוונען מעריב און מ׳גרייט זיך צו לייענען די מגלה. דער בעל קורא, ר׳ הירש שוחט, זאָגט די ברכות מיט גרויס כוונה און הויבט אָן לייענען „ויהי בימי אחשוורוש" מיטן שיינעם מגלה ניגון, וואָס ברענגט פרייד אין די הערצער פון אַלע אין קלויז און נאָכמער צום קליינוואַרג וואָס וואַרט מיט אומגעדולד צו הערן דאָס וואָרט „המן". אַזוי שנעל ווי דער בעל קורא קומט צום וואָרט, נאָך איידער ער קאָן אַרויסזאָגן „המן", ווערט פּלוצים אַ שרעקלעכער שטורעם די יונגוואַרג מיט די גראַגערס און פייפלעך און די עלטערע, די טאַטעס און זיידעס, העלפן צו מיט דעם טופּען מיט די פיס און קלאַפּן מיט די הענט אין טישן און בענק. דער טומל פאַרלענגערט די צייט פון מגלה־לייענען, ביז ענד־לעך פאַרענדיקט דער בעל קורא דאָס לייענען. דער עולם איילט זיך אַהיים איבערצובייסן נאָכן תענית. די זעלבע צערעמאָניע קומט פאָר דעם נעקסטן טאָגביים לייענען די מגלה. אָבער די הויפּט שמחה הייבט זיך אָן פּורים אָוונט. דעם אָוונט גייט קיינער ניט אין קלויז דאַוונען. מ׳וואַשט זיך צו דער פּורים סעודה ווען עס איז נאָך גרויסער טאָג און מ׳דאַוונט מעריב אין הויז ביחידות.

אַזוי ווי פּורים איז אַ טאָג פון משלוח מנות און צדקה לאָזן זיך דעם טאָג אַרויס פילע באַלעבאַטישע יידן צו זאַמלען געלט פאַר וויכטיקע צדקה־צוועקן. ווען איך בין געוואָרן צוועלף יאָר אַלט האָט מען מיך שוין רעקרוטירט אין קלויז צו אַרויסגיין אום פּורים זאַמלען געלט, מיט נאָך אַ בחורל פאַר תיקון ספרים אין קלויז. די קלויז האָט געהאַט צוויי בחורים וואָס זיינען יעדעס יאָר אויסגעקליבן געוואָרן צו זיין די גבאים איבער תיקון ספרים. מ׳האָט פאַר אונדז צוגעטיילט אַ געוויסע געגנט אין שטאָט. מיר זיינען געגאַנגען פון הויז צו הויז, און פון שטוב צו שטוב, איבעראַל האָט מען אונדז געגעבן עטלעכע גראַצער. דאָס האָבן אויך געטאָן אַלע שטאָטישע צדקה זאַמלער און אויך די שטאָטישע אָרעמעלייט.

שוין אַרום מיטאָג צייט האָבן זיך באַוויזן מאַסקירטע חברה אין די גאַסן. דאָס זיינען געווען אָרעמע יונגען, צווישן זיי אויך באַהעלפערס פון די חדרים, וואָס זיינען געגאַנגען אַרום די הייזער געזונגען עפּעס אַ לידל און דערפאַר באַקומען עטלעכע גראַצער. אָבער די וויכטיקסטע צייט פאַר די מאַסקירטע און געלט־זאַמלער איז געווען פאַרנאַכט, ווען די באַלעבאַטים זיינען געזעסן ביי דער פּורימדיקער סעודה, דאַמאָלט האָבן זיך אַרויסגעלאָזט הונדערטער מאַסקעס, פילע פון זיי זיינען געווען גוט־אָרגאַניזירט און אויסשטודירט אין אַ געוויסער פאָרשטעלונג, וואָס

האָט אָפט געדויערט אַ פערטל שעה אָדער לענגער, אַנדערע האָבן גע־זונגען ײדישע אָדער זמירותדיק לידער און דערבײ געכאַפּט אַ טענצל. די טירן פון ײדישע הײמען, איבערהויפּט בײ די רײכע ײדן, האָבן ניט גערוט צדקה־זאַמלער און מאַסקעס זײנען אַרײן און אַרויס.

פּורים, דער יום טוב פון פרײלעכקײט. דער יום טוב וואָס אפילו דער עקסטרעם פרומער ײד דערלויבט זיך אַריבערצוכאַפּן די מאָס פון טרינקען משקה. פּורים — דער יום טוב וואָס יעדער ײד איז מחויב צו טרינקען ביז ער וועט ניט וויסן דעם אונטערשיד פון שילטן המנען אָדער בענטשן מרדכין. פּורים — דער יום טוב וואָס וועט קײנמאָל ניט אונטער־גײן. פּורים — דער יום טוב פון משלוח מנות.

די גאַסן זײנען פול מיט שלוחים, משלוח־מנות טראָגערס, וואָס גײען מיט די פאַרדעקטע טעלער. געשיקט האָט מען שטיקלעך לעקאַך, מאַראַנצן ,אַ ציגאַר, פרוכטן, אַפילו די רײכע ײדן האָבן דאָס זעלבע געשיקט; די הויפּט זאַך איז געווען — מקים צו זײן די מצוה פון משלוח מנות. אין די רײכע הײמען זײנען די טישן געווען געדעקט מיט אַלעם גוטן. די צימערן שטאַרק באַלויכטן, אויבן־אָן זיצט דער באַלעבאָס מיטן שטרײמל אויפן קאָפּ, אַרום טיש די פאַמיליע און געסט, צדקה־זאַמלער קומען און גײען, דער באַלעבאָס איז יעדן מהנה לויט זײן ראַנג, די דינסטן ברענגען צום טיש די בעסטע און געשמאַקסטע מאכלים, עס איז יעדן גוט אויפן האַרצן, מ׳פרײט זיך אויף המנס מפּלה און דעם גרויסן חסד וואָס גאָט האָט געטאָן צו די ײדן אין פּרס ומדי.

דאָס מאַסקירן זיך האָט אָנגעהאַלטן שוין פּורים און אויך איבער שבת נאָך פּורים. אין די טעג האָבן זיך מאַסקירט יונגע לײט פון בעסערן קלאַס. זײ האָבן עס געטאָן ניט צוליב געלט זאַמלען נאָר צוליב פאַר־גענינגן. ווען איך בין אַלט געווען אַ יאָר 17־18 — איך בין שוין דאמאָלט געווען אויס קלויז־בחור — האָב איך זיך אָנגעשלאָסן אן אַ גרופּע חברים, ציוניסטן. מיר האָבן זיך אָנגעטאָן קאָסטיומען מיט מאַסקעס און באַזוכט די הײמען פון געוויסע אָנגעזעענע שטאָט באַלעבאַטים, איבערהויפּט דאָרט וואו עס זײנען געווען יונגע מײדלעך פון אונדזער עלטער. מיר האָבן זיך קײנמאָל ניט ארויסגעגעבן, מיר האָבן גערעדט בלויז מיט די הענט כדי מען זאָל אונדז ניט דערקענען, און דערבײ געהאַט פיל שפּאַס. וואו מיר זײנען געקומען, האָט מען אונדז מכבד געווען מיט משקה און זיסערײען.

דעם שבת נאָך פּורים פלעגט דער מאַרק און די הויפּט־גאַס זײן פול מיט שפּאַצירגײער וואָס פלעגן קומען כדי צו זען די פאַרשידענע

מאַסקירטע גרופּעס וואָס האָבן די גאַסן פאַרפלייצט. עס האָט אויס־געזען ווי אַ מאַסקן־קאָנטעסט. איין גרופּע איז געווען שענער פון דער צווייטער. די גוים האָבן אויך געהאַט פאַרגעניגן פון דעם יידישן פּורים צוליב דעם מאַסקן פּאַראַד. אין מאַרק האָט עס אויסגעזען ווי אַ שטאָט־יום טוב, ווי די גאַנצע שטאָטישע באַפעלקערונג וואָלט זיך באַטייליקט.

## שבת אין ריישע

חוץ די גרויסע ירידים וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ריישע עטלעכע מאָל אין יאָר, האָט די שטאָט אויך געהאַט צוויי וועכנטלעכע מאַרק־טעג, דינסטיק און פרייטיק. אין די דערמאָנטע מאַרק־טעג פלעגן קומען אין שטאָט אַריין פּויערים פון אַלע דערפער אַרום ריישע און ברענגען אויפן מאַרק צו פאַרקויפן קי, פערד, חזירים, תבואות, עופות, אייער, גרינצייג און אויבסט. פאַר דעם געלט וואָס זיי פלעגן אַריינגעמען פלעגן זיי איינגעקויפן פאַרשידענע זאַכן און מאַטעריאַלן פאַרן הויז און ווירטשאַפט און אויך סחורות פאַר מלבושים.

דער גרעסטער מאַרק־טאָג איז געווען פרייטיק, ווען עס איז אָנגעגאַנגען דער גרויסער האַנדל אין שטאָט. דער הויפּט־האַנדל און גרעסטער טומל איז אָנגעגאַנגען אויף דער טאָרגאָוויצע און אויף דער וואָליע, וואו מ׳האָט געקויפט און פאַרקויפט בהמות און חזירים. עס זיינען דאָרט געווען הונדערטער גוישע חזירים־הענדלער (חזירניקעס, האָט מען זיי גערופן) וואָס האָבן אָפּגעקויפט חזירים אין די טויזנטער און עס אַוועק־געשיקט קיין ווין אָדער דייטשלאַנד.

אין די ניינציקער יאָרן איז דער האַנדל מיט בהמות געווען כמעט אין גאַנצן אין יידישע הענט. אַ סך פון די הענדלער זיינען געווען שטאָטישע קצבים. חוץ די יאַטקעס וואָס זיי האָבן אויפגעהאַלטן, וואו עס איז פאַרקויפט געוואָרן כשר פלייש (זיי האָבן אויך געהאַט יאַטקעס מיט ניט־כשר פלייש, זיי האָבן אויך געליפערט פלייש צו די מיליטערישע קאַסערנס פאַרן מיליטער) האָבן זיי אויך אָפּגעקויפט און געשיקט אָקסן און קי קיין ווין און אויך קיין דייטשלאַנד. צווישן די גרויסע אָקסן־סוחרים און קצבים זיינען געווען די אייזנס, די אוירגאַרטנס, זיינוול ברוסט און נאָך עטלעכע. זיי זיינען געווען גבירים אדירים.

דער שטאָטישער קצב און אָקסן סוחר איז געווען אַ באַזונדערער טיפּ

ייד. בלויז אַ קוק אויף אים — האָט מען דערקאָנט זיין פּראָפעסיע. די קצבים האָבן געהאַט בערד און קליינע פּאותלעך; די הלבשה אָבער איז באַשטאַנען פון אַ קורצן ראָק מיט שיינע שטיוול וואו די הויזן האָבן זיך גוט אַריינגעפּאַסט מיט קראַכלעך אויף די קעפּ. אַלע זיינען זיי געווען ברייט און פעסט־געבויטע מענער.

באַלד נאָכן האַלבן טאָג ווען דער האַנדל האָט זיך געענדיקט, פלעגט מען זען ווי טרייבער־יונגען פירן די קי און אָקסן צו דער באַן, וואו עס האָבן אויף זיי געוואַרט ספּעציעלע פראַכט וואַגאָנען. די אָקסן זיינען געווען צוזאַמענגעבונדן איינער צום צווייטן מיט שטריק צו די הערנער צו פינף־זעקס אין אַ ריי. איין יונג האָט געטריבן צוועלף אָדער מער בהמות. אויך די חזירים־הענדלער פלעגן אין דער צייט טרייבן זייער לעבעדיקע סחורה איבער די גאַסן אין די הונדערטער צו דער באַן.

אויף דער וואָליע איז אָנגעגאַנגען דער פערד־האַנדל, אויך דער האַנדל מיט שטרוי און היי. אין גרויסן שטאָטישן מאַרק איז אָנגעגאַנגען דער האַנדל מיט תבואות. אויף דער מיקאשקע, לעבן אַלטן בית הקברות, פלעגן זיך די פּויערים אָפּשטעלן מיט זייערע וועגענער וואָס זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט אויבסט און גרינצייג. אַביסל ווייטער, אויפן הי־נער־פּלאַץ, האָבן די פּויערים פאַרקויפט עופות, גענדז און קאַטשקעס. אויף דעם דערמאָנטן פּלאַץ זיינען אויך געווען אַ סך בודקעס און שראַ־קענס וואו יידן האָבן פאַרקויפט פאַרשידענע סחורות. עס זיינען דאָרט אויך געווען שפּייז־ און שניט־קראָמען.

דער פרייטיקדיקער מאַרק־טאָג האָט געדויערט בלויז אַ האַלבן טאָג. געהאַנדלט האָט מען אין איילעניש. עס איז דאָך ערב שבת. פרויען און מענער האָבן זיך צוגעאיילט צו פאַרענדיקן די געשעפטן, כדי צו קומען אַהיים וואָס פריער און זיך צוגרייטן צום שבת. אום זומער, ווען די טעג זיינען געווען גרעסער, האָט מען זיך ניט אַזוי געאיילט. אום ווינטער, אָבער, האָט מען זיך ממש געיאָגט צוליב דעם וואָס דער טאָג איז געווען זייער אַ קליינער.

די שטאָט האָט אויך פאַרמאָגט אַ יידישן פיש־מאַרק. איך זאָג „אַ יידישן" ווייל די פיש־סוחרים און די קונים זיינען געווען אויסשליסלעך יידן. איינמאָל אין יאָר, אום דעצעמבער, פאַר די חגאות, האָבן די פיש־סוחרים געעפנט דעם מאַרק פאַר ניט־יידישע קונים. אום פרייטיק און אויך ערב ימים טובים, האָבן בלויז יידן געקויפט פיש. גערופן האָט מען עס „פיש פּלאַץ". דאָס איז געווען אַ קליינער פיר־עקיקער פּלאַץ ביים

שפּאַציר־גאָרטן, וואו עס־איז געשטאַנען דער גרויסער מאָנומענט פון דעם פּוילישן דיכטער אַדאַם מיצקעוויטש.

פון זונטיק ביז פרייטיק האָט דער פיש־פּלאַץ געפּוסטעוועט, אום פרייטיק האָט דער פּלאַץ אויפגעלעבט. די יידישע פיש־הענדלער פלעגן דאָרט אויסשטעלן זייערע גרויסע רונדע באַליעס מיט וואַסער וואו עס זיינען אַרומגעשוואומען גרויסע און קליינע לעבעדיקע קאַרפּן, העכט און אַנדערע פיש, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן אויפן וואָג לויט די אויסגעדונגענע פרייזן.

אום זומער איז דער פיש־מסחר אָנגעגאַנגען פרייטיק ביז נאָכן האַלבן טאָג. אום ווינטער, אָבער, ווען די טעג זיינען געווען קורצע, האָט זיך דער פיש־פאַרקויף אָנגעהויבן דאָנערשטיק פרי און האָט אָנגעהאַלטן ביז פרייטיק צוועלף אַזייגער בייטאָג. צווישן די פיש־הענדלער איז אויך אָנגעגאַנגען אַ קאָנקורענץ, מ׳האָט דאָרט אָפט געהערט קריגערייען און זידלערייען. די פיש־הענדלער זיינען געווען אַ קלאַס פאַר זיך.

אויך דער שוויצבאָד, וואָס איז געשלאָסן געווען די גאַנצע וואָך, חוץ די וואַנעס און מקוואות, פלעגט זיך עפענען פרייטיק פרי. אויך דאָרט איז דער טומל געווען אַ גרויסער, איבערהויפּט אום ווינטער, ווען דער גרעסטער טייל פון די יידן זיינען געקומען אין דער זעלבער צייט צוליב דעם קורצן טאָג. איז טאַקע דער שוויצבאָד געווען געפּאַקט. משה איינבינדער, וואָס איז געווען דער אויפזעער איבער די קליינע שמאָלע שאַפעס און קעסטלעך וואו די מענער פלעגן אַוועקלייגן זייערע מלבושים, פלעגט אַרומלויפן אַ צעטומלטער. פון אַלע זייטן האָט מען געשריען: „משה! משה! משה!...״, ער זאָל קומען און פאַרשליסן די שאַפעס, פאַר וואָס ער פלעגט באַקומען עטלעכע גראַצער. קיין ווערט־זאַכן האָט קיינער אין באָד אַריין ניט מיטגעבראַכט, דאָך האָט קיינער ניט געטרויט צו לאָזן די מלבושים אין אַן אָפענעם פּלאַץ. מ׳האָט פשוט מורא געהאַט פאַר גנבות.

דער גרעסטער טומל איז געווען אין שוויץ־פּלאַץ, וואו יידן האָבן זיך גוט אויסגעשוויצט פון דער הייסער פאַרע אויף די הויכע שטיגן, וואו זיי פלעגן אויסשמייסן דעם קערפּער מיט אַ בעזימל געמאַכט פון צווייגן־ריטלעך מיט בלעטלעך. אין דער גרויסער שוויץ־שטוב איז אויך געווען אַ ריזיק גרויסער אויוון מיט גליענדיקע שטיינער טיף אי־נעוויינִיק. אויב די קעסלען האָבן ניט געקאָנט ליפערן גענוג פאַרע, און יידן אויף די הויכע שטיגלעך פלעגן אָנהויבן שרייען „אויפגיסן... אויפ־גיסן...״ פלעגט אַריינקומען דער באָד־גוי און אָנהויבן גיסן שעפלעך

וואָסער אין אויוון אויף די גליענדיקע שטיינער וואָס האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּאַרע פּונקט ווי פון אַ קעסל.

פרייטיק נאָכמיטאָג גייט מען אָן מיט די לעצטע הכנות אויף שבת. פון שוויצבאָד גייען יידן מיט אויסגעצוואָגענע בערד און פּאות און רויטע פּנימער פון דער הייסער שוויץ. יינגלעך גייען שנעל פון די ווייג־שענקען, טראָגנדיק אונטער דער קאַפּאָטע אָדער רעקל אַ פלעשל מיט וויין אויף קידוש. דאָס פלעשל האָט מען פאַרדעקט כדי עס זאָל ניט חלילה ווערן יין נסך. פון אשר זילבערס פּראָפּינאַציע קומען און גייען יונגע יינגלעך מיט אַ קוואַרטירל בראָנפן אויף שבת.

אין מאַנדל רופאס פריזיר שטוב אויפן פיש פּלאַץ קומען און גייען יידן מיט אָפּגעשווירענע קעפּ. פון אַלע זייטן זעט מען בעקער־יונגען גיין שנעל, טראָגנדיק אויף זייערע קעפּ גרויסע קויבערס פול מיט פריש־געבאַ־קענע בולקעס און חלות וואָס זיי צעטראָגן אין יידישע היימען, מ׳זעט אויך דערוואקסענע קינדער טראָגנדיק פּירעקיקע בלעכן מיט זיסע בעקערייען פון ראָגעלעך, קוכן, אייערקיכלעך און פריצניקלעך פריש געבאַקן אין בעקער־אויוון.

אין די שפּייז־קראָמען איז אויך אַ טומל מיט איינקויפן געוויסע שפּייז־אַרטיקלען אין דער לעצטער מינוט. מ׳קויפט זאַלץ, פעפער, צו־קער, עסיג און אַנדערע זאַכן צום עסן. עס קומען אין דער לעצטער מינוט אויך אַ סך גוים, ווייל אום שבת וועלן דאָך די יידישע קראָמען זיין גע־שלאָסן. ביי יואל קאַנאַריק, זלמן בלומבערג, ביי גערסטלין גייט אָן אַ פיבערהאַפטער האַנדל, אין דערזעלבער צייט האַלט מען אַן אויג און אויער אויפן שול־קלאַפּער. מ׳באַדינט די קונים אין דער שנעל.

ר׳ חיימל מלמד און ר׳ יאָסל דעמבינעס, די צוויי אויפזעער איבער די שטאָטישע ערובי חצרות, גייען אַרום צו מאַכן אַן אינספּעקציע צו זען אַז די דראָטן פון יעדן ערוב אין אַלע פיר שטאָט־טיילן, זיינען ניט איבערגעריסן. ווייל מיט אַן איבערגעריסענעם ערוב־דראָט טאָר מען קיין זאַך ניט טראָגן אום שבת. אויב זיי האָבן ערגעץ וואו געפונען אַן איבערגעריסענעם ערוב, האָבן זיי תיכף איבערגעצויגן אַ נייעם דראָט. אויב עס האָט פּאַסירט אַז אַן ערוב איז דורך אַ צופאַל איבערגעריסן געוואָרן אום שבת, האָט מען באַלד אויסגערופן אין אַלע בתי תפלות אַז „מ׳טאָר אין שטאָט ניט טראָגן״. אין אַזאַ פאַל פלעגן יידן אויסליידיקן זייערע קעשענעס. די פּאַטשיילע פלעגט מען פאַרבינדן אַרום דעם האַלדז. דעם טלית פלעגט מען אָנטאָן אין דער היים און גיין דאַוונען ניט־טראָגנ־

דיק קיין זאַך. אָפּט פֿלעגן קליינע קינדער נאָכטראָגן די עלטערן טליתים און חומשים צום דאַוונען. אָבער אַזאַ פֿאַל האָט זעלטן פּאַסירט.

אין די יידישע היימען איז מען פֿאַרנומען מיט רייניקן און רוימען. יעדער אין הויז, יונג און אַלט העלפֿט אַרויס מיט דער אַרבעט פֿאַר שבת. יינגלעך פּוצן שיך, מ׳וואַשט און מ׳צוואָגט די קעפּלעך פֿון די קינדער. מ׳שנייט אָפּ די נעגל פֿון די פֿינגער מיט דער גרעסטער פֿאָרזיכטיגקייט אַז אַן אָפּגעשניטענער נאָגל זאָל חלילה ניט פֿאַרלוירן גיין אויף דער ערד. די אָפּגעשניטענע נעגל לייגט מען אַריין אין אַ פּאַפּיר, מ׳מישט אַריין אָפּגעשניצטס האָלץ און מ׳וואַרפֿט עס אין פֿייער. מ׳האָט נאָר וואָס אָפּגעוואַשן די פּאָדלאָגעס און עס פֿאַרדעקט מיט פֿלאַכע לאַנגע זעק. אין די שטובן און אויך דרויסן פֿילן זיך די גוטע ריחות פֿון די געשמאַקע שבתדיקע געקעכצן.

דער טאַטע, וואָס איז נאָר וואָס געקומען פֿון שוויץ, זיצט שוין אין שטוב און זאָגט שיר השירים אָדער ער איז מעביר די סדרה פֿון דער וואָך. עס ווערט געדעקט דער שבת טיש, די חלות אויבנאָן. אין מיטן טיש שטעלט מען די גרויסע זילבערנע לייכטער מיט שבת ליכט. אין קיך מאַכט מען פֿאַרטיק די מאכלים פֿאַר די שבת סעודות. די אַרבעט גייט אָן אין פֿולן טעמפּאָ.

אין גאַס באַווייזן זיך די שמשים פֿון שטאָט־שול און וואָליער שול, מיט גרויסע, פֿון האַנט געמאַכטע האָלץ האַמערס, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן ספּעציעל פֿאַר דעם צוועק. זיי גייען פֿון הויז צו הויז און אויך אין די יידישע געשעפֿטן, און דערלאַנגען דריי שטאַרקע קלעפּ אין יעדער טיר. דאָס איז אַ וואָרנונג צו אַלע יידן אַז עס קומט דער הייליקער שבת, מ׳זאָל תיכף די געשעפֿטן פֿאַרשליסן. עס מאַכן זיך צו די געשעפֿטן בליץ־שנעל. אין יעדער יידישער היים ווערט ליכטיק פֿון די שבת־ליכט. אין די גאַסן באַווייזן זיך יידן אין שטריימלעך און שוואַרצע זיידענע כאַלאַטלעך, אַרומגעגאַרטלט. זיי גייען יעדער צו זיין בית תפלה. דרויסן ווערט טונקעלער, עס פֿאַרשווינדעט דער רעש און טומל — עס קומט דער הייליקער שבת.

אין די בתי תפלות איז מען מקבל שבת יעדער לויט זיין נוסח. אין די שולן, שולעכלעך און בית המדרש האָט מען געדאַוונט נוסח אשכנז. אין קלויז און אַלע אַנדערע קלויזן און שטיבלעך האָט מען געדאַוונט נוסח ספרד. אין די שולן האָט מען אָפּגעדאַוונט פֿריער ווי אין די קלויזן, סיידן ווען עס האָט אין דער שול געדאַוונט אַ גאַסט־רבי, האָט

זיך דאָס דאַווגען געצויגן לענגער. נאָכן דאַווגען באַגריסן זיך אַלע מיטן טראַדיציאָנעלן „גוט שבת״.

אין דער היים האָט מען ביי די געדעקטע טישן באַגריסט די מלאכי השרת. געמאַכט קידוש. אין שטוב איז פריילעך. מ׳פאַרגעסט דאָס גשמיות, די זאָרגן פון צרכי פּרנסה און אַנדערע צרות וואָס קומען פאָר אין טאָג־טעגלעכן לעבן. מ׳שעפּט תענוג פון שבת קודש, מ׳זינגט זמירות אויפן קול. אום זומער הערן זיך די זמירות געזאַנגען אין די גאַסן אין אַלע שטאָט טיילן. שבת היום לה׳״. היינט איז שבת.

שבת פרי פלעגט מען זען ווי פון אַלע טיילן פון שטאָט גייען ייִדן אין דער שטאָטישער מקוה און צוריק אַהיים מיט באַנעצטע פּאות און בערד. דאָס איז אויך פאָרגעקומען אין די קעלטסטע ווינטער טעג. דאַמאָלט פלעגט מען זען ווי ביי מאַנכע ייִדן הענגען אַראָפּ דינע שטיקלעך אייז פון זייערע וואָנסעס אָדער בערד. פון די ייִדישע בעקערס קומען אַרויס דינסטן און אויך מיטליאָריקע קינדער טראָגנדיק הייסע ליימענע קאָווע־טעפּ פון טשאָלנט אויוון. עס קומט דער שמש פון שול, שטעלט זיך אָפּ אין הויף פון יעדן הויז וואו עס וואוינען ייִדן און שרייט אויס אויפן קול: „אין שול אַריין!״ ייִדן גייען דאַווגען אין די שולן. אָט זעט מען פירן אַ חתן אין שול אָדער אין קלויז אַריין. דאָס איז געווען דער שבת פון „אויפרופן״. דער חתן האָט שוין דאַמאָלט געטראָגן אַ שטריימל אָבער ניט קיין טלית.

ערגיץ וואו אין מאַרק ביי אַ באַלעבאָס גרייט מען זיך צו טראָגן אַ נייעם ספר תורה אין שול. די צערעמאָניע וואָס קומט פאָר אין דער היים איז פונקט ווי ביי די הקפות אום שמחת תורה. מ׳האָט צוערשט געזאָגט די תפלה „אתה הראתה לדעת״. אויפן וועג צום קלויז האָט מען מאַר־שירט מיטן ספר, באַגלייט פון הונדערטער ייִדן וואָס פלעגן זינגען און טאַנצן.

שיין איז געווען דער שבת־טאָג אין רייִשע. שבת — דער יום המנוחה.

## תשעה באָב אין רייִשע

אום שבעה עשר בתמוז האָט זיך אָנגעהויבן דער טרויער פון די „דריי וואָכן״, ווייל אין דעם טאָג האָט דער שונא באַלאַגערט די הייליקע שטאָט ירושלים, וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן חורבן בית המקדש דעם 9טן טאָג אין חודש אב.

מיר יונגע חדר יינגלעך, אין די יאָרן פון 6 ביז 8, האָבן גוט געפילט דעם טרויער פון די דריי וואָכן פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב, ווייל אין משך פון דער צייט האָט קיין ייד ניט געטאָרט הערן די טענער פון מוזיק אָדער זיין נאָענט צו אַ פאַרגעניגונס פּלאַץ. מיר האָבן זיך ניט דערלויבט צו פאַרברענגען די פרייע צייט אויף דעם גרויסן שפּיל־פּלאַץ פון פעטער לייזער קאָריץ, וואו עס זיינען אום זומער געשטאַנען צירקן און אַנדערע וואַנדערנדיקע אַמוזירונג געצעלטן, ווייל פון דאָרט האָט מען דעם גאַנצן טאָג געהערט מוזיק־טענער פון די גרויסע קאַטערינקעס וואָס האָבן דאָרט געשפּילט. מיר האָבן אויך ניט געטאָרט גיין באָדן זיך אין ווייסליק אין דער צייט ווען די היצן זיינען געווען גרויס, ווייל אויך דאָס האָט געשמעקט מיט „תענוג". פון חתונות און אַנדערע פריילעכקייטן איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

ווען עס איז געקומען ראש חודש אב, האָט זיך די טרויעריקייט געפילט מער ווי אין דעם ערשטן טייל פון די דריי וואָכ.ן דאָס איז געווען דער אָנהויב פון די „ניין טעג". אין דער צייט האָט מען אַפילו קיין פלייש ניט געטאָרט עסן. דער ייד האָט זיך געקווילט און לויט זיין מענטשלעכן יכולת האָט ער זיך אויסגעהיט פון אַלעם וואָס קאָן חלילה ברענגען דעם קלענסטן פאַרגעניגן. דאָס זיינען געווען טעג פון טרויער און אומעט. אָבער פאַר אונדז חברה־יינגלעך איז עס געווען אַ צוגרייטונג צום טאָג ווען מיר וועלן זיך באַזאָרגן מיט „שטעכער" מיט וועלכע מיר וועלן אָנפירן שטיק וואָס וועט אונדז אַלעמען, אָנשטאָט טרויער, פיל פאַרגעניגן ברענגען.

אַ טאָג פאַר תשעה באב פלעגן מיר, חברה, אַרויס ערגעץ וואו הינטער דער ווייסליק בריק, וואו עס האָבן געוואַקסן דיקע קזשאקעס מיט שטעכערס. מיר פלעגן אָנרייסן שטעכערס אין די הונדערטער און אָנפילן מיט זיי די קעשענעס, נאָכדעם גיין אַהיים און וואַרטן ביז זמן מנחה.

אַרום זיבן אַזייגער אָוונט זעצט מען זיך עסן די סעודת המפסקת. עס איז דאָרט געווען אַ מנהג צו עסן האַרט גקאָכטע אייער באַשפּרינקלט מיט אַש וואָס מ'האָט גענומען פון קאָך־אויוון. אין יעדער יידישער היים האָט געהערשט אַ שרעקלעכער טרויער. באַלד נאָכן עסן האָבן די פרומע און חסידישע יידן אויסגעטאָן זייערע שטיוול און אָנגעטאָן לייוונטענע פּאַנטאָפל, פונקט ווי אין אַ שבעה טאָג. אין ריישע זיינען געווען עטלעכע עקסטרעם פרומע יידן, וואָס פלעגן אום תשעה באב גיין צום דאַוונען אין זאָקן, אָן שיך, אויב דער וועטער האָט דאָס דערלויבט. דער טרויער איז געווען אויסגעשפּרייט אויף יעדן פּנים.

פּאַר אונדז קליינע חברהניקעס איז קיין טרויער ניט געווען. אַזוי שנעל ווי מיר זיינען אָנגעקומען פאַר דער קלויז, האָבן מיר אָנגעהויבן וואַרפן שטעכערס אויף יעדן מאַן און פרוי וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען. די שטעכערס זיינען געבליבן הענגען ווי אָנגעקלעפּט אויף די רוקנס פון די מענטשנס מלבושים. געטאָן האָבן מיר עס מיט שפּאַס און תענוג. אָפט איז אַזאַ שטעכער געפאַלן דירעקט אין די האָר אַריין פון אַ ווייבלס שייטל, אָדער אין די האָר פון אַ מיידלס צעפּלעך. דאָס האָט זיי קיין פאַרגעניגן ניט פאַרשאַפט, ווייל אַרויסצושלעפּן שטעכער פון האָר איז געווען שמערצלעך. דאָס איז אָנגעגאַנגען דרויסן ביז מ׳האָט זיך געשטעלט דאַוונען מנחה־מעריב.

באַלד נאָך מעריב האָט מען אין קלויז איבערגעקערט אַלע בענק, ווייל פונקט ווי אין שבעה, איז אום תשעה באב ניט דערלויבט געווען צו זיצן אויף אַ געוויינטלעכן זיץ. יידן זיינען געזעסן אויף די נידעריקע פלאַכע, איבערגעדרייטע בענק. די עקסטרעמע פלעגן זיצן אויף דער הוילער פּאָדלאָגע און מ׳האָט זיך צוגעהערט צו דער טרויעריקער נגינה פון מגלת איכה. יידן האָבן געזיפצט, מאַנכע האָבן פאַרגאָסן טרערן, מ׳האָט געקלאָגט אויפן חורבן בית מקדשנו. אָט זיצט אַ ייד, ער שאָקלט זיך נאָכזאָגנדיק יעדעס וואָרט פון דער מגלה איכה; פּלוצים, ווי פון הימל פליען אַריין אין זיין לאַנגער באָרד צוויי שטעכערס. דער ייד שטלט זיך ניט אָפּ, ער גייט אָן מיט זיין התלהבות. ביי אַן אַנדערן יידן בלייבט אַ שטע־כער הענגען פון דער פאה, — אָט דאָס איז אָנגעגאַנגען די גאַנצע צייט פון לייענען איכה. ס׳זיינען געפלויגן שטעכערס און מ׳האָט ניט גע־וואוסט פון וואַנען. ערשט נאָך „עלינו״ פלעגט זיך אָנהויבן אַ מאַטער־ניש, ווען יידן האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן צו באַפרייען זייערע בערד און פּאות פון די שטעכערס וואָס האָבן זיך ווי אַריינגעגראָבן אין די האָר.

דאָס וואַרפן שטעכערס אין קלויז איז ניט געקומען פון אונדז ייגגלעך. מיר וואָלטן עס ניט געוואַגט צו טאָן. דאָס האָבן געטאָן די ווילדע הפקר־יונגען פון וועלכע נחמן קוטער איז געווען דער אָנפירער. איך געדענק אַמאָל תשעה באב ביינאַכט אין קלויז. אויף דער ערד זיצט ר׳ הערש שוחט לייענענדיק איכה מיט אַ טרויעריקער אָבער אנגענעמער שטימע וואָס נאָר ר׳ הערש שוחט קאָן. פּלוצים איז אים אַ שטעכער אַריינגעפלויגן אין מויל בשעת זיין מויל איז געווען אָפן ווען ער האָט געצויגן אַ וואָרט מיט דער נגינה פון איכה. עס האָט געדויערט צוויי סעקונדן ביז ער האָט דעם שטעכער אויסגעשפּיגן און איז ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער קריאה ווי עס וואָלט גאָרניט געשען.

תשעה באב איז געווען ניט גלאַט אַ תענית טאָג. אַנדערע תעניתים האָבן יידן געזאָגט סליחות און געפאַסט. זיי זיינען אָבער אויך אָנגע־גאַנגען מיט זייער מסחר און אַרבעט. יידישע געשעפטן זיינען געווען אָפן ווי יעדן טאָג. אום תשעה באב אָבער האָט אַ פרומער ייד ניט געאַרבעט. ביי אים איז עס געווען אַ שבעה טאָג. ער איז געבליבן אין דער היים, אַרומגעגאַנגען אין די זאָקן, געזעסן אויף אַ נידעריקן בענקעלע אָדער קליינעם קעסטל און געלערנט בלויז אַזעלכע ספרים וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן חורבן.

דאָס דאַווענען אין קלויז תשעה באב פרי איז אויך געווען אַנדערש ווי אין אַנדערע תענתים טעג. ווייל אום תשעה באב האָט מען ניט געדאַוונט אין טלית און תפילין (ערשט צו מנחה האָט מען געדאַוונט אין טלית און תפלין). די הויפט תפלות ביים דאַוונען איז געווען די קינות, ווען מ׳האָט געוויינט און געקלאָגט אויפן חורבן.

מיר קליינע חברה, פלעגן אויך אין דער פרי באַנוצן זיך מיט וואַרפן שטעכערס. אַזוי האָבן מיר אָנגעפירט דעם גאַנצן טאָג, ווייל אום תשעה באב איז מען אין חדר ניט געגאַנגען.

# דאָס יידישע לעבן אין ריישע

געווידמעט מיין שוועסטער
חיה און אירע קינדער

## דער ריישער מאַרק

דער מאַרק איז געווען אַ שיינער גרויסער סקווער. אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ שיינער גרויסער מאָנומענט פון דעם באַוואוסטן פּוילישן פּאַטריאָט טאַדעאוש קאָשצוסקאָ. אָט דיזער גרויסער העלד האָט אויך געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע.׳ ער האָט געהאָלפן גענעראַל וואַשינגטאָן באַפרייען אַמעריקע פון דער ענגלישער הערשאַפט. צו מערב זייט פון מאַרק איז געשטאַנען די וואונדער שיינע געביידע פון שטאָטישן מאַגיסטראַט (סיטי האָל). אַלע הייזער וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם מאַרק זיינען געווען יידישע, וואו עס האָבן געוואוינט עטלעכע פון די גרעסטע גבירים פון שטאָט. דער מאַרק איז אויך געווען דער צענטער פון האָלסייל שניט־סחורות און צעלניק. עס זיינען דאָרט אויך געווען די גרעסטע שפּייז־לאַגערן און מעל געשעפטן. דער יערלעכער אומזאַץ פון די אַלע האָלסייל געשעפטן האָט באַטראָפן מיליאָנען גולדן. אַלע אויבן דערמאָנטע האָלסייל געשעפטן זיינען געווען אויסשליסלעך יידישע. אין מאַרק זיינען אויך געווען צוויי־דריי פון די יידישע בענק און אויך זייער שיינע מאָדערנע ריטייל געשעפטן. דער מאַרק סקווער האָט אויך געדינט אַלס האַנדלס צענטער פאַר די שטאָטישע ירידים, ווען עס פלעגן קומען סוחרים פון די נאָענטע שטעט און שטעט־לעך מיט פערד און וואָגן אָנגעפּילט מיט סחורות און זיך אָפּגעשטעלט אין מאַרק וואו זיי פלעגן אויף הילצערנע שטאַנגען אַרויסהענגען זייערע סחורות. די סחורות זיינען געווען פאַר די פּויערים. אַ שטאָטישער (מיעשטשאַן) האָט זיך צו די סחורות ניט צוגערירט.

דער מאַרק האָט אויך געדינט אַלס צענטער פון יידישן געזעלשאַפט־לעכן לעבן פאַר די באַלעבאַטים פון אַלע שיכטן. אין אַ שיינעם וואַרעמען טאָג אַרום צען אור פרי האָט מען שוין געזען אַ היפּשע צאָל יידן אין מאַרק, מאַנכע פון זיי מיט שיינע פאַרקעמטע בערד און פאַרלאָקטע פּאות מיט אַ שטעקעלע אין האַנט, די לאַנגע קאַפּאָטע ברייט צעקנעפּלט.

פון וועסטל איז געהאַנגען אַ גרויסע לאַנגע גאָלדענע קייט צוגעטשעפּעט צו אַ גרויסן שווערן גאָלדענעם זייגער, וואָס איז דאַמאָלט געווען אין דער מאָדע. זיי זיינען אַרומגעגאַנגען אין גרופּן פון צוויי אָדער דריי, געפּאָכעט מיט די שטעקלעך בהרחבה; זיי האָבן איבערגערעדט זייערע געשעפטן און אויך דיסקוטירט פּאָליטיקע און נייס פון טאָג; אַנדערע זיינען געשטאַנען אין גרופּן און עוסק געווען אין שוחת חולין. אויב אַ ייד האָט געוואָלט זען אַן אַנדער יידן האָט ער קיין אַפּוינטמענטס ניט געמאַכט — מ׳האָט זיך געטראָפן אין מאַרק אָדער אין בית הכנסת. מיט טעלעפאָנען האָט מען זיך דאַמאָלט ניט באַנוצט כאָטש עס איז שוין דאַמאָלט געווען טעלעפאָנען אין געברויך אין ריישע. יעדער האָט געוואוסט וואו דער צווייטער געפינט זיך. אָבער צום גרעסטן טייל האָט מען זיך באַגעגנט אין מאַרק. דער מאַרק האָט אויך געדינט אַלס צענטער פאַר די כאַשטערס (פּראָצענטניקעס). חוץ די גרויסע און קלענערע יידישע בענק זיינען אין ריישע געווען אַ סך רייכע יידן וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אויסשליסלעך מיט כאַשטעריי. זיי האָבן געריסן פּראָצענטן וויפיל עס האָט זיך געלאָזט. אין שטאָט האָבן געוואוינט אַ סך יידן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין עטאַבלירטן קרעדיט און האָבן זיך אָפט געניטיקט אין הלוואות — אָט די יידן האָבן געמוזט אָנקומען צו די כאַשטערס און האָבן געצאָלט גרויסע פּראָצענטן. דערצו האָבן זיי געדאַרפט האָבן מיטשרייבערס אויף די וועקסלען צו פאַרזיכערן די הלואה. פּראָצענטן האָט מען געצאָלט אויפן טאָג. למשל, ווען אַ כאַשטער האָט וועמען געבאָרגט הונדערט קראָנען, האָט ער דערפאַר באַקומען דריי אָדער פיר גראַצער אַ טאָג פאַר פּראָ־צענט. עס זיינען אויך געווען וואָכערער וואָס האָבן געריסן פיל גרעסערע פּראָצענטן, אויב זיי האָבן עס געקאָנט קריגן.

אין מאַרק האָבן יידן אַרומגעשפּאַצירט און זיך באַוואויגן פריי, פונקט ווי ביי זיך אין הויז. פון די טויזנטער גוים וואָס פלעגן פאַרקערן אָדער דאָרט פאַרבייגיין — און עס זיינען צווישן זיי געווען גרויסע אַנטיסעמיטן — האָב איך אין די 23 יאָר וואָס איך האָב געלעבט אין ריישע, ניט געזען אָדער געהערט אַז אַ גוי זאָל אַטאַקירן אָדער באַליידיקן אַ יידן; ווער רעדט נאָך פון שענדן אַ מקום קדוש, אָדער, חלילה, אַ ספר תורה. ווי עס פּאַסירט אָפט אויף דער ברייטער וועלט... אויב אַ גוי האָט אַמאָל יאָ באַליידיקט אַ יידן, האָט אים דער ייד פאַרקלאָגט אין געריכט. דער ריכטער האָט דעם אָנגעקלאָגטן באַשטראָפט לויט דעם געזעץ. אין די יאָרן אונטער דער עסטרייך־אונגאַרישער מאָנאַרכיע פון קייזער פראַנץ יאָזעף, האָבן די יידן אויסגענוצט די פרייהייטן וואָס די

רעגירונג האָט זיי געשענקט און געפירט אַ יידיש לעבן מיט עהרע און שטאָלץ.

אין די אָוונטן האָט דער מאַרק גערינט אַלס אַ שפּאַציר־פּלאַץ פאַר יונג און אַלט. דער שפּאַציר האָט זיך אָנגעהויבן אין מאַרק און זיך געצויגן ביז דער הערן גאַס, אונטער די קעסטן בוימער און די אַלעע. די לעצטע איז געווען די אַריסטאָקראַטישע גאַס אין שטאָט. אַרום האַלב זיבן אָוונט האָט זיך באַוויזן די יידישע אַריסטאָקראַטיע, יונגע מיידלעך און פרויען אויסגעפּוצט לויט דער נייעסטער מאָדע, אויך זייער פיל סטודענטן אין זייערע שיינע שוואַרצע געפּאַסטע אָנצוגן; אויך די אַקאַ־דעמיקער. אָט די יונגוואַרג האָט שפּאַצירט מיט די מיידלעך אָדער אַליין, אין גרופּן. דער מאַרק סקווער האָט אויך גערינט אַלס אַ פּלאַץ, אויף וועלכן עס זיינען פאָרגעקומען פּאַראַדן און שטאָטישע פאַראַנשטאַלטונגען און אויך דעמאָנסטראַציעס. איך געדענק אַן אינצידענט וואָס האָט פּאַסירט אין מאַרק. איך דענק ס'איז געווען אין יאָר 1908. דער עסטרייכישער פּאַרלאַמענט האָט דורכגעפירט אַ געזעץ, אַז אַלע געשעפטן אַן אויסנאַם מוזן געשלאָסן ווערן זעקס אַזייגער אָוונט. אַזאַ געזעץ האָט שוין לאַנג עקזיסטירט אין די גרויסע שטעט, ווי ווין. אָבער ניט פאַר גאַליציע. אין ריישע זיינען די געשעפטן געשטאַנען אָפן ביז שפּעט אין דער נאַכט. די געשעפטס אייגנטימער האָבן זיך ניט וויסנדיק געמאַכט און געהאַלטן אָפן די געשעפטן יעדע נאַכט ווי אַלע מאָל.

אין ריישע איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטע סאָציאַל דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָס איז געווען זייער אַקטיוו, אונטער דער פירערשאַפט פון איינעם אַ געוויסן בורדא. עס איז אויך דאָרט געווען אַ גוט אָרגאַני־זירטער פּועלי ציון פאַראיין אונטער דער פירערשאַפט פון מ. בוכביג־דער, אַ זייער אינטעליגענטער יונגערמאַן, אַ גרויסער אידעאַליסט און אַ גוטער רעדנער אין פּויליש, ווי אויך אין יידיש. ער אַליין איז געווען אַ משרת ביי היילמאַן קאהן. אין פּועלי ציון אָרגאַניזאַציע האָבן זיך אָנ־געשלאָסן אַ סך משרתים ((סיילס קלוירקס), וואָס האָבן געאַרבעט אין די ריטייל געשעפטן. עטלעכע טעג נאָכדעם ווי די ריטייל געשעפטן האָבן איגנאָרירט דאָס „זעקס אור שפּער געזעץ", און די שטאָט־רעגירונג האָט זיך ניט ווויסנדיק געמאַכט דערפון, האָבן זיך צוזאַמענגענומען עטלעכע משרתים, מיטגלידער פון דער פּועלי ציון פאַראיין, אין מאַרק, מיטן צוועק צו דעמאָנסטרירן קעגן די פאַרשוועכונג פון „שפּער געזעץ". זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין פראָנט פון קליינמאַנס שוך־געשעפט און

אין עטלעכע מינוט האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן עטלעכע הונדערט מענטשן. איך בין דאַמאָלט געווען אָנגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער אין האָלסייל שניט־וואַרן געשעפט ביי שמעון דרוקער, וואָס איז געווען אין מאַרק פונקט אַנטקעגן איבער קליינמאַנס שוך־געשעפט. איך בין גראַד אַרויס און דערזען דעם גרויסן טומל אויף דער צווייטער זייט מאַרק — בין איך בליץ־שנעל געלאָפן אַהינצו אויסצוגעפינען וואָס אַזוינס עס קומט דאָרט פאָר. פלוצים האָט זיך דערהערט אַ טראַך פון געבראָכענע גלאָז. עס האָט ווער געוואָרפן אַ שטיין און צשמעטערט דאָס גרויסע גלאָז־שוי־פענצטער פון קליינמאַנס שוך־געשעפט. איידער איך האָב זיך אומגעקוקט וואָס עס האָט פּאַסירט, האָבן אַלע אָנגעהויבן זיך שטופּן און לויפן. פלוצים דערפיל איך ווי עמעצער כאַפּט מיין האַנט און האַלט עס פעסט. איך קאָן שוין מער ניט לויפן, איך דערזע אַ פּאָליסמאַן האַלט מיך. איך פרואוו זיך פון אים באַפרייען, אָבער עס איז אומזיסט. ער האַלט מיך פעסט, שוין מיט ביידע הענט. אַלס יונגערמאַן בין איך ניט געווען פון די אָפּגעשראָקענע. אָבער דאָס מאָל בין איך געבליבן זייער דערשראָקן. איך האָב ניט געוואוסט וואָס דער פּאָליסמאַן האָט זיך צו מיר צוגעטשעפּעט. איך האָב זיך געפילט גאַנץ אומשולדיק. איך בין נאָר וואָס אַהערצו געקומען אויסצוגעפינען וואָס דאָ קומט פאָר. איך האָב עס דעם פּאָליסמאַן דערקלערט ער האָט זיך צו מיר ניט צוגעהערט און מיך געשלעפּט איך זאָל מיט אים גיין צו דער פּאָליציי באַצירק, אויב ניט וועט ער מיך שלעפּן מיט גוואַלד.

ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז אין פראָנט פונעם שוך־געשעפט פאָרגעקומען אַ געשלעג, עס זיינען אָנגעלאָפן פּאָליציי, זיי האָבן געהאַט אַ שווערע אַרבעט זיך דורכצושטופּן צווישן דער ריזיקער מאַסע מענטשן. ווען זיי זיינען ענדלעך צוגעקומען, האָבן די דעמאָנ־סטראַנטן זיי מכבד געווען מיט קלעפּ און מיט שטיינער, און זיך צעלאָפן. די פּאָליציי האָט ניט געשוויגן, זיי האָבן נאָכגעיאָגט די דעמאָנסטראַנטן און איינער פון די פּאָליציסטן האָט מיך גאָר דערווישט, ווייל אויך איך בין אַוועקגעלאָפן פונקט ווי די אַנדערע. איך האָב זיך געוועלט, גע־וואָלט פון אים זיך באַפרייען און געבעטן זיך ביי אים אַז איך בין אַן אומשולדיקער, אַז איך האָב זיך בלויז צוגעקוקט וואָס דאָ קומט פאָר. עס האָט ניט געהאָלפן. ער האָט מיך דערקלערט אונטער אַרעסט. איך האָב געזען אַז ס׳וועט גאָר ניט העלפן, האָב איך איינגעווויליגט צו גיין מיט אים. ער האָט מיך געפירט צום פּאָליציי־באַצירק איבער דער ריישער הויפּטגאַס. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און געשטוינט צו זען ווי

מען אַרעסטירט מיך. דאָס איז פֿאַר מיר געווען די גרעסטע חרפּה אין מײַן יונג לעבן.

אָנקומענדיק אין פּאָליצײַ־באַצירק האָט מען מיך פֿאַרהאַלטן. איך האָב זיך פֿאַר דעם אויבער־פּאָליציסט דערקלערט אומשולדיק. איך האָב אים דערציילט אַז איך האָב מיט די דעמאָנסטראַנטן קיין שייכות ניט, אַז איך בין קיין משרת ניט אין אַ ריטייל געשעפֿט, אַז איך בין אָנגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער אין אַ האָלסייל געשעפֿט און מיר שליסן יעדן אָוונט פֿרי. עס האָט ווייניק געהאָלפֿן. דער קלאַנג וועגן מײַן אַרעסט האָט זיך בליץ־שנעל פֿאַרשפּרייט אין שטאָט. אַ סך מענטשן האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין פֿראָנט פֿון פּאָליצײַ־באַצירק, אַ סך פֿון מײַנע פֿרײַנט זײַנען אַרײַן און גערעדט מיט דעם פּאָליצײַ־וואַכמײַסטער, עס האָט ניט געהאָלפֿן. ער האָט מיך אָפֿיציעל פֿאַרשריבן אַלס אַ פֿאַרברעכער פֿון געזעץ; ער האָט מיך באַפֿרײַט מיט דעם באַדינג, אַז דעם נעקסטן טאָג, 10 אוהר פֿרי, זאָל איך זיך צושטעלן אין אָפֿיס פֿון דעם פּאָליצײַ־אינספּעקטאָר וואָס וועט אויסאַרבעטן די קלאַגע קעגן מיר צום געריכט. איך האָב אָפּגעאָטעמט פֿרײַ, ווײַסנדיק, אַז איך וועל ניט דאַרפֿן ליגן איבער נאַכט אין חד גדיא. מײַנע פֿרײַנט וואָס האָבן געוואַרט אין דרויסן, האָבן מיך באַגלייט אַהיים.

מײַנע עלטערן, ניט ווײַסנדיק דעם אמת, האָבן מיך חושד געווען. זיי האָבן מיר ניט געוואָלט מוחל זײַן די שאַנדע וואָס איך האָב געבראַכט אויף דעם פֿאַמיליען־נאָמען. מײַן פֿאָטער האָט געלערנט אַ חקירה: „סטייטש," האָט ער געשריען אויפֿן קול, „ דו ווילסט מיר אײַנריידן אַז דו ביסט גאָט די נשמה שולדיק אַז די שויבן־ברעכער און די דעמאָנסטראַנטן האָט די פּאָליצײַ געלאָזט גיין פֿרײַ און נאָר דיך, דעם אומשולדיקן, האָט מען אַרעסטירט?"

דעם נעקסטן פֿרימאָרגן בין איך גלײַך אַוועק צום אַדוואָקאַט דר. האָפּפּען, וועמען איך האָב גוט געקאָנט. ער איז געווען פּרעזידענט פֿון פֿאַראיין „חובבי ציון" וואו איך בין אויך געווען אַקטיוו. ער האָט מיר געראַטן פֿריער צו גיין צום פּאָליצײַ אינספּעקטאָר און אויב ער וועט מיך דערקלערן שולדיק און איבערגעבן די קלאַגע אין געריכט, וועט ער שפּעטער אויסאַרבעטן פֿאַר מיר אַ פֿאַרטיידיקונגס־אַקט.

פּונקט 10 אַזייגער אין דער פֿרי בין איך שוין געווען בײַם פּאָליצײַ־אינספּעקטאָר. דאָרט האָב איך אויך געטראָפֿן וואַרטנדיק אויף מיר מײַן פֿרײַנט בוכבינדער, וואָס האָט גראָד געהאַט אַ קאָנפֿערענץ מיט דעם אינספּעקטאָר, מיט וועמען ער איז אויך געווען באַפֿרײַנדעט. ווען ער

איז פֿאַרטיק געוואָרן מיטן אינספּעקטאָר, איז ער באַלד צוגעקומען און מיר געזאָגט אַז איך בין פֿריי. ער האָט עס איבערגערעדט מיטן אינ־ספּעקטאָר און דערקלערט מיין אומשולד. האָט מיך דער אינספּעקטאָר באַפֿרייט און אַרויסגעוואָרפֿן די קלאַגע. איך בין אַוועק אַ צופֿרידענער.

דעם זעלבען טאָג האָט דער באַצירקס־הויפּטמאַן, די אָפּטיילונג פֿון דער לאַנדעסרעגירונג אין ריישע, אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל אַז אַלע געשעפֿטן אָן אויסנאַם מוזן זיך שליסן יעדן טאָג ניט שפּעטער ווי זעקס אַזייגער אָוונט. די פּאָליציי האָט אויך באַקומען אַ באַפֿעל דעם דאָזיקן געזעץ דורכצופֿירן.

די געשיכטע פֿון מיין אַרעסט איז אין עטלעכע טעג שפּעטער אין גאַנצן פֿאַרגעסן געוואָרן. אָבער ביי די פּועלי ציוניסטן און אויך ביי די ריישער משרתים בין איך געווען אַ העלד וואָס צוליב מיר איז דער נייער געזעץ אַרויסגעצוואונגען געוואָרן אויף די קאַפּיטאַליסטישע באַלע־באַטים פֿון די ריטייל געשעפֿטן.

אין וואָכנטעג איז אין מאַרק געווען ווי אויף אַ יאַריד פֿון פֿרי ביז נאַכט. אום שבת אָבער האָט דער מאַרק גערוט און געפּוסטעוועט. די עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן און סתם חסידים זיינען געגאַנגען צום דאַוו־נען באַצירט מיט דעם שיינעם טערקישן טלית מיט דער ברייטער זיל־בערנער עטרה. מ׳האָט זיך ניט געשעמט. קיינער פֿון די טויזנטער גוים אין שטאָט האָבן ניט געוואגט צו שטערן אָדער אפילו חוזק מאַכן פֿון אַ יידן אום שבת. עס האָט אַמאָל געטראָפֿן ווי אַ קליינער שייגעצל האָט פֿאַרטשעפּעט אַ חסידיש יינגל אין גאַס און אים נאָכגעשריען „זשידקא״. אַמאָל פֿלעגט אַזאַ שייגעצל נאָכלויפֿן אַן אַנטלויפֿנדיקן יינגל און זיך דער־לויבן צו רייסן ביי אים די פּאות. דאָס איז אָבער זעלטן ווען פֿאָרגע־קומען, און אויך נאָר דאַמאָלט ווען אַ שייגעצל האָט דערווישט אַ יינגל אין אַ געגנט וואָס איז געווען באַוואוינט בלויז פֿון קריסטן. אַזאַ פֿאַל איז אַמאָל פֿאָרגעקומען אויך מיט עלטערע יינגלעך אין פֿעלד אָדער אויסערן שטאָט. איך געדענק, ווען איך האָב געלערנט אין העשל טיטשינערס חדר, זיינען מיר יינגלעך אַמאָל אין אַ פֿרייטיק געגאַנגען אין פֿעלד אַריין. מיר זיינען דאַמאָלט געווען אין עלטער פֿון 11 ביז 13 יאָר און געווען אַלע חסידיש אָנגעטאָן. האָבן אונדז דאָרט באַגעגנט גוישע סטודענטן און אונדז באַפֿאַלן. אין שטאָט, וואו דער פֿאַרקער איז גרויס, וואָלטן זיי דאָס ניט געוואָגט צו טאָן. עס האָט אָבער אויף קיין פֿאַל קיינמאָל ניט פֿאָרגעקומען אַז אַ דערוואַקסענער קריסט זאָל אַטאַקירן אַ דערוואַקסענעם יידן.

דער מאַרק האָט געפּוסטעוועט ביז אַרום דרײַ אַזייגער נאָכמיטאָג. פון דאַמאָלט אָן, זײַנען די מאַרק צײַלן געווען איבערפולט מיט שפּאַציר־גייער. חוץ די פרויען, יונגעלײַט און מיידלעך, אויסגעפּוצט אין זייערע בעסטע שבתדיקע מלבושים, האָבן אויך דאָרט אַרומשפּאַצירט פילע ייִדן אין זייערע שטריימלעך און זײַדענע שוואַרצע קאַפּאָטעס. זיי פלעגן שפּאַ־צירן אין גרופּן פון צוויי, דרײַ אָדער מער, דיסקוטירטן פאַרשידענע ייִדישע פּראָבלעמען ביז זמן מנחה. עס איז באמת געווען אַ פאַרגעניגן צו זען דעם רײַשער מאַרק אין אַ זומער שבת שפּעט נאָכמיטאָג. ווי שטאָלץ און פרײַ דער ייִד האָט שפּאַצירט אויסגעפּוצט אין בגדי שבת, די לינקע האַנט אין דער הינטערשטער קעשענע, אָדער ער האָט אַרײַנגעשטעקט פיר פינגער אין גאַרטל וואָס איז געווען אַרום זײַן גוף. אין דער רעכטער זײַט פון דער הינטערשטער קעשענע האָט אָפּט אַרויסגעשטעקט אַ רויטע פאַטשיילקע, מיט דער רעכטער האַנט האָט ער געגלעט זײַן בערדל אָדער געדרייט אַ פאה. איך צווייפל אויב דער תל־אביבער מאַרק קוקט אויס מער ייִדיש ווי עס האָט אויסגעקוקט דער רײַשער מאַרק אום שבת.

איידער איך פאַרענדיק דעם קאַפּיטל וויל איך דערמאָנען אַן אינ־צידענט, וואָס איז פאָרגעקומען אין רײַשע, אין דענק אין תרע״א (1911), אַלס אַ בײַשפּיל ווי די גוים האָבן דעם ייִדן רעספּעקטירט און ניט גע־וואָגט שלעכטס צו טאָן.

אין רײַשע איז געווען אַ העברעאישער לערער, אַ קליין געוויקסיקער יונגערמאַן, אַן אויסגעדאַרטער, אין די צוואַנציקער יאָרן. איך האָב אים אָפּט געזען אין מאַרק שפּאַצירן מיט זײַנע תלמידים. פּלוצים האָט זיך אין שטאָט פאַרשפּרייט אַ קלאַנג אַז דער לערער האָט זיך געשמדט און וואוינט טאַקי בײַם גלח אין הויז. ער איז ווי פאַרשוואונדן געוואָרן. מ׳האָט אים אין גאַס מער ניט געזען.

אין רײַשע איז דערשינען אַ גוישע פּוילישע וואָכנצײַטונג „גלאָס רזשעשאָווסקי״ וואָס האָט געדינט דער גוישער באַפעלקערונג פון שטאָט. עטלעכע וואָכן נאָכן שמד־קלאַנג איז אין דער אויבנדערמאָנטער צײַטונג דערשינען אַ סעריע אַרטיקלען אונטער דעם טיטל „וואָס אַ ייִד דערציילט פון ייִדן״. דער שרײַבער פון דעם אַרטיקל האָט דערקלערט, אַז ער האָט געהאַט אַן אינטערוויו מיט דעם נײַעם משומד, האָט ער אים דערציילט ווי אַזוי ייִדן רײַדן און דענקען פון קריסטן, וואָס נאָר אַ משומד קאָן אויסטראַכטן. דער שרײַבער האָט עס אויך באַפּוצט מיט אַנטיסע־מיטישע באַמערקונגען.

די אַרטיקלען זײַנען דערשינען אין משך פון עטלעכע וואָכן. דאָס

האָט איבערגעלאָזט אַ שווערן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג. מ׳האָט דערוואַרט אַ שלעכטע רעאַקציע פון די קריסטן קעגן יידן דירעקט אָדער אומדירעקט. מ׳האָט אויך מורא געהאַט, אַז די אַנטי־סעמיטישע אַרטיקלען זאָלן זיך ניט פאַרשפּרייטן אין דער פּוילישער פּרעסע אין אַנדערע שטעט, וואָס וואָלט געבראַכט פיל שאַדן צו די גוטע באַציאונגען צווישן די יידן און קריסטן וואָס האָבן דאַמאָלט עק־זיסטירט. אַ סך יידן האָבן זיך אַפילו געשראָקן פאַר אַן אַטאַקע וואָס קאָן פירן צו אַ פּאָגראָם. עטלעכע וואָכן נאָכדעם ווי דער לעצטער אַרטיקל איז דערשינען, איז די גאַנצע זאַך פאַרגעסן געוואָרן. די באַ־ציהונגען צווישן די יידן און די גוים זיינען אַנגעגאַנגען נאָרמאַל.

דער יידישער איינפלוס האָט זיך געפילט אַפילו אין די דערפער וואו עס האָבן געוואוינט איינער אָדער צוויי יידן צווישן עטלעכע הונדערט און אָפט איבער טויזנט פּויערים. דער ייד איז געווען אַ גוט־באַזיצער, אַ פּאַסעסאָר, אָדער אַ קרעטשמער. די דאָרפס פּויערים, צווישן זיי גאַנץ גרויסע און זייער רייכע פּריצים האָבן דעם יידן רעספּעקטירט. די אָרעמע פּויערים זיינען אינגאַנצן געווען אָפּהענגיק פון יידישן פּאַ־סעסאָר. זיי האָבן פּשוט פון אים געלעבט. אַ גרויסע פּאַסעסיע האָט באַשעפטיקט הונדערט און מער פּויערים און שיקסעס וואָס האָבן גע־אַרבעט אין די שטאַלן ביי די קי, אום זומער אין די פעלדער און אום ווינטער ביים דרעשן די תבואות. ווי ווייט איך געדענק האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט אַז פּויערים זאָלן באַפאַלן אַ יידן אָדער אים שלעכטס טאָן.

## די יידישע שענק

ביז צום יאָר 1910 זיינען די שענקען אין עסטרייך געווען אונטער דער יורידיקציע פון די שטאָטישע רעגירונגען פּונקט ווי אַלע אַנדערע לאָקאַלע געשעפטן. ווער עס האָט געוואָלט עפענען אַ שענק האָט בלויז געדאַרפט אָנקומען צום מאַגיסטראַט פאַר אַ דערלויבעניש פּונקט ווי פאַר אַ שפּייז אָדער קליידער געשעפט. דער אַפּליקאַנט האָט באַלד באַקומען די קאָנצעסיע און האָט געצאָלט די געזעצלעכע טאַקסע. עס זיינען טאַקי אין גאַליציע געווען זייער אַ סך שענקען וואו מ׳האָט פאַרקויפט וויין, ביר און בראַנפן און כמעט אַלע זיינען געווען יידישע.

אין יאָר 1910 איז אין עסטרייך אַריין אין קראַפט אַ געזעץ, וואָס

איז פריער אָנגענומען געוואָרן אין פּאַרלאַמענט, אונטערן דרוק פון די פּוילישע אַנטיסעמיטישע פירער, וואָס האָט געשטעלט אַלע שענקען אין דער עסטרייכישער מאָנאַרכיע אונטער דער יוריסדיקציע פון דער רעגירונג.

אין די עסטרייכישע פּראָווינצן אויסער גאַליציע, ווי למשל בעהמען, מעהרען און אַנדערע וואו די יידישע באַפעלקערונג איז געווען אַ קליינע, האָט דער נייער געזעץ געמאַכט אַ קליינעם איינדרוק צוליב דעם ווייל דאָס רוב פון די געוועזענע שענקערס זיינען געווען ניט־יידישע, האָבן טאַקי אַלע צוריקבאַקומען די קאָנצעסיעס מיט קליינע אויסנאַמען. אין גאַליציע אָבער, וואו איבער 90 פּראָצענט פון די שענקערס זיינען געווען יידישע, איז דער נייער געזעץ געווען אַ טויט־קלאַפּ. אין ריישע, למשל, האָבן אַלע געוועזענע יידישע שענקערס אָפּגעגעבן אַפּליקאַציעס פאַר נייע קאָנצעסיעס. צום באַדויערן האָט מען אַ גאַנץ קליינע צאָל פון זיי באַוויליקט. איבער 30 פּראָצענט פון די קאָנציעסיעס האָט מען געגעבן צו נייע ניט־יידישע אַפּליקאַנטן וואָס זיינען קיינמאָל קיין שענקערס ניט געווען. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל צווישן די יידישע שענקערס ניט נאָר אין ריישע, נאָר איבער דער גאַנצער פּראָווינץ. ווייל עס האָט געדראָהט אַז הונדערטער יידישע געוועזענע שענקערס זאָלן בלייבן אָן פּרנסה. דאָס האָט געבראַכט דערצו אַז די יידישע שענקערס איבערן לאַנד זאָלן זיך אָרגאַניזירן און אויפנעמען אַ קאַמף קעגן דער דיסקרי־מינאַציע. מ׳האָט אָפּגעהאַלטן אַ קאָנווענשאָן און באַשלאָסן צו פּראָ־טעסטירן צו די העכסטע אינסטאַנצן אין ווין. עס איז אויך באַשלאָסן געוואָרן דורכצופירן אַ מאַסן דעמאָנסטראַציע אין ווין קעגן דעם געזעץ.

צום באַשטימטן טאָג זיינען איבער צוויי טויזנט יידישע שענקערס אָנגעקומען קיין ווין און ווי איין מאַן האָבן זיי מאַרשירט איבער די ווינער גאַסן מענער און פרויען, און זיך אָפּגעשטעלט אין פראָנט פון עסטרייכישן פּאַרלאַמענט. די פירער פון די דעמאָנסטראַנטן האָבן אי־בערגעגעבן געשריבענע פּראָטעסטן צו די פירער פון דער רעגירונג און אויך אַ ביטע צום קייזער פראַנץ יאָזעף אין דער קייזערלעכער האָפבורג. אַלע צייטונגען אין לאַנד האָבן אָפּגעגעבן פּלאַץ פאַר דער נייס, עס זיינען אויך דערשינען בילדער פון די דעמאָנסטראַציעס.

די פּראָטעסט דעמאָנסטראַציע האָט פיל געהאָלפן, ווייל עטלעכע טעג שפּעטער האָט די רעגירונג פאַרגרעסערט די צאָל קאָנצעסיעס פאַר די יידן מיט איבער 1600. דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו. אין ריישע האָבן כמעט אַלע אַלטע יידישע שענקער באַקומען די קאָנצעסיעס.

די יידישע שענק אין רײשע האָט געדינט דעם יידן ווי דער קאַפּע־הויז האָט געדינט דעם דורכשניטלעכן מענטשן פון אַנדערע לעבנסשיכטן. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז די קאַפּע־הייזער זיינען ניט פּאַטראָניזירט געוואָרן פון יידן, פּאַרקערט, איבער ניינציק פּראָצענט פון די קאַפּע־הייזער האָבן געהאַט יידישע אייגנטימער און זיינען אויך פּאַטראָניזירט געוואָרן פון יידן. די יידישע שענק, אָבער, איז געווען דער פּאַרזאַמלונגס פּלאַץ פון סתם קלויז־יידן, חסידישע בעלבאַטים און אויך עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן. צווישן דעם קלאַס יידן זיינען קיין שכורים ניט געווען. אַ חסידישער ייד טרינקט ניט צוליב שכרות, נאָר צוליב אַ ברכה און לחיים, סיידן ביי אַ ספּעציעלער געלעגנהייט אָדער אום פּורים, דאַמאָלט האָבן אַפילו חסידים איבערגעכאַפּט די מאָס. אין אַזאַ פאַל פלעגט זיך אַרויסכאַפּן אַ ייד וואָס איז געווען באַשנאָשקעט.

יידן זיינען געקומען אין שענק טרינקען אַ גלאָז מעד אָדער ביר און פאַרבייסן מיט אַ היפּשן טעלער אַרבעס. אין די שענקען האָט מען באַקומען זייער גוטן ביר; פון די משקאות איז פּילזנער אָדער אָקאָטשימער געווען מער פּאָפּולער, און אויך אַנדערע שטאַרקע משקאות. אָפט זיינען יידן געזעסן אין גרופּן פון צוויי אָדער דריי, געזופּט פון די גלעזער און עוסק געווען בדברי תורה, אַנדערע האָבן דיסקוטירט יידישע אָדער גישעפטס־פּראָבלעמען. פיל געלט האָט עס ניט געפּאָדערט. פאַר פינף אָדער צען גראַצער האָט מען באַקומען אַ גרויס גלאָז ביר, מ׳איז דערביי אָפּגעזעסן עטלעכע שעה.

איינע פון די מער באַוואוסטע שענקען אין רײשע איז געווען די שענק פון ר׳ וואָלף קאַנער. דער אייגנטימער איז געווען אַ בכבודיקער חסידישער ייד. אָט די שענק האָט געדינט אַלס פּאַרזאַמלונגס פּלאַץ פון די חסידישע יידן, סוחרים און רייכע באַנקירן. די צווייטע באַוואוסטע שענק איז געווען ר׳ יחיאל טענענבוימס. גערופן האָט מען אים ר׳ יחיאל מעד־שענקער. זיין שענק האָט קיין ביר ניט פאַרקויפט, בלויז מעד און וויין. די מער באַוואוסטע וויין שענק האָט געהערט צו ר׳ דוד טוכפעלד. אין זיין שענק האָבן פאַרקערט דער מער אויפגעקלערטער קלאַס יידן: די שניט־סוחרים און אויך די גרויסע צעלניק־סוחרים זיינען דאָרט אָפט געזעסן. עס זיינען געווען נאָך עטלעכע, אָבער די אויבנדערמאָנטע זיינען געווען די מער באַוואוסטע. די אַלע שענקען זיינען געווען אין מאַרק.

דער גרעסטער געשעפטס־טאָג אין דער יידישער וויין־שענק איז געווען שבת נאָכמיטאָג, ביז זמן מנחה. די קאַנער שענק איז אין דער צייט

געווען געפּאַקט מיט יידן אין זייערע שבתדיקע מלבושים, געזעסן איבער די ביר־גלעזער. אום שבת האָט מען געגעבן משקה אויף קרעדיט צו די יידן וואָס האָבן געהאַט אַ קרעדיט ביים שענקער. אַ פרעמדער האָט קיין משקה ניט באַקומען. די שענק האָט געהאַט אַ סיסטעם, געפירט אַ רעקאָרד פון יעדן איינעם באַזונדער און ניט געדאַרפט פאַרשרייבן. שבת נאַכט האָט מען אין די שענקען אויך געפּראַוועט מלוה מלכהס און אַפילו געזונגען זמירות. פאַר די קאָהל־וואַלן האָט זיך געטאָן אין דער שענק אויף טיש און בענק. עס פלעגן דאָרט אָפט פאָרקומען מחלוקות, מ׳האָט דערלאַנגט קלעפּ און אַפילו געריסן בערד.

# פּאָליטיקע און וואַלן אין ריישע

ווי איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלעך זיינען אין ריישע אָפּגעהאַלטן געוואָרן וואַלן אין וועלכע די יידישע באַפעלקערונג איז געווען פאַראינטערעסירט פּאָליטיש. די קהל־וואַלן, למשל, איז געווען אַ ריין יידישע פּאָליטיקע מיט וועלכער ניט־יידן האָבן קיין שום שייכות ניט געהאַט. עס האָבן אָפט קאַנדידירט צוויי און אויך דריי קאַנדידאַטן פאַרן זעלבן אַמט, איז טאַקי דער וואַלקאַמף געפירט געוואָרן זייער ענער־גיש פון די פאַרשידענע קאַנדידאַטן.

די מערהייט פון די קהל־קאַנדידאַטן זיינען געווען פּראָפעסיאָנאַלן, געוויינלעך יידישע אַדוואָקאַטן און אויך „אויפגעקלערטע" סוחרים. עס פלעגן אויך קאַנדידירן יידן פון חסידישן באַלעבאַטישן קלאַס, ווי למשל ר׳ מאָטיש עקשטיין און אַנדערע. אָבער זייער ווייניק פון זיי פלעגן זיך אָפּגעבן מיט פּאָליטיקע, צוליב דעם ווייל זייער דערוויילונג איז קיינמאָל ניט געווען קיין זיכערע. ניט ווייל עס האָבן געפעלט שטימען צו שטיצן חסידישע קאַנדידאַטן. פאַרקערט, די חסידישע און פרומע יידן זיינען דאָך געווען די מערהייט פון דער יידישער שטאָטישער באַפעלקערונג, נאָר פשוט דערפאַר, ווייל די גרעסטע צאָל פון די עקסטרעם פרומע יידן האָבן זיך מיט קיין פּאָליטיקע ניט אָפּגעגעבן. זיי האָבן ניט געוואָלט מבטל זיין זייער צייט פון לערנען תורה צוליב „אַזעלכע נאַרישקייטן". ביי זיי איז געווען תלמוד תורה כנגד כולם. ווען עס איז געקומען צו פּאָליטיקע האָבן זיי ניט געוואוסט מיט וואָס מ׳עסט עס. דערפאַר טאַקי האָבן די אַסימילירטע יידן געהאַט די אויבערמאַכט איבער קהל.

געוויילט ביי די וואַלן האָבן בלויז די יידן וואָס האָבן געצאָלט קהל־שטייער. די שטייער־צאָלער זיינען געווען סוחרים, באַנקירן, פּראָפעסיאָנעלע און גלאַט רייכע יידן. יידן פון מיטעלן קלאַס האָבן זיך אָפּט אַרויס־געדרייט פון שטייער־צאָלן. דאָס צאָלן פון קהל־שטייערן איז געווען אַן עסטרייכישער געזעץ פּונקט ווי רעגירונגס שטייערן. די אָרעמע יידן האָבן אוודאי קיין שטייער ניט געצאָלט. אַזוי ווי איבער 60 פּראָצענט פון דער שטאָטישער יידישער באַפעלקערונג זיינען געווען פון דעם מיטעלן און אָרעמען קלאַס, האָבן זיי צו די קהל־וואַלן קיין שטימרעכט ניט געהאַט. אַזוי אַרום האָבן די אַסימילאַנטן געהאַט די אויבערמאַכט איבער די קהל־וואַלן און האָבן דערוויילט אַ מערהייט פון זייער קלאַס צו דער קולטוס געמיינדע.

דעם טאָג פון די קהל־וואַלן פלעגן די קאַנדידאַטן אָנשטעלן פּיאַקער קאַרעטעס און שיקן ברענגען די וואַל־באַרעכטיקטע יידן צום שטים־קאַסטן. ווייל, ווי איך האָב פריער געשריבן, האָבן זיך די חסידים און די עקסטרעם פרומע יידן ניט אָפּגעגעבן מיט פּאָליטיקע. עס זיינען צווישן זיי געווען אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט קרייזלעריי געוועלבלעך, אָדער האָבן געהאַנדלט מיט אַנדערע פּראָדוקטן. אָט די יידן זיינען געווען פאַרנומען מיט צרכי פרנסה און ווען זיי האָבן געהאַט אַ פרייע מינוט, זיינען זיי שנעל געלאָפן אין קלויז אַריין לערנען אַ שיעור גמרה. זיי האָט קהל־וואַלן ניט אינטערעסירט. האָט טאַקי דער קאַנדידאַט וואָס האָט זיך געצויטיקט אין זייערע שטימען, געשיקט אַ שליח מיט אַ פּיאַקער צו ברענגען דעם בעל דבר צום שטים־קאַסטן.

ווען מיין פעטער לייזער קאָריץ איז אין יאָר תרס״ב (דענק איך) קאַנדידירט געוואָרן אַלס מיטגליד צום קהל־ראַט, האָט ער דעם טאָג פון דער וויילונג געדונגען צוויי פּיאַקערס פאַרן גאַנצן טאָג, כדי צו ברענגען פוילע וויילער צום שטים־קאַסטן. איך בין דאַמאָלט געווען איינער פון די שלוחים. ער איז גראַד ניט דערוויילט געוואָרן.

לויט די קהלשע סטאַטוטן האָבן יידן געשטימט לויט די קהל־שטייערן וואָס זיי האָבן געצאָלט. די שטייער־צאָלער זיינען געווען איינ־געטיילט אין דריי קלאַסן: אַ רייכער ייד וואָס האָט געצאָלט די גרעסטע שטייערן, האָט געהערט צום ערשטן קלאַס. אַזאַ איינער האָט געהאַט גאַנצע דריי שטימען, ד. ה. ווען ער איז געקומען צום שטים־קאַסטן, האָט ער געהאַט דאָס רעכט אָפּצוגעבן דריי שטימען פאַר זיין קאַנדידאַט. צום צווייטן קלאַס האָבן געהערט אויך רייכע יידן וואָס האָבן געצאָלט וויי־ניקער ווי די ערשטע. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט אויף צוויי שטימען.

דער דריטער קלאַס איז געווען די, וואָס האָבן געצאָלט דעם קלענסטן שטייער, אָפט 5 אָדער 10 קראָנען אַ יאָר. זיי האָבן געהאַט דאָס רעכט אויף בלויז איין־איינציקע שטימע.

אַלס בירגער האָבן יידן אויך געהאַט דאָס רעכט צו שטימען ביי די שטאָטישע און אויך ביי די רייכסראַטס וואַלן. די מערהייט פון די קאַנדידאַטן אין די שטאָטישע וואַלן זיינען געווען קריסטן. עס האָבן אָבער אויך קאַנדידירט און זיינען דערוויילט געוואָרן עטלעכע יידן. ביי די שטאָטישע וואַלן פלעגן יידן ווייניקער זיך קאָכן ווי ביי די קהל־וואַלן. עס איז אָבער צווישן זיי אָנגעגאַנגען אַ גרויסער וואַל־קאַמף.

די יידישע באַפעלקערונג אין ריישע פלעגט אויך ניט צו אַקטיוו זיין ביי די רייכסראַטס וואַלן. אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דער אבגיאָרדנטער פון ריישער קרייז געווען דר. ל. בילינסקי — אַ פּאָליאַק וואָס האָט ניט געוואוינט אין ריישער קרייז. ער איז אויך דאַמאָלט געווען דער עסטרייך־אונגאַרישער פינאַנץ־מיניסטער. זיין קאַנ־דידאַטור און דערוויילונג איז געווען אויטאָמאַטיש. ער אַליין האָט זיך אין דעם וואַל־קרייז קיינמאָל ניט געוויזן און אין די וואַלן זיך ניט באַ־טייליקט. מ׳האָט אים אַפילו אין די טעג פון די וואַלן דאָרט ניט געזען. די פּוילישע שטאָט־פּאָליטיקער האָבן אים אַרויסגעשטעלט אויפן וואַל־צעטל, זיי האָבן פאַר זיין דערוויילונג געאַרבעט. אַזוי איז ער אַלע מאָל דערוויילט געוואָרן שלא בפניו.

אין אָסט־גאַליציע איז שוין געווען אַנדערש. אין מאַנכע פון די שטעט האָט די יידישע באַפעלקערונג געהאַט אַ מערהייט. אויך האָט די ציוניסטישע באַוועגונג דאָרט מער געבליט ווי אין צענטראַל־גאַליציע. דאָרט האָבן די ציוניסטן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל און געהאָלפן דער־וויילן יידישע רייכסראַטס אָפּגעאָרדנטע, ווי אַדאָלף שטאַנד, דר. היינריך גאָבעל און אויך דר. ציפּער. דער וואַל־קאַמף איז געווען אַ שטורעמדיקער. די ציוניסטישע פּאַרטיי האָט געקעמפט קעגן די אַסימילאַטאָרישע קליקעס.

דער איינציקער וואַל־קאַמף אין גאַליציע אין דעם יאָרהונדערט, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ שרעקלעכער טראַגעדיע וואו עס האָט זיך געגאָסן יידיש בלוט, איז פאָרגעקומען אין דראָהאָביטש. דאָס איז געווען נאָכדעם ווי די עסטרייכישע רעגירונג האָט אין יאָר 1911 אויפגעלעזט דאָס עסטרייכישע פּאַרלאַמענט און עס איז באַשטימט געוואָרן אַ טאָג פאַר נייע וואַלן. דאָס מאָל האָבן זיך די ציוניסטן אַריינגעוואָרפן אין וואַל־קאַמף מיט לייב און לעבן. דער גרעסטער און מער ענערגישער קאַמף איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט דראָהאָביטש, וואו עס האָט קאַנדידירט

דער פירער פון דער יידישער אַסימילאַטאָרישער קליקע, דר. לעווענ־שטיין. (ער האָט געהאַט דעם קייזערלעכן טיטול „פאָן") — אַ יידישער פּאָליאַק, דער זון פון דעם ראַבינער און פּריידיקער פון לעמבערגער טעמפּל דר. ישכר דוב לעווענשטיין.

דעם טאָג פון די וואַלן, ווען די ציוניסטן האָבן געזען אַז די אַסי־מילאַטאָרישע קליקע זיינען די פירער ביים שטים־קאַסטן, וואו די פירער פון דער אַנדערער פּאַרטיי האָבן קיין צוטריט ניט געהאַט, האָבן זיי באַלאַגערט דאָס הויז וואו די וואַלן זיינען פאָרגעקומען און האָבן דעמאָנ־סטרירט. די לעווענשטיין קליקע האָט אויך ניט געשוויגן. ווען זיי האָבן געזען אַז די קעגן־פּאַרטיי מאַכט אַ פאַרזוך אַריינצודרינגען אין וואַל־לאָקאַל, האָבן זיי תיכף, מיט דער הילף פון די פּוילישע פּאָליטיקער, אַפּע־לירט צום שטאַט נאָך הילף. עס איז באַלד אָנגעקומען אַ קאָמפּאַניע מי־ליטער וואָס האָבן תיכף אָנגעהויבן שיסן אויף די פאַרזאַמלטע יידישע דעמאָנסטראַנטן. נאָך דער ערשטער סאַלווע זיינען דרייסיק יידן גע־לעגן טויטע, חוץ אַ גרויסער צאָל פאַרוואונדעטע.

די דאָזיקע טראַגעדיע האָט אָפּגעקלונגען אין אַלע ציוויליזירטע וועלט־טיילן. דער אַסימילאַנט לעווענשטיין איז דערווײַלט געוואָרן. אָבער צוליב דער טראַגעדיע וואָס איז פאָרגעקומען דעם וואַל־טאָג, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם מאַנדאַט. ער האָט ניט געוואָלט זיין אַ פאַרטרעטער אין רייכסראַט אויפן חשבון פון יידיש בלוט וואָס איז צוליב זיין דערווײַלונג פאַרגאָסן געוואָרן. דער שטאַט האָט צוליב דעם פאַראָרדנט נייע וואַלן פאַר דעם דראָהאָביטשער קרייז וואו דר. לעווענ־שטיין איז ווידער דערווײַלט געוואָרן. אַזוי באַרבאַריש האָבן דאַמאָלט די אַסימילאַנטן און פּאָליאַקן געקעמפט קעגן יידן וואָס האָבן מיט זיי פּאָליטיש ניט איינגעשטימט.

# יאַנקעלע און סאָשע נאַר

פונקט ווי אַלע שטעט און שטעטלעך אין גאַליציע, האָט אויך ריישע געהאַט איר חלק משוגעים, וואָס איז געווען פאַרטראַכטן פון ביידע גע־שלעכטן. עס זיינען דאָרט געווען פאַרשידענע סאָרטן משוגעים, אָבער ניט פון דעם שעדלעכן טיפּ. זיי זיינען געווען האַרמלאָזע און אויב מ'וואָלט זיי ניט געטשעפּעט, וואָלטן זיי אפשר געווען נאָרמאַלע מענטשן. איך

וויל עס דערקלערן מיט דעם: ווען די חברה יינגלעך האָבן דערווישט איינעם וואָס איז ניט געווען הונדערט פּראָצענט נאָרמאַל, האָבן זיי שוין אַזאַ מענטשן פאַרפאָלגט און אים אָנגעטאָן אַזעלכע גרויסע צרות, דאָס דעם אומגליקלעכנס משוגעת האָט זיך פון די אַלטעגלעכע פאַרפאָלגונגען מער און מער אַנטוויקלט און דער ׳בעל דבר״ איז מער צו זיך שוין ניט געקומען.

ווען איך זאָג ׳חברה יינגלעך״ מיין איך ניט קינדער פון באַלעבאַטישן קלאַס. איך, למשל, אַלס יינגל וואָלט מיר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן צו פאַרפאָלגן אַן אומגליקלעכן מענטשן. פאַרקערט, ווען איך האָב אַזאַ מענטשן באַגעגנט, האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ געפיל פון רחמנות. די יינגלעך וואָס האָבן זיך יאָ אָפּגעגעבן מיט אַזאַ אוממענטשלעכע, באַר־באַרישע האַנדלונג זיינען געווען צום גרעסטן טייל הפקר יונגען פון זייער אָרעמען קלאַס. מאַנכע פון זיי האָבן קיין עלטערן ניט געהאַט און האָבן געפירט אַ הפקר לעבן. איך געדענק איינעם פון זיי, גערופן האָט מען אים נחמן קוטער. דאָס איז געווען אַ ווילדע בריאה. קיינער האָט ניט געוואוסט ווער זיינע עלטערן זיינען. ער איז קיינמאָל אין קיין חדר ניט געגאַנגען, ער איז אויסגעוואקסן שלעכט און ווילד מיט אַ ברוטאַלער נאַטור. אָט דער נחמן קוטער — אַ יונג פון אַ יאָר דרייצן אָדער פערצן — איז געווען דער אָנפירער פון אַ חברה הפקר יונגען פון זיין קלאַס. טאָמער האָבן זיי דערווישט אַ ניט גאַנץ נאָרמאַלן מענטשן, האָבן זיי אים, אָדער איר, פאַרפאָלגט אויף דעם ברוטאַלסטן אופן.

די ווילדע הפקר יונגען פלעגן אַרומהענגען דעם גאַנצן טאָג אַרום דער קלויז און פאַר דער שול, דאָרט וואו די היימלאָזע משוגעים פלעגן זיך אַרומוואַלגערן טאָג און נאַכט. די הפקר יונגען האָבן אָנגעפירט זייער אוממענטשלעכע אַרבעט אומגעשטערט.

דער עלטסטער פון די ריישער נאַראָנים און משוגעים, אין די נײַנ־ציקער יאָרן, איז געווען יאַנקעלע נאַר. דאָס איז געווען אַן אַלטע צע־בראָכענע בריאה, וואָס האָט קוים געקאָנט אַרומגיין אויף די פיס. טאָמער האָט זיך יאַנקעלע באַוויזן אין גאַס, איז ער קיינמאָל ניט געווען אַליין. בליץ־שנעל זיינען שוין אַרום אים געווען עטלעכע יינגלעך, און האָבן אים אָנגעטאָן צרות. דער משוגעת פון יאַנקעלע נאַר איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט אין מיטן גאַס ׳פאַרלירן״ די תחתונים. האָט מען אין זיינע יינגערע יאָרן פאַרפאַסט אַ לידל ספּעציעל פאַר אים. די יינגלעך האָבן אים טאַקי באַגעגנט מיט דעם דאַמאָלט באַקאַנטן לידל, „יאַנקעלע נאַר — — — גייט פאַרביי — — — לאָזט אַראָפּ — — — די

הויזן — — —״. זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט בלויז מיטן לידל און מיט ווערטער. זיי האָבן אים אויך געצופּט מיט די הענט און פון אים געריסן שטיקער. דער אָרעמער אַלטער נאַר האָט געשריגן, געוויינט אויפן קול, געשאָלטן מיט די ערגסטע קללות, ביז ער האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע פון זיין משוגעת, ווען ער פלעגט פון זיך אַרונטערשלעפּן די הויזן און בלייבן שטיין אַ האַלב נאַקעטער אין גאַס, אַרומגערינגלט פון דעם קליינוואַרג וואָס האָט דערפון געשעפּט נחת.

עס איז מערקווירדיק, וואָס כאָטש עס האָבן דאַמאָלט אין גאַס געפינען אַ סך יידן, מענער און פרויען, האָט זיך דאָך קיינער ניט איינגעשטעלט פאַר דעם אַלטן נאַר צו פאַרטרייבן די יונגע ווילדע יינגלעך, ווייל די דערוואַקסענע האָבן אויך הנאה געהאַט פון דעם אַקט. אָט דאָס איז פאָרגעקומען יעדעס מאָל ווען יאַנקעלע נאַר האָט זיך באַוויזן אין גאַס ווי לאַנג ער האָט געלעבט.

אין יענער צייט איז אין ריישע געווען אַ ווייבל אין די דרייסיקער יאָרן מיטן נאָמען סאָשע. אָבער גערופן האָט מען זי סאָשע־נאַר. איר משוגעת איז געווען ענלעך צו דעם פון יאַנקעלע נאַר. אויך אויף איר האָבן געלויערט די יונגע חברה אין גאַס. אַזוי שנעל ווי סאָשע האָט זיך באַוויזן אין דרויסן, האָבן זיך שוין אַרום איר פאַרזאַמלט די יונגע חברה און איר דערגאַנגען די יאָרן. איר רעאַקציע צו די יינגלעך איז געווען ענלעך צו דער פון יאַנקעלע נאַר. זי האָט זיך אומגעקערט צו דער אַטאַקירנדיקער חברה און אָנגעהויבן שרייען וויינען און קלאָגן אויפן העכסטן קול, געשאָלטן מיט קללות נמרצות ביז אויך זי פלעגט דערגרייכן דעם העכסטן פּונקט פון איר משוגעת. זי פלעגט זיך אויסדרייען, אויפהויבן איר קלייד און צייגן דעם „הינטן״ צו אַלעמען אין גאַס. דאָס, וואָס די ווילדע יינגלעך האָבן געוואָלט. אַזוי איז אָנגעגאַנגען מיט סאָשען ווי לאַנג זי האָט געלעבט.

איך געדענק ווי סאָשע פלעגט אָפּט קומען אין אונדזער הויז. מיין מוטער פלעגט איר געבן אַרבעט — פליקן פעדערן פון וועלכע מיר פלעגן מאַכן שלאָף־קישנס. זי איז געזעסן שטיל און רואיק געאַרבעט. זי פלעגט ענטפערן אויף אַלע פראַגן ווי אַ נאָרמאַלע פרוי. אָבער קוים איז זי אַרויס אין גאַס האָבן זיך באַלד אָנגעהויבן אירע צרות.

# רעגעלי

אין רײַשע איז אויך געווען אַ משוגענער ייִד, וואָס קיינער האָט ניט געוואוסט זײַן נאָמען. ער איז געווען אַ הויכער מאַן, שיין געוואקסן מיט אַ רויטער באָרד, אין די מיטעלע יאָרן. פון וואַנען ער איז געקומען און ווי ער האָט געהייסן האָט קיינער ניט געוואוסט. זײַן משוגעת איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט ריידן און לאַכן שטונדן לאַנג אָן אויפהער. ער האָט שנעל געמאָלן מיטן מויל און מען האָט קיין וואָרט זײַנס ניט פאַרשטאַנען.

אין דרויסן פאַר דער קלויז האָט ער געהאַט אַ באַשטימטן פּלאַץ. ער פלעגט אַרומגיין הין און צוריק און מאָלן מיטן מויל אומפאַרשטענדלעכע ווערטער. דאָס איינציקע וואָרט וואָס מ׳האָט פון אים אויפגעכאַפּט איז געווען דאָס אומפאַרשטענדלעכע וואָרט „רעגעלי״, האָט מען אים טאַקי אַ נאָמען געגעבן „רעגעלי״ און אַזוי האָט מען אים גערופן דעם גאַנצן לעבן.

איידער דיזער רעגעלי איז „נתגלה״ געוואָרן פון דער ווילדער חברה יונגען, איז ער נאָך געווען נאָרמאַל. ער איז אָפט געזעסן אין קלויז איבער אַ גמרא און געלערנט. ער פלעגט זיך אָבער האַלטן ווי אַ נסתר. ער האָט מיט קיינעם קיין וואָרט ניט גערעדט. איך אַליין האָב אים אָפט געזען זיצן אין קלויז אַרײַנקוקן אין ספרים, און האָב זיך אָפט געוואונדערט פאַרוואָס אַזאַ ייִד אַ תלמיד חכם וויל מיט קיינעם קיין וואָרט ניט ריידן. די ווילדע יונגען האָבן אָבער יאָ דערפילט אַז עפּעס איז ניט גלאַטיק מיט דעם ייִדן, האָבן זיי אים באַלד גענומען „אין דער אַרבעט אַרײַן״ און האָב אים אויך שנעל ׳פאַרטיק׳ געמאַכט. זיי האָבן אים אין אַ קורצע צײַט געמאַכט אַזוי משוגע, אַז ערגער האָט שוין ניט געקאָנט זײַן. ער איז שוין צו זיך מער ניט געקומען.

# ר׳ איסר קניידל

אַזוי האָט מען אים גערופן. דאָס איז געווען זײַן נאָמען ביי אַלע וואָס האָבן אים געקאָנט אין רײַשע. איך האָב זייער גוט געקאַנט דעם ר׳ איסרן, ווייל ער האָט געדאַוונט אין דער שטאָט־קלויז וואו מיר האָבן געדאַוונט. ער איז געווען קלענער פון מיטעלן וואוקס, מיט גרויליכע באָרד און פאות, אין די פופציקער יאָרן. ער איז געווען אַ כבד פה,

ער האָט ניט געקאָנט אַרויסריידן אַ „ת״, א „ש״ און אַ „ס״. אָט די דריי אותיות האָט ער אַרויסגערעדט ווי „ט״, האָט מען אים טאַקי גערופן „ר׳ איטער״.

אין זיינע יונגע יאָרן — אַלס נאָרמאַלער מענטש — איז ער געווען אַ מוכר ספרים, אָבער צוליב זיין שלעכטן ריידן האָט ער זייער ווייניק אויפגעטאָן. האָט ער זיך גענומען צו פּעדלעריי, פאַרקויפט מעשה־ביכלעך, ציצת און מזוזות. ער האָט דערביי געמאַכט אַ געמוטשעט לעבן.

דעם צונאָמען „קנידל״ האָט ער באַקומען צוליב אַ צופאַל וואָס האָט פּאַסירט ווען ער איז אַמאָל געווען ביי אַ רבין אויף פּסח. ער איז ניט געזעסן ביים רבינס טיש, נאָר געשטאַנען צווישן די חסידים אַרום טיש. ווען ער האָט געזען דעם רבינס משמש פאַרבייגיין צום טיש, טראָגנדיק אַ גרויסן טעלער מיט הייסע קניידלעך און יויך, און זיינענדיק הונגעריק, האָט ער, ניט קענענדיק ביישטיין דעם נסיון אַרויסגעכאַפּט אַ הייסן קניידל פון טעלער. אָבער אַזוי ווי דער קניידל איז געווען הייס און געבריט זיינע שפּיץ־פינגער, האָט ער עס געלאָזט אַריינפאַלן אין דעם אַרבל פון דער רעכטער האַנט. אַזוי ווי דער הייסער קניידל האָט דאָרט אויך גע־בריט, האָט ער שנעל אָנגעהויבן בלאָזן אין אַרבל. אָט דאָס האָט אים געבראַכט דעם נאָמען „ר׳ איסר קניידל״.

אין קלויז פלעגן אים די קליינע ייִנגלעך פאַרטשעפּען דערמיט, וואָס זיי האָבן אין זיין קעגנוואַרט געבלאָזן אין אַרבל אַריין. דאָס פלעגט אים אויפקאָכן, ער האָט דאָס ניט געקאָנט פאַרליידן און פלעגט טאַקי אָנמאַכן אַ טומל.

די טרויעריקע צייטן האָבן זיך פאַר אים אָנגעהויבן דאַמאָלט, ווען די ווילדע חברה־יונגען האָבן זיך דערוואוסט וועגן אים. זיי האָבן זיך צו אים גענומען און אים „צערעכט״ געמאַכט. זיי זיינען אים דערגאַנגען די יאָרן אויף שריט און טריט, ווען זיי האָבן אים נאָר דערזען אין גאַס, און אַזוי האָבן זיי אים שוין „פאַרטיק״ געמאַכט. ווען איך האָב דאָס לעצטע מאָל אים געזען אין יאָר תרע״א, איז ער שוין געווען משוגע.

* * *

עס זיינען אין שטאָט געווען נאָך אַנדערע משוגעים און האַלב־נאָרמאַלע מענטשן, אָבער די וואָס איך האָב אויבן דערמאָנט איז גענוג צו געבן דעם לעזער אַ באַגריף ווי הפקר אַ הילפּ־לאָזער מענטש איז דאַמאָלט געווען. וואָלטן די אויבן דערמאָנטע מענטשן געלעבט אין גרויסע שטעט וואו עס זיינען פאַראַן סייקיאַטרישע אַנשטאַלטן, וואָלט מען זיי דאָרט קורירט, און זיי וואָלטן געפירט אַ

נוצפול און נאָרמאַל לעבן. אין רײשע אָבער זײַנען זײ געװען הפקר־מענטשן. ניט די שטאָט־רעגירונג און ניט די יידישע קהילה האָבן זיך אין זײער לאַגע אינטערעסירט. די אײנציקע הײל־אינסטיטוציע װאָס קהל האָט געהאַט איז געװען דער אַלטער שפּיטאָל װעגן װעלכן איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. דער יידישער שפּיטאָל האָט אויסגעקוקט מער װי אַ טויטן הויז אײדער אַ הײל־אַנשטאַלט. אין רײשע האָבן דאַמאָלט געװאױנט אַ סך יידן גבירים אדירים, װאָס מיט זײער פינאַנציעלער הילף װאָלט מען געקאָנט אויסהאַלטן גוטע הײל אַנשטאַלטן פאַר דער אָרעמער און עלנטער יידישער באַפעלקערונג. צום באַדויערן האָבן די רײכע יידן און אויך די גבירישע אָרטאָדאָקסן געלעבט פאַר זיך. יעדער פון זײ איז זיך געפאָרן צו זײַן רבין און דאָרט איבערגעלאָזט אַ סך געלט, אָבער דאָס ביסל צדקה װאָס זײ האָבן צעטײלט אין שטאָט האָט די װערט געהאַט פון אַ שמעק־טאַביק. װען אַ רײכער ייד האָט זיך גענויטיקט אין מעדיצינישער הילף, האָט ער זיך געקאָנט דערלויבן צו פאָרן קײן קראַקע, לעמבערג אָדער װין, װאו עס זײַענן געװען די גרעסטע דאָקטוירים, פּראָפעסאָרן און אויך גרויסע מאָדערנע שפּיטאָלן. אָבער די אָרעמע לײט זײַנען געפאַלן קרבנות פון די װילדע הפקר־יונגען און פון קהלס נאַכלעסיקײט.

## פאַרשידענעס

אין אָנהויב פון די נײַנציקער יאָרן האָט רײשע ניט געהאַט קײן געפלאַסטערטע גאַסן, עס זײַנען בלויז געװען שטײנערנע טראָטואַרן. אין אַ רעגן־טאָג פלעגן די גאַסן פאַרפלײצט װערן מיט טיפע בלאָטעס. די אײנציקע גאַס װאָס די שטאָט האָט אויסגעפלאַסטערט אין יאָר 1898, איז געװען די הויפּט־גאַס, װאָס האָט זיך געצויגן פון דער װאָליע ביז װײט אין דער הערן גאַס. די אײנציקע באַלײכטונג װאָס די שטאָט האָט געהאַט אין די יאָרן זײַנען געװען נאַפט־לאָמפּן .עס איז געװען װײט פון אײן לאָמפּ צום צװײטן, איז טאַקי אין שטאָט געװען חושך ביז דעם יאָר 1898 װען די שטאָט האָט אויסגעבויט די גאַזאָװניע און האָט אינסטאַלירט גאַז־רערן איבער די הויפּט גאַסן און באַלויכטן די שטאָט מיט גאַז־לאָמפּן. אין אָנהויב פון צװאַנציקסטן יאָרהונדערט האָט מען אויך אויסגעבויט אַן עלעקטראָװניע פאַר עלעקטרישער קראַפט און באַלײכטונג. די ערשטע דרײ עלעקטרישע לאָמפּן האָבן באַלויכטן די הערן גאַס.

די שטאָט האָט קיין וואַסערלייטונג אויך ניט געהאַט. פון אַ באַד־צימער אין הויז האָט מען דאַמאָלט ניט געוואוסט. דער איינציקער באָד־פּלאַץ איז געווען דער מרחץ. אויב עס האָט זיך ווער געוואָלט באָדן, איז ער געגאַנגען אין באָד אַריין וואו עס זיינען געווען, חוץ דעם שוויץ־באָד און מקוואות, אויך וואַנעס וואו מ'האָט זיך געקאָנט אַרומוואַשן.

דער ריישער מרחץ איז געשטאַנען הינטערן בערגל. דאָס געסל האָט מען גערופן „בערגל" צוליב דעם וואָס איין העלפט איז געווען אויף אַ באַרג און די צווייטע העלפט אין אַ טאָל. טיף אין טאָל איז געשטאַנען דער אַלטער שוויץ־באָד. דאָס איז געווען אַן אַלטע הילצערנע הייזל אָן וועלכע סאַניטאַרישע איינריכטונגען. דער אַריינגאַנג איז געווען פּונקט ווי אין אַ טיפן קעלער איבער הילצערנע שטיגן. לינקסביים אַריינגאַנג איז געווען אַ ברונעם מיט גרויסע רעדער, וואו עס איז געשטאַנען דער באָד־גוי און געצויגן פון אים וואַסער פאַרן באָד־געברויך. צו דער רעכטער זייט איז געווען די וואַרעמע מקוה, וואָס איז געווען רע־זערווירט „לכל בנות ישראל" אין די וואָכן טעג. אום שבת פרי איז די וואַרעמע מקוה געווען רעזערווירט פאַר די מענער. פון דער לינקער זייט איז געווען די קאַלטע מענער־מקוה. די מקואות זיינען געווען גאַנץ טיף, מ'האָט געדאַרפט אַרונטערגיין היפּשע עטלעכע שטיגן. די מקוה־וואַסער איז געקומען פון ברונעם. אויסצושעפּן און ווידער אָנצופילן די מקואות מיט פרישע ריינע וואַסער איז געווען אַ פּראָבלעם. האָט מען טאַקי זעלטן ווען געטוישט די וואַסער; אָפט איינמאָל אין צוויי חדשים. אין אַ וואָך אָדער צען טעג האָט זיך שוין געפילט אַן אומ־אנגענעמער ריח פון דער מקוה; נאָך אַ חודש אָדער זעקס וואָכן האָט עס פשוט געשטונקען אַזוי, אַז עס איז געווען אומדערטרעגלעך. די יידן וואָס פלעגן קומען זיך טובלען, האָבן פון דעם שלעכטן ריח און די שמוציקע קלעפּיקע מקוה־וואַסער קיין צימעס ניט געמאַכט... זיי האָבן זיך געטובלט און אַוועק אַהיים. אין יאָר 1910 האָט קהל אויסגעבויט אַ נייעם מאָדערנעם באָד, וואו עס זיינען געווען איינגעריכטעט פּריוואַטע באַד־צימערן.

* * *

דער קלימאַט פון ריישע איז דער זעלבער ווי אין קוויבעק, קאַנאַדע, וואו דער ווינטער איז לאַנג און דער זומער איז קורץ. אין סעפּטעמבער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קאַלטע פּראָסטיקע טעג. ווען מיר זיינען אויפגעשטאַנען צו סליחות האָבן מיר שוין געטראָגן ווינטער מלבושים.

אין אָקטאָבער האָט זיך באַוויזן דער ערשטער שניי פון ווינטער סעזאָן. אין מיטן ווינטער איז די טעמפּעראַטור אָפט געפאַלן ביז 20 אונטער נול. אין אַזעלכע קאַלטע טעג פלעגט מען אָפט זען מענער גיין אין גאַס מיט פראָסט אויף די האָר אַרום דעם מויל וואָס האָט אַראָפּגעהאָנגען אָן אינטש אָדער צוויי, איבערהויפט אַרום די וואָנצעס. דער שניי וואָס האָט פאַר־דעקט די גאַסן, פלעגט בלייבן ליגן דעם גאַנצן ווינטער ווי איין שטיק אייז.

די ווינטער־טעג זיינען געווען קורצע. ענדע דעצעמבער ווערט נאַכט דריי אַזייגער נאָך מיטאָג. עס ווערט טאָג אַרום ניין פרי. דער טאָג ענדע דזשון ווערט ליכטיק אַרום 2 פאַרטאָג; נאַכט קומט אָן ערשט אַרום צען אַזייגער אָוונט. דער גרעסטער טאָג איז צוואַנציק שעה לאַנג. אין מיטן זומער זיינען דאָרט די טעג הייסע. אין דער צייט פון די היצן פלעגט מען גיין זיך באָדן אין וויסליק טייך. ביים וויסליק זיינען געווען צוויי אָפּטיילונגען — איינער פאַר מענער, אַ צווייטער פאַר פרויען. די פרויען פלעגט זיך באַנוצן מיט באָד־העמדער, דאַקעגן האָבן די מענער זיך געבאָדן גאַנץ נאַקעט. אַ סך חסידים פלעגן קומען זיך טובלען אין וויסליק אָנשטאָט צו גיין אין דער מקוה. ערשט אין יאָר 1899 האָט די שטאָט אָנגענומען אַ געזעץ אַז יעדער מאַן וואָס קומט זיך באָדן אין וויסליק מוז טראָגן שווים־הויזן אָדער אַ באָד־אָנצוג. עס איז טאַקי אין אָנהויב דאָרט געשטאַנען אַ פּאָליציסט און אַכטונג געגעבן אַז דער געזעץ זאָל ניט פאַרשוועכט ווערן. אום ווינטער ווערט דער וויסליק פאַרפרוירן ווי איין שטיק אייז. מענטשן פלעגן אָפט גיין אַהינצו זיך גליטשן.

דער אָרעמסטער יידישער שטאָט טייל אין ריישע איז געווען דער „טעפּער געסל״. דער נאָמען האָט זיך גענומען פון דעם, ווייל דאָרט איז געווען דער מאַרק פון ליימענע טעפּלעך. די טעפּ־סוחרים זיינען געווען אָרעמע ווייבער און מענער; זיי האָבן אויסגעלייגט די ליימענע סחורות אויף דער הוילער ערד און געוואַרט אויף קונים. אָט דער שטאָט־טייל האָט זיך געגרעניצט מיטן מלמדים געסל, וואו עס זיינען געווען דער גרעסטער טייל פון די יידישע חדרים. דאָס איז געווען אויך דער שמוציקסטער טייל פון שטאָט, ווי איך וועל עס באַשרייבן אין די שפּע־טערדיקע קאַפּיטלען.

אַזוי ווי ריישע האָט קיין וואַסער־לייטונג ניט געהאַט, האָבן מיר ניט געהאַט קיין פרישן וואַסער צום טרינקען. אין אַלע טיילן פון שטאָט זיינען געווען ברונימער. אַ סך הייזער האָבן געהאַט אייגענע ברונימער,

פון וועלכע די וואַסער־טרעגער פלעגן אָפּציען וואַסער אין הילצערנע קאַנעץ און עס צעטראָגן אין די הייזער. אין דער קיך פון יעדער דירה איז ביי דער טיר געשטאַנען אַ גרויסער פאַס מיט וואַסער, וואָס מ׳האָט גענוצט צום קאָכן, וואַשן און טרינקען. פון אַן אייז־קאַסטן אָדער רע־פרידזשערייטאָר האָט מען דאַמאָלט אין ריישע ניט געוואוסט. עס האָט טאַקי געפעלט אַ קאַלטער טרונק וואַסער אום זומער. טרינקען פלעגן אַלע פון איין קוואָרט — האָט עס טאַקי קיין געזונט ניט פאַרשאַפט.

פון קיין ראַדיאָ האָט מען דאַמאָלט אַפילו ניט געחלומט. די שטאָט האָט אויך ניט געהאַט קיין טעגלעכע צייטונגען. עס זיינען אָבער טעגלעך אָנגעקומען די פּוילישע טעגלעכע צייטונגען פון לעמבערג. אויך דער לעמבערגער „אידישער טאגבלאַט״ און צייטונגען פון קראָקע, אָבער די מער־באַוואוסטע צייטונגען וואָס יידן האָבן געלייענט איז געווען די ווינער דייטשע צייטונגען די „נייע פרייע פרעסע״, די „צייט״ און אויך די טאַב־לאַיד „קראָנען צייטונג״. אָבער די שטאָט ריישע האָט בלויז געהאַט איין מיטל צו פאַרשפּרייטן טעגלעכע שטאָט־נייס: פון מויל צו אויערן. אויב די שטאָט־רעגירונג האָט געוואָלט פאַרעפנטלעכן אַ באַפעל, אַ פאַראָרדנונג, ווי למשל, צו שטעלן פּאָקן קינדער, אָדער אַז אַ קינד איז פאַרלוירן געגאַנגען, אויך, אויב עס האָט ווער פאַרלוירן געלט אָדער ווערטזאַכן, האָט די שטאָט אַרויסגעשיקט אַ פּאָליציימאַן מיט אַ פּויק. דעם ערשטן אָפּשטעל האָט דער פּאָליציימאַן געמאַכט אויפן פיש פלאַץ. ער האָט געקלאַפּט מיטן פּויק עטלעכע מינוט ביז עס האָבן זיך אַרום אים צו־זאַמענגעקליבן אַ גרויסער צאָל מענטשן. ווען ער האָט געזען אַז די פאַרזאַמלונג איז שוין גרויס און געדיכט, האָט ער אויפגעהערט פּויקן, האָט אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר און געלייענט אויף פּויליש דאָס וואָס ער האָט דאָרט געהאַט פאַרשריבן. פון פיש־פלאַץ איז ער געגאַנגען אין מאַרק און פון דאָרט אין אַנדערע וויכטיקע טיילן פון שטאָט, כדי צו פּראָקלאַמירן און פאַרשפּרייטן די נייס איבער דער שטאָט.

די חסידישע יידן האָבן קיין צייטונגען ניט געלייענט. דאָס איז ביי זיי געווען טריף־פּסול פּונקט ווי די יידיש־העברעאישע ליטעראַטור אָדער ציוניזם. זיי האָבן אָבער געהאַט אַן אייגענע אָרטאָדאָקסישע צייט־טונג, דער „מחזיקי הדת״ וואָס איז אויך דערשינען אונטערן נאָמען „קול מחזיקי הדת״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין לעמבערג. אַ גרויסער טייל פון די געהויבענע בעלזער חסידים האָבן די צייטונג אַבאָנירט. ווען אַ בחור האָט די צייטונג אַמאָל געבראַכט אין קלויז אַריין, האָט מען עס געהאַלטן פּונקט אַזוי הייליק ווי אַ ספר. טאָמער איז עס דורך אַ צופאַל

אַראָפּגעאַפּלן אויף דער ערד האָט מען דאָס פּאַפּיר געקושט פּונקט ווי אַ סדור.

אין אָנהויב פון די נײַנציקער יאָרן האָט קהל אויסגעבויט אַן אסיפת זקנים הויז אויף דער רויזען גאַס. דאָס איז געווען אַ שיינע מאָדערנע צווייִשטאָקיקע הויז, וואו עס האָבן געוואוינט פרייַ ייִדישע היימלאָזע זקנים. דאָס איז געווען איינע פון די שענסטע ייִדישע אינסטיטוציעס אין רייִשע.

די שטאָט האָט אויך געהאַט אַ סאַניטאַרישע ביוראָ וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער אויפזיכט איבערן געזונט־צושטאַנד פון דער שטאָ־טישער באַפעלקערונג. דער הויפּט פון דעם ביוראָ איז געווען דער ייִדי־שער דר. טעלער. ער איז אויך געווען דער דאָקטאָר פון דער „קראַנקען קאַסע", אַ שטאָטישע אינסטיטוציע וואָס האָט געגעבן פרייַע מעדיצינישע הילף צו אַלע אַרבעטער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע אָן אויסנאַם. יעדער וואָס האָט אָנגעשטעלט אַרבעטער אין געשעפט אָדער פאַבריק, האָט געצאָלט אַ געוויסע סומע פאַר דעם צוועק לויט דעם געזעץ.

כאָטש עס האָבן דעמאָלט אויסגעפעלט די היגיענישע מיטלען וואָס זייַנען אַזוי נויטיק אויפצוהאַלטן דאָס געזונט פון דער באַפעלקערונג, איז דאָך דער געזונט־צושטאַנד פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג בכלל און די ייִדישע בפרט, געווען אַ גינסטיקער און די טויט־ראַטע אַ נאָר־מאַלע. ייִדן האָבן געלעבט און דערגרייכט אַ שיבה טובה, אָרעם און רייַך. עס האָט זיך זעלטן ווען געטראָפן אַז אַ יונגער מענטש זאָל פון דער וועלט גיין.

* * *

צווישן די רייִשער ייִדן האָבן זיך געפונען עטלעכע וואָס האָבן געהאַט קי. געוואוינט האָבן זיי אויף דער וואָליע, אין געסל אָדער אין רוסקיווישׂ. זיי האָבן געהאַט אייגענע הייזער וואו זיי האָבן געוואוינט. אין די הויפן האָבן זיי געהאַט שטאַלן פאַר די קי.

פון די קי באַלעבאַטים געדענק איך גוט ר' וואָלף שטייער. ער האָט געהאַט אַ גרויסע הויז ביים ענדע פון טעפּער געסל אויפן וועג צום וויסליק. ער האָט דאָרט אויך געהאַט אַ גרויסע שטאַל אין הויף פאַר די קי. ווען איך האָב, אין יאָר תרס"ב, געלערנט אין חדר ביי דודל פּאָקע־ליס, האָט ער געוואוינט אין הויז פון ר' וואָלף שטייער. עס האָט דאָרט אויך געוואוינט ר' הערש יעקב.

ר׳ וואָלף איז געווען אַ הויכער ייד מיט ווייס־בלאָנדע האָר, באָרד און פּאות. ער האָט אויך געהאַט בלויע אויגן. זיין זון, אַ קלויז בחור פון אַ יאָר 16־17, וואָס האָט גראָד געקאַנט גוט לערנען איז דאַמאָלט געווען תיקון ספרים גבאי אין דער גרויסער קלויז. ר׳ וואָלף און זיין ווייב האָבן זיך פיל אָפּגעגעבן מיט די קי. יעדעס מאָל ווען זיי האָבן געמאָלקן די קי, איבערהויפּט אום זומער אין אוונט, זיינען צו דער שטאָל געקומען ווייבער און קינדער מיט טעפּלעך צו קויפן פרישע וואַרעמע מילך פון די קי. אין ריישע האָט מען דאַמאָלט פיל געהאַלטן פון טרינקען מילך וואַרעמערהייט.

פון פּאַסטעריזירטע מילך האָט מען דאַמאָלט אין ריישע ניט גע־וואוסט, כאָטש עס איז שוין דאַמאָלט געווען איינגעפירט אין די גרויסע שטעט. אין ריישע, אָבער, האָט מען פון דעם קיין צימעס ניט געמאַכט. מ׳האָט די מילך אויפגעקאָכט און געטרונקען מיט קאַווע, אָדער מ׳האָט עס געשטעלט פאַר זויער־מילך און סמעטענע. רויע מילך האָט מען בלויז געטרונקען ביים מעלקן די קי אין דער שטאָל.

די שטאָט האָט געהאַט עטלעכע יידישע מילכיקער, וואָס זיינען יעדן פרימאָרגן, חוץ שבת, געקומען אין שטאָט אַריין מיט פערד און וואָגן אָנגעפילט מיט מילך־קאַנען. מילא אום ווינטער איז געווען קאַלט, איז עס געווען גוט פאַר די מילך, אָבער אום זומער אין די גרויסע היצן, האָבן זיי קיין אייז ניט באַנוצט. אָט די מילכיקערס פלעגט זיך אָפּשטעלן ביי די יידישע הייזער און פאַרקויפן די מילך אויף דער קוואָרט.

צווישן די יידישע מילכיקערס איז דער רויטער משה געווען דער מער באַוואוסטער. „רויטער" האָט מען אים גערופן דערפאַר ווייל ער האָט געהאַט רויטע האָר מיט אַ רויטער באָרד איבער 15 אינטשעס לאַנג און היפשע פּאות. ער איז אויך געווען אַ גוטער בעל תפלה. כאָטש ער האָט שוין געהאַט אַ זון אין די מיטל צוואַנציקער, מיט עטלעכע איי־ניקלעך, האָט ער דאָך קיין גראָע האָר אין דער באָרד ניט געהאַט; דאָס איז אויך מעגלעך דערפאַר, וואָס צווישן די חסידישע יידן האָט מען פאַר־קנסט בחורים אין עלטער פון 14־15 יאָר. איך געדענק אויך טעוול דעם מילכיקער, אַ זון פון רויטן משה, וואָס איז יעדן טאָג געקומען צו אונדז אין שטוב מיט אַ קאַן מילך און אָנגעפילט די טעפּלעך מיט פרישע מילך.

אויף דער וואָליע האָבן אויך געוואוינט צוויי יידישע פאַמיליעס וואָס האָבן געהאַלטן עטלעכע קי און האָבן פאַרקויפט מילך. אום ווינטער האָט מען די קי געפיטערט מיט היי און שאָלעכטס פון קאַרטאָפל. די קי האָבן דאַמאָלט געגעבן ווייניק מילך. אָבער אַזוי שנעל ווי עס האָט זיך

באַװיזן די פֿרילינגס־זון, װען די פֿעלדער און לאָנקעס זײַנען געװאָרן גרין, האָט מען די קי געשיקט צו דער פּאַשע אויף דער בלאָניע. מ׳האָט די קי געטריבן איבער דער שטאָט אָן שטריק, איבער הונדערט קי, גע־טריבן בלויז פֿון אײנאײנציקן פּאַסטעך פֿלעגן פֿאַרפּלײצן די װאַליע. צוריק פֿון דער בלאָניע איז יעדע קו אָנגעקומען אין דער ריכטיקער שטאַל. אַ קו איז קײנמאָל ניט פֿאַרקראָכן אין אַ פֿרעמדער ריכטונג.

# מיינע עלטערן

צום אָנדענק פון מיין שוועסטער גיטל,
וואָס איז אַוועק פון דער וועלט אין
איר עלפטן לעבנסיאָר.

## מיין מוטער

אונדזער מוטער, בלומה דבורה, איז געבוירן אין ריישע אין יאָר תר״ל (1870) די טאָכטער פון ר׳ צבי שמחה קאָריץ, פון דער גזע פון ר׳ פנחס קאָריצער — אַ ייד וואָס האָט געשמט פאַר אַ גרויסן למדן און בעל מקובל. ער האָט אויך געשריבן אַ ספר. צום באַדויערן זיינען זיינע כתבים קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרן. די אורזאַך איז מיר ביז איצטער ניט באַקאַנט. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרמ״ז (1887), דריי יאָר איידער איך בין געבוירן. מ׳האָט מיר טאַקי אַ נאָמען געגעבן נאָך אים. ער האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע ספרים ביבליאָטעק, דאַרונטער ש״ס ופוסקים און אַ סך ספרים פון שאלות ותשובות, אויך הונדערטער בריוו פון די גרעסטע רבנים און גאוני הדור פון מיטן פון לעצטן יאָרהונדערט, מיט וועמען ער האָט אָנגעהאַלטן אַ שטענדיקע קאָרעס־פאָנדענץ פאַרבונדן מיט שאלות ותשובות. איך האָב אַליין געלייענט אַזאַ בריוו פון גרעסטן גאון הדור אין יענער צייט — דער לעמבערגער רב ר׳ יוסף שאול הלוי נאַטאַנזאָן — וואָס האָט זיך צום זיידן געווענדט וועגן אַ דין.

וואָס זיין באַשעפטיקונג איז געווען אין צורכי פרנסה איז מיר ניט באַקאַנט. ער האָט געהאַט פינף קינדער: דריי זין און צוויי טעכטער. קיין איינציקער פון זיינע זין האָט ניט נאָכגעפאָלגט זיינע דרכים. פון זיין לומדות איז שוין אָפּגערעדט. חוץ דעם עלטסטן זון, שלמה, האָבן די יינגערע זין זיך אָפּגעגעבן מיט האַנדל.

מיין מוטער איז געווען אַן אמתע יפת תואר. ווען אונדזער שוועסטער צילע האָט איר געבראַכט דאָס ערשטע איינקיל אויף דער וועלט, איז די

מוטער אַלט געווען קוים 36 יאָר. זי האָט דאַמאָלט אויסגעקוקט זייער יונג און שיין. אַזוי האָט זי אויסגעזען ביז צום לעצטן טאָג פון איר לעבן. זי איז געווען הויך געוואקסן, פול מיט חן און חכמה. ווי אַזוי דער פאָטער האָט זיך מיט איר באַקאַנט ווייס איך ניט. איך ווייס בלויז אַז ווען ער האָט איר דעם ערשטן מאָל דערזען, האָט ער זיך אין איר פאַרליבט. זיי האָבן חתונה געהאַט אין יאָר תרמ״ח (1888).

אונדזער מוטער איז געווען פונקט אַזוי פרום ווי דער פאָטער. זי איז בלויז געווען אַביסל ליבעראַלער. אַלס אַ פרומע יידישע טאָכטער האָט זי נאָכגעפאָלגט די דרכים פון איר מאַן און זיך געפירט אויפן זעלבן אָרטאָדאָקסישן שטייגער. זי האָט געטראָגן אַ שייטל. איך געדענק אַלס קינד האָב איך אָפט געזען אונדזערע אַ שכנה אַריינקומען אין אונדזער שטוב און אָפשערן די האָר פון קאָפּ פון אונדזער מוטער יעדע צוויי אָדער דריי חדשים, וואָס האָבן איבער דער צייט צוגעוואָקסן. די שייטל וואָס זי האָט געטראָגן איז געווען פון האָר, ניט פון זייד, ווי די עקסטרעם אָרטאָדאָקסישע ווייבער האָבן דאַמאָלט געטראָגן. די ווייב פון אַ בעלזער חסיד וועט ניט וואַגן צו טראָגן אַ שייטל פון האָר. מיין מוטער פלעגט איר שייטל פאַרקאַמען לויט דער נייסטער מאָדע פון די דאַמאָלטדיקע פרויען פריזורן. זי האָט זיך אויך געטראָגן מאָדערן אָנגעטאָן, ריין און שיין, איבערהויפּט אין די צייטן ווען דער פאָטער האָט גוט פאַרדינט. איך געדענק אַלס קינד, ווען די מוטער האָט זיך אויסגעפּוצט און געגאַנגען אין מאַרק אַריין, פלעגן אַלע מענטשן איר נאָכקוקן מיט באַוואונדערונג.

אונדזער מוטער איז געווען די באַלעבאָסטע אין הויז, מיט אונדז קינדער האָט זי זיך אָפּגעגעבן טאָג און נאַכט. ווען איך בין געווען פיר יאָר אַלט זיינען מיר דאַמאָלט געווען דריי קינדער, איז עס פאַר איר ניט געווען אַזוי שווער. מיר האָבן דאַמאָלט אויך געהאַט אַ דינסט, זלאָטע האָט זי געהייסן, וואָס האָט ביי אונדז געדינט ביז זי האָט חתונה געהאַט. אונדזער מוטער האָט געבוירן אַ קינד יעדע 15 אָדער 17 חדשים. וואָס גרעסער דער עולם קינדער איז געוואָרן, אַלץ שווערער איז איר אויסגעקומען צו פירן די הויז. דאָס האָט געפירט צו ניט גוטע רעזולטאַטן. עס האָט געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף אירע נערוון און אַלגעמיינעם געזונט. זי האָט אויף קיין פאַל ניט געקאָנט זיך פלעגן, און האָט איר געזונט זייער פאַרנאַכלעסיקט.

די קינדער האָט זי זייער ליב געהאַט. זי האָט קיין אויסנאַם ניט געמאַכט. אַלע זיינען געווען ביי איר ליב און טייער. ווען איך בין

אַלט געוואָרן דריי יאָר, בין איך און אויך מיין שוועסטער צילע, געלעגן קראַנק אויף שאַרלאַך. אונדזער פאָטער איז דאַמאָלט געווען דער פאַר־וואַלטער פון דער מינץ פירמע, איז ער דעם גאַנצן טאָג געווען אַוועק פון הויז. פלעגט זי זיצן ביי אונדזערע בעטלעך און אונדז געפלעגט טאָג און נאַכט. איך שפּעטער, ווען מיר זיינען שוין געווען 10־11 קינדער אין הויז, האָט זי אומדערמידלעך געאַרבעט טאָג און נאַכט פאַר די קינדער. ווען זי האָט געהאַט אַ פרייע מינוט, פלעגט זי זיך נעמען צו דער נאָדל צו פאַרלאַטעווען קינדער־מלבושים אָדער פאַרצערען זאָקן. עס איז איר קיין זאַך ניט אָנגעקומען גרינג. אפילו זיצנדיק ביים טיש און אויסטיילנדיק 14 ביז 15 פּאָרצעיעס פון יעדן מאכל, האָט זי געהאַט אין זינען יעדן קינד בשעת זי האָט אַריינגעלייגט די שפּייז אין טעלער. זי האָט דאָך ניט געקאָנט אויסטיילן די פּאָרציעס אַלעמען גלייך, די עלטערע קינדער האָבן באַקומען גרעסערע פּאָרציעס פון די יינגערע. דאָס אַליין איז געווען אַ גרויסע אַרבעט. זי איז געווען זייער אַ געשיקטע פרוי. זי איז אויך געווען זייער באַליבט ביי די שכנים. זי האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין שטאָט. ווען עס איז אונדז געגאַנגען גוט, האָט זי זיך אַלע מאָל געשטעלט ברייט. ווען עס זיינען געקומען אָרעמע לייט אין הויז (אין ריישע האָט פון דעם סאָרט ניט געפעלט), האָט זי געגעבן נדבות מיט אַ ברייט האַרץ. איך געדענק גוט די פּורימס אין די נייַנציקער יאָרן, ווען מיר זיינען געזעסן ביי דער סעודה פלעגט זיך יעדע מינוט עפענען די טיר און עס פלעגן אַריינקומען יידן וואָס זיינען געגאַנגען קלייבן געלט פאַר צדקה, און אויך פיל אָרעמע לייט. עס זיינען אויך געקומען פּורים־שפּילער אין מאַסקעס, גזונגען און געטאַנצט — די מוטער האָט יעדן דערלאַנגט געלט לויט דעם ראַנג.

זי האָט אויך אַ סך געהאָלפן אונדז מחנך צו זיין אין מצוות. שבת אָונט, ווען עס איז שוין געווען פינצטער, האָט זי צוזאַמענגערופן די מיידלעך און מיט זיי געזאָגט די תפלה „גאָט פון אברהם". יעדן שבת מברכים און אַלע ימים טובים איז זי געגאַנגען אין שול דאַוונען. אין סליחות־טעג פלעגט זי אויפשטיין צוויי אַזייגער פאַרטאָג און גיין צו סליחות צוזאַמען מיט אונדזער פאָטער.

ווען אונדזער שוועסטער צילע האָט חתונה געהאַט, אין יאָר תרס"ה (1905), איז אונדזער מוטער קוים אַלט געווען 35 יאָר. זי האָט שוין געהאַט מיטגעמאַכט 12 געבורטן. דאָך האָט זי אויסגעזען יונג און שיין. זי איז שוין דעמאָלט געווען גוט קראַנק. זי האָט עס אָבער ניט גע־וואוסט ביז איינמאָל ווען אונדזער שוועסטער צילע איז מיט איר גע־

פֿאָרן קיין קראָקע צו אַ גרויסן פּראָפֿעסאָר. נאָך אַן אונטערזוכונג האָט דער דאָקטאָר איר געזאָגט, אַז זי איז ערנסט קראַנק און לײַדט אויך אויף איר האַרץ און האָט איר פֿאַרשריבן וואָס צו טאָן. צום באַדויערן האָט זי דעם פּראָפֿעסאָר איגנאָרירט. זי איז אָנגעגאַנגען מיט איר אַרבעט. דאָס האָט איר לאַגע פֿיל פֿאַרערגערט, איבערהויפּט ווען עס איז אָנגעקומען די דעפּרעסיע און מיר זײַנען פֿון דעם שטאַרק גע־טראָפֿן געוואָרן, האָט עס אויף איר געזונט זייער שלעכט געווירקט.

אונדזער פֿאָטער האָט געהאַט אַ שיינעם גרויסן און מאָדערנעם עלע־ווייטאָר אַפּאַרטמענט־הויז אין ווין, די הויפּט־שטאָט פֿון עסטרײַך. די הויז האָט דאַמאָלט געהאַט דאָס ווערט פֿון 180 טויזנט גולדן. די הויז האָט אַרײַנגעבראַכט געגנוג צו צאָלן פּראָצענט און קרן, עס איז נאָך געבליבן עטלעכע טויזנט גולדן אַ יאָר.

אין רײַשע איז געווען אַ ייִדישע באַנק, געגרינדעט פֿון דעם באַ־וואוסטן גביר ר׳ נח שפּירא, אַ זשיקאָווער חסיד. אַזוי ווי דאָס רוב פֿון די דירעקטאָרן זײַנען געווען זשיקאָווער חסידים האָט מען די באַנק גערופֿן די זשיווקאָווער באַנק. דער פֿאַרוואַלטער פֿון דער באַנק איז געווען מענדעלע האָרוויץ, אויך אַ זשיקאָווער חסיד. אונדזער פֿאָטער האָט געמאַכט אַן הלוואה אויף עטלעכע הונדערט גולדן. ווען עס איז געקומען די דעפּרעסיע אין יאָר תרע״ג (1913), און עס איז פֿאַר יעדן געווען שווער נאָכצוקומען די פֿינאַנציעלע אָבליגאַציעס, האָט דער פֿאָטער דעם וועקסל פּראָלאָנגירט, באַצאָלט די פּראָצענטן און באַנײַט דעם חוב. ער האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין רײַשע אַלס אַ זייער ערלעכער מאַן. ווען ער האָט דעמאָלט געוואָלט פּראָלאָנגירן דעם וועקסל אין דער דערמאָנטער באַנק, האָט מענדעלע האָרוויץ זיך אַנטזאָגט דעם חוב צו פּראָלאָנגירן. עס האָט ניט געהאָלפֿן די פֿאַרזיכערונג וואָס מײַן פֿאָטער האָט אים גע־געבן אַז אין אַ חודש אַרום וועט דער חוב אינגאַנצן באַצאָלט ווערן, און טאַקי דעם זעלבן טאָג, אָן דעם פֿאָטערס וויסן, האָט מענדעלע האָרוויץ דעם וועקסל פּראָטעסטירט און עס תיכּף אָנגעגעבן אין געריכט, אַרײַנ־געלייגט מײַן פֿאָטער אין באַנקראָט און אונדזער ווינער הויז אין רע־סיוועַרשיפּ. איז עס נאָך ווייניק האָט ער אויך אַרײַנגעגעבן אַ שטראָף־אָנצייג אין שטראָף־געריכט קעגן אונדזער מוטער און פֿאָטער.

פֿאַר אונדזערע עלטערן איז עס געווען אַ טויט־קלאַפּ. מילא פֿאַר דער שטראָף־אײנצייג האָבן זיי קיין מורא ניט געהאַט, צוליב צוויי אור־זאַכן. ערשטנס, איז דער פֿאַרמעגן געווען אַ סך מער ווערט ווי די חובות; צווייטנס האָבן זיי זיך ניט געפֿילט אין קיין שום חטא אָדער

פאַרברעכן. דאָך, האָט עס אויף זיי און אויך אויף אונדז קינדער שלעכט געווירקט. פיל ערגער האָט עס געווירקט אויף דער מוטערס געזונט. עס איז פאַר אונדז געווען חרפות ובושות צו זען ווי עס קומען אין אונדזער הויז זשאַנדאַרן מיט פּאָליציי צו מאַכן אַ רעוויזיע אויב עס איז אמת ווי מענדעלע האָרוויץ האָט אָנגעגעבן אין דער שטראָף־אָנצייג אַז דער פאָטער האָט ערגעץ וואו אין הויז באַהאַלטן געלט, גאָלד און זילבער. די זשאַנדאַרן האָבן געזוכט, דורכגענישטערט יעדע שפּארע אין הויז, יעדע לאָך ביז טיף אין קעלער, אָבער געלט, גאָלד און זילבער האָבן זיי ניט געפונען. עס האָט מיר געבראָכן דאָס האַרץ צוקוקנדיק די ליידן פון מיין מוטער. איר פּנים געל און בלייך און זי האָט אָפט באַקומען האַרץ־שלאָגן.

אין אָנהויב מאַי 1913 האָט אונדזער מוטער באַקומען אַ פאַרלאַ־דונג פון שטראָף־געריכט, וואָס האָט אונטערזוכט די שטראָף־אָנצייג פון מענדעלע האָרוויצס באַנק, אַז זי זאָל זיך שטעלן פאַרן אונטערזוכונגס־ריכטער, אין אַ דינסטיק 10 אַזייגער אין דער פרי. זי האָט זיך שרעקלעך געערגערט און זייער גענומען צום האַרצן וואָס זי דאַרף דורכגיין אַזאַ נסיון און אַזעלכע בזיונות.

אַרום 9 אַזייגער אין דער פרי האָט מען באַשטעלט אַ פיאַקער און מיין יינגערע שוועסטער מאַליע איז מיט דער מוטער געפאָרן אין געריכט. ווען זיי האָבן דערגרייכט די הערן גאַס, איז איר פּלוצים שלעכט גע־וואָרן. דער פיאַקער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קאַפע־הויז אייראָפּאַ. מ׳האָט זי אַהין אַריינגעפירט און געלייגט אויף אַ זיץ־זאָפע. מ׳האָט בליץ־שנעל געשיקט נאָך דאָקטוירים, אויך האָט מען אונדז געלאָזט וויסן. דער פאָטער און איך זיינען שנעל געלאָפן צו דעם קאַפע־הויז, וואָס איז געווען בלויז עטלעכע גאַסן פון אונדזער הויז. ווען איך בין אַהין אָנגעקומען איז די מוטער שוין ניט געווען צווישן די לעבעדיקע. עס האָט ניט געהאָלפן מיין שרייען און וויינען. עס זיינען אויך אָנגעלאָפן אונדזער שוועסטער אסתר און די איבעריקע קינדער — אַלע האָבן גע־וויינט און יאָמערלעך געשריען. אַ האַרץ־שלאַג האָט געענדיקט איר לעבן אויף אַ טראַגישן אופן. זי האָט אויסגעהויכט איר כשרע נשמה איידער אַ דאָקטאָר איז געקומען. זי איז באַפרייט געוואָרן פון אירע לעצטע ליידן אין איר 43סטן לעבנסיאָר.

איר פּלוצימדיקער טויט האָט געמאַכט אַ טראַגישן איינדרוק אויף דער שטאָטישער באַפעלקערונג. זי איז געפאַלן אַ קרבן דורך אַן אַקט פון אַ מענטשן, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אונטער דער מאַסקע

פון זשיקאָווער חסידות — אַ ייד מיט אַ שיינער באָרד און געלאָקטע פּאות. מער ווי אַ האַלבע שטאָט יידן זיינען געקומען צו דער לויה. מיר האָבן באַגלייט אונדזער מוטער אויפן וועג צו אַ בעסערער וועלט דעם צוועלפטן טאָג אין חודש אייר, תרע״ג. אונדזער פאָטער איז זייט דאַמאָלט מער צו זיך ניט געקומען. נאָר וועגן דעם — אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## מיין פאָטער

מיין פאָטער, ר׳ וואָלף, ז״ל, איז געבוירן אין יאָר תרכ״ב אין ראָז־וואדאָוו, אַ קליין שטעטל ניט ווייט פון זשיקאָוו, ביי דער רוסישער גרע־נעץ. זיין פאָטער, ר׳ משה יהודה, איז געווען אַ חסידישער ייד אַ מקורב פון דעם באַרימטן ראָזוואדאָווער רבין ר׳ משה האָרוויץ, פון דער ראָפּ־טשיצער גזע. דאָס שטעטל ראָזוואדאָוו איז דערפאַר געווען אַ באַוואוסטע חסידישע שטעטל. אונדזער פאָטער איז טאַקי אויפגעצויגן געוואָרן אין דעם גייסט און אַטמאָספערע.

אַלס יינגל האָט ער געהאַט אַ גרויסן ווילן צום לערנען חוץ תורה, אויך אַלגעמיינע בילדונג. ער האָט זייער ליב געהאַט צו לערנען די לאַנדס־שפּראַכן — פויליש און דייטש. דאָס איז אים ניט אָנגעקומען לייכט, ווייל צו לערנען פויליש און דייטש איז ביי די קליינשטעטלדיקע חסידים באַטראַכט געוואָרן ווי אַ פאַרברעכן. ער האָט זיך אָבער ניט צופרידנגעשטעלט מיט זיצן יומם ולילה אין לערנען תורה. ער האָט אָנגעהויבן לערנען פויליש און דייטש אָן דעם וויסן פון זיינע עלטערן; דאָס האָט אים טאַקי שפּעטער אַ סך געהאָלפן זיך צו שטעלן אויף אַ גוטן עקאָנאָמישן מצב נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט אין יאָר תרמ״ח (1888).

איך געדענק אונדזער פאָטער, ווען איך בין געווען אַ קליין יינגל, אַלס אַ שיין געוואַקסענעם מאַן מיט אַ קורץ, גלייך־פאַרקאַמט באָרד און קליינע פאַרלאָקטע פּאות. ער האָט זיך געקליידט אין דעם טראַדי־ציאָנעלן שווארצן סאַמעטענעם קאַפּעלוש און שוואַרצע קאַפּאָטע. ער איז געווען זייער שטרענג רעליגיעז. ניט אָפּגעטראָטן פון יידישן דין כחוט השערה. ער האָט זייער שטרענג אָפּגעהיטן זמן תפלה אין קלויז. ער האָט זעלטן ווען געדאַווענט ביחידות, אַפילו מנחה ומעריב. ער האָט

לויט זיין מענטשלעכן יכולת אָנגעווענדט אַלץ כדי אָפּצוהיטן די תרי״ג מצוות שבתורה. דאָך איז ער געווען ווייט פון פאַנאַטיזם. פאַרקערט, ער איז געווען אַ מאָדערנער מענטש אין יעדער הינזיכט. ער האָט באַגריסט אַ פרוי און אויך אָנגענומען אין האַנט, ער האָט איר געקוקט אין פנים ווען ער האָט מיר איר גערעדט — וואָס קיין עקסטרעם אָרטאָדאָקסישער ייד וואָלט עס ניט געטאָן.

פוילישׁ איז געווען די גאַליציאַנער אומגאַנגס שפּראַך און דייטש איז געווען די לאַנדס־שפּראַך. אָט די צוויי שפּראַכן האָט ער גוט באַהערשט גראַמאַטיקאַליש אין וואָרט און שריפט. ווען ער איז אַלס יונגערמאַן געקומען פון ראַזוואַדאָוו קיין ריישע, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט דער באַוואוסטער מינץ פירמע, וואָס האָט געפירט גרויסע וואַלד און האָלץ געשעפטן. ער האָט דאָרט אָנגעהויבן אַלס אַן אָפיס־קלוירק, אָבער צוליב זיינע אומבאַשרענקטע פעאיקייטן און בילדונג האָט ער זיך אין אַ קורצע צייט אַרויפגעאַרבעט צום ראַנג פון געשעפטס־פירער. ער ער האָט שיין פאַרדינט און שפּעטער זיך אַרויפגעאַרבעט צו זעלבסט־שטענדיקייט.

אין יאָר תרנ״ז (1897) האָט ער פאַרלאָזט די מינץ־פירמע און זיך גענומען בויען הייזער. דאָס זיינען געווען מאָדערנע אַפּאַרטמענט הייזער לויט דער דאַמאָלדיקער נייסטער מאָדע. אין זיינע הייזער האָבן געוואוינט הויכע מיליטערלייט אָפיצירן און אַנדערע גרויסע רעגירונגס־לייט. חוץ דעם האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לעגאַלע אַרבעט פאַר אַנדערע וואָס זיינען אָפט געקומען צו אים אום זיך צו באַראָטן וועגן לעגאַלע פּראָצעדורן. זיי פלעגן קומען אָנגעלאָדן מיט פילע געריכטס־אַקטן צום איבערלייענען און איבערזעצן ווייל ווייניק פון די יידן האָבן געקאָנט אָדער פאַרשטאַנען די פוילישע שפּראַך. ער האָט פאַר זיי געשריבן געריכטס־אַקטן און אַנדערע לעגאַלע פּאַפּירן. אין אונדזער הויז, געדענק איך אַלס קינד, זיינען אַרום טיש געזעסן עטלעכע יידן, דער פאָטער אויבנאָן מיט אַ פעדער אין האַנט און געשריבן. עס ליגט מיר אין געדאַנק איינער פון די יידן — זיין נאָמען איז געווען ר׳ משה בילפעלד, ער האָט ניט געקאָנט שרייבן אָדער לייענען פויליש. אַזוי ווי ער האָט געפירט אַ שניט־קראָם און האָט אָפט געדאַרפט שרייבן דייטשע אָדער פוילישע בריוו, האָט ער געדאַרפט אָנקומען צו מיין פאָטער.

ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט איז אונדזער פאָטער קיין חסיד ניט געווען. ער איז דערפאַר קיינמאָל צו קיין רבין ניט געפאָרן. ער איז אין אַ געוויסער הינזיכט געווען אַ מתנגד. ער האָט געהאַלטן

פון דעם, אַז יעדער ייד קאָן אויסבעטן אַ ישועה ביים רבש״ע און דאַרף ניט אָנקומען צו אַ רבין ער זאָל פאַר אים בעטן. ער האָט זיך אָבער שטאַרק געהאַלטן ביים פרומען דרך עבודה. ער פלעגט אויפ־שטיין גאַנץ פרי, אָפּט פינף אַזייגער פאַרטאָג. נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעגאָסן די שפּיץ־נעגל מיט נעגל־וואַסער, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט ביים בעט, האָט ער זיך תיכף אָנגעטאָן, זיך געוואַשן און גלייך זיך גענומען צו עבודת הבורא. צוערשט האָט ער געזאָגט ברכה, שפּעטער תהלים מעמדות, חק לישראל און משניות. דאָס האָט פאַר־נומען פיר שעה. אַרום ניין אַזייגער איז ער געגאַנגען דאַוונען אין קלויז און אַהיימקומען אַרום עלף אַזייגער. ער האָט עפּעס איבערגעביסן און באַלד געגאַנגען צו דער אַרבעט ביים בויען הייזער.

אין הויז האָבן מיר שטרענג אָפּגעהיט יידישקייט, איבערהויפּט שבת. פרייטיק איז ביי אונדז אין הויז אַלע מאָל געווען אַ פאַרנומענער טאָג. די מוטער האָט זיך געפּאָרעט אין קיך ביי די טעפּ, איבערהויפּט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מיר זיינען געווען 11־12 קינדער, איז די אַרבעט געווען פיל שווערער. באַלד נאָך ליכט־בענטשן זיינען מיר געגאַנגען דאַוונען אין קלויז.

ווען איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר האָט מיך דער פאָטער יעדן שבת מיטגענומען אין קלויז צו דאַוונען. פרייטיק, נאָכדעם ווי דער פאָטער איז אַהיים געקומען פון שוויץ־באָד, האָט ער מעביר געווען די סדרה פון דער וואָך און געזאָגט שיר־השירים; האָט אָנגעטאָן די שבת־דיקע זיידענע מלבושים מיטן שיינעם סויבעלנעם שטריימל און מיר זיינען געגאַנגען דאַוונען. אויפן וועג האָבן מיר נאָך באַגעגנט דעם שול־שמש מיטן גרויסן האָלץ־האַמער אין האַנט ווען ער האָט געקלאַפּט אין אַלע טירן פון די יידישע הייזער און געוועלבן. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז עס קומט דער הייליקער שבת, אַלע זאָלן פאַרשליסן די געוועלבער גיין אַהיים און זיך צוגרייטן צו באַגעגענען מלכת שבת. דאָס איז געווען אַן אַלטער מנהג אין ריישע.

נאָכדעם ווי מ׳האָט פאַרענדיקט דאָס דאַוונען, האָבן אַלע יידן, ביים אַרויסגיין געוואונשן איינער דעם אַנדערן „גוט שבת״. דרויסן האָבן אונדז באַגעגנט אַ מחנה אָרעמע יידן וואָס האָבן זיך געבעטן מ׳זאָל זיי נעמען אַהיים אַלס אַן אורח אויף שבת. איך בין געגאַנגען אַהיים ביי דער זייט פון פאָטער מיט אַ פריילעך האַרץ. עס איז דאָך עפּעס שבת. מיר גייען דאָך אַהיים מקבל שלום זיין און באַגריסן די הימלישע מלאכים וואָס וואַרטן אויף אונדז דאָרט אין הויז.

דער פּאָטער עפנט די טיר, קושט די מזוזה, קומט אַריין אין הויז מיט אַ ברייטן און פריילעכן „גוט שבת". צוערשט לייגט ער אַרויף זיינע הענט אויפן קאָפּ פון דער עלטסטער שוועסטער צילע און בענטשט איר, דערנאָך האָט ער דאָס זעלבע געטאָן צו מיר און די ייִנגערע קינדער. ער פלעגט נאָכדעם צוגיין צום שבת טיש צו באַגריסן די הימלישע געסט, זינגענדיק „שלום עליכם" מיטן אַלטן ראַזוואַדאָווער ניגון, וואָס קלינגט מיר נאָך איצטער אין די אויערן. נאָך די תפלות האָט ער זיך געגרייט צו קידוש. צוערשט האָט ער אַריינגעגאָסן עטלעכע טראָפּן וואַסער אין זילבערנעם קידוש־בעכער, נאָכדעם האָט ער די וואַסער פון בעכער אַריינגעגאָסן אין דער וויין־פלאַש און האָט אָנגעפילט דעם בעכער מיט וויין ביז עס האָט זיך איבערגעגאָסן. די מוטער און אַלע קינדער פלעגן זיך אויפשטעלן מיט ערנסטקייט און מיט רעספּעקט געקוקט ווי דער פּאָטער נעמט דעם כוס מלא, פון וועלכן עס האָבן אַרונטערגעטריפט טראָפּנס, אין דער רעכטער האַנט, און מיט פאַרגלייזטע אויגן האָט ער אָנגעהויבן זאָגן קידוש מיט אַ שיינעם ניגון. ער האָט אָפּגעטרונקען זיין חלק און איבערגעגעבן דעם כוס צו דער מוטער צו טרינקען איר חלק און נאָכדעם דערלאַנגט דעם כוס יעדן קינד אַ זופּ צו טאָן. ווען איך בין אַלט געוואָרן זעקס יאָר, האָב איך געמאַכט קידוש פאַר זיך ביים טיש.

ביים שבת־טיש האָט אונדזער פּאָטער זיך מער מתעסק געווען אין תפלות ווי מיט עסן. אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך געוואַשן, געמאַכט המוצא איבער דער 12־חלהדיקער חלה און יעדן ביים טיש דערלאַנגט אַ שטיקל חלה. באַלד האָט ער גענומען דעם סידור און פאַרענדיקט די סעודה־תפלות. נאָך יעדער פּאָרציע עסן האָט ער געזונגען זמירות. דער שבת־טיש האָט געדויערט אַרום צוויי שעה.

אונדזער פּאָטער איז געווען אַ באַשיידענער מאַן, ער האָט ניט פיל געריידט. ער פלעגט זייער וויניק פאַרברענגען געזעלשאַפטלעך. זיין גאַנץ לעבן האָט ער געהאַט בטחון אין גאָט, ער האָט געגלויבט באמונה שלמה, אַז השי"ת וועט שיקן די הילף כדי צו דערציען זיינע קינדער אין גאָטס דרכים. עס איז געווען אַ צייט וואָס די וועלט האָט מיט־געמאַכט אַ שווערע דעפּרעסיע. אין יאָר תרס"ח (1908) בין איך שוין געווען אַ דערוואַקסענער יונגערמאַן פון אַ יאָר 18 און אויך זעלבסט־שטענדיק. האָב איך געפרעגט דעם פּאָטער: „נו, וואָס וועט זיין דער סוף, מיר מוזן דאָך טראַכטן און באַשליסן וואָס צו טאָן?" מיין פּאָטער האָט אויף מיר געגעבן אַ קוק און געזאָגט מיט אַ שטרענגן טאָן: „איך גלויב אין השי"ת, ער זאָרגט פאַר אונדז און וועט אונדז ניט פאַרלאָזן.

די ישועה װעט קומען." די ישועה איז טאַקי ניט געקומען. מיר האָבן זײער געליטן פון דער דעפּרעסיע. אונדזער פּאָטער איז זײט דאַמאָלט מער צו זיך ניט געקומען קאָנאָמיש.

אין זײנע יונגע יאָרן איז מײן פּאָטער געװען זײער אַ פרומער ייד, אָבער אויף די עלטערע יאָרן, איבערהויפּט אין די 60ער, װען מיר האָבן שוין געװאױנט אין װין, איז ער געזעסן טאָג און נאַכט על התורה ועל עבודה. ער איז נפטר געװאָרן אין דער שטאָט װין, ה' תשרי, תרצ"ב (1932) אין עלטער פון 70 יאָר. איך האָב געהאַט די זכיה אים צו זען מיט אַכט חדשים פריער, װען איך האָב אים באַזוכט אין יענער־פעבער אין 1932.

# ריישער מלמדים און חדרים

צום אָנדענקען פון מיינע ברידער יוסף און שלמה
וואָס זיינען אַוועק פון דער וועלט יונגערהייט.

## די חדרים

**אין די יאָרן 1890־1900, זיינען די ריישער חדרים געווען איינגעטיילט אין זעקס קלאַסן. די ערשטע זיינען געווען די דרדקי חדרים. צו דעם קלאַס האָבן געהערט די חדרים פון איטשע ראָזדוויער און יאָסל דעמביניס. פון די צוויי איז דער ערשטער געווען דער מער באַוואוסטער אין שטאָט. אין די דאָזיקע חדרים האָבן געלערנט קינדער פון דריי ביז זעקס יאָר. אַזוי שנעל ווי אַ יינגעלע האָט דערגרייכט דעם דריטן געבורטסטאָג, האָט מען אים דעם זעלבן טאָג געפירט אין איינעם פון די דערמאָנטע חדרים. דעם צווייטן קלאַס האָבן פאַרנומען די חדרים פון אייזיק וואַסער און וואָלף פאקעלעס, וואו עס האָבן געלערנט יינגלעך פון פינף ביז זיבן יאָר אַלט. אין דריטן קלאַס זיינען געווען די חדרים פון משה אריהס און משה קישקע (לאנציטער). ביי זיי האָבן געלערנט יינגלעך פון זיבן ביז צען יאָר. צום פערטן קלאַס האָבן געהערט די חדרים פון תנחום פירסט און העשיל טיטשינער, וואו עס האָבן געלערנט יינגלעך פון עלטער פון ניין ביז צוועלף יאָר אַלט. צום פינפטן קלאַס האָט געהערט דער חדר פון דודל פאקעליס, וואו עס האָבן געלערנט יינגלעך פון צוועלף ביז פערצן יאָר. צום זעקסטן קלאַס האָבן געהערט חדרים פון ר׳ איטשע זיבנער און ר׳ יקותיאל קאמעלהאַר, וואו עס האָבן געלערנט בחורים אין עלטער פון דרייצן ביז פופצן יאָר, צווישן זיי אויך חתנים. ווען אַ תלמיד איז אַרויס פון איינעם פון די לעצטע חדרים, איז ער געוואָרן אַ קלויז־בחור. ער האָט שוין געלערנט פאַר זיך.**

עס זיינען אין שטאָט געווען נאָך עטלעכע מלמדים: חיימ׳ל מלמד, אנשל מלמד און נאָך אַנדערע, אָבער די אויבן דערמאָנטע זיינען געווען די מער פּאָפּולערע, וואו עס האָבן געלערנט אַלע באַלעבאַטישע קינדער. די שטאָט האָט אויך געהאַט אַ תלמוד תורה מיט עטלעכע מלמדים, וואו קינדער פון אָרעמע עלטערן האָבן באַקומען פרייען אונטערריכט. די

תלמוד תורה חדרים האָבן פאַרנומען דעם גאַנצן אויבערשטן שטאָק פון דער זשיווקיעווער קלויז אויפן רויזן געסל.

ווען מ׳האָט אָנגעדונגען אַ יינגל אין אַ חדר, איז עס געווען פאַר אַ גאַנצן זמן. אַ „זמן" איז געווען פון פסח ביז סוכות און פון סוכות ביז פסח. דאָס שכירות וואָס דער מלמד האָט באַקומען איז געווען פאַרן זמן, לויט די פינאַנציעלע אומשטענדן פון דעם יינגלס עלטערן. די העכסטע שכירות פאַרן זמן איז געווען 75 גילדן, וואָס איז איינגעטיילט געוואָרן אין מאָנאַטלעכע אויסצאָלונגען. עס זיינען אָבער געווען יינגלעך פון עלטערן, וואָס האָבן געצאָלט פיל ווייניקער.

קיין גרויסע פעדאַגאָגן זיינען די ריישער מלמדים ניט געווען. דער לערן סיסטעם איז געווען דערזעלבער וואָס איז נאָכגעפאָלגט געוואָרן זייט הונדערטער יאָרן. ווער איז געוואָרן אַ מלמד? אַ יונגער מאַן פון זייער אָרעמע עלטערן, וואָס האָט נאָר וואָס חתונה געהאַט און האָט ניט געקאָנט קריגן קיין פרייע קעסט. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען גרויסע לאַ־יוצלחס, זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַגריף פון האַנדל אָדער אומנת מלאכה, האָבן זיי אָנגענומען מלמדת אַלס זייער פרנסה קוואַל. זייער פעדאַגאָגיע איז באַשטאַנען פון קאַנטשיק, ים־שטעקל אָדער די פינף פינגער, מיט וועלכע זיי האָבן געציכטעט די תלמידים. פון אַנדערע סיסטעמעס האָבן זיי ניט געוואָלט וויסן. זיי האָבן דאָס לערנען אַרויפגע־צוואונגען אויף די תלמידים מיט די אויבנדערמאָנטע מלמדישע כלי זיין.

די דרדקי חדרים האָבן געהאַט באַהעלפערס, וואָס זיינען געווען איינגעטיילט אין צוויי קלאַסן. די ערשטע האָבן מיט די קינדער געלערנט, די צווייטע האָבן געאַרבעט אין חדר אַרום די קינדער. די אַרבעט איז באַשטאַנען פון דעם, וואָס אַזאַ באַהעלפער איז געקומען אַהיים צום יינגל יעדן פרימאָרגן אים אָנגעטאָן, געוואַשן און געזאָגט מיט אים ברכה. ער האָט אויך די יינגלעך געפירט אין חדר און זיי געבראַכט צוריק אַהיים. ער האָט אויך געדאַרפט ברענגען די קינדער עסן צוויי מאָל אַ טאָג. עס איז אויך געווען אַן אויבער־באַהעלפער, דאָס איז געווען אַ הויכער ראַנג אין דער באַהעלפער פראָפעסיע.

די אַרבעט־באַהעלפערס זיינען געווען יונגען פון זייער אָרעמען קלאַס אין עלטער פון פערצן ביז זעכצן יאָר. עס זיינען גראד געווען צווישן זיי יונגען מיט גוטע קעפּ און גרויסע פעאיקייטן, אָבער זייערע אָרעמע עלטערן האָבן פון אַזעלכע „נאַרישקייטן" ניט געדענקט. דער בעסטער און לייכט־סטער וועג אַרויסצופּטרן אַ זון פון הויז, איז געווען די באַהעלפער פראָפעסיע. איך געדענק איינעם אַזאַ באַהעלפער וואָס איז געווען ביים

מלמד אייזיק וואַסערס חדר, ער איז שפּעטער געקומען קיין ניו יאָרק און איז געוואָרן אַ באַוואוסטער אַרבעטער־פירער, אַ גוטער רעדנער און אַ מיטגליד פון „פאָרווערטס״ אַסאָסיאיישאָן.

די באַנעמונגען פון די אַרבעט־באַהעלפערס צו די יינגלעך, איז געווען אַ ברוטאַלישע. די קליינע הילפלאָזע קינדער, האָבן עס אָנגענומען ווייל זיי האָבן קיין ברירה ניט געהאַט. די העכערע באַהעלפערס וואָס האָבן געקנעלט מיט די קינדער זיינען אויך ניט בעסער געווען. פון פּראַקטישן פּעדאַגאָגישן לערן־סיסטעם, זיינען זיי געווען פּונקט אַזוי ווייט ווי דער מלמד. חוץ דעם זיינען זיי געווען גרויסע קבצנים. דאָס שכירות, וואָס דער מלמד האָט געצאָלט און די עקסטראַ געצאָלט וואָס זיי האָבן באַקומען פון די עלטערן האָט ניט געקלעקט פאַר זייער געברויך. פון האַלטן זיך ריין האָבן זיי אויך ניט געוואוסט.

די בעסטע טעג זיינען פאַר די באַהעלפערס געווען פּורים, חנוכה און די טעג פאַר שמחת תורה. פּורים האָבן זיי פאַרקויפט גראַגערס, און דערביי געמאַכט אַ גוטן פּראָפיט; זיי זיינען אויך געווען פאַרנומען מיט טראָגן משלוח מנות פאַר די באַלעבאַטים און דערביי פאַרדינט. אום חנוכה האָבן זיי פאַרקויפט דריידלעך און פאַר שמחת תורה — פאָנען מיט ליכט־לעך. פון די אויבן דערמאָנטע האָט דער באַהעלפער געהאַט די בעסטע און איינציקע הכנסה. אָפט האָט אַ באַהעלפער באַקומען עטלעכע גראַצער פאַר ברענגען יינגלעך צום לייענען קריאת שמע ביי אַ יולדת. זיי האָבן אויך אָפט פון די באַלעבאַטים באַקומען אַלטע מלבושים און אויך אַמאָל ביי זיי געגעסן שבת. שבת נאָכמיטאָג, האָבן זיי גענומען די יינגלעך פאַר אַ שפּאַציר צום שפּאַציר־גאָרטן אָדער אַנדערשוואו.

אין די צווייטע קלאַס חדרים, וואו עס האָבן געלערנט יינגלעך פון פינף ביז זיבן יאָר, ווי למשל ביי אייזיק וואַסער אָדער וואָלף פאַקעליס, זיינען בלויז געווען צוויי באַהעלפערס. איינער — וואָס האָט געקנעלט מיט די יינגלעך, און אַ צווייטער — וואָס האָט געאַרבעט אַרום די יינגלעך און זיי געבראַכט עסן. די דריטע קלאַס חדרים און ווייטער האָבן קיין באַהעלפערס ניט געהאַט. עס האָט זיך ניט מער געפאָדערט. די צאָל קינ־דער אין חדר איז אויך געווען קלענער ווי אין די קלענערע קלאַס חדרים.

לויט די דאַמאָלסדיקע שטאָט־געזעצן איז ניט געווען דערלויבט צו האָבן אַ פּריוואַט שול (אונטער וועלכע עס זיינען געווען קלאַסיפיצירט די חדרים) אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש אָדער קאָנצעסיע פון דער שטאָט רעגירונג. אַ דערלויבעניש האָט מען געגעבן צו אַזאַ איינעם וואָס איז געווען קוואַליפיצירט דערצו און איז נאָכגעקומען די באַדינגונגען

און האָט געצאָלט די געבירן. די חדר־מלמדים האָבן די געזעצן אינגאַנצן איגנאָרירט און האָבן אויפגעהאַלטן חדרים קעגן שטאָט־געזעץ. די רעגי־רונג האָט פון דעם געוואוסט און האָבן פון צייט צו צייט געשיקט קאָ־מיסיעס, אַ פּאָליציימאַן אָדער צוויי, זיי זאָלן כאַפּן די מלמדים ביים לערנען און אום צו קאָנען נעמען געזעצלעכע שריט קעגן זיי. דאָס איז אָבער די שטאָטישע אויפזעער קיינמאָל ניט געלונגען. ווייל אַזוי שנעל ווי אַזאַ פּאָליציי־קאָמיסיע האָט זיך באַוויזן ניט ווייט פון מלמדים געסל, האָט זיך דער אַלאַרם פאַרשפּרייט בליץ־שנעל, אַזוי אַז אין עטלעכע מינוט זיינען די חדרים געוואָרן ליידיק. דער מלמד האָט די יינגלעך צעיאָגט, זיי זיינען זיך צעלאָפן איבער די הויפן, אין טעפער געסל און אויפן בערגל, און ווען אַזאַ פּאָליציי קאָמיסיע איז אָנגעקומען, האָבן זיי קיין חדרים ניט געפונען און זיינען אַוועק מיט גאָר ניט. די צען יאָר, וואָס איך האָב געלערנט אין חדרים האָט קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז אַ פּאָליציי קאָמיסיע זאָל דערווישן אַ מלמד לערנען מיט קינדער. אַזאַ פאַרברעכן האָט געשמעקט מיט אַ גרויסער שטראָף. פאַר אונדז יינגלעך זיינען די קאָמיסיע טעג געווען די בעסטע און אנגענעמסטע, ווייל מיר האָבן ניט געדאַרפט זיצן ביים לערנען און קוקן אויף דעם פאַסקודנעם קיינטשיק, וואָס איז געלעגן אין מיטן טיש. מיר זיינען געוואָרן פריי אויף עטלעכע שעה, ווען מיר האָבן פאַרבראַכט אויף דער פרישער לופט, וואָס איז ביי אַ חדר־יינגל גע־ווען אַ זעלטנקייט.

עס איז מערקווירדיק און ניט צום גלויבן, ווי בליץ־שנעל די חדרים האָבן זיך דערוואוסט פון דעם קומען פון די קאָמיסיעס. איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פאַל, וואָס האָט פּאַסירט ווען איך האָב געלערנט אין חדר ביי משה אַריהס אין די באַדנערקיס הויז, אויפן ערשטן שטאָק. די פענצטער זיינען אַרויסגעגאַנגען צו דער זייט פון שוויץ־באָד, און אויך צו דער זייט פון בערגל, פון וואַנען עס זיינען געווייינלעך אָנגעקומען די פּאָליציי־קאָמיסיעס. אויב מ׳האָט דערזען אַ פּאָליציימאַן ,אָדער עפּעס אַ פאַר־דעכטיקטן פאַרשוין גיין פון יענער זייט אין דער ווענדונג פון דער באַדנערקיס הויז, האָט דער רבי תיכף צעיאָגט די יינגלעך. מיר זיינען זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן. איין מאָל איז די קאָמיסיע אָנגעקומען פון דער אַנדערער זייט, פון דער זייט פון טעפער געסל, וואו מיר האָבן קיין קאָנטראָל ניט געהאַט. אָבער אַזוי שנעל ווי זיי זיינען אַריין אין הויז, האָבן מיר זיך שנעל דערוואוסט. אַרויסצולויפן איז שוין געווען צו שפּעט, ווייל די קאָמיסיע איז שוין געווען אונטן אין הויז, וואָלטן זיי אונדז גע־פּאַקט ביי דער מעשה. האָט אונדזער רבי משה אריהס, דער גרויסער

סטראַטעגיקער, שנעל געדענקט און געטאָן אַ הויכן געשריי: „שנעל, אַרויף אויפן בוידעם!". בליץ שנעל האָבן מיר ייִנגלעך זיך געלאָזט לויפן אויפן בוידעם, וואו עס איז געווען שטאָק פינצטער. דאָרט האָבן מיר זיך אַלע באַהאַלטן אויסגעשטרעקט אויף אַלע פיר אין פאַרשידענע ווינקלעך, און דער רבי מיט אונדז. די נשמה איז אים געשטאַנען אויפן שפּיץ נאָז פאַר שרעק מ׳זאָל אים, חלילה, ניט דערוואַישן. פאַר אונדז ייִנגלעך איז דאָס געווען אַן אונטערהאַלט. מיר האָבן פון דעם געקוואָלן און אויך געשטיפט. טאָמער האָט זיך אַ ייִנגל ניט געקאָנט איינהאַלטן און אַרויסגעלאָזט אַ שטיפערישן געלעכטער אויף דעם פינצטערן בוידעם, און טאָמער איז ער געלעגן נאָענט צום רבין, האָט אים דער רבי דערלאַנגט אַ קנאַק איבערן קאָפּ אַז ער האָט שוין מער ניט געלאַכט, נאָר געקלאָגט מיט טרערן. דאָס איז געווען מיטן־זומער. מיר זיינען געלעגן אויפן בוידעם אַ גוטע דריי־פערטל שעה און זיך געשטיקט פון דער היץ אונטער די הייסע בלעכן פון דאַך. ביז עס איז אַרויפגעקומען די רביצין און געגעבן דעם סיגנאַל, אַז מ׳קאָן שוין גיין צוריק לערנען אין חדר.

אָפּט איז אַזאַ קאָמיסיע געקומען יעדן טאָג אין משך פון אַ וואָך צייט. אין אַזאַ פאַל איז שוין געווען אַ געפאַר אַריינצופאַלן אין דער נעץ פון געזעץ. האָט דער רבי זיך אַריבערגעקליבן מיט די תלמידים ערגעץ אין שניידער שולעכל, אָדער טרעגער שולעכל, וואו מיר האָבן געהאַט די דערלויבעניש צו לערנען, ביז עס איז אַריבער די געפאַר פון דער קאָמיסיע, דאַמאָלסט זיינען מיר געגאַנגען צוריק לערנען אין חדר.

די קאָמיסיע־פאַרפאָלגונגען האָבן זייער ווייניק געשטערט דאָס לערנען. די שטערונג איז געווען בלויז אַ שעה־צוויי אָדער העכסטנס דריי. אָפּט בלויז עטלעכע מינוט. דאָס לערנען איז אָנגעגאַנגען טעגלעך רעגלמעסיק.

צווישן די תלמידים זיינען געווען פאַרשידענע אין כאַראַקטער און אויך אין לעבנס־שטייגער. עס זיינען געווען קינדער פון רייכן הויז, אָנגעטאָן שיין און ריין, קינדער פון מיטל־קלאַס און אויך פיל זייער אָפּגעלאָזענע. אָפּט, איבערהויפּט אום ווינטער, זיינען אין חדר געקומען קראַנקע קינדער, וואָס אונטער די אומשטענדן האָבן זיי געדאַרפט זיין אין דער היים אָדער אין בעט. ווען אַזאַ פאַל האָט פּאַסירט אין אַ היים, וואו עס זיינען געווען 14 אָדער 16 קינדער, האָט די מאַמע, ווי ליב זי געהאַט דאָס קינד, ניט געמאַכט קיין צימעס דערפון און געשיקט אַ קראַנק ייִנגל אין חדר, אַזוי לאַנג דאָס ייִנגל האָט געקאָנט גיין אויף זיינע פיס, אַבי אַרויסצופּטרן אַ קינד פון הויז איבערן טאָג. עס איז אַמאָל געקומען

אין חדר, ביי משה אריהס איז עס געווען, אַ יינגל, אַנשל פֿאַרך האָט מען אים גערופֿן, וואָס האָט געליטן פֿון אַ קרענק וואָס אַ פּליסיקייט האָט געררונען פֿון זיינע אויגן. איבער נאַכט פּלעגן די אויגן־דעקלעך זיך צוזאַמענקלעפּן. ווען ער איז אין דער פֿרי אויפֿגעשטאַנען, האָט ער די אויגן ניט געקאָנט עפֿענען. ער האָט פֿיל מאָל ניט געקאָנט זען וואָס עס טוט זיך אַרום אים. דאָך האָט מען אים געשיקט אין חדר. אַ סך האָבן געהאַט אַ שחין אויפֿן קאָפּ, אַנדערע האָבן שרעקלעך געהוסט — אָבער אין חדר זיינען זיי געגאַנגען. אַ סך פֿון די קינדער האָבן זיך טאַקי אָנגעשטעקט מיט קראַנקהייטן איינער פֿון צווייטן. אָבער ווער האָט עס געוואוסט? די שמוציקע בית הכסאות זיינען געווען דער בעסטער פּלאַץ צו פֿאַרשפּרייטן אָנשטעקנדיקע קראַנקהייטן. אין יענע יאָרן איז עס געווען אַ נאָרמאַלע זאַך. מ׳האָט פֿון קיין בעסערן לעבן ניט געוואוסט. פֿון אָט די חדרים זיינען אַרויסגעוואַקסן די גרעסטע און באַרימטסטע גאוני הדור, רבנים און אויך גרויסע סוחרים.

איך וויל דאָ ברענגען צוויי פֿאַלן פֿון אַזעלכע צוויי גרויסע און רייכע סוחרים. איינער איז געווען אַ זון פֿון דעם שמש פֿון דער זשיקי־ווער קלויז, איך געדענק ניט זיין נאָמען. איך געדענק אים נאָך אַלס אַ בחור זייער הויך געוואַקסן און האָט געקאָנט גוט לערנען. ווען ער איז געוואָרן אַ בן שמונה עשרה האָט מען אים פֿאַרקנסט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פֿון עפּעס אַ קליין שטעטל אָן קעסט. אין אַזאַ פֿאַל איז ביי אַזאַ יונגן מאַן געבליבן דער בעסטער אויסוועג — צו ווערן אַ מלמד אָדער זיצן ביים טאַטן און עסן דאָרט. אָט דער זון פֿון דעם זשי־קיווער שמש האָט געהאַט אַ געשעפֿטס־גייסט. ער האָט באַשלאָסן זיך צו נעמען און צושלאָגן זיך צו עפּעס אַ געשעפֿט. ער האָט געדונגען אַ קליין געוועלבל אַנטקעגן איבער דעם וואָליער מאַרק, וואו עס שטעלן זיך אָפּ די טיטשינער בעלי עגלות און האָט דאָרט פֿאַרקויפֿט פֿאַרשידענע מכשירים פֿאַר פֿערד און וועגענער, ווי לייצן, בייטשן, שטריק און אַלסדינג וואָס בעלי עגלות און פֿערד נויטיקן זיך. דער יונגערמאַן האָט טאַקי דאָרט באַגליקט. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט מען אים געהאַלטן פֿאַר אַן עושר.

אַ צווייטן פֿאַל געדענק איך, מיט אַ זון פֿון זלמן סופֿר, וואָס האָט יונג חתונה געהאַט אָן קעסט. אָבער אָנשטאָט צו ווערן אַ שמש אָדער אַ מלמד, האָט ער באַשלאָסן צו ווערן אַ סוחר. ער האָט געדונגען אַ געוועלבל אין אַ הויז ביים פֿיש פּלאַץ און האָט פֿאַרקויפֿט ציצת, לייבצידעקלעך, סידורים, מעשה ביכלעך און מזוזות. מיט אַ יאָר שפּעטער האָט ער אויך אַריינ־

געגומען שרייב־געצייג פאַר קאַנצעלאַריעס, שקאָלעס און פאַר דער היים. ער האָט געהאַט אַ ווייב, אַן אמתע אשת חיל, וואָס האָט געאַרבעט אין געשעפט טאָג און נאַכט. ער האָט זיך צוביסלעך אַריינגעדרייט אין די האָלסייל בוך און פּאַפּיר געשעפט. עטלעכע יאָר שפּעטער האָט ער איבער־געצויגן זיך אין אַ פיל גרעסערן לאָקאַל, וואו ער האָט געהאַט אַ ריזיק גרויסן לאַגער. דאָס געשעפט האָט געוואקסן פון טאָג צו טאָג און אַמקרויט איז געוואָרן אויך רייכער פון טאָג צו טאָג. ווען איך האָב ריישע פאַר־לאָזן איז ער שוין געווען אַ גביר אדיר.

# חדר יאָרן

איידער איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר בין איך געווען אַ קינד מיט באַשרענקטע פרייהייטן. איך געדענק זייער ווייניק פון די יאָרן. אָבער ווען איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר, האָב איך די קינדערשע פרייהייטן פאַרלוירן. איך האָב דאַמאָלט דערגרייכט דעם עלטער ווען מ׳האָט מיך אָנגעהויבן מחנך צו זיין אין מצוות.

דעם טאָג פון מיין דריי יאָריקן געבורטסטאָג, י״ז חשון תרנ״ג (1893) האָט מיר מיין מוטער אָנגעטאָן אַ לייבצידעקל מיט ציצת און אַ היטל אויפן קאָפּ. ביי אונדז אין דער היים איז דעם טאָג געווען אַ יום טוב. מיין פאָטער איז דעם טאָג ניט געגאַנגען אין דער קאַנצעליי. אין הויז איז געווען אַ שמחה, פּונקט ווי היינט דאָ ביי אַ בר מצוה. מיינע עלטערן האָבן מיך דעם פרימאָרגן צום ערשטן מאָל געפירט אין חדר. מיט עטלעכע טעג פריער האָבן זיי מיך אָנגעדונגען אין ראָזוואַדאָווער מלמדס חדר. זיין נאָמען איז געווען ר׳ איטשע. ער איז געווען באַוואוסט אין שטאָט אַלס דער בעסטער דרדקי מלמד, וואו עס האָבן געלערנט אַלע באַלעבאַטישע קינ־דער. אָט דעם טאָג האָט מען אויף מיר אַרויפגעצוואונגען דעם עול התורה והמצוות און אַזוי האָב איך טאַקי אָפּגעלעבט די נעקסטע 13 יאָר.

אַלס אַ דריי־יאָריקער יינגל בין איך פון חדר גאָר ניט נתפּעל גע־וואָרן. אַריינקומענדיק אין חדר איז אויף מיר געפאַלן אַ פּחד. איך האָב זיך פלוצים געפונען אין אַ גרויסער שטוב, אַרומגערינגלט מיט נידעריקע בענק, אויסגעזעצט מיט אַ סך קליינע קינדער. מיר האָט זיך דאַמאָלט אויסגעדאַכט אַז איך זע טויזנטער קינדער. אַ סך פון זיי האָבן געוויינט, געשריען געשלאָגן, דער טומל איז געווען שרעקלעך. איך דענק אָפּט,

אַז די נערוועזיטעט פון וועלכער איך לייד דעם גאַנצן לעבן, האָב איך באַקומען דעם ערשטן טאָג אין חדר.

ביים גרויסן טיש איז געזעסן דער רבי, האַלטנדיק אין האַנט אַ ווייסביינערן טייטל און געקנעלט מיט אַ יינגעלע „קמץ אלף״. ביי אַ צווייטן טיש איז געזעסן יאַנקל באַהעלפער, געקנעלט מיט אַ יינגעלע דאָס זעלבע. צוויי אַנדערע יונגע באַהעלפערס זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן די קינדער און געשריען הויך „שאַ־ט, שטיל!״, און האָבן אויך ניט געזשאַלעוועט קיין קללות. איך קוק זיך אַרום — מיינע עלטערן זיינען שוין פאַר־שוואונדן. אָט בין איך ערגעץ ווי אין אַ גיהנום. אַ שוידער איז איבער געגאַנגען מיין קליינעם גוף. עס קומט פלוצים צו דער באַהעלפער און פרעגט מיט אַ בייזן געשריי: „ווי הייסטו יינגעלע?״ איך האָב זיך פאַר שרעק צעוויינט, ציטערנדיק האָב איך ענדלעך געענטפערט: „כ׳הייס הער־שעלע״. „קום אַהער הערשעלע״, האָט אַ געשריי געטאָן דער גרויזאַמער באַהעלפער און מיך אַ שלעפּ געטאָן ווי אַ ווילדע חיה. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ פּלאַץ וואו עס איז געשטאַנען אַן אַלטע פאַרצייטיקע ־קאָך־קיך מיט אַ באַק־אויוון פון דער באָבע יאַכנעס צייטן און אַזוי געזאָגט צו מיר: „הער זיך צו הערשעלע, אויב דו וועסט זיין אַ שלעכט יינגל און וועסט ניט וועלן לערנען און ניט פאָלגן, וועט מען דיר מאַכן אַ פעקל דאָ אויפן אויוון, דו הערסט?״

ווען איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר מיין האַרץ שיר אויסגעגאַנגען. ווייל פון דעם „פעקל״ האָב איך שוין געהערט נאָך איידער איך בין גע־קומען אין חדר. אונדזער דינסט זלאַטע האָט מיר געגעבן לעקציעס וועגן אַ „פעקל״, ווען איך האָב ניט געפאָלגט, אָדער האָב באַגאַנגען אַ קינ־דערישן פאַרברעכן. האָט מען מיך געסטראַשעט אַז אָט ווער איך אַלט דריי יאָר, וועט מען מיר אין חדר באַצאָלן פאַר אַלע מיינע חטאים מיט אַ „פעקל״.

באַלד דעם ערשטן טאָג איז מיר פאַרגאַנגען דער אַפּעטיט צום חדר. עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפן. איך בין געגאַנגען אין חדר מיט צוואַנג. איך האָב קיין ברירה ניט געהאַט. טאָמער האָב איך זיך אַנטזאָגט צו גיין, האָט מען מיך פּשוט געשלעפּט. איך געדענק אַזאַ אינצידענט, ווען אונדזער דינסט זלאַטע, האָט מיך געטראָגן אויף די הענט אין חדר. איך האָב גע־וויינט, געקלאָגט, די קולות האָבן זיך געטראָגן איבערן טעפּער געסל.

ווי איך האָב פריער באַמערקט, איז דער חדר באַשטאַנען פון אַ גרויסער שטוב. דרויסן איז געווען אַ גרויסער פרייער הויף פאַר די קינדער צום שפּילן. דער הויף איז געווען זייער שמוציק. אינעם אונטערשטן

טייל פון הויף זיינען געשטאַנען עטלעכע בית הכסאות אָן טירן. אַזוי ווי מיר זיינען צום גרעסטן טייל געווען קינדער פון דריי יאָר, און ניט געקאָנט באַנוצן די בית הכסאות, האָבן מיר באַנוצט אַ גרויסן טייל פון שפּיל הויף פאַר דעם צוועק. דאָס האָט פאַרשפּרייט אַ שלעכטן ריח אין הויף און אויך אין חדר, איבערהויפּט אום זומער ווען די צוויי פענצטער זיינען געווען אָפן האָט זיך דער ריח אויסגעמישט מיט די מיליאָנען פליגן וואָס האָבן אַרומגעזשומעט אין חדר.

אין חדר ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ פעסל וואַסער, מיט אַ טעפל צוגעבונדן צום פעסל מיט אַ קייטל. פון אָט דעם איינעם טעפל האָבן אַלע קינדער געטרונקען וואַסער. די וואַסער איז אָפט געווען מונטנע, פול מיט אַ ברוינעם שמוציקן אָפּזאַץ. איידער דער באַהעלפער האָט די קינדער אַהיים געפירט פון חדר אין אָוונט, האָט ער יעדעס קינד אָפּגעוואַשן די הענט און פנים. ער האָט באַנוצט דאָס זעלבע וואַסער פון טעפל פאַר אַלע קינדער, און אויך דאָס זעלבע האַנדטוך.

אַרום צען אַזייגער פרי איז דער באַהעלפער אַרויס פון חדר און באַ־זוכט די היימען פון אַלע קינדער מיט אַן אָפענעם קויש און האָט געבראַכט אַ שטיקל ברויט מיט פוטער פאַר יעדן קינד. עס איז מערקווירדיק, ווי דער באַהעלפער האָט געדענקט און געוואוסט צו וועמען יעדע שטיקל ברויט געהערט. ער האָט קיינמאָל קיין טעות ניט געמאַכט. אָט דאָס שטיקל ברויט, אַרומגערינגלט מיט טויזנטער פליגן וואָס האָבן אַרום דעם ברויט אַרומגעזשומעט, האָט יעדער יינגל פאַרצערט מיט אַ גוטן אַפּעטיט און דערנאָך פאַרטרונקען מיט עטלעכע שליגג „מונטנע" וואַסער.

אין אָנפאַנג האָבן מיר געלערנט א"ב מיט נקודות. אין די דרדקי חדרים האָט מען געלערנט מיט יעדן יינגל באַזונדער אַ האַלבע שעה אין דער פרי און אַ האַלבע שעה נאָך מיטאָג. די איבעריקע צייט האָבן מיר אום זומער פאַרבראַכט אין דרויסן, אין הויף, אין פראָנט פון די שמוציקע בית הכסאות, וואו מיר האָבן זיך אַלע געשפּילט און אויך גוט אַרומגע־שלאָגן. מ'האָט דאַרט געהערט מער וויינען ווי לאַכן. אום ווינטער זיינען מיר געבליבן פאַרשטעקט אין דער חדר־שטוב דעם גאַנצן טאָג. דאָס איז געווען די ערקסטע צייט פון די יונגע חדר יאָרן.

זייט איך האָב אָנגעהויבן גיין אין חדר, איז יעדן פרימאָרגן געקומען צו אונדז דער באַהעלפער. ער האָט מיר אָנגעטאָן די מלבושים, געוואַשן מיינע הענט און פנים און מיט מיר געזאָגט ברכה. ער איז שפּעטער אַוועק און באַזוכט אַנדערע קינדער. אַרום ניין אַזייגער פרי איז ער צוריק גע־

קומען מיך צו פירן אין חדר. דרויסן האָבן שוין געוואַרט עטלעכע ייִנגלעך וואָס ער האָט געהאַט מיט זיך.

איך האָב זיך צו ביסלעך צוגעוואוינט צום חדר. די אָנגענעמסטע טעג האָבן מיר געהאַט אום ל״ג בעומר, ווייל אין דעם טאָג האָט יעדער ייִנגל באַקומען אַ קליין האָלצערן ביקסל אָדער אַ פּיסטל, וואָס דער באַ־העלפער האָט פאַר אונז באַזאָרגט און דערפאַר באַקומען געצאָלט. מיר האָבן דעם טאָג ניט געלערנט. פון דער היים האָט יעדער ייִנגל מיט זיך געבראַכט איינגעבונדן אין אַ נאָז־טיכל אָדער פּאַפּיר זעקל אַ האַרטע איי, אַ שטיקל פּוטער־ברויט און עטלעכע גראַצער. די באַהעלפער האָבן די קינדער געפירט אין פעלד אַריין עס איז געווען וואַרעם דרויסן. מיר ייִנגלעך האָבן מאַרשירט, באַוואָפנט מיט אונדזערע ל״ג־בעומרדיקע כלי זיין, מיר האָבן געשאָסן און געטומלט, ביז מיר זיינען געקומען צו אַ קרעטשמע, אַביסל אויסער דער שטאָט. דאָרט האָבן מיר זיך אַלע אויסגעזעצט אויפן גראָז. דער באַהעלפער האָט פון יעדן איינקאַסירט די גראַצער וואָס יעדער ייִנגל האָט מיט זיך געבראַכט, מיט דעם געלט האָט מען געקויפט גאָמולקעס מיט מילך, פריש פון די קי. איז עס טאַקי פאַר אונדז יונגוואַרג געווען אַ גרויסער טאָג. אויך פּסח איז פאַר אונדז ייִנגלעך געווען אַן אינטערעסאַנטער יום טוב, צוליב דעם וואָס מיר האָבן צוגעלקחנט דעם אפיקומן ביים סדר־טיש און דערפאַר איינקאַסירט עטלעכע גראַצער נאָך יום טוב. פּורים איז אויך געווען אַ פריילעכער יום טוב פאַר אונדז. די באַהעלפערס האָבן אונדז געבראַכט גראַגערס, וועלכע מיר האָבן באַנוצט צו מאַכן אַ טומל אין קלויז ביים לייענען די מגילה. יעדעס מאָל ווען דער בעל קורא האָט אַרויסגעזאָגט „המן” האָבן מיר ייִנגלעך אָנגעהויבן טומלען מיט די גראַגערס, וואָס האָט אונדז פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט.

אויך דאָס גיין קריאת שמע לייענען צו אַ יולדת, וואָס האָט געבראַכט אַ ייִנגעלע אויף דער וועלט, איז פאַר אונדז ייִנגלעך געווען אַ גרויסע זאַך. דער אויבער־באַהעלפער האָט אויסגעקליבן אַ גרופּע קינדער וואָס האָבן געוואוינט אין דער געגנט, וואו עס האָט געוואוינט די קינפּעטאָרין און מיט זיי געגאַנגען אַהינצו אין אָוונט. מ׳האָט אונדז אַריינגעפירט אין דער שטוב וואו די יולדת איז געלעגן אין בעט און טאַקי ביים בעט האָט דער באַהעלפער אָנגעהויבן אויפן הויכן קול „אל מלך נאמן, שמע ישראל...”. מיר דריי־יאָריקע ייִנגלעך האָבן אונטערגעפּאָנפּעט די ווערטער וואָס דער באַהעלפער האָט געשריען. באַלד נאָך קריאת שמע לייענן האָט מען אונדז ייִנגלעך אויסגעטיילט זיסקייטן, אָפּט ראָזשינקעס מיט מאַנדלען אָבער

דעם לעצטן טאָג האָבן מיר באַקומען בייגעלעך. דאָס איז געווען אַ זיסער געבעק אין דער פאָרמע פון אַ קליינעם פרעצל. ביי אונדז, דריי־יאָריקע יינגלעך איז דאָס געווען אַ גרויסער געווינס.

אום שמחת תורה איז אויך פאַר אונדז קליינע יינגלעך געווען אַ לוסטיקער יום טוב, ווייל שמחת תורה אָוונט, פאַר די הקפות, האָט דער באַהעלפער געבראַכט יעדעס יינגל פון זיין היים, יעדער איינער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פּאַפּירענעם פאָן, אויפן שפּיץ פון פאָן־שטעקן האָט מען אַרויפגעשטעקט אַ גרויסן עפּל, אין מיטן עפּל איז געווען אַריינ־געשטעקט אַ קליין קאָלירט ליכטל. דער באַהעלפער האָט אונדז אַלעמען געפירט צום שטאָט־שול, מיר האָבן אָנגעצונדן די ליכטלעך אויף די פאָנען און אַריינמאַרשירט אין שול צו צוויי אין אַ רייע. אין שול האָבן מיר אַלע געשריען: „ווי ווייט, דער קייזער זאָל לעבן!".

## אייזיק וואַסערס חדר

אינעם ראָזדיוועך דרדקי חדר האָב איך געלערנט צוויי יאָר. איך האָב שוין געקאָנט זאָגן גוט עברי און אויך אַביסל לערנען חומש. ווען איך בין אַלט געווען פינף יאָר, האָט מיך דער פאָטער אַריינגעגעבן אין דעם העכערן קלאַס חדר פון אייזיק וואסער. דאָרט האָב איך אָנגעהויבן לערנען רש"י און גמרא. פון שיקן מיך אין אַ שטאַטישע שקאָלע, האָט מיין פאָטער ניט געדענקט, כאָטש ער איז געווען ווייט פון פאַנאַטיזם, האָט ער אָבער דאָך געמוזט מיטגיין מיטן שטראָם. טאָמער וואָלט ער מיך יאָ געשיקט אין אַ שקאָלע, ווי אַזוי וואָלט ער געקאָנט ווייזן זיין פנים אין קלויז.

עס זיינען געווען אַ סך אורזאַכן, וואָס האָבן ניט דערלויבט צו שיקן יידיש־אָרטאָדאָקסישע קינדער אין שטאַטישע שקאָלעס. די הויפּט אורזאַך איז געווען ווייל די שקאָלעס זיינען געווען צונויפגעקניפּט מיט דער קאַטוילישער קירך, כאָטש מ'האָט די יידישע קינדער באַפרייט פון דער קאַטוילישער רעליגיעזער שעה, ווייל זיי האָבן געהאַט זייער אייגענעם יידישן רעליגיאָנס לערער איז אָבער די אַטמאָספערע געווען אַ קאַטוילישע. אויפן וואַנט פון יעדן קלאַס־צימער איז געהאַנגען אַ גרויסער צלם, אויך זיינען אַלע יינגלעך אין קלאַס־צימער געזעסן אין בלויזן קאָפּ. ווי אַזוי האָט אַ פרומער אָרטאָדאָקסישער ייד געקאָנט דערלויבן זיין זון זאָל

זיצן בגלוי ראש אין אַ שטוב וואו עס איז פאַראַן אַ צלם? אויך וואָלט די שקאָלע געהינדערט דעם ייִנגל צו לערנען יידישע למודים, ווייל ער וואָלט פשוט קיין צייט ניט געהאַט פאַר דעם. עס איז אויך דאַמאָלט ניט געווען קיין געזעץ אַז יעדעס קינד מוז גיין אין שקאָלע, האָבן טאַקי די אָרטאָדאָקסישע יידן באָיקאָטירט די שטאַטישע שקאָלעס. דער גרעסטער טייל פון די פרומע חסידישע קינדער זיינען צוליב דעם דערצויגן געוואָרן אָן וועלכע וועלטלעכע בילדונג.

מיין פאָטער און נאָך עטלעכע באַלעבאַטים וואָס האָבן גראַד יאָ גע־האַט אַביסל בילדונג אין פויליש און אין דייטש, האָבן געהאַט פּריוואַט לערערס צו זייערע קינדער, וואו זיי האָבן גענומען לעקציעס אין די אויבּיקע שפּראַכן. דאַקעגן זיינען מיינע שוועסטער צילע און מאַליע יאָ געגאַנגען אין שקאָלעס. מיט יאָרן שפּעטער, האָט אונדזער שוועסטער צילע אויסגעפירט אַז מ׳זאָל אויך די ייִנגלעך שיקן אין שקאָלע. אין מיינע יונגע יאָרן איז צו אונדז אין הויז אַריינגעקומען אַ שיינע יונגע מיידל, איר נאָמען איז געווען מירל פאַפּיער, זי איז געווען אַ פּריוואַט לערערין און האָט געהאָלפן די שוועסטער מיינע מיט זייערע שקאָלע לעקציעס, — האָב איך אויך ביי איר אָנגעהויבן לערנען שרייבן פויליש און דייטש.

ביי אייזיק וואַסער אין חדר האָבן געלערנט עטלעכע און צוואַנציק ייִנגלעך. פונם בעסערן באַלעבאַטישן קלאַס. די גאַנצע וואוינונג איז געווען פון איין שטיבל, אין אַן אַלטע הילצערנע הייזל, מיט אַ נידעריקן באַלקן. דאָס הייזל איז געווען אין דעם מלמדים געסל, אויפן וועג צום הייוול. אָט דאָס איין שטיבל האָט געדינט פאַר אַ קיך, אויך אַלס אַן עס־ זיץ־ און שלאָף־שטוב און אין דער זעלבער שטוב איז אויך געווען דער חדר. די מעבל איז באַשטאַנען פון צוויי בעטן, צוויי שאַפעס, אַ באַנק בעטל, צוויי גרויסע לאַנגע טישן מיט בענק פון ביידע זייטן. ביי די צוויי טישן האָט מען געציכטעט די עטלעכע און צוואַנציק צאַן קדשים. ביי איין טיש האָט געקנעלט דער רבי, אייזיק וואַסער, מיט איין כיתה, ביים צווייטן טיש האָט געקנעלט מיט דער צווייטער כיתה ייִנגלעך יאָסל באַהעלפער. ביידע זיינען זיי געווען באַוואָפנט מיט די באַוואוסטע חדרשע כלי זיין אין דער פאָרמע פון אַ ים־שטעקל און אַ קאַנטשיק, מיט וועלכע זיי פלעגן אָפט דערלאַנגען גוטע שמיץ אַז עס האָט אָנגעכאַפּט ביי דער זיבעטער ריפּ; זיי האָבן זייער אָפט געקנאַקט מיטן קאַנטשיק אפילו ווען דער ייִנגל האָט עס ניט פאַרדינט. ניט איינמאָל האָב איך באַקומען אַ זעץ מיטן

קאַנטשיק פון יאָסל באַהעלפער ווען איך האָב געלערנט ביי זיין טיש. איך האָב אים אויך דערפאַר ניט געבענטשט.

די שווערסטע צייט איז פאַר אונדז ייִנגלעך געווען די וואָך פון פאַרהערן. עס איז דאַמאָלט געווען אַ מנהג, אַז יעדן שבת האָט דער רבי באַזוכט די היימען פון צוויי אָדער דריי תלמידים און זיי פאַרהערט ביים טיש וואו עס זיינען געזעסן דער פאָטער און מוטער. דער פאַרהער איז פאָרגעקומען באַלד נאָכן דאַוונען, ווען מ׳האָט זיך געזעצט צו דער שבת סעודה. עס איז דאַמאָלט אַריינגעקומען דער מלמד טראָגנדיק אַ גמרא אונטער דער זיידענער בעקעשע, דער פאָטער האָט אים מכבד געווען מיט קידוש און אַ שטיקל פיש נאָכדעם האָט מען מיך פאַרהערט.

דער מלמד האָט יעדע וואָך אויסגעקליבן דריי ייִנגלעך פאַרן שבת־פאַרהער. ווי און ווינד איז געווען אַזאַ ייִנגל אין דער וואָך פון זיין פאַרהער. מהאָט מיט אים געקנעלט מיטן קאַנטשיק מער ווי מיטן חומש אָדער גמרא. ווען עס איז געקומען די פאַרהער־וואָך, איז אויפן ייִנגל געפאַלן אַ פחד. מיטן קאַנטשיק האָט מען אים שוין אויסגעלערנט ער זאָל קאָנען דאָס וואָס מ׳האָט אין אים אַריינגעגאַרט.

יאָסל באַהעלפער האָט זיך באַנוצט מיט אַ קאַנטשיק, אָבער דער רבי, אייזיק וואַסער, האָט געהאַט אַ ים־שטעקל פאַר דעם צוועק. אויב אַ ייִנגל האָט זיך עפּעס שטאַרק פאַרזינדיקט האָט דער מלמד געהאַט אַ ספּעציעלע שטראָף. מ׳האָט אַזאַ ייִנגל אויסגעצויגן אויף אַ באַנק, מ׳האָט פון אים אַרונטערגעשלעפּט די תחתונים, יאָסל באַהעלפער האָט דעם ייִנגל געהאַלטן ביי די צוויי פיס און דער רבי האָט דעם ייִנגל דערלאַנגט עטלעכע גוטע שמיץ איבערן נאַקעטן לייב, אַז דער ייִנגל האָט זיך אָפט פאַרקייכט. מיר ייִנגלעך, וואָס האָבן צוגעקוקט, האָט עס אָנגעמאַכט אַ שרעק. איך געדענק ווען איך האָב זיך אַמאָל פאַרזינדיקט אין דער היים, האָט מען געלאָזט וויסן דעם רבין אייזיק ער זאָל מיך דערפאַר באַ־שטראָפן, איך האָב טאַקי דעמאָלט באַקומען די שמיץ אויפן נאַקעטן לייב. איך פיל עס נאָך ביזן היינטיקן טאָג... מיט אַזעלכע שטראָף מיטלען האָבן זיך די מלמדים דאַמאָלט באַנוצט.

ביי אייזיק וואַסער אין חדר איז אויך געווען אַ הויף וואָס איז געווען דער שמוציקסטער טייל פון מלמדים געסל. דער גרעסטער טייל פון הויף איז באַנוצט געוואָרן פון די ייִנגלעך צו טאָן זייער „רעכטס״, ווען זיי האָבן זיך גענויטיקט. דער הויף האָט זיך געגרענעצט מיט אַ הויף פון אַן אַנדער חדר. עס איז דאָך געווען דער מלמדים געסל. האָט זיך טאַקי דער שלעכטער ריח געפילט אין יעדן ווינקל פון גאַס און אויך

אין די חדרים. בײַ אײַזיק וואַסער איז אויך געווען אַן אונטערבעלפער, וואָס האָט געאַרבעט אַרום די תלמידים. ער האָט געבראַכט אַ שטיקל פּוטער־ברויט, אָדער אַן אַנדערן מאכל פֿאַר יעדן ייִנגל פֿון דער היים וואָס מיר האָבן געגעסן אַרום דרײַ אַזייגער נאָך מיטאָג. די ייִנגלעך, וואָס האָבן געהאַט אַ גראַצער אין קעשענע, האָבן זיך דערלויבט אַ לוקסוס־נאַשערײַ. זײ האָבן געקויפֿט אַ פּיערשקעלע מיט יאַגדעס פֿון דעם ווײַבל וואָס האָט עס אַרומגעטראָגן אין אַ קויש צו פֿאַרקויפֿן אין די חדרים.

## משה אריהס

בײַ אײַזיק וואַסער האָב איך געלערנט צוויי יאָר. איך האָב שוין גע־לערנט גמרא און האָב זיך שוין צוגעפּאַסט פֿאַר העכערע למודים. ווען איך בין אַלט געוואָרן זיבן יאָר, האָט מײַן פֿאָטער באַשלאָסן מיך צו געבן צו אַ העכערן מלמדס חדר. אין רײַשע איז דאַמאָלט געווען אַ יונגער מאַן דער זון פֿון אריה מלמד, וואָס האָט מיט אַ יאָר־צוויי פֿריִער חתונה געהאַט ערגעץ אין פּריסטיק און געגעסן דאָרט קעסט. ווען די קעסט צײַט האָט זיך געענדיקט איז ער מיט זײַן ווײַב און אַ קליין קינד, געקומען צוריק קיין רײַשע. זײַן נאָמען איז געווען משה פֿרידמאַן, אָבער גערופֿן האָט מען אים משה אריהס. זײַן פֿאָטער אריה איז געווען איינער פֿון די מלמדים אין דער תלמוד תורה. האָט זײַן זון אויך אויסגעקליבן מלמדת פֿאַר אַ פּרנסה־קוואַל. ער האָט טאַקע באַזוכט די בעלעבאַטים פֿון שטאָט און געבעטן זיי זאָלן אַרײַנגעבן זייערע קינדער צו אים פֿאַרן נעקסטן זמן. ער האָט אויך גערעדט מיט מײַן פֿאָטער. אַזוי אַרום האָט ער גע־עפֿנט זײַן חדר און איז געוואָרן אַ מלמד.

צו עפֿענען אַ חדר האָט זיך ניט געפֿאָדערט קיין ספּעציעלע הכנות. דער מלמד האָט באַנוצט פֿאַרן חדר די שטוב וואו ער האָט געוואוינט מיט זײַן בני בית. געוואוינט האָט משה אריהס בײַ דער באָדנערקי, בײַם עק פֿון בערגל, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן טעפּער־געסל און אויך מלמדים געסל, אויפֿן ערשטן שטאָק. דאָס איז געווען אַ גרויסע הויז מיט אַ לאַנגן גאַניק וואָס האָט זיך געצויגן איבער דער לענג פֿון הויז אויפֿן ערשטן שטאָק. אין זעלבן הויז זײַנען געווען נאָך צוויי חדרים, איינער — משה לאַנציטער (משה קישקע האָט מען אים גערופֿן, ווײַל ער האָט געהאַט אַ גראָבן בויך). ער האָט געהאַט זײַן חדר אונטן אין פֿראָנט

ביים אַריינגאַנג אין הויז. דער צווייטער חדר איז געווען אויפן שטאָק, לעבן די בית הכסאות וואו עס האָט געוואוינט מענדל פויגל. זיין חדר האָט מען גערופן שולע, ער איז געווען פון די אויפגעקלערטע. אים האָט מען גערופן „לערער״, ניט מלמד. ביי אים האָבן געלערנט יינגלעך אָן פאות, פון אויפגעקלערטן קלאַס.

איך בין געווען צווישן די ערשטע תלמידים ביי משה אריהס ווען ער האָט געעפנט זיין חדר צום ערשטן מאָל. דאָרט האָבן מיר געלערנט חוץ חומש און גמרא אויך נביאים וכתובים, די טעמים פון דער סדרה און הפטורה און אויך שרייבן א״ב. אין דעם חדר איז קיין באַהעלפער ניט געווען. דער רבי אַליין האָט געקנעלט מיט די יינגלעך. ער איז געווען שיין, הויך געוואָקסן, נאָך גאָר אַ יונגערמאַן. ער איז געווען אַ זייער שטרענגער און האַרטער מאַן. אויך ער האָט זיך באַנוצט מיט אַ קאַנטשיק און דערלאַנגט גוטע קלעפּ.

אויך משה אריהס חדר איז באַשטאַנען פון איין שטוב. דאָס איז געווען די גאַנצע וואוינונג. אין דער דאָזיקער שטוב, ווי אין אַלע חדרים, האָט מען געוואוינט, געקאָכט, געגעסן, געשלאָפן, געבוירן קינדער און געלערנט ביי אַ טיש מיט צוועלף אָדער דרייצן יינגלעך. משה אריהס איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר 23. די צייט וואָס איך האָב ביי אים געלערנט איז די רביצין געלעגן געוואָרן און געבוירן אַ מיידעלע; רחמה האָט מען איר אַ נאָמען געגעבן.

ווען די רביצין האָט געפילט חבלי לידה, האָט דער רבי צעיאָגט די חדר תלמידים, אונדז געשיקט אַהיים. פאַר אונדז יונגע חברה איז עס געווען אַ יום טוב. מיר האָבן די רביצין געבענטשט און געוואונטשן הלואי יעדע וואָך געזאָגט געוואָרן. מיר זיינען געווען פריי פאַר צוויי טאָג צו פאַרפירן און אַרומלויפן אין דרויסן. וואָס דען האָבן מיר געקאָנט טאָן אין די יאָרן? אַטלעטישע איבונגען אָדער ספּאָרט־שפּילערייען איז ביי אָרטאָדאָקסישע יידן געווען פאַרבאָטן. דאָס האָט געהערט צום געזעץ „ובחקותהם לא תלכו״, אַפילו שפּילן מיט אַ באַלים (באָל) אָדער, ווער רעדט נאָך פון שפּילן אין קיטשקע, איז דאָך געווען אַ פאַרברעכן. אַזאַ יינגל וואָלט זיך גיכער באַגראָבן איידער צו הערן ווי מ׳רופט אים „קיטשקי שפּילער״. דער פאַרבאָט איז אויך געווען גילטיק אויף פיזישע איבונגען. אָט פון די אַלע ספּאָרטס האָבן מיר, יינגלעך פון פרומע יידישע עלטערן, ניט געוואוסט.

עס האָט אָבער געטראָפן אַז מיר האָבן ניט געקאָנט גובר זיין דעם יצר הרע, האָבן מיר זיך, דריי אָדער פיר יינגלעך, אין אַ פרייען טאָג,

אַרויסגעשאַרט פון דער היים און בשתיקה זיך געלאָזט לויפן אין הייוועל אַריין אַביסל אַרויס פון דער שטאָט. דאָרט האָבן מיר געשפּילט אין קיטשקע. אָט דער ספּאָרט האָט אונדז זייער פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט, ביז מ׳האָט אונדז געכאַפּט ביי דער „מעשה״. עפּעס אַ יידן האָט זיך פאַרגלוסט נאָכצוטאַנצן אונדזער זיידן יצחק, וואָס איז יעדן טאָג גע־גאַנגען לשוח בשדה, האָט ער אונדז דערזען. מיר האָבן בליץ־שנעל געמאַכט פליטה. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. דער ייד האָט עס דערציילט אין קלויז, אַזוי אַז אַלע האָבן זיך דערוואוסט אַז איך און די אַנדערע דריי יינגלעך האָבן געשפּילט קיטשקע אין פעלד. עס האָט מיר שוין קיין צרות ניט געפעלט אין חדר און אויך אין דער היים. פאַר עטלעכע חדשים צייט האָט מען אונדז גערופן און געשטאָכן מיטן נאָמען „קיטשקע שפּילער״.

ווען מיר זיינען געקומען לערנען אין חדר דעם צווייטן טאָג, איז דער פּלאַץ פון בעט, וואו די רביצין איז געלעגן, געווען פאַרהאַנגען מיט אַ ווייסן ליילעך. אַזוי, אַז קיינער פון תלמידים האָט די רביצין ניט געקאָנט זען. מיר האָבן ווייטער יעדן טאָג געלערנט גראָד ווי עס וואָלט גאָר ניט געשען. אַרום דער רביצין האָט זיך אַרומגעפּאָרעט סאשע די הייוון. דער רבי משה אריהס כאָטש ער איז געווען פריילעך פון דעם ניי געבוירענעם קינד און דערפאַר וואָס די רביצין איז גרינג איבער־געקומען, האָט דאָך זיין שטעלונג צו די תלמידים ניט געענדערט. ער האָט דעם פּאַסקודנעם קאַטשיק קיין מינוט ניט געלאָזט ליגן. ער האָט אויך געהאַט אַ טבע, נאָכדעם ווען ער האָט אַ יינגל דערלאַנגט עטלעכע קלעפּ, האָט ער אַ סעקונדע געקוקט אויפן קאַנטשוק, ווי ער וואָלט וועלן זאָגן „כי לכך נצרתה״.

אין חדר ביי משה אריהס האָבן מיר געלערנט דעם גאַנצן טאָג, זומער ביז זיבן אַזייגער אָוונט און ווינטער ביז אַכט אין דער נאַכט. ביי אייזיק וואסער האָט מען אום ווינטער ניט געלערנט ביינאַכט. מיר זיינען געווען נאָך קליינע יונגע יינגלעך. ביי משה אריהס זיינען מיר שוין געווען זיבן־אַכט יאָריקע יינגלעך. מיר האָבן אָנגעהויבן „גיין ביי־נאַכט״ אום ווינטער. אין חדר פלעגן מיר קומען האַלב נאָך אַכט פרי. פּונקט ניין אַ זייגער, האָבן מיר אָנגעהויבן לערנען. טאָמער איז איינער פון די יינגלעך געקומען שפּעט, האָט ער זיך געדאַרפט פאַרענטפערן מיט אַ גוטן און אויך אמתן אויסרייד פאַר זיין פאַרשפּעטיקונג. טאָמער האָט ער קיין אויסרייד ניט געהאַט, איז ער געווען אויף גרויסע צרות.

דער קאַנטשיק האָט אים געגעבן „רבי געלט“ אַזוי אַז ער האָט עס קיינמאָל מער ניט געטאָן.

פון ניין ביז איינס אַזייגער בייטאָג האָבן מיר געלערנט גמרא מיט רש״י. מיר זיינען דאַן געגאַנגען אַהיים עסן מיטאָג. דריי אַזייגער נאָכ־מיטאָג זיינען מיר שוין ווידער געזעסן אַרום טיש. מיר האָבן ביים לערנען מער געקוקט אויף דעם קאַנטשיק, וואָס איז געלעגן אין מיטן טיש ווי אין חומש. קוקנדיק אויף דעם פאַרהאַסטן רבישן כלי זיין, האָבן מיר געבעטן עס זאָל געשען אַ נס דער קאַנטשיק זאָל איינגעזונקען ווערן ווי קרח. אונדזער וואונטש איז, צום באַדויערן, ניט מקוים געוואָרן.

אום זומער האָבן מיר געלערנט פון דריי נאָכמיטאָג ביז זיבן אָוונט. אום ווינטער אָבער ,האָבן מיר געלערנט ביז אַכט אַזייגער ביינאַכט. מיר האָבן זיך בלויז אָפּגערוט אַ האַלבע שעה ביי מנחה־מעריב. דאַמאָלט האָבן מיר איבערגעביסן דאָס וואָס יעדער האָט מיט זיך געבראַכט פון דער היים. נאָכמיטאָג האָבן מיר געלערנט חומש, רש״י און נביאים, אויך שרייבן יידיש. די שווערסטע צייטן זיינען פאַר אונדז יינגלעך געווען די וואָכן פון פרשת ויחי, משפטים און בלק. דאָס זיינען געווען פאַר אונדז די שווערסטע סדרות, וואָס דער רבי אַליין האָט אויך קיין האָניק ניט געלעקט פון זיי. ער האָט געגאָרעט מיט אונדז ביז עס איז אונדז אַריין אין קאָפּ, געטאָן האָט ער עס מיט דער הילף פון דעם קאַנטשיק, וואָס האָט ביי די אויבן דערמאָנטע סדרות געאַרבעט „אָווערטאַים“. צו דער סדרה ויחי, האָט דער רבי געהאַט אַ ספּעציעלע מעלאָדיע, ווען ער האָט געלערנט דעם „ואני! בבואי מפדן“ און ווי יעקב בענטשט זיינע זין און אייניקלעך איידער ער פאַרלאָזט די וועלט. יעדן זון בענטשט ער מיט אַן אַנדערע ברכה. מיר תלמידים האָבן געדאַנקט גאָט, אַז די וואָך איז שוין פאַראיבער. דאָס זעלבע איז געווען מיט דער סדרה משפטים און אויך מיט דער זומערדיקער סדרה בלק.

אום זומער איז דאָס גיין אין חדר געווען אנגענעם. די טעג זיינען געווען גרויס, דרויסן איז געווען שיין און וואַרעם. ווען מיר זיינען גע־קומען אַהיים פון חדר נאָך זיבן פאַרנאַכט, האָבן מיר נאָך געהאַט גוטע דריי שעה ליכט, צו פאַרברענגען דרויסן אויף דער לופט. אום ווינטער אָבער, אין די גרויסע שנייען און קעלטן, האָבן מיר קיין האָניק ניט געלעקט. די געגנט פון מלמדים געסל איז געווען זייער טונקל, די באַ־לייכטונג אין געסל איז באַשטאַנען פון עטלעכע נאַפט־לאָמפּן, אַז מ׳האָט קוים געזען וואו צו גיין. מ׳האָט אָפט געקאָנט ערגעץ פאַרקריכן און ניט וויסן אויף וועלכער וועלט מען איז איבערהויפּט, אין אַ שנייאיקע

נאַכט, ווען עס איז געווען אַ זאַווערוכע, האָבן מיר ײנגלעך, זיך באַוואָרנט מיט לאַמטערן. דאָס איז געווען אַ פּיר־עקיקע בלעכענע זאַך, מיט פּיר גלעזערנע שײבלעך אַרום. אינעווייניק האָט געברענט אַ ליכט. דאָס האָט געדינט אַלס אַ וועג־ווייזער פאַר די אַהיימגייענדיקע חדר־ײנגלעך.

אין די ווינטער נעכט פלעגן מיר אָפט באַגעגענען שקצים, פאַרשטעלטע קאַלענדיס וואָס זײנען אַרומגעגאַנגען אין די גוישע הייזער. פלעגן מיר זיך אָפט זײער שרעקן פאַר זיי. אַהיים געקומען זײנען מיר שוין אַרום נײן דעם זייגער. מיר האָבן געגעסן וועטשערע. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן באַדאַרפט באַלד גיין שלאָפן, האָבן מיר ײנגלעך אַפילו קיין צייט ניט געהאַט זיך צו שפּילן אָדער פרײ צו פאַרברענגען, סיידן ווען עס איז געקומען חנוכה. דאַמאָלט זײנען מיר די גאַנצע אַכט טעג ניט געגאַנגען „בײנאַכט" אין חדר. מיר האָבן בלויז געלערנט אָדער בלויז געווען אין חדר ביז מנחה צייט. אַזוי ווי די טעג זײנען דאַמאָלט געווען די קלענסטע, זײנען מיר שוין אַרום דרײ אַזייגער נאָך מיטאָג אַרויס פון חדר. אום חנוכה האָבן מיר זײער ווייניק געלערנט. מיר האָבן קיין גמרא ניט געעפנט, בלויז חומש האָט מען געלערנט אין דער פרי. נאָכמיטאָג האָבן מיר אין חדר געשפּילט אין דאָמינאָס, קאָרטן אָדער לאָטערי. מיר האָבן געשפּילט וואו עס איז געווען אַ פרײער ווינקל. אָפט האָט דער רבי מיט אונדז געשפּילט בײם לערן־טיש, אין קוויטלעך. געשפּילט האָבן מיר אין קופּקעס וואו יעדער ײנגל האָט געשטעלט אַ האַלבן אָדער אַ גאַנצן גראַצער אויף אַ קופּקע. דער רבי האָט רעפּרעזענטירט דעם „באַנקיר" וואָס איז אַלע מאָל געווען דער געווינער. מיר האָבן אויך פיל געשפּילט אין דרײדל. די אַלע שפּילערייען זײנען געווען דערלויבט אום חנוכה, אַפילו בײ די חסידים. די „קוויטלעך" איז געווען אַ ספּעציעלער קאָרטן פּראָדוקט פאַר די אָרטאָדאָקסישע ײדן. אָט די קוויטלעך־קאָרטן האָבן ניט געהאַט קײן בילדער פון מענער און פרויען ווי די געוויינלעכע קאָרטן. אָנשטאָט בילדער האָבן די קוויטלעך געהאַט נומערן און קאָלירן פון רויט, גרין, שעל און אײכל.

פאַר אונדז ײנגלעך איז חנוכה געווען אַ גרויסער יום טוב, צוליב די פרײע אָוונטן און חנוכה־געלט וואָס מיר האָבן באַקומען פון אונדזערע עלטערן און פאַמיליע. מיר האָבן זיך אויך באַלעקט פון די ספּעציעלע שמאַלציקע קנישעס און אַנדערע ציבעלע און קנאָבל מאכלים וואָס מ'האָט בײ אונדז אין דער היים געבאַקן און געבראָטן פאַר דעם חנוכה יום טוב. די הויפּט זאַך אָבער איז געווען דאָס צינדן פון די חנוכה ליכט. אַזוי שנעל ווי דער פאָטער איז געקומען אַהיים פון דאַווענען מנחה מעריב, האָט

שוין די מוטער געהאַט צוגעגרייט די שיינע גרויסע זילבערנע מנורה, וואָס אונדזער פאָטער האָט ספּעציעל געקויפט פאַר חנוכה־ליכט בענטשן. אין יעדן פון די אַכט רערן איז געווען אַ קליינע גלעזל, אָנגעפילט האַלב מיט וואַסער און האַלב מיט שמן זית. די וואַסער איז געבליבן אונטן, די בוימל פון אויבן. די קנייטלעך האָט זי געמאַכט פון וואַטע, און אַריינ־געלייגט אין יעדן גלעזל אַ קנייטל. אין מיטן צווישן די אַכט רערן פון דער מנורה, איז געווען אַ זילבער רערל פאַר דעם שמש־ליכטל. די מנורה האָט מען געשטעלט ביים פענצטער צו מזרח.

נאָך די הכנות איז דער פאָטער צוגעגאַנגען צו דער מנורה און מיט דעם ברענענדיקן שמש־ליכטל אין דער רעכטער האַנט, האָט ער מיט פאַרגלייזטע אויגן און ערנסטקייט געזאָגט די חנוכה ברכות. ער האָט אָנגעצונדן די קנייטלעך, צוזינגענדיק הנרות הללו און אויך מעוז צור. מיר קינדער האָבן מיטגעזונגען, אין הויז איז געווען פריילעך, די שטראַלן פון די חנוכה ליכטלעך האָבן ווי אַריינגעדרונגען אין האַרצן פון אַלע וואָס זיינען געווען אין הויז. די אַטמאָספערע איז געווען אַ וואַרעמע, שכנישע קינדער זיינען אָפט אַריינגעקומען. מיר האָבן געשפּילט אין דריידל און אַנדערע שפּילערייען. יאָ, פאַר מיר זיינען די חנוכה טעג געווען די שענסטע פון מיינע יונגע חדר־יאָרן. די הויפּט זאַך, איך האָב ניט געדאַרפט זיצן אין חדר איבער די נעכט און ניט געדאַרפט אָנקוקן דעם פאַסקודנעם קאַנטשיק וואָס האָט מיר טאָג און נאַכט געלעכערט די אויגן ווען איך בין געזעסן חדר ביים לערן־טיש.

עס איז געווען אַ מנהג אין ריישע צו צינדן חנוכה ליכט אין אַלע בתי תפלות באַלד נאָך מעריב. דאָרט איז עס אָבער ניט צוגעגאַנגען שטיל און ערנסט ווי אין דער היים. געצונדן די חנוכה־ליכט האָט גע־וויינטלעך דער שמש, אָבער אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך דערנענטערט מיטן ברענענדיקן שמש־ליכטל צום חנוכה־לאָמפּ וואָס איז געשטאַנען ביים פענצטער, האָבן די פאַרזאַמלטע, איבערהויפּט דאָס יונגוואַרג, אָנגעהויבן טומלען, קלאַפּן און שרייען „ער גייט... ער גייט... ער גייט...” און אַזוי שנעל ווי ער האָט אָנגעהויבן זאָגן די ברכה, זיינען פון אַלע זייטן געפלויגן האַנדטיכער און גלאַט אַזוי שמאַטעס. אָפט האָבן די קליינע חברה געבראַכט פון דרויסן צוזאַמענגעדריקטע שטיקער שניי און עס געוואָרפן אין דער ריכטונג פון שמש, נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט די ברכה איז שוין זיין קאָפּ געווען באַדעקט מיט שמאַטעס וואָס האָבן אויך אויסגעלאָשן דאָס שמש־ליכטל. דער עולם האָט געלאַכט און גע־קוואָלן, אַפילו די ערנסטע חסידישע יידן האָבן גלייכגילטיק צוגעקוקט

זיך צו דער חנוכה דעמאָנסטראַציע און אַפילו ניט געמאַכט קיין פאַרזוך עס אָפּצושטעלן. אין די רייִשער קלויזן איז עס געווען אַ טראַדיציע, עס האָט אָפּט געדויערט אַ האַלבע שעה ביז עס איז דעם שמש געלונגען צו פאַרענדיקן די ברכה און אָנצינדן די חנוכה ליכט. דאָס איז אָנגעגאַנגען אין אַלע קלויזן, בתי תפלות און שטיבלעך אָבער ניט אין די צוויי גרויסע שולן. די שולן האָבן פאַרנומען דעם אָרט פון הייליקן בית המקדש. די שולן זיינען ביי אַלעמען מער געאַכטעט געוואָרן ווי אַנדערע בתי תפלות. יידן האָבן זיך אין דער שול געהאַלטן מיט מער ווערדע און הכנאה. די שולן זיינען געווען געשלאָסן דעם גאַנצן טאָג. מ׳האָט די צוויי הייליקע בתי תפלות געעפנט בלויז עטלעכע מינוט פאַר דעם דאַוונען אין דער פרי און אָוונט און נאָכן דאַוונען באַלד פאַרשליסן.

ביי משה אריהס זיינען מיר אויך ניט געגאַנגען אין חדר אין די טעג פון אסתר תענית ביז נאָך שושן פורים. אויך דעם יום טוב האָבן מיר ייִנגלעך זייער גוט פאַרבראַכט, ווי איך האָב געשריבן אין די פריער־דיקע קאַפּיטלען.

## ר׳ העשיל טיטשינער

ווען איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר האָב איך פאַרלאָזט דעם חדר פון משה אריהס. דער פאָטער האָט מיך אָפּגעדונגען ביי אַ מלמד העשיל טיטשינער. דעם נאָמען האָט ער באַקומען דערפאַר ווייל ער איז געקומען קיין רייִשע פון דעם שטעטל טיטשין לעבן רייִשע. ער איז געווען פון נידעריקן וואוקס אָבער פעט און ברייט מיט אַ גראָבן בויך מיט צוויי אויסגעדרייטע פיס ווי ביי אַ וועטעראַן „קאַובאָי״.

אַלס אַ חדר־ייִנגל האָב איך די מלמדים קיינמאָל ניט זייער ליב געהאַט, צוליב זייער שטרענגקייט צו אונדז. זיי האָבן אונדז געציכטיגט אויף אַ פאַנאַטישן שטייגער. זיי האָבן אונדז אומברחמנותדיק געשלאָגן מיט זייערע שלאַג מכשירין. דאָך האָב איך פאַר אַלע מיינע רבים געהאַט אַ גרויסן רעספּעקט און אַכטונג. דער פּרק לערנט אונדז דאָך „ומורא רבך כמורא שמים״. די אַכטונג וואָס איך האָב געהאַט צום רבין איז געווען מער צוליב דעם, ווייל איך האָב געדענקט, אַז אויב איך וועל עס ניט טאָן, וועל איך עובר זיין אויף אַן עברה. איך האָב שוין אין די יונגע יאָרן געגלויבט אין שכר ועונש, אַז פאַר מיינע זינד וועט מען מיך אויף

יענער וועלט גוט שמייסן. דאָס האָב איך ניט געוואָלט. האָב איך, ווי
ווייט מעגלעך זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון די געזעצן פון דער תורה.
ווי אכזריותדיק דער מלמד האָט מיך באַהאַנדלט, כאָטש איך האָב אפט
געליטן שמערצן און יסורים פון די קישקעס אויף מיין לייב פון דעם
רבינס ים־שטעקל אָדער קאַנטשיק, האָב איך דאָך געפילט צום רבין
ווי צו אַ געטלעכן מאַן. ער איז געווען מיין רבי, מיין מורה דרך.
אָבער אָט דעם אויבן דערמאָנטן מלמד העשיל טיטשינער האָב איך פשוט
געהאַסט. איך בין געווען מוכן ומזומן צו זיצן אויף אַ שטעכיק פערד
און גיין אין גיהנום אויף אייביק אויב איך וואָלט געהאַט דעם מוט
אים צו שפּאַלטן דעם קאָפּ מיט אַ שטיין. דאָס איז געווען פשוט אַ
גרויזאַמער מענטש. ווען איך זאָל אים איצטער ערגעץ וואו באַגעגענען,
וואָלט איך זיך אָן אים נוקם געווען פאַר די ליידן וואָס ער האָט מיר
אַלס יינגל פאַרשאַפט.

ביי העשיל טיטשינער האָבן מיר געלערנט 12 יינגלעך אין די יאָרן
פון 9 ביז 12. דער חדר איז געווען אין אַן אַלטע הילצערנע כאַטע
אין מלמדים געסל. עס איז געווען אַ קליינע שמוציקע שטיבל, וואָס
איז געווען דעם רבינס וואוינונג. אין שטיבל זיינען געשטאַנען צוויי
בעטן, אַ באַנק־בעטל, וואו עס זיינען געשלאָפן דעם רבינס צוויי יינגלעך,
אַ גרויסע שאַפע, וואָס דער רבי האָט אויך באַנוצט אַלס אַ באַהעלטעניש
פאַרן ים־שטעקל, אַן אויוון צום קאָכן און באַקן, לעבן פענצטער איז
געשטאַנען אַ גרויסער טיש מיט בענק פון ביידע זייטן, פאַר די תלמידים
מיטן רבין בראש. די רביצין איז געווען אַ יידענע עטלעכע יאָר עלטער
פון רבין. זי האָט זיך וועגן ריינלעכקייט ניט אינטערעסירט. אויפן צו־
דעק אויף די צוויי בעטן, האָבן מיר יעדן טאָג געזען אַרומקריכן כנים
אין די טויזנטער, עס האָט מיך אַלע מאָל געעקלט אויף די בעטן צו
קוקן. עס זיינען דאָרט אפט אַרומגעשפּרונגען קליינע פּיצעלע ברוינע פליי
מיט וועלכע מיר תלמידים האָבן זיך גוט אָנגעשטעקט. ווען איך בין אַהיים
געקומען האָט מען אויף מיינע מלבושים געפונען די קליינע חיהלעך פון
חדר. אין חדר אויף דער פּאָדלאָגע זיינען אויך אַרומגעקראָכן אַכט
פוסיקע שרצים. די רביצין האָט דערצו גאָר ניט געטאָן, זי איז
דעם גאַנצן טאָג געזעסן לעבן אויוון, געצירעט זאָקן אָדער פאַרלאַטעוועט
מלבושים, ווען זי האָט ניט געקאָכט.

צו זיינע תלמידים איז העשיל טיטשינער געווען זייער גרויזאַם.
יעדע 15 מינוט ביים לערנען האָט ער אויסגעקליבן איינעם פון די
תלמידים, און געפרעגט, וואו האַלט מען איצט? דער יינגל האָט זיך

פאַר שרעק אויף דער מינוט פאַרלוירן און געבליבן פאַרטומלט און האָט ניט אָנגעוויזן אויפן ריכטיקן פלאַץ אין חומש. דער רבי האָט דאַן אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כעס צום יינגל. ער האָט אים דערלאַנגט עטלעכע שמיץ מיטן ים־שטעקן, אַז דער יינגל האָט שיר געחלשט פון די שמערצן. זיין לייב איז געוואָרן פול מיט אָנגעשוואָלענע קישקעס, אָבער דעם מערדערישן מלמד האָט עס ניט געאַרט.

איך אַליין בין אָפט געווען אַ קרבן פון דעם „וואו האַלט מען" פּראָצעדור, עס נעמט מיך נאָך איצטער אָן אַ שוידער ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם מאָמענט. איינמאָל נאָך אַזאַ אויבן דערמאָנטע רבישע אַטאַקע, וואָס האָט מיר געבראַכט שרעקלעכע קערפּערלעכע שמערצן, האָב איך באַשלאָסן צו דערציילן מיינע עלטערן, און אַ אַלס אַ באַוויז, האָב איך אַרונטערגעצויגן מיינע מלבושים און זיי געצייגט די רעכטע זייט פון מיין פּלייצע, וואָס איז געווען צעמזיקט און צעקיילט מיט רויטע קישקעס און בלויע פלעקן. איך בין געווען שוואַך, בין קוים געשטאַנען אויף די פיס. איך האָב געדענקט, אַז ווען מיינע עלטערן וועלן עס זען וועט זיך אין זיי דערוועקן דער עלטערן־געפיל, אַז מ'וועט מיך תיכף אַרויסנעמען פון דעם חדר, און שיקן ערגעץ אַנדערש וואו לערנען. דערזעענדיק מיין צעמזיקט לייב האָט מיין פאָטער געזאָגט: „איך גלויב ניט אַז דער רבי האָט עס געטאָן, האָסט זיך געוויס אַרומגעשלאָגן מיט דיינע שלעכטע חברים און פון זיי האָסטו עס באַקומען. זיי האָבן דיך צעמזיקט. גאַנץ גוט אויף דיר, האָסט עס פאַרדינט. זיץ אין חדר און האָב אין זינען דאָס לערנען, וועט דאָס ניט מער פאָרקומען". דערהערנדיק די ווערטער, בין איך אַוועק אין אַ ווינקל, זיך גוט אויסגעוויינט צוריק זיך אָנגעטאָן און ווידער געגאַנגען אין חדר לערנען.

יעדן פרייטיק איז אין העשיל טיטשינערס חדר געווען דער יום הדין פאַר יעדן תלמיד. ווייל אין דעם טאָג האָט יעדער יינגל געדאַרפט איבערזאָגן דעם שיעור פון דער וואָך, ווער רעדט נאָך פון אַזאַ יינגל, וואָס איז אויסגעפאַלן זיין וואָך ווען דער רבי האָט געדאַרפט קומען שבת צו זיין היים אים פאַרהערן, ווי דער מנהג איז דאַמאָלט געווען. צו אַזאַ פאַרהער האָט דער מלמד צוגעגרייט דעם תלמיד, ניט נאָר מיט דער גמרא נאָר אויך מיט דעם מערדערישן ים־שטעקן. ער האָט קיין שלעג ניט געזשאַלעוועט. מילא די וואָס האָבן גוט געקאָנט דעם שיעור גמרא מיט תוספות, זיינען געווען פריי אַהיים צו גיין פרייטיק פרי, אָבער די וואָס האָבן ניט געקאָנט, ווייי און ווינד איז זיי געווען. דער רבי האָט מיטן ים שטעקן געשלאָגן אָן רחמנות.

דעם טאָג וואָס איך האָב אויפגעהערט לערנען ביי העשיל טיטשינער, האָב איך זיך געפילט ווי איינער וואָס ווערט באַפרייט פון גיהנום. און מאַקי אום פסח תרס״ב (1902) האָט מיך דער פאָטער אַריינגעגעבן אין אַ העכערן חדר צו אַ יונגן רבין. זיין נאָמען איז געווען דודל פּאקעלעס. אין דעם חדר בין איך געוואָרן בר מצוה און אויך דעם זעלבן יאָר גע־וואָרן אַ קלויז־בחור. נאָר וועגן דעם אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

## יוגנט דעריענרונגען

אַלס יינגל איז מיר געווען זייער גוט אין דער היים. איך געדענק אין די מיטעלע ניינציקער יאָרן האָבן מיר געוואוינט אין הויז פון ר׳ קלמן דרוקער. ער איז געווען אַ בכבודיקער ייד און אויך אַן עושר. ער איז געווען דער שטאָטישער מוהל, ער האָט דורכגעפירט אַ ברית פריי אָן געצאָלט. עס איז ביי אים געווען אַ כבוד צו זיין דער מוהל, ער האָט עס געטאָן לשם מצוה. אַנטקעגן איבער זיינען געשטאַנען די בודקעס, וואו יידישע ווייבער האָבן פאַרקויפט פרוכטן פאַרשידענע לויט דעם סעזאָן. איך געדענק איינע פון די בודקעס־ווייבער, מינדעלע האָט זי געהייסן (גערופן האָט מען זי מינדעלע שפּיק) אַן אַלטע יידענע, דאָך איז זי געזעסן אין דער בודקע יעדן טאָג זומער און ווינטער. אין די גאָר קאַלטע טעג האָט זי געהאַט אַ פייער־טעפּל, פול מיט ברענענדיקע קוילן, דאָס טעפּל האָט זי געהאַלטן צווישן די פיס אונטערן קלייד, זיצנדיק ביים שרוגען. מיר קינדער אַזוי שנעל ווי מיר האָבן געהאַט אַ גראַצער, זיינען מיר באַלד געלאָפן צו מינדעלעס בודקע, אום זומער האָבן מיר דאָרט געקויפט ווייַנפּערלעך, אַגרעסן, קאַרשן, אַרבעסשויטן, בערנדלעך, קאגוט־קעס און אַנדערע גרינצייג. דעם גרעסטן שרוגן־בודקע האָט געהאַט פרומעט שבע שאַריק — אַזוי האָט מען איר גערופן. אָפט זיינען מיר מיט דעם גראַצער געגאַנגען צו גערסטלין און געקויפט צוקערלעך.

פון דאָרט האָבן מיר אין יאָר תרנ״ה (1894) איבערגעצויגן זיך אין אַ זייער שיינער וואוינונג, אויף דער וואָליע. אונדזער פאָטער איז דאַמאָלט גוט געגאַנגען ער האָט געקויפט אַ גרויסן בוי־פּלאַץ אויף דער טאָרגאָ־וויצע און טאַקי דאָרטן שפּעטער געבויט אַ שיינעם גרויסן עק־הויז, מיט גרויסע מאָדערנע וואוינונגען, וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַ שם פאַרן שענסטן הויז אין ריישע.

אין דער היים זײַנען מיר געווען דרײַ קינדער. אונדזער נײַע דירה איז געווען שוין אויסמעבלירט, די קינדער האָבן געהאַט שוין אָנצוטאָן און מיר האָבן געהאַט אַ שטענדיקע דינסט. עס האָט בײַ אונדז געגעסן טעג אַ יונגער בחור. עס זײַנען דאַמאָלט געווען אין רײַשע יונגע בחורים, וואָס זײַנען געקומען פון פאַרשיידענע קלײנע אַרומיקע שטעטלעך, ווען די עלטערן האָבן ניט געקאָנט אויסהאַלטן אָדער זיי שיקן אין ישיבות, זײַנען זיי געקומען קיין רײַשע, געלערנט אין קלויז און געגעסן טעג בײַ די שטאָטישע באַלעבאַטים, וואָס האָבן דערלויבט אַזאַ בחור צו קומען עסן דרײַ מאָלצײַטן אין טאָג אין דער וואָך בײַ יעדן פון די זיבן באַלעבאַטים. עס האָט אויך בײַ אונדז געגעסן שבתים אַ בחור, ברוך האָט ער געהייסן. דער פאָטער האָט אויך אָפט געבראַכט פון קלויז אַן אורח אויף שבת.

אין אונדזער נײַער דירה איז געבוירן אונדזער שוועסטער אסתר. פון דאָקטוירים און אַ שפּיטאָל פאַר אַ יולדת האָט מען דאַמאָלט ניט געוואוסט. אין רײַשע זײַנען אין די יאָרן געווען דרײַ ייִדישע הייוועָנס, פּרויען וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט דער פּראָפעסיע פון אָפּנעמען נײַ־געבוירענע קינדער. זיי זײַנען געווען ליבע פּלאצער, סאשע נאַדעל און אויך גאָלדרײַך, די פרוי פון אַ ווינקל־שרײַבער און פּריוואַט לערער. פון די דרײַ הייוועָנס איז ליבע פּלאצער געווען די מער באַוואוסטע. זי האָט געדינט די רײַכע פּרויען.

ווען עס איז געקומען די צײַט ווען אַ פרוי האָט דערפילט חבלי לידה, האָט מען געשיקט נאָך די הייוועָן. אויב די געבורט איז געווען אַ נאָרמאַלע, האָט עס ניט גענומען לאַנג. די הייוועָן האָט אָנגעזאָגט „מזל טוב" און שוין. איז עס געווען אַ מיידל, האָט מען קיין גרויסן צימעס ניט געמאַכט. אום שבת האָט מען דעם קינד אַ נאָמען געגעבן אין קלויז בײַ דער עליה. נאָכן דאַווענען האָט מען גערופן דעם עולם פאַר קידוש. איז עס אָבער געווען אַ בן זכר, האָט זיך שוין געטאָן אויף טיש און בענק. דעם טאָג פון דער געבורט, האָט מען אויסגעקלעפּט די פיר ווענט וואו די יולדת איז געלעגן מיט שיר המעלות צעטלעך (דאָס האָט מען אויך געטאָן ווען אַ מיידעלע איז געבוירן). די צעטלעך זײַנען געווען באַדרוקט מיט תּפילות, מיט די נעמען פון פיל מלאכים, אַז זיי זאָלן ניט צולאָזן דעם שטן וואָס וויל זיך אַרײַנכאַפּן צו דער יולדת. דעם צווייטן טאָג נאָך דער געבורט, זײַנען געקומען קלײנע ייִנגלעך פון אַ דרדקי חדר, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ באַהעלפער און געלייענט קריאת שמע ביים בעט פון דער יולדת. פרײַטיק נאַכט איז פאַרגעקומען דער שלום זכר, און צום אַכטן טאָג דער

ברית. און אויב דער יינגל איז געווען אַ בכור, איז אויך דעם דרייסיקסטן טאָג געמאַכט געוואָרן אַ פּדיון הבן.

אויב עס איז, חלילה, ניט געווען קיין נאָרמאַלע געבורט, ווען די פרוי איז געלעגן אין שמערצן טאָג און נאַכט, אַנשטאָט צו שיקן נאָך אַ דאָקטאָר, האָבן די יידן באַנוצט אַ בעסערן מיטל. דער מאַן פון דער קינפּעטאָרין האָט אויף דער שנעל צוזאַמענגעשלעפּט אַ מנין יידן אין קלויז אָדער אין וועלכער בית תפלה, מ׳האָט געזאָגט תהלים, געמאַכט אַ מי שברך און געבעטן צו גאָט ער זאָל זיך מרחם זיין, פאַרלייכטערן די שמערצן פון דער יולדת, זי זאָל ברענגען אויף דער וועלט דאָס קינד. אויב דאָס האָט ניט געהאָלפן, זיינען די פרויען, די נאָענטסטע קרובים פון דער יולדת געקומען „איינרייסן" אין קלויז ביים דאַווענען אין דער פרי. זיי זיינען אַריין צווישן די מענער אין מיטן דאַווענען, און מיט יללות און געוויין צוגעגאַנגען צום ארון קודש, אויפגעעפנט די טיר פון ארון און געבעטן. די קולות און די געשרייען פון די פרויען זיינען געהערט געוואָרן דרויסן. אַלע יידן ביים דאַווענען, זייערע קעפּ באַדעקט מיט טלתים, זיינען געבליבן שטיל פאַר דער מינוט. עס האָט זיך ביי יעדן אין האַרץ דערוועקט אַ געפיל פון רחמנות און אַלע האָבן אין דער שטיל געבעטן, אַז השי״ת זאָל שיקן די רפואה. דאָס איינרייסן האָט געדויערט בלויז עטלעכע מינוט. די פרויען זיינען געגאַנגען צוריק אַהיים, מיט דעם בטחון, אַז די יולדת וועט געהאָלפן ווערן.

ווען אונדזער מוטער האָט דערפילט חבלי לידה, האָט מען באַלד געשיקט נאָך ליבע די הייוועז. אַזוי ווי מ׳האָט זיך דאַמאָלט מיט טעלע־פאָנען ניט באַנוצט, איז דער פאָטער בכבודו ובעצמו געמאַכט דעם לאַנגן שפּאַציר צו רופן די הייוועז. מ׳האָט אויך באַלד אויסגעקלעפּט די ווענט פון שלאָפצימער מיט „שיר המעלות" צעטלעך. מיר קינדער זיינען גע־זעסן אין קיך צוקוקנדיק ווי אונדזער פאָטער זאָגט תהלים, פון שלאָף־צימער האָט זיך געהערט דאָס קרעכצן פון דער מוטער, די יסורים זיינען געווען גרויס. פּלוצים האָבן מיר דערהערט אַ קוויטש און דאָס וויינען פון אַ ניי געבוירענע קינד. עס עפנט זיך די טיר פון שלאָף־צימער, עס באַווייזט זיך דער געשטאַלט פון ליבע די הייוועז מיט דעם אנגענעמען שמייכל און אַ „מזל טוב"... „וואָס?" פרעגט דער פאָטער... „אַ מיידעלע, און אויך זייער אַ שיינע", האָט געענטפערט ליבע די הייוועז. דאָס איז געווען אונדזער שוועסטער אסתר.

ווען אונדזער שוועסטער אסתר איז געבוירן, בין איך אַלט געווען זעקס יאָר. מיר זיינען געווען פיר קינדער אין דער פאַמיליע, דריי

מיידלעך און איך דער איינציקער ייִנגל. די עלטסטע שוועסטער צילע, איז שוין געגאַנגען אין שקאָלע, זי איז געווען זייער אַ גוטע שילערין מיט זייער אַ גוטן קאָפּ צום לערנען. איך בין געגאַנגען אין חדר. געשפּילט האָבן מיר זיך צוזאַמען. אונטערן הויז וואו מיר האָבן געוואוינט איז געווען אַ זייער גרויסער הויף. עס האָבן אין זעלבן הויז געוואוינט אַנדערע קינדער פון מיין עלטער, האָבן מיר זיך צוזאַמען געשפּילט. איך געדענק איינעם פון זיי, זיין נאָמען איז געווען מאַניעק רייך, ער איז מיט יאָרן שפּעטער געוואָרן אַן אַדוואָקאַט אין רײַשע. אין זעלבן הויז, פּונקט אַנטקעגן איבער אונדזער דירה, האָט געוואוינט דער באַוואוסטער רייכער חסידישער באַלעבאָס ר׳ שמעון רייך, אַ זשיקיווער חסיד, אַ גביר אַדיר און גרויסער בעל צדקה, זיין ווייב ליבע סימע איז געווען זייער באַליבט אין שטאָט. זיי זיינען ביידע שוין געווען זקנים. עס האָבן אין זעלבן הויז געוואוינט נאָך אַנדערע אָנגעזעענע באַלעבאַטים.

אַזוי ווי איך בין געווען דער איינציקער ייִנגל אין דער היים, בין איך געווען דער מיוחס. מ׳האָט מיך אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ, שיין געקליידעט ביז איך בין אַלט געוואָרן זיבן יאָר. מיינע אַקציעס זיינען פּלוצים געפאַלן, ווען עס איז געבוירן געוואָרן אונדזער ברודער משה. דאָס איז געווען אין יאָר תרנ״ז (1997). די פּראָצעדור איז געווען די זעלבע אין הויז, דער זעלבער טומל. אין הויז איז אויסגעוואקסן ליבע די הייווען, אונדזער פאָטער איז געזעסן מיט אונדז צוזאַמען אין קיך. עס עפנט זיך די טיר, עס באַווייזט זיך ליבע מיטן באַקאַנטן שמייכל און ברייטן מזל טוב. מיר האָבן אַלע אָנגעשטעלט מויל און אויערן צו עהרן...

„עס איז אַ שיינער ייִנגעלע״, האָט זי אונדז געזאָגט. די נייס האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט. עס איז געוואָרן פריילעך אין הויז און אויך אין דעם פאַמיליע־צירקל, דעם נעקסטן טאָג אין אָוונט, און אויך יעדן אָוונט ביז דעם טאָג פון דעם ברית איז געקומען דער באַהעלפער פון ראַזדיוער מלמדס חדר מיט עטלעכע און צוואַנציק קינדער צו לייענען קריאת שמע ביי דער מוטערס בעט.

פאַר פרייטיק נאַכט נאָכן טיש האָט אונדזער פאָטער איינגעלאַדן אַ גרויסן עולם ייִדן, פריינט און קרובים. אין יענע צייטן האָט מען זיך ניט באַנוצט מיט געשריבענע איינלאַדונגען דורך פּאָסט. באַלד נאָך קבלת שבת, פאַר עלינו, האָט מענדל שמש דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין שולחן און אויסגערופן: „ר׳ וואָלף לעדער בעט דעם גאַנצן עולם היינט אויף דער נאַכט צום שלום זכר!״. דער „זכר״ איז פאַרגעקומען באַלד נאָך דער שבת סעודה. עס זיינען געקומען די צוויי באַוואוסטע שטאָטישע

סאַרוועדס. זיי האָבן געדעקט לאַנגע טישן אין אַלע צימערן. אונדזער וואוינונג איז געווען געפּאַקט מיט יידן, צווישן זיי די אנגעזעענסטע באַלעבאַטים. מ׳האָט סערווירט ביר, זכר־קיכלעך מיט אַרבעס. דער עולם האָט דאַמאָלט פאַרצערט פיר פעסלעך אָקטשימער ביר.

דער פאָטער האָט אויך אַנגאַזשירט דעם באַרימטן שטאָט חזן בלו־מענקראַנץ מיט זיין גרויסן כאָר. זיי האָבן געזונגען שיינע קאָמפּאָזיציעס, עס איז גראד געווען אַ שיינע זומער נאַכט, טירן און פענצטער ברייט אָפן, אונטן אין גאַס זיינען געשטאַנען עטלעכע הונדערט מענטשן צו הערן דעם חזן. עס איז געווען אַ גרויסע שמחה. צום זכר זיינען אויך געקומען פרויען פון דער פאַמיליע צו זיצן לעבן דער מוטער. דעם אַכטן טאָג איז געפּראַוועט געוואָרן דער ברית. עס זיינען אָנוועזנד געווען דער שטאָט רב, ר׳ העשיל אַלס סאַנדיק, אויך דער שטאָט חזן מיטן כאָר און אַ סך געסט. דעם רך הנולד האָט מען אַ נאָמען געגעבן משה יהודה, נאָכן ראַזווידאָווער זיידן, וואָס איז מיט אַ יאָר פריער נפטר געוואָרן בשבה טובה.

# ריישער קלויז־בחורים

## איך ווער בר מצוה

ווען איך בין אַלט געוואָרן צען יאָר, האָט מען מיר צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן אַ סאַמעט קאַפּעלוש און אַ קאַפּאָטע. פון ביידע זייטן פון קאָפּ האָבן נאָכגעהאַנגען צוויי פאות שוין זייט איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר. אָט די פאות האָבן מיר אַלס יינגל געבראַכט היפּשע צרות. אַזוי ווי איך האָב קיין געקרייזלטע האָר ניט געהאַט, זיינען מיינע פאות געהאָנגען ווי צוויי אויסגעצויגענע שטעקנס. מיין מוטער איז געווען זייער אַ נעטע פרוי. זי האָט אַלצדינג אָנגעווענדט אַז אירע קינדער זאָלן אויס־קוקן גוט און שיין. זי האָט דערפאַר ניט געקאָנט פאַרנעמען ווי איך האָב אויסגעקוקט מיט מיינע אויסגעצויגענע פאות. אין אָנהויב האָט זי די פאות צוזאַמענגעדרייט מיט האָרנאָדלען און עס געלאָזט איבער נאַכט. דאָס האָט מיר פאַרשאַפט שמערצן, ווען איך בין געשלאָפן אויף דער זייט. אויך האָבן די האָר נאָדלען ווייניק געהאָלפן, ווייל אין אַ שעה שפּעטער איז פון די געלאָקטע פאות ווידער געוואָרן צוויי אויסגעצויגענע שטעקנס. האָט זיך די מוטער מיישב געווען און האָט מיינע פאות באַנעצט מיט זיסע פלוימען־יויך, אויך דאָס האָט געהאָלפן בלויז לפי שעה. זי פלעגט אָפט ווערן אין כעס, און אָנגעכאַפּט אַ פאה מיט דער האַנט, אַ שלעפּ געטאָן און געשריען: „קום אַהער מיט די צוויי שטעקנס.״ אויך דאָס האָט מיר שמערצן פאַרשאַפט.

צוליב די אויסגעצויגענע פאות מיינע האָבן מיך די שוועסטער גע־רופן „חסידל״. מיין שוועסטער צילע איז געווען דער היפוך פון מיר. זי איז געגאַנגען אין שקאָלע און געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספערע. זי איז געווען צוגעלאָזט צו אירע שקאָלע לעקציעס מיט לייב און לעבן. זי האָט גערעדט מער פּויליש ווי יידיש און אַלע מאָל געזונגען די פּוילישע לידלעך וואָס זי האָט געלערנט אין שקאָלע, וואָס האָט מיר געגרילט אין די אויערן. זי איז טאַקי פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אייניקע רעפאָרמען אין אונדזער הויז־לעבן. זי האָט אויך, קעגן דעם ווילן פון פאָטער, געבראַכן

די טראַדיציע, ווען זי האָט איינגעשריבן אונדזער ברודער משה אין שקאָלע, ווען ער איז אַלט געוואָרן זעקס יאָר. אונדזער פאָטער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ ראַדיקאַלן און רעוואָלוציאָנערן שריט אין אונדזער פרומען לעבן און קעגן דער אָרטאָדאָקסישער טראַדיציע.

ווי איך האָב פריער געשריבן האָט מיך דער פאָטער אָנגעדונגען צום מלמד דודל פאַקעליס אין חדר, נאָכדעם ווי איך בין אַרויס פון העשיל טיטשינערס חדר. דודל איז געווען גאָר אַ יונגערמאַן, אַן אויס־געדאַרטער מיט אַ זייער קליין שיטער בערדל. די רביצין איז געווען אַ זייער הויך געוואקסענע יידענע, אויך גאָר אַ יונגע מיט צוויי קעפּ העכער פון איר מאַן. זי איז געווען אַן אמתע אשת חיל. זי האָט אונטער געקרעמלט מיט שניט סחורה. זי האָט געהאַט אַ שרוגען אויפן הינער פּלאַץ. זי איז אויך אָפט געפאָרן אויף ירידים. זי איז געווען אַ קלוגע ווייבל מיט אַ געשעפטס־קאָפּ. צוליב די בעסערע פּאַרדינסטן, האָבן זיי גע־וואוינט אין אַ בעסערער דירה, וואו עס איז געווען באַקוועם און ריין, אויך האָבן זיי געהאַט אַ באַקוועמע שטוב פאַרן חדר.

ביי דודלען אין חדר האָבן מיר געלערנט העכערע למודים. דער רבי איז געווען אַ שטילער יונגערמאַן אָן טעמפּעראַמענט. ער איז ניט געווען קיין כעסן. פון שלאָגן איז דאָך אָפּגערעדט. מיר זיינען שוין געווען דערוואקסענע בחורים. איך בין אַלט געווען צוועלף יאָר. עס האָבן אָבער דאָרט אויך געלערנט תלמידים אין עלטער פון פערצן יאָר. דער לערן־זמן האָט זיך אָנגעהויבן פּסח תרס״ב. אין חשון בין איך געוואָרן בר מצוה. מיין צוגרייט פאַר בר מצוה האָט געדויערט דריי־פיר וואָכן. איך האָב זיך צוגעגרייט פאַר דעם גרויסן טאָג ווען איך וועל אויף זיך נעמען דעם עול פון מצוות. איך וועל אָנהויבן לייגן תפלין, מ׳וועט מיר שוין קאָנען מצרף זיין צו אַ מנין. מיין פאָטער האָט פאַר מיר באַשטעלט תפלין ביים באַוואוסטן סופר ר׳ שלמה זלמן גרונער. ער איז געווען איינער פון די בעסטע סופרים וואָס האָט געשמט אין דער גאַנצער געגנט. (די תפלין האָב איך ביז דעם היינטיקן טאָג.) די מוטער האָט פאַר מיר אויסגעצייט אַ שיין סאַמעטן תפלין־זעקל און עס שיין אויסגעשטיקט מיט מיין נאָמען. ברכות און הפטורה, האָב איך ניט געדאַרפט לערנען, דאָס האָב איך געקאָנט ווען איך בין אַלט געווען זעקס־זיבן יאָר. דער רבי דודל האָט מיך צוגעגרייט צו מאַכן פון מיר אַן אמת פרומען ייד, אַ בעל תשובה. איך האָב געלערנט שלחן ערוך הלכות תפלין און אַנדערע ספרים וואָס האָבן אַ שייכות צום בר מצוה. ער האָט מיך צוגעגרייט צום יום הדין ווען איך וועל באַפרייען מיין

פאָטער פון מײַנע זינד. איך אַליין האָב עס גענומען זייער ערנסט. איך האָב גוט פאַרשטאַנען די פאַראַנטוואָרטלעכקייטן.

דינעסטיק, י״ז חשון תרס״ג (1903) בין איך געוואָרן בר מצוה. מ׳האָט פון דעם קיין גרויסן צימעס ניט געמאַכט. איך בין געגאַנגען אַליין אין קלויז דאַוונען. איך האָב מיט שטאָלץ געטראָגן מײַן תפלין זעקל אונטער דעם אָרעם. מײַנע הענט האָבן געציטערט ווען איך האָב צום ערשטן מאָל אָנגעטאָן תפלין של ראש. שבת האָט מען מיר געגעבן מפטיר אין קלויז. מײַן פאָטער איז געשטאַנען לעבן מיר און אַזוי שנעל ווי איך האָב געענדיקט ברכת התורה, האָט ער מיט אַ הויכער שטימע און לוסטיקן מוט געזאָגט די ברכה „ברוך שפטרני״. מיט דעם האָט זיך געענדיקט די צערעמאָניע. איך בין געוואָרן אַ ייִד מיט ייִדן גלײַך.

## רייִשער קלויז בחורים

דעם יאָר נאָך מײַן בר מצוה איז געבוירן אונדזער ברודער יעקב. מיר זײַנען דאַמאָלט געווען זיבן קינדער. פינף מיידלעך און פיר ייִנגלעך. פינף חדשים נאָך מײַן בר מצוה בין איך באַפרייט געוואָרן פון חדר. איך האָב געקאָנט אַליין לערנען אַ בלאַט גמרא, תנ״ך מיט מפרשים און אויך אַנדערע לימודים און איך בין מיט מזל געוואָרן אַ קלויז בחור און געלערנט אין קלויז מיט אַנדערע בחורים. דאָס איז געווען ענדע פסח, תרס״ג (1913).

אַ גאַנץ נײַע וועלט האָט זיך פאַר מיר געעפנט. אין קלויז האָבן דעמאָלט געלערנט אַרום צוואַנציק בחורים פון געמישטן עלטער. עטלעכע פון זיי זײַנען שוין געווען חתנים. בײַ די חסידיש און עקסטרעמע אָרטאָדאָקסן, איז געווען אַ מנהג צו פאַרקנסן זייערע זין און טעכטער אין פופצענטן לעבנס־יאָר אָדער פריער. די חתן־בחורים האָבן אַלע געטראָגן דיקע גאָל־דענע קייטן מיט גרויסע גאָלדענע זייגערס. איך געדענק איינעם פון זיי, זײַן נאָמען איז געווען יאַנקעלע בלאָזבערג, ער איז געווען אַ בן־יחיד, זײַן פאָטער איז געווען אַ שניט־סוחר. יאַנקעלע איז געווען זייער אַ קלוגער בחור מיט הויכער אינטעליגענץ. ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט און פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ צווישן די שטאָטישע באַלעבאַטים. איך גע־דענק אויך איינעם, אַ חתן־בחור, פון אַ יאָר 16. זײַן נאָמען איז געווען משה קאַפּיטקאָווער, אָבער גערופן האָט מען אים מוינעלע שנופּלער,

צוליב דעם וואָס ער האָט גערעדט שנויפלענדיק אונטער דער נאָז, אַז מ׳האָט אים קוים געקאָנט פאַרשטיין. דאָס האָט אים ניט געשאַדט צום שידוך ווייל אין די יאָרן צווישן די חסידישע מענטשן האָט די כלה ניט געזען דעם חתן ביז צו דער חופה. מוינעלע איז געווען אַ קליינינקער, אָבער אויך אַ קלוגער און כיטרער בחורל. אויך אים האָט נאָכגעהאַנגען ביים ווערטל אַ גראָבע שווערע גאָלדענע קייט.

איך האָב זיך באַלד אין אָנהויב אָנגעהויבן צושאַרן צום רויטן יאָסל. ער איז דאַמאָלט אַלט געווען אין גאַנצן פופצן יאָר. ער איז געווען אַ הויך געוואוקסיקער, מיט אַ רויטן קאָפּ האָר און צוויי לאַנגע פאַרלאָקטע פאות. ער האָט געהאַט אַ שם פאַרן גרעסטן עילוי אין שטאָט. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ און שאַרפן מוח — אַן אמתער תלמיד חכם אין יונגע יאָרן. ער איז אויך געווען אַ גרויסער פאַרעהרער פון סאַנצער חסידות. זיין פאָטער, ר׳ מענדל רייך, איז געווען איינער פון די גרעסטע לומדים אין לאַנד. גערופן האָט מען אים ר׳ מענדעלע דיין. ער איז קיין שטאָט־דיין ניט געווען. ער האָט געפּסקנט שאלות פריי פאַר אַלע וואָס זיינען צו אים געקומען. זיין ווייב האָט געהאַלטן אַ שניט געוועלב אויף דער הינער פלאַץ. זיי האָבן געהאַט צוויי זין, דער יינגערער איז געווען יאָסל. אָט צו דעם רויטן יאָסל האָב איך זיך צוגעשאַרט. איך האָב ביי אים נושא חן געווען, ער האָט מיך אָנגענומען איך זאָל לערנען צוזאַמען מיט אים. דער צווייטער איז געווען נח׳ל שוסטאַק (ער איז געווען איינער פון די שויבן־ברעכער ביי הרב נתן לעווין, ווי איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען). נח האָט אויך געקאָנט גוט לערנען. ער איז אַלט געווען אַ יאָר 15. געווען זייער אַ קלוגער בחור, מיט קליינע אויגעלעך, וואָס אין יעדן בליק האָט געשטעקט חכמה. נח׳ל איז געווען אַ ביאַנער חסיד. צווישן אים און יאָסלען זיינען אָפט פאָרגעקומען ויכוחים וועגן חסידות.

יאָסל האָט מיט פאַרשידענע חסידישע מעשיות געוואָלט באַווייזן די גרויסקייט פון סאַנצער רבין, ר׳ חיים האַלבערשטאַם, דער גרינדער פון דער סאַנצער גזע און אויך פון זיינע קינדער, און נח׳ל האָט ווידער דער־ציילט פון דער גדויסקייט פון די ריזשינער־סאַדיגערער רבנים. זיי האָבן קיינמאָל ניט איינגעשטימט, מחמת צווישן סאַנץ און סאַדיגערע איז אָנגעגאַנגען אַ מחלוקה פון יאָרן לאַנג. די מחלוקה צווישן סאַנץ און סאַדיגערע איז אָנגעפירט געוואָרן מיט מסורות און סקאַנדאַלן .אויב אַ יונגערמאַן פון דער סאַנצער געגנט איז פּלוצים געפאָרן קיין סאַדיגערע, איז ער שוין דאָרט געבליבן אַ יושב, ווייל צוריק קומען אַהיים האָט

ער ניט געקאָנט. די עקסטרעמע סאַנצער חסידים האָבן אַזאַ איינעם באַ־טראַכט פאַר אַ מת געריסן קריעה און נאָך אים געזעסן שבעה. אַזוינע פאָרמען האָבן אָנגענומען די סקאַנדאַליעזע מחלוקת.

אין מיינע יונגע יאָרן האָט די מחלוקה נאָך אָנגעהאַלטן, אָבער שוין ניט מיט דעם זעלבן טעמפּאָ. ווען יאָסל און נח האָבן געהאַט אַ צוזאַ־מענשטויס, האָב איך זיך אַלע מאָל אַריינגעמישט. פון זייערע חסידישע ויכוחים האָב איך זייער פיל געלערנט. מיר איז בעסער געפעלן געווען דער ריזשינער דרך החסידות. איך בין טאַקי געוואָרן אַ ביאַנער חסיד, פון נח׳לס צד. דער רויטער יאָסל איז מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געהאַט, געוואָרן רב ערגעץ אין אַ שטעטל ניט ווייט פון ריישע.

געלערנט האָבן מיר יעדן וואָכנטאָג אָנפאַנגענדיק פיר שעה נאָך חצות הלילה. אַזוי ווי איך בין געווען דער יינקסטער פון דער גרופּע, איז אויף מיר אויסגעפאַלן אויפצושטיין גאַנץ פרי און זיי אויפוועקן צום לערנען. בין איך טאַקי יעדן טאָג אויפגעשטאַנען האַלב נאָך צוויי פאַרטאָג, זומער און ווינטער, און געגאַנגען אויפוועקן מיינע חברים. יאָסל איז געשלאָפן אין אַ געוועלב וואו זיין מוטער האָט געהאַנדלט מיט שניט־סחורה, אויפן הינער פלאַץ. ניט ווייט פון דאָרט האָט געוואוינט נח. אום זומער איז גראד געווען אנגענעם אויפצושטיין אַזוי פרי, ווייל עס איז שוין דאַמאָלט געווען טאָג. אום ווינטער אָבער איז עס געווען פאַר מיר זייער אומאנגענעם. איך געדענק אַמאָל, אין מיטן ווינ־טער, די טעמפּעראַטור אין דרויסן איז געווען 20 אונטער נול. איך שטיי אויף. יעדעס אבר ציטערט אויף מיר, איך לאָז זיך גיין צום הינער־פלאַץ. די פראָסט קנאַקט, דער שניי סקריפּעט יעדעס מאָל ווען איך מאַך אַ שריט, פּונקט ווי אַ מוזיק־טאָן. גייענדיק האָב איך געפילט ווי מיינע אויערן ווערן געפרוירן. עס ווערן אויך אָפּגעפרוירן די שפּיצן פינגער פון די פוס. מיר האָט דאָס אָבער ניט געאַרט. איך בין אויפגעשטאַנען צו עבודת הבורא.

אַרום האַלב נאָך דריי פאַרטאָג בין איך צוגעקומען צום געוועלב וואו עס איז געשלאָפן דער רויטער יאָסל. איך האָב דערלאַנגט עטלעכע קלעפּ אין דער מעטאַלענער ראָל טיר. איך האָב באַלד געהערט יאָסלס קול ווי ער שרייט „כ׳בין שוין אויף!” פון דאָרט בין איך געגאַנגען אַביסל ווייטער און דערלאַנגט עטלעכע קלעפּ אין אַ קליין קעלער פענטצטערל וואו נח׳ל האָט געוואוינט. ווען איך בין צוריק געקומען צום געוועלב, האָב איך געטראָפן יאָסלען וואַרטן פאַר מיר האַקנדיק מיט די ציין.

עס איז אויך באַלד אָנגעקומען נח. צוזאַמען זיינען מיר געגאַנגען שנעל ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין קלויז. עס איז שוין געווען 4 אַזייגער פאַרטאָג.

אין קלויז זיינען שוין געווען עטלעכע יידן און בחורים וואָס זיינען געזעסן איבער גמרות און געלערנט. פון דעם גליענדיקן אייזערנעם קלויז אויוון האָט זיך געטראָגן אַ וואַרעמקייט וואָס האָט יעדן אַרומגענומען. מיר האָבן זיך פשוט מחיה געווען. אַזוי אויסגעפרוירן זיינען מיר געווען ביים אָנקומען אין קלויז. מיר האָבן גענומען די גמרות און זיך אַנידער־געזעצט ביים טיש לערנען. איך זאָג „לערנען", דעם אמת זאָגנדיק, האָבן מיר מער גערעדט ווי געלערנט, אָבער ניט חלילה דברים בטלים. מיר האָבן גערעדט פון חסידות וואו עס האָט זיך באַלד אַנטוויקלט אַ ויכוח צווישן סאַנץ און סאַדיגערע, צווישן יאָסל און נח. פון יאָסלס מויל זיינען געפלויגן פייערדיקע פונקען פון מאמרים און תורות פון אַלטן סאַנצער און פון זיינע נסים ומופתים. נח'ל האָט אויך ניט געשוויגן. אויך ער איז געווען אנגעלאָדן מיט געניג חסידות מאַטעריאַל, באַגלייט פון וואונדער־לעך שיינע מעשיות פון ריזשין און סאַדיגערע. נאָך אַ שעה חסידות האָבן מיר זיך גענומען צום לערנען דעם שיעור גמרא.

אין קלויז איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען משה סראָקע. דער ייד האָט גראָד ניט געקאָנט לערנען. ער איז אָבער געווען אַ פרומער און אָפּ־געהיטער ייד אַ רודף אחר מצוות. ער האָט אָנגענומען די מצוה פון שמוש תלמידי חכמים. אַזוי ווי ער האָט געוואוסט אַז עס קומען גאַנץ פרי אין קלויז יידן און בחורים לערנען תורה, האָט ער איינגעפירט אַז עס זאָל זיין פאַר זיי פרישע הייסע טיי. עטלעכע שטאָט באַלעבאַטים האָבן ביי־געשטייערט די געלט צו קויפן אַ גרויסן טיי־סאַמאָוואַר, וואָס מ'האָט באַהייצט מיט האָלץ־קוילן. ער איז אויך איבערן טאָג אַרומגעגאַנגען צווישן די רייכע שפייז־קרעמער און באַקומען פון זיי פריי טיי און צוקער.

דריי אַזייגער פאַרטאָג איז שוין משה סראָקע געווען אין קלויז. ער איז אָנגעקומען אין דער זעלבער צייט מיטן אַלטן לוי שמש. מ'האָט באַלד איינגעהייצט אין אייזערנעם קוילן אויוון און אויך דעם גרויסן קאַפּלע־אויוון, אַז עס איז באַלד געוואָרן וואַרעם. אין קלויז זיינען דאַ־מאָלט געשלאָפן עטלעכע אָרעמע לייט. געשלאָפן זיינען זיי אויף די האַרטע בענק אין זייערע מלבושים, אָן אַ צודעק. מאַנכע פון זיי זיינען געווען וואַנדערנדיקע אורחי פורחיניקעס, און אַנדערע זיינען געווען היישער אָן היימען. אויך זיי האָבן שוין אַרויסגעקוקט אויף דער מינוט צו באַקו־מען אַ טעפּל טיי מיט צוקער.

אַזוי שנעל ווי מיר האָבן זיך געזעצט ביים טיש לערנען, איז באַלד צוגעקומען משה סראָקע, און יעדן פון אונדז דערלאַנגט אַ בלעכענעם טעפּל מיט הייסע טיי און צוויי קלעצלעך צוקער וואָס ער האָט אַרויס־גענומען פון קעשענע, וואו עס איז אויך געלעגן זיין פּאַטשיילע. די הנאה וואָס מיר האָבן געהאַט פון דער פרישער הייסער טיי, איז ניט צום באַשרייבן. מיר האָבן געזופּט די טיי און געלערנט מיט גרויס התמדה. געלערנט האָבן מיר ביז עס איז געוואָרן טאָג — אַרום האַלב נאָך אַכט אַזייגער. אום ווינטער האָט עס נאָר וואָס אָנגעהויבן טאָגן. אין קלויז זיינען שוין דאַמאָלט געווען עטלעכע מנינים ייִדן, מ'האָט זיך געגרייט צום ערשטן מנין. עס איז שוין געזעסן ר' הירש יעקב און געזאָגט תהלים זייט פינף אַזייגער אין דער פרי. אַזוי שנעל ווי די ייִדן האָבן אָנגעטאָן די טלתים איז ר' הירש יעקב געלאָפן פון איין ייד צום צווייטן, כדי צו הערן די ברכה להתעטף בציצת, ער זאָל נאָכזאָגן „אמן״. דער ערשטער מנין האָט געדאַוונט אַרום האַלב נאָך אַכט פרי.

נאָכן לערנען האָבן מיר געדאַוונט מיטן צווייטן מנין. איך בין אַהיימגעקומען צען אַזייגער אינדערפרי, איבערגעביסן אַ זעמל מיט קאַווע און תיכף געגאַנגען אין קלויז לערנען. יאָסל און נח האָבן שוין געוואַרט פאַר מיר. געלערנט האָבן מיר יורה דעה מיט ש״ך ביז איינס נאָכמיטאָג. מיר זיינען ווידער אַהיים געגאַנגען עסן וואַרעמס. מיר זיינען זיך ווידער צוזאַמענגעקומען אין קלויז דריי אַזייגער נאָכמי־טאָג און געלערנט תנ״ך מיט מפרשים. מיר האָבן אָפט געלערנט אלשי״ך, ביז זמן מנחה־ומעריב. ווען איך בין אַהיים געקומען עסן וועטשערע, בין איך שוין געווען אַ מידער. איך האָב זיך געלייגט שלאָפן אַכט אַזייגער, ווייל איך האָב געדאַרפט אויפשטיין האַלב נאָך צוויי פאַרטאָג.

חוץ לערנען האָבן מיר עוסק געווען אין חסידות. די דריי יאָר וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין קלויז, זיינען געווען זייער אנגענעמע. מיר האָבן עולם־הזהדיקע זאַכן ניט אינטערעסירט. איך האָב אין זיך איינ־געזאַפּט דעם גייסט פון תורה און חסידות. איך האָב געלעבט מיט שיינע חלומות און האָפנונגען און געגלויבט אין ביאת משיח. אין יאָר תרס״ה איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז אין דעם יאָר וועט קומען משיח. ווי אַזוי דער קלאַנג האָט זיך פאַרשפּרייט געדענק איך ניט. אָבער אין קלויז האָט מען באַוויזן מיט פּסוקים פון תנ״ך אַז תרס״ה (1905) איז שנת הגאולה. דאָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן רעש צווישן אונדז. מיר האָבן געציילט די מינוטן מיר זאָלן שוין הערן שופר של משיח. דער יאָר איז פאַרביי, משיח איז ניט געקומען. דאָס האָט אונדזער גלויבן און בטחון אין גאָט

און משיח ניט געענדערט. מיר האָבן עס אָנגענומען אַז דער דור האָט עס ניט דעם ווערט, אַז משיח זאָל קומען אין דער צייט.

פון שטיפערייען און נאַרישקייטן זיינען מיר געווען זייער ווייט. מיר האָבן זיך מיט אַזעלכע זאַכן ניט אָפּגעגעבן, אַפילו ניט מיט שיחת חולין חוץ אום חנוכה ווען מיר האָבן עטלעכע שעה אין טאָג מבטל געווען פון לערנען און געשפּילט אין קוויטלעך (קאָרטן) אָדער צוגעקוקט ווי אַנדערע שפּילן. איך בין געווען פון די לעצטע, ווייל איך האָב קיינמאָל קיין געלט ניט געהאַט און אָן געלט קאָן מען אין קוויטלעך ניט שפּילן. בין איך געשטאַנען און געקיבעצט. אָפּטמאָל האָט דער, לעבן וועמען איך בין געשטאַנען און אַריינגעקוקט אין זיינע קוויטלעך, פאַרלוירן יעדן קאָן. פּלוצים האָט ער זיך ווי אויפגעכאַפּט פון שלאָף, אויסגעדרייט זיך צו מיר און געזאָגט אויפן הויכן קול „טראָג זיך אָפּ פון דאַנען דו שלים שלימזל, דו ביסט ניט מזלדיק, צוליב דיר פאַרליר איך". האָב איך זיך תכף אָפּגע־טראָגן נאָך דעם האָט מיך שוין קיין איינציקער פון די שפּילער ניט געלאָזט שטיין לעבן זיך.

די איינציקע צייט וואָס מיר האָבן מבטל געווען פון לערנען און זיך אָפּגעגעבן מיט שטיפעריי, איז געווען די ערשטע צוויי וואָכן אין חודש אדר. באַלד דעם טאָג פון ראש חודש אדר, האָט מען אין קלויז, און אויך אין אַלע בתי תפלות אויפגעהאַנגען פיר טאָוולען אויף מזרח וואַנט, מיט די אויפשריפטן פון די פיר ווערטער: „משנכנס, אדר, מרבים, בשמחה". איין וואָרט אויף יעדן טאָוול. פאַר אונדז קלויז בחורים איז עס געווען ווי אַ סיגנאַל אָנצוהייבן פריילעכע שטיק, מאַכן שמחות. וואָס פאַר אַ שמחות משטיינס געזאָגט, קאָנען מיר בחורים האָבן אין קלויז? האָבן מיר נאָכגעפאָלגט אַן אַלטן מנהג פון שטיפעריי וואָס איז שוין יאָרן אַלט. מיר האָבן געמאַכט אַ „משנכנס". געטאָן האָבן מיר עס אַזוי: מיר האָבן אין דער פרי פאַראורטיילט איינעם, שלא בפניו, פאַר אַ משנכנס, אָפּט צוויי אָדער דריי, לויט די משנכנס־קאַנדידאַטן וואָס האָבן זיך גע־פונען אין קלויז. ווען די צייט איז געקומען, זיינען מיר דעם חברה־מאַן באַפאַלן, אַכט אָדער צען בחורים אויף איין מאָל צוויי האָבן געהאַלטן די הענט, צוויי די פיס, די איבעריקע האָבן אים צוגעטראָגן צום שולחן וואָס איז געשטאַנען אין מיטן קלויז, דער בעל דבר איז געווען הילפלאָז, ער האָט ניט געקאָנט ביישטיין צען מענטשן. אויפן שולחן האָט מען אים געלייגט מיטן „הינטן" אַרויף, און יעדער האָט דערלאַנגט וויפיל קלעפּ ער האָט געקאָנט אויפן „ווייכן אָרט" און דערביי געזונגען „משנכנס אדר מרבים בשמחה". נאָך די קלעפּ האָט מען אים געלאָזט ליגן אויפן שולחן,

און מיר האָבן זיך אַלע צוריקגעצויגן. מיר האָבן דערבײַ געלאַכט אין די פויסטן. דער בעל דבר איז געבליבן ליגן אויפן שולחן עטלעכע מינוט, ביז ער איז צו זיך געקומען. ווען ער איז אַראָפּ פון שולחן האָט ער קוים געקאָנט גיין און אויך ניט געקאָנט „זיצן" פאַר אַ ווײַלע. דער אָנפאַל אויף אים איז געקומען אַזוי פּלוצים, אַז ער האָט ניט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז. איך אַליין בין אַמאָל געווען אַ קרבן פון אַזאַ משנכנס איבערפאַל. איך וועל עס ניט פאַרגעסן ווי לאַנג איך לעב.

אום ל"ג בעומר האָבן מיר קלויז בחורים געפּראַוועט די יאָרצײַט פון דעם גרויסן תנא און בעל מקובל ר' שמעון בר יוחאי. מיר האָבן עס געטאָן איבער אַ גלעזל משקה. מיר האָבן זיך צוזאַמען געגומען מיטן רויטן יאָסל בראש און זיך געלאָזט גיין אַרויס אויף דער באָשניע. דאָס איז געווען אַ מהלך פון דער קלויז, אַביסל אויסער דער שטאָט, ווײַט נאָך דער בלאָניע. דאָרט איז געווען אַ יידישע קרעטשמע, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט מיט די געשמאַקע גאָמולקעס, גוטע סמעטענע און זויער מילך. מ'האָט דאָרט אויך סערווירט גוטן בראַנפן, ראזאליס און אָקאַטשימער ביר. מיר האָבן פאַרנומען אַ טיש דרויסן אונטער אַ בוים, געגעסן גאָמולקעס, אַרבעס און פאַרטרונקען מיט ביר, און גערעדט פון די גרויסקייט פון דעם גרויסן צדיק דעם מחבר פון זוהר' ר' שמעון בר יוחאי. איך געדענק ווי דער רויטער יאָסל האָט אַמאָל בײַ אַזאַ יאָרצײַט פאַרצערט פינף גלעזער ביר אָן שום עפעקט. מיר האָבן שפּעטער גע־זונגען דעם זמר „איום נכבד" אויך „בר יוחאי". ווען מיר זײַנען צוריק געקומען אין קלויז איז שוין געווען זמן מנחה.

מיר האָבן אויך אָפּגעהאַלטן די יאָרצײַטן פון אַנדערע גרויסע רבנים. אַלס אַן אָנהענגער פון ריזשינער־סאַדיגערער חסידות, האָב איך אָפּגעהיט די יאָרצײַטן פון די רבנים פון דער דאָזיקער גזע. איך בין אָפט געגאַנגען צו די יאָרצײַטן אין דער רימאַנאָווער קלויז, וואו עס האָבן אויך געדאַוונט פיל סאַדיגירער חסידים. זייט דער ריזשינער האָט זיך משדך געווען מיט רימאַנאָווער רבין ר' הירש וואָס האָט געהאַט אַ טאָכטער וואָס איז אַלט געווען דרײַ יאָר, און ר' ישראלטשע ריזשינער האָט געהאַט אַן אייניקל, ר' אָשרל. אָט דער שדוך האָט פאַרבונדן די צוויי גזעס.

קומענדיק אין דער רימאַנאָווער קלויז, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ פּלאַץ לעבן אשר זילבערס הייזער זײַנען שוין אין פּאָליש געשטאַנען צוויי פּעסלעך ביר מיט אַ סך אַרבעס, אויך פיל ברויט מיט הערינג. באַלד נאָך מעריב האָט מען אויסגעשפּרייט עטלעכע טישן צוזאַמען. מהאָט זיך אַנידערגעזעצט אַרום די טישן. די אַטמאָספערע איז געווען וואַ־

רעם און ברודערלעך, וואָס נאָר חסידים פון ריזשין־סאַדיגערע קאָנען שאַפן. דאָס טרינקען לחיים און דאָס ווינטשן האָט יעדן דאָס האַרץ דער־קוויקט, עס זיינען געווען דברים היוצאים מין הלב. געוואונטשן האָט מען ניט פאַר זיך, נאָר פאַרן רבין. דער רבי זאָל האָבן אריכת ימים ושנים אַז דער זכות פון בעל היאָרצייט, זאָל מגין זיין אויף אַלע.

נאָכן לחיים האָט איינער פון די ראשי המדברים דערציילט וואונדער־לעכע מעשיות פון דעם נפטר, וואָס האָט יעדן פון די צוהערער געהאַלטן געשפּאַנט. עס האָט אַריינגעבראַכט אַ ליכטיקייט און פרייד אין זייערע הערצער. איך איך בין געזעסן און אויפגעשטעלט מויל און אויערן און געשלונגען יעדעס וואָרט פון די ספּורי צדיקים.

איך בין אויך אָפּט געגאַנגען צום יאָרצייט זיך, אין דעם ביאַנער קלייזל. אויך דאָרט זיינען מיר געזעסן איבער אַ גלעזל משקה. דאָס טרינקען לחיים איז געווען ווארעם און ברידערלעך, וואָס נאָר סאַדיגערער חסידים קאָנען אַרויסברענגען. מיר האָבן געהאַט אַן עונג רוחני, זיצנדיק דאָרט צוזאַמען. אונדזערע אויגן זיינען געווען אָנגעשטעלט אויף דעם ראש המדברים. פון די צוהערער האָט זיך אָפּט געהערט דער טיפער סאַדיגערער קרעכץ. ער האָט דערציילט וואונדערלעכע פאַסירונגען פון דעם בעל היאָרצייט.

איך געדענק אויך דעם יאָר ווען דער ביאַנער צדיק ר׳ איטציניו איז קראַנק געוואָרן. איינער פון די ריישער איז דאַמאָלט געווען אין ביאַן, דאָס איז געווען דער פאָטער פון דעם באַרימטן ריישער דיכטער נחום שטערנהיים. יעדן טאָג זיינען געקומען פון אים דעפּעשן ווי דער רבי פילט זיך. מיר, ביאַנער חסידים, האָבן זיך דאָס זייער גענומען צום האַרצן. אָנשטאָט זיצן אין קלויז און לערנען, בין איך דאַמאָלט יעדן טאָג געקומען אין ביאַנער קלייזל, אויסצוגעפינען ווי דער רבי פילט און אויך זאָגן תהלים. זיצנדיק ביים תהלים איז פּלוצים אָנגעלאָפן שטערנ־היימס טאָכטער מיט אַ דעפּעשע אין האַנט. ר׳ בערל מעלער, דער פירער פון די ביאַנער חסידים, האָט די דעפּעשע שנעל איבערגעלייענט. בלויז צוויי ווערטער, געשריבן אין לאַטיינישע בוכשטאַבן: „גוואַלד רחמים״. צווישן די אָנוועזנדיקע אין דער ביאַנער קלויז האָט אויסגעבראָכן אַ יללה, מיט אַ געבראָכן געמיט האָבן מיר תכף ווידער אָנגעהויבן זאָגן תהלים און געבעטן פאַרן רבינס געזונט. אַ טאָג שפּעטער איז ווידער געקומען אַ דעפּעשע אַז דער רבי איז נסתלק געוואָרן. אַ שווידער האָט יעדן אַרומגענומען. אַ טרויער איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף די פּנימער פון די ביאַנער חסידים ביז איבער די שלושים.

אַלס אַן איבערגעבענער קלויז בחור האָב איך, פּונקט ווי אַלע בחורים, אָפּגעגעבן די מערסטע שעה פון טאָג צום לערנען. איך האָב זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פון אַלעס וואָס האָט מיטן פּרומען יידישקייט קיין שייכות ניט געהאַט. ספרים חצונים האָב איך אין האַנט ניט גענומען. חוץ דעם מחזיקי הדת, וואָס מיינער אַ קלויז־חבר, חיים שוחטס, דער זון פון ר׳ הירש שוחט האָט מיר אָפּט געבראַכט אין קלויז צום לייענען, האָב איך קיין אַנדערע צייטונג ניט אָנגעקוקט. ווי איך האָב געשריבן אין פריערדיקע קאַפּיטלען, איז אין ריישע דערשינען אַ יידישע וואָכן צייטונג. אויך האָט מען אין די טראַפיקן פאַרקויפט דעם לעמבערגער יידישן טאַגבלאַט און אַנדערע יידישע און העברעאישע צייטשריפטן וואָס זיינען דאַמאָלט דערשינען.

פאַר אַ קלויז־בחור איז דאָס אויבנדערמאָנטע לייען מאַטעריאַל געווען פאַרבאָטן. בלויז דאָס לייענען פון אַ יידישער צייטונג איז באַטראַכט געוואָרן פאַר אפיקורסת. פון השכלה ביכער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ציוניזם איז געווען טרף־פסול. אויב אַ בחור האָט אָנגענומען דעם ציוניסטישן אידעאַל, האָט מען אים אַרויסגעשטויסט מחוץ למחנה. די בחורים האָבן מיט אים קיין שום פאַרקער ניט געהאַט פּונקט ווי ער וואָלט געלעגן אין חרם.

דער רויטער יאָסל איז אָפּט געפאָרן צו אַ רבין פון דער סאַנצער גזע. נח איז אויך געפאָרן קיין ביאַן. ווי איך האָב פריער געשריבן, האָב איך אויך זייער חשק געהאַט צו פאָרן קיין ביאַן, איך האָב עס אָבער זיך ניט געקאָנט דערלויבן צוליב דעם וואָס מיין פאָטער איז קיין חסיד ניט געווען און ער וואָלט מיין חסידות אויף קיין פאַל ניט פינאַנסירט. איך האָב פון דעם געהאַט גרויס חלושת הדעת, איך האָב אָבער קיין ברירה ניט געהאַט. איך האָב זיך צופרידן געשטעלט מיט מיינעם אָפטן גיין צום רבין ר׳ לאָזערל וואָס האָט מיר פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט. אַמאָל אויך צו די אַנדערע רבנים וואָס האָבן שפּעטער אין ריישע געוואוינט, וועמענס דרך החסידות האָט מיך ניט צופרידנגעשטעלט. אויך ווען עס איז אַמאָל געקומען איינער פון געסט־רבנים, דאַמאָלט האָב איך זיך געפילט גליקלעך. איך בין ביי זיי אָפּגעלעגן די גאַנצע צייט וואָס זיי זיינען געווען אין ריישע, אויך ביי די שבת־טישן, צוקוקנדיק זיך צו זייער דרך עבודה און דערפון געהאַט אַן עונג רוחני.

נאָכדעם ווען נח און מענדל האָבן דורכגעפירט די אַטאַקע אויף די שויבן פון דער וואוינונג פון הרב לעווין און זיינען פון שטאָט פאַר־שוואונדן, איז אונדזער כיתה פון לערנען איבערגעבראָכן געוואָרן. נח

האָט מיט אונדז ניט מער געלערנט. עס האָט ניט לאַנג גענומען און יאָסל איז אַ חתן געוואָרן און אויך שפּעטער חתונה געהאַט. ער איז אויפגע־נומען געוואָרן אַלס אַ רב אין אַ שטעטל, ווי איך האָב פריער געשריבן. איך האָב זיין דאַמאָלט געלערנט אַליין פאַר זיך אין קלויז.

אין די פריערדיקע קאַפּיטלען האָב איך געשריבן אַז מיין שוועסטער צילע האָט צוביסלעך איינגעפירט רעפאָרמען אין אונדזער הויז־לעבן. דאָס האָט אונדזער פאָטער ניט געשמעקט (מיר אוודאי ניט). ער איז אָבער געווען מאַכטלאָז צוליב דעם, ווייל די מוטער האָט דאָס מאָל גע־האַלטן מיט דער שוועסטער. ניט ווייל זי האָט זיך אָפּגעלאָזן פון אָרטאָ־דאָקסישן וועג, ניין. נאָר פּשוט דערפאַר וואָס זי האָט צוביסלעך איינגעזען אַז די שוועסטער איז גערעכט. זי האָט מיט דער שוועסטערס איינריידן זיך איבערגעצייגט, אַז דאָס קלויז־בחוריי וועט מיך צו קיין תכלית ניט ברענגען; אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ פאַנאַטישער חסיד אָן וועלכער וועלט־בילדונג און וואָס וועט זיין מיין סוף? די מוטער האָט צילען זייער ליב געהאַט צוליב אירע גוטע מעלות, איר איבערגעבנקייט צו דער מוטער און צום הויז, אויך צוליב איר בילדונג. זי האָט שוין דאַמאָלט געהאַט געמאַכט די מאַטורע אין שקאָלע. זי איז אויך געווען אַ בילד־שיינקייט און כאָטש זי איז אַלט געווען פופצן יאָר, איז זי שוין געשטאַנען אין שדוכים. די מוטער האָט פאַר דער שוועסטער געהאַט אַ גרויסע אַכטונג און ניט געהאַט דעם מוט איר אַנטקעגן צו שטעלן זיך. צילע האָט זיך איינגעשפּאַרט אַז די יינגלעך מוזן גיין אין שקאָלע פּונקט ווי די מיידלעך און אַזוי איז עס געווען. זי האָט איינגעשריבן די ברידער משה און יאָסל אין שקאָלע. ניט נאָר דאָס — זי איז געגאַנגען נאָך ווייטער — די דערמאָנטע צוויי שקאָלע ברידער האָבן ניט געטראָגן קיין פּאות.

איך, אַלס עקסטרעמער חסידישער קלויז בחור האָב עס ניט געקאָנט פאַרנעמען. עס האָט מיר זייער וויי געטאָן. פאַר מיר איז עס פּשוט געווען אַ טויט קלאַפּ. איך בין אָבער געווען הילפלאָז. איך האָב אפילו ניט געוואגט צו פּראָטעסטירן קעגן דעם. טאָמער וואָלט איך עס יאָ געטאָן, וואָלט מיר קיין צרות ניט געפעלט. מיין מוטערס שטעלונג צו מיר איז ניט געווען קיין סימפּאַטישע. זי האָט אויף מיר געקוקט מיט קרומע אויגן אָן וועלכן רעספּעקט, ווייל, ערשטנס, וואָס בין איך דאַמאָלט געווען? אַ קלויז בחור, וואָס ביי איר איז עס געווען „אַ באַנק־קווע־טשער", אָן וועלכער בילדונג. ש"ס ופּוסקים האָבן זיי ניט אנערקענט אַלס אַ בילדונג. צווייטנס, האָט די מוטער מיט עטלעכע חדשים פריער, אונ־

טער דעם דרוק פון דער שוועסטער, פאַר מיר געדונגען אַ סטודענט פון גימנאַזיע, ער זאָל מיר געבן לעקציעס אין פּויליש. ניט האָבנדיק קיין ברירה און אויך צוליב שלום בית, האָב איך מסכים געווען צו לערנען ביים סטודענט. אָבער נאָך אַ חודש צייט האָב איך עס אויפגעגעבן. בע־סער געזאָגט, דער לערער האָט מיך אויפגעגעבן, ווייל ער האָט איינ־געזען אַז זיין צייט און אַרבעט איז אַרויסגעוואָרפן. ווייל איך האָב פּשוט ניט געוואָלט לערנען. איך האָב דאַמאָלט געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער אַטמאָספערע. מילא דאָס לערנען פּויליש, האָב איך ווי עס איז אויפגענומען. איך האָב דאָך געהאַט אַ גוטן קאָפּ, אָבער די לעקציעס וואָס ער האָט מיר געגעבן צו שטודירן איבערן טאָג, האָבן פאַרנומען צו פיל צייט. עס האָט מיר געשטערט אין מיין לערנען. אנשטאָט גיין אין קלויז לערנען אַ בלאַט גמרא בין איך געווען פאַרקויפּט צו זיצן אין דער היים. שטו־דירן אַ פּוילישע פּאָעמע כדי צו קאָנען עס אויסנווייניק.

איך האָב אָנגעהויבן אויספעלן אין קלויז יעדן נאָכמיטאָג. מיינע חברים האָבן עס באַמערקט און געפרעגט, וואָס קומט עפּעס פאַר וואָס איך קום שוין עטלעכע טעג ניט צום לערנען נאָכמיטאָג. איך האָב פאַר זיי ניט געוואגט צו דערציילן די אורזאַך. נאָך דאָס האָט מיר געפעלט. זיי וואָלטן מיר באַטראַכט אַלס אַ פּורץ בגדר, זיי וואָלטן מיך אַרויסגעשטויסן מחוץ למחנה. אויך האָט זיך דאָס גאַנצע פּוילישע לערנען מיר ניט געלייגט אין קאָפּ. איך האָב געדאַרפט זיצן יעדן טאָג שטונדן לאַנג צו שטודירן פּוילישע ווערטער אין אַ צייט, ווען מיין מוח איז געווען אָנ־געזאַפּט מיט תלמוד און חסידות. איך בין יעדן טאָג געבליבן מער ריק־שטענדיק מיט מיינע פּוילישע לעקציעס, האָט דער סטודענט געזאָגט דער מוטער אַז עס איז אַ שאָד איר געלט און זיין צייט. מ׳האָט אים באַצאָלט פאַר אַ חודש און שוין. אויס פּוילישע לעקציעס.

דאָס אויפגעבן די פּוילישע לעקציעס האָט זייער פיל פאַרשאַרפט די באַציאונגען פון דער מוטער און שוועסטער צו מיר. עס איז געקומען צו אַן אָפענעם ווידערשטאַנד פון מיינע עלטערן און די שוועסטער קעגן מיר. איך זאָג „מיינע עלטערן״, ווייל אויך דער פאָטער איז צוגעשטאַנען צו זייער צד. איך בין געוואָרן דאָס „שוואַרצע שעפסל״ אין דער פאַמיליע. ווען זיי וואָלטן געווען באַטראַכט מיין דאַמאָלסטדיקע לאַגע פון פּראַק־טישן שטאַנדפּונקט, וואָלטן זיי גלייך איינגעזען, אַז זיי זיינען אין דעם די הויפּט שולדיקע, דערפאַר ווייל אַזוי האָבן זיי מיך דערצויגן. צוריק צו גיין איצטער איז געווען אַביסל צו שפּעט. איך בין ווייטער אָנגע־גאַנגען מיט מיין דרך החסידות, און זיך געהאַלטן וואָס מער טיפער אינעם

אָרטאָדאָקסישן לעבן. איך האָב אָפּגעהיט דאָס יידישקייט, לויט מיין מענטשלעכן יכלות. איך בין אַפילו געלאָפן אין מקוה יעדן פרימאָרגן.

דער ווידערשטאַנד צו מיר מצד דער פאַמיליע אין דער היים, איז פאַר מיר געוואָרן ערגער פון טאָג צו טאָג. ניט נאָר די עלטערן און די עלטערע שוועסטער, נאָר אויך דאָס קליינוואַרג האָט מיר געוואָרפן שטעך־ווערטער זיי האָבן מיך גערופן חסידל. כאָטש איך האָב עס ניט באַטראַכט פאַר אַ באַליידיקונג, פאַרקערט, איך האָב פון דער אנערקענונג גראָד הנאה געהאַט. מיר האָט בלויז געאַרט וואָס זיי האָבן אַזאַ שיינעם נאָמען ווי „חסידל" אָנגענומען אַלס אַ באַליידיקונגס־וואָרט. זייער שטעלונג צו מיר האָט מיר זייער פיל צרות פאַרשאַפט. אין הויז האָב איך ניט געהאַט מיט וועמען אַ וואָרט צו ריידן. אָפט מאָל האָב איך ניט גע־קאָנט זיצן מיט זיי צוזאַמען ביים עס־טיש.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַן אינצידענט, וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אין דער היים אום הושענה רבה תרס"ה (1905). ביי די אָרטאָדאָק־סישע און חסידישע יידן איז געווען אַ מנהג, צו זיצן אין קלויז אָדער אין אַנדערע בתי תפלות די גאַנצע נאַכט פון הושענה רבה און עוסק זיין זיך בתיקון ליל הושענה רבה. מיין פאָטער האָט פון דעם ניט געהאַלטן. ער איז געווען ווייט פון חסידישן דרך. פונקט ווי ער האָט ניט געהאַלטן פון אַ רבין. געדענק איך דעם הושענה רבה נאַכט, בין איך געבליבן אין קלויז מיט נאָך עטלעכע בחורים און אויך אַ גרויסן עולם יידן. מיר זיינען דאָרט געזעסן די גאַנצע נאַכט, געזאָגט תיקון מיט התמדה, ביז אַרום פינף אַזייגער פאַרטאָג. מיר זיינען נאָכדעם אַלע געגאַנגען אין מקוה זיך טובלען, פון דאָרט איז יעדער געגאַנגען אַהיים זיך מכון זיין צו דאַווענען מיט הושענות און אויסבעטן אַ גמר טוב.

אַריינקומענדיק אין קיך איז שוין געווען זעקס אור אין דער פרי. איך בין געווען זייער מיד פון ניט שלאָפן די גאַנצע נאַכט. איך האָב געטראָפן דעם פאָטער שטיין אין קיך זיך געשאָקלט זאָגנדיק תפלת השחר. ער האָט ניט אַ מאָל אַ קוק געטאָן אויף מיר. איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין אין שלאָף־צימער, כדי ניט צו שטערן די מוטער און די קינ־דער וואָס זיינען נאָך געשמאַק געשלאָפן. האָב איך זיך אַ מידער, געזעצט אין אַ זייט אין קיך.

אַרום זיבן אַזייגער האָט זיך געעפנט די טיר פון שלאָף־צימער, עס איז אַריינגעקומען די מוטער. זי איז נאָר וואָס אויפגעשטאַנען. דערזעענ־דיק מיר זיצן, איז זי געוואָרן שטאַרק אין כעס, דערפאַר ווייל איך בין

געװען אַװעק די גאַנצע נאַכט מיט חסידים. זי איז בליץ־שנעל צוגעלאָפן צו מיר און מיר דערלאַנגט עטלעכע פּעטש.

װאָס מיט מיר איז דאַמאָלט געשען װײס איך ביז הײַנט ניט. איך געדענק בלויז, אַז װען איך בין געקומען צו זיך, בין איך געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, באַשפּריצט מיט װאַסער, מײַן פּנים און מלבושים זײַנען געװען נאַס, אַרום מיר זײַנען געשטאַנען די עלטערן, די קינדער און אויך עטלעכע שכנים.

װי איך האָב זיך שפּעטער דערװואוסט, בין איך אַװעקגעפאַלן חלשות, ניט פון די פּעטש נאָר פּשוט פון מידקייט, און אויך דערפאַר װײַל איך האָב די גאַנצע נאַכט ניט געפּילט מיט אַלעמען. אין הויז איז געװאָרן אַ גװאַלד, אַלע אין הויז זײַנען זיך צוזאַמענגעלאָפן, אויך שכנים. עס האָט גענומען עטלעכע מינוט ביז מ'האָט מיך דערמינטערט. נאָכדעם, װען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך זיך זײער שטאַרק צעװײנט.

איך האָב דאַמאָלט געהאַט אַ פאַרשטערטן הושענה רבה, אויך שמיני עצרת און שמחת תורה. גײענדיק צום דאַװנען, אויך זיצנדיק אין קלויז, בין איך געװען זײער צערודערט. איך בין געקומען צו דער איבערצײַ־גונג אַז איך קאָן אַזאַ סאָרט לעבן לענגער ניט פירן. עס איז געקומען די צײַט, װען איך מוז אײנמאָל פאַר אַלע מאָל באַשליסן, ענטװעדער צו בלײַבן אַ קלויז בחור און לײַדן, אָדער איבערגײן צום מאָדערנעם װעג פון לעבן און קומען צו אַ תכלית. אויב איך װעל אָנגײן מיט מײַן קלויז־בחוריש לעבן, װעט עס פירן דערצו, אַז איך װעל געצװאונגען זײַן צו פאַרלאָזן מײַן הײם, מײַנע עלטערן, שװעסטער און ברידער, אַװעקגײן ערגעץ װאו אין אַ ישיבה, לעבן עלנט און עסן טעג אָדער אפשר גאָר װערן אַ יושב בײַ אַ חסידישן רבין און לעבן פון קצבה. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת האָב איך באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די קלויז, זיך אײַנאָרדנען אין אַ נײַ לעבן, מיט נײַע מענטשן, אָנהויבן לערנען װעלטלעכע בילדונג און מאַכן אַן ענדע צו די אָנגעשטרענגטע באַציאונגען צװישן מײַנע עלטערן און מיר. איך װעל װעגן דעם שרײַבן אין די װײַטערדיקע קאַ־פּיטלען.

# אַ חתונה אין ריישע

געווידמעט מיין שוועסטער
צילע און איר מאַן מרדכי

## די תנאים

ביי די חסידישע און אויך ביי די אָרטאָדאָקסישע יידן אין יענע יאָרן איז געווען אַ מנהג, אַז ווער עס האָט געהאַט אַ זון אָדער אַ טאָכטער שהגיע לפורקן, האָט מען באַלד אָנגעהויבן זוכן שדוכים. געטאָן האָט מען עס דורך אַ שדכן. אין גאַליציע איז שדכנות געווען דער פונדאַמענט פון חתונות. אָן אַ שדכן האָט מען ניט געקאָנט קיין שידוך טאָן. יעדער שדכן פון זיין שטאָט אָדער שטעטל האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט שדכנים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך, אַזוי אַרום האָט מען אויס־געפירט די גרעסטע און בעסטע שדוכים.

דער חתן אָדער די כלה האָבן זיך ניט געזען. מ׳האָט זיי אָבער הויפט ניט געפרעגט און אויך ניט מיט זיי זיך באַראָטן. עס איז געווען קעגן דער חסידישער עטיק, אַז אַ יינגל זאָל קוקן אַ מיידל אין פנים, פון ריידן מיט אַ מיידל — דאָס אוודאי ניט. די שדוכים פאַרהאַנדלונגען זיינען אָנגעגאַנגען בלויז צווישן די עלטערן פון ביידע צדדים און די שדכנים.

נאָכדעם ווי די עלטערן פון דער כלהס צד האָבן זיך צוגעהערט צו די לויב־געזאַנגען פון שדכן פון חתנס צד, האָט מען עס איבערגערעדט און באַשלאָסן צו פאָרן אָנקוקן „די סחורה״. דער פאָטער פון די כלה, איז געווען הויפטזעכלעך פאַראינטערעסירט צו וויסן אויב דער חתן „קאָן לערנען״. דאָס איז געווען דאָס וויכטיקסטע פון אַלעס. נאָך אַ לאַנגער באַ־ראַטונג איז דער פאָטער געפאָרן אָנקוקן דעם חתן. אָפט איז מיט דעם פאָטער מיטגעפאָרן „אַ פאַרהערער״ דעם חתן צו פאַרהערן. נאָכדעם ווי ער האָט זיך איבערצייגט אַז די עלטערן פון חתנס צד זיינען פרומע אָפגעהיטע מענטשן און נאָכדעם ווי מען האָט דעם חתן פאַרהערט

און מען האָט פעסטגעשטעלט אַז ער איז אַ למדן, האָט מען אַראַנזשירט, אַז די עלטערן פון חתנס צד זאָלן פאָרן צו באַקאַנען זיך מיט די עלטערן פון כלהס צד. איך שרייב „צו באַקאַנען זיך מיט די עלטערן" ווייל די עלטערן האָבן דעמאָלט געשפּילט אַ גרעסערע ראָלע ווי די כלה. אויב די מחותנים האָבן זיך ניט געפעלן, האָט דער חתן געמעגט זיין דער גרעסטער עילוי און די כלה אַ יפת תואר מיט אַלע מעלות, איז עס צו קיין שידוך ניט געקומען. אַזוי ווי דער רוב פון די חסידישע חתנים האָבן נאָך דער חתונה געגעסן קעסט ביים שווער, זיינען די עלטערן פון חתן געווען פאַראינטערעסירט מער אין דער כלהס עלטערן, זייער היים און אויך זייער עקאָנאָמישן מצב, מער ווי אין דער כלה. אויב די מחותנים האָבן זיך געפעלן האָט מען באַלד געמאַכט אַ וואָרט. די עלטערן פון דער כלה האָבן זיך פאַרפליכטעט מסלק זיין דעם נדן לויט דעם אָפּמאַך און לויט זייערע פינאַנציעלע אומשטענדן. זיי האָבן זיך אויך פאַרפליכטעט צו האַלטן דאָס פּאָרפאָלק אויף קעסט, וואָס איז געווײנלעך געווען איבער אַ פּעריאָדע פון דריי יאָר. די עלטערן פון חתנס צד האָבן זיך פאַרפליכטעט מסלק זיין די העלפט פון דער סומע פון דער כלהס נדן. אַזוי איז דער שדוך געשלאָסן געוואָרן אָן דער באַראַטונג פון חתן כלה און מ'האָט באַשטימט דעם טאָג פון די תנאים.

איבער דער צייט וואָס איך בין געווען אַ קלויז־בחור, האָבן מיר אָפט געזען ווי פאַרהערערס זיינען געקומען אין קלויז און פאַרהערט איינעם פון די בחורים. איך געדענק ווען מיר זיינען אַמאָל געזעסן און געלערנט איז אַריינגעקומען אַ פרעמדער ייד. ער איז צוגעקומען צו אונדזער טיש און געפרעגט, ווער פון אונדז איז אלישע אַבראַמאָוויטשעס זון. מיר האָבן אָנגעוויזן אויף אַ ייִנגערן בחור, וואָס איז געזעסן איבער אַ גמרא ביי אַ צווייטן טיש. מיר, חברה, האָבן באַלד פאַרשטאַנען אַז דאָס האָט אַ שייכות מיט אַ שדוך, אַז דער „בעל דבר" איז דער פאָטער פון דער כלה וואָס איז געקומען אָנקוקן די „סחורה", אָדער אַ פאַרהערער וואָס איז געשיקט געוואָרן אַהער. אַ פערטל שעה שפּעטער איז שוין דער ייד געזעסן מיטן חתן בחור איבער אַ גמרא. מיר יונגע בחורים, האָבן מיט אינטערעס זיך צוגעקוקט צום „פאַרהער". דער ייד האָט אים באַפאַלן מיט קשיות פון דער גמרא און תוספות, ער האָט אים אויך פאַרהערט יורה דעה מיט ש"כ. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פאַרהער, האָב איך געזען ווי ער האָט אים געגעבן אַ שרייב־הענטל מיט אַ שטיקל פּאַפּיר, און אים געהייסן עפּעס אָנשרייבן. דער בחור איז ביי־געשטאַנען דעם נסיון, ווייל איך האָב געזען ווי אויף דעם יידנס פּנים

איז אויסגעשפּרייט אַן אנגענעמער שמייכל, אַ סימן אַז ער איז צופרידן מיט דער סחורה. ווען אלישע אַבראַמאָוויטשעס זון איז אין עטלעכע טעג אַרום געקומען אין קלויז לערנען, האָט פון זיין וועסטל קעשענע אַראָפּ־געהאַנגען אַ גראָבע גאָלדענע קייט. מיר האָבן אים אַלע געוואונטשן מזל טוב.

נאָכדעם ווען אונדזער ברודער יעקב איז געבוירן, זיינען מיר געווען ניין קינדער אין הויז. פינף מיידלעך און פיר יינגלעך. עס האָט דאַמאָלט געבלאָזן אַ ניי ווינטל אין אונדזער פאַמיליען־לעבן. אונדזער שוועסטער צילע איז אַלט געוואָרן 14 יאָר. ביי אונדזערע עלטערן האָט זי דערגרייכט די כלה־יאָרן. זיי האָבן זי געוואָלט חתונה מאַכן, לויט דעם דאַמאָלסטדיקן מנהג. אַ מיידל פון צוואַנציק יאָר איז דאַמאָלט פאַררעכנט געוואָרן אַלס אַ פאַרזעסענע אָדער אַן אַלטע מויד. אונדזערע עלטערן האָבן ניט גע־וואָלט פאַרלירן קיין צייט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט שדכנים. עס זיינען יעדן טאָג געקומען שדכנים און פאָרגעלייגט שדוכים פון פאַרשידענע שטעט.

פון אַלע ריישער שדכנים איז ר׳ יידל מילער געווען דער מער באַוואוסטער. ער איז געווען אַ ברייטער, פעסט־געבויטער ייד אין די פופציקער, אַ סאַדיגערער חסיד. אויך ער איז אָפט אַריינגעקומען צו אונדז אין הויז און פאָרגעשלאָגן שדוכים, צווישן זיי אַ שדוך מיט אַ סאַנצער יונגן מאַן, אַ זייער פעאיקער געשעפטסמאַן, פון חסידישע עלטערן וואָס פירן אַ גרויס געשעפט פון טאַר פּראָדוקטן און דער חתן בחור פירט טאַקי דאָס געשעפט. ער איז פון הויכער אינטעליגענץ און באַהערשט גוט די לאַנדסשפּראַכן, ער איז אַ מאַן מיט אַלע גוטע מעלות. דעם פאָטערס נאָמען איז ר׳ ברוך שטערן. דעם יונגן מאַנס נאָמען — מרדכי, גערופן האָט מען אים מאָטל. צוהערנדיק די גוטע מעלות פון דעם יונגן מאַן וואָס ר׳ יידל מילער האָט אָנדערציילט האָבן די עלטערן איינגע־שטימט, אַז מ׳זאָל אַראַנזשירן אַ צוזאַמענקונפט. ר׳ יידל שדכן האָט זיך איבערגעשריבן מיטן סאַנצער שדכן, עס זיינען געפלויגן דעפּעשן הין און צוריק. ענדלעך האָט מען באַשלאָסן אַז אונדזער מוטער און פאָטער זאָלן פאָרן קיין סאַנץ צו באַקאַנען זיך מיט דער פאַמיליע און אָנקוקן דעם חתן־בחור.

זייער צוריקקומען פון סאַנץ אַהיים איז ניט געווען מיט דעם זעלביקן ענטוזיאַזם ווי דאָס פאָרן קיין סאַנץ. עס איז זיי דאָרט גראָד אַלץ געפעלן. די עלטערן זיינען געווען זייער אָרטאָדאָקסישע מענטשן, דער מחותן ר׳ ברוך האָט געהאַט אַ שיינע באָרד און פאות. די מחותנתטע האָט געטראָגן

אַ חסידישן שייטל. זי האָט אויסגעקוקט מער ווי אַ רביצין ווי אַ סוחרטע. דאָס איינציקע וואָס האָט אונדזער פֿאָטער אָפּגעקילט איז געווען דער פֿאַקט, וואָס דער יונגער מאַן האָט זיך געטראָגן דײַטשמעריש געקליידט. ער האָט ניט געהאַט קיין באָרד און פּאות, אויך ניט קיין סימן פֿון ייִדישקייט.

דער פֿאָטער האָט באַלד אַרויסגעזאָגט זײַן מיינונג. עס וואָלט ניט געפּאַסט פֿאַר אים צו ברענגען מיט זיך אין קלויז צום דאַווענען אַן איידעם אַ גלוח, כאָטש די מוטער האָט מיט אים ניט איינגעשטימט, האָט זי זיך מיט אים ניט געוואָלט אײַנרייסן און האָט קעגן זײַן מיינונג ניט אַרויס־געטראָטן. די שוועסטער די כּלה־מיידל, האָט מען איבערהויפּט ניט גע־פֿרעגט. מ׳האָט אַפֿילו מיט איר וועגן דעם ניט גערעדט. ס׳איז געבליבן, אַז מ׳זאָל פֿון סאַנצער שדוך פֿאַרגעסן און פֿאַרטיק.

ווען ר׳ יידל שדכן איז דעם צווייטן טאָג געקומען אויסגעפֿינען וואָס מהאָט באַשלאָסן וועגן דעם שדוך, האָט אים דער פֿאָטער דערקלערט זײַן מיינונג און באַשלוס. איז אָבער ר, יידל מילער געווען אַ שדכן פֿון אַלטן קלאַס, אַ כיטרער ייִד מיט אַן אײַזערנעם געשעפּטס קאָפּ. האָט ער זיך אַנידערגעזעצט ריידן מיטן פֿאָטער עטלעכע שעה, און אַזוי לאַנג גערעדט, ביז ער האָט אים „פֿאַרקויפֿט די סחורה״. איך בין גראַד גע־קומען אַהיים פֿון קלויז, ווען ר׳ יידל איז שוין געשטאַנען בײַ דער טיר גרייט צום אַוועקגיין האָב איך געהערט, ווי ער זאָגט צום פֿאָטער „איך גיי שוין קלאַפּן אַ דעפּעשע קיין סאַנץ אַז דער חתן און מחותּנים זאָלן קומען נעקסטע וואָך זען די כּלה״. און אַזוי איז געבליבן.

אין אַ באַשטימטן טאָג זײַנען אָנגעקומען די סאַנצער געסט. די קינדער האָט מען אַרײַנגעפּאַקט אין קיך אונטער מײַן אויפֿזיכט. מײַן אויפֿגאַבע איז געווען אַכטונג צו געבן עס זאָל זײַן שטיל. ענדלעך איז אין פֿראָנט פֿון הויז פֿאַרפֿאָרן אַ פֿיאַקער. עס זײַנען אָנגעקומען די געסט. עס איז געקומען דער חתן־בחור מיט זײַן מוטער און שוועסטער. אונדזער שוועסטער צילע איז געווען אָנגעטאָן שיין, לויט דער לעצטער מאָדע. זי איז געווען אַ שיינקייט. איך האָב מיר ניט פֿאַרגונען צו קוקן אויף איר. כאָטש איך בין געווען אַ חסידישער קלויז־בחור, האָב איך דאָך געדענקט אַז אַזוי שנעל ווי דער בחור וועט אויף איר אַ קוק טאָן, וועט ער נאָך איר אויסגיין (עס איז טאַקי אַזוי געווען).

די געסט זײַנען אַרײַנגעקומען אין דער וואוינונג. זיי האָבן באַ־קומען אַ גרויסאַרטיקע אויפֿנאַמע. מ׳האָט זיי אַרײַנגעפֿירט אין אונדזער שיינעם דעקאָרירטן סאַלאָן צימער, וואו זיי האָבן פֿאַרנומען באַקוועמע זיץ־פּלעצער און מ׳האָט גערעדט. אונדזער מוטער, אַליין אַ זייער שיינע

יונגע פרוי, — זי איז דאַמאָלט אַלט געווען 33 יאָר — האָט געפירט דאָס רעדל. זיי האָבן צוזאַמען פאַרבראַכט אַרום פיר שעה. מ׳האָט סערווירט פאַרשידענע געטראַנקען און זיסקייטן.

אַזוי ווי איך בין געווען פאַרנומען מיט די קינדער אין קיך, האָב איך דעם חתן־בחור ניט געזען. אַזוי ווי מיינע עלטערן האָבן די אנגעלעגנהייט, נאָך זייער צוריק קומען פון סאַנץ, מיט מיר ניט דיסקוסירט, האָב איך ניט געוואוסט וואָס עס קומט פאַר. איך האָב אויך ניט געוואוסט, אַז דער בחור איז אַ גלוח. איך האָב זיך אים פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע, אַלס אַ שיינער חסידישער יונגערמאַן, מיט שיינע געקרייזלטע פּאותלעך און אַ שיינע שוואַרצע בעקעשי, אַ בחור וואָס קאָן גוט לערנען און איך וועל מיט דער צייט האָבן מיט וועמען צו ריידן דברי תורה. עס איז מיר אָבער דאָך געלונגען אים צו זען, ווייל באַלד ווי זיי זיינען אַרויס פון הויז, בין איך שנעל געלאָפן צום פענצטער און געזען גראָד ווי ער איז אַריין אין פיאַקער. איך בין געבליבן שטיין אַן אַנטוישטער, כ׳האָב געזען עפּעס אַ דייטשל, אָן אַ סימן פון יידישקייט. איך האָב אָבער ניט געוואגט אַ וואָרט צו זאָגן. טאָמער וואָלט איך עס געטאָן, וואָלט מען מיר באַלד דעם פּנים פאַרפּאַטשט.

דעם צווייטן טאָג איז געקומען ר׳ יידל שדכן, אויסצואַרבעטן די פּרטים און באַשטימט די צייט פאַר די תנאים. דער פאָטער האָט זיך פאַרפליכטעט מסלק צו זיין גאַנצע פינף טויזנט קראָנען נדן. אין 1904 איז דאָס געווען אַ גרויסע סומע געלט. עס איז אויך באַשטימט געוואָרן, אַז די תנאים זאָלן פאָרקומען ביי אונדז אין הויז אין דעצעמבער. צוויי־דריי טעג פריער איז ביי אונדז אין דערהיים געווען אַן איבערקערעניש. מ׳האָט געקאָכט, געבאַקן און געבראָטן. מיט דער הילף פון די צוויי שטאָט סאַרווערס האָט מען צוגעגרייט אַ סעודה מיט כל טוב.

צום באַשטימטן טאָג האָבן זיך אַלע פאַרזאַמלט ביי אונדז אין הויז. פון חתנס צד זיינען מיט אים געקומען די עלטערן, זיינע שוועסטער און ברודער, מיט זייערע מענער און פרויען און עטלעכע נאָנטע קרובים. פון אונדזער זייט האָבן מיר איינגעלאַדן אונדזערע משפּחה און נאָענטע פריינט. עס איז אויך געקומען דער דיין. מ׳האָט אונטערגעשריבן די תנאים כדת וכדין, עס איז געוואָרן שטיל. דער דיין האָט פאָרגעלייענט די תנאים. ווען ער האָט פאַרענדיקט מיטן טראַדיציאָנעלן „מזל טוב״, זיינען פלוצים געפאַלן טעלער און גלעזער פון אַלע זייטן. מ׳האָט געהאַקט און געבראָכן אויף וואָס די וועלט שטייט. די מזל־טוב געשרייען האָט מען געהערט אין גאַס. מ׳האָט זיך צוקושט און געוואונטשן דאָס בעסטע.

די כלה האָט פון חתן באַקומען אַ שיינעם פאַרלאָבונגס רינג מיט אַ גרויסן איינגעפאַסטן בריליאַנט. אויך אַ קליין גאָלדן זייגערל מיט אַ גאָלדן קייטל אַ מעטער לאַנג, וואָס זי האָט געטראָגן אַרום דעם האַלדז. אַזאַ פרויען־צירונג איז דאַמאָלט געווען אין דער מאָדע. אונדזער פאָטער האָט אויך דעם חתן געגעבן אַ מתנה אַ גאָלדענעם זייגער מיט אַ קייט. די פאַרזאַמלטע האָבן זיך גוט אונטערהאַלטן ביי די געדעקטע טישן, געשמאַקע געבראָטענע גענדזלעך און די בעסטע געטראַנקען. אונדזער שוועסטער צילע איז מיט מזל אַ כלה געוואָרן.

# די חתונה

די פאַרבערייטונגען צו דער שוועסטערס חתונה האָבן זיך אייגנטלעך אָנגעהויבן אַ טאָג נאָך דער פאַרלאָבונג. די מוטער האָט אָנגעהויבן איינקויפן פאַרשידענע סחורות פאַרן אויסשטייער. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט ווייסע לייוונט. מ׳האָט געקויפט די בעסטע ווייסע סחורות, צוגע־שניטן פאַר ציכלעך צו באַנוצן פאַר קישנס, איבערבעטן און ליילעכער. פון פאַרטיקע זאַכן האָט מען דאַמאָלט ניט געוואוסט. מהאָט אַלעס געמאַכט צו דער מאָס און לויט דעם געברויך, און עס אַוועקגעגעבן צו אַ שניי־דערין. אונדזער שוועסטער וואָס האָט געהאַט געבענטשטע הענט האָט אויף יעדן ציכל, האַנדטוך און טישטוך אויסגעשטיקט איר מאָנאָגראַם. מאַנכע פון די ציכלעך האָט זי אויסגעשטיקט מיט קאָלירטע בלומען זייער קינסט־לעריש. זי איז טאָג און נאַכט געווען פאַרנומען מיט אָט דער האַנט־אַרבעט.

די ריכטיקע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאָג נאָכדעם ווען מ׳האָט באַשלאָסן דעם טאָג פון דער חתונה. דאַמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן אַ פיבערישע טעטיקייט פון פאַרבערייטונגען. פון די שניט־געשעפטן זיינען יעדן טאָג געקומען משרתים, טראָגנדיק אויף די אַקסלען גאַנצע שטיקער סחורות, מיט זיי איז אויך געקומען דער אויבער משרת וואָס האָט דורכגעפירט דעם פאַרקויף וואָס האָט געדויערט עטלעכע טעג. יעדן טאָג האָט מען געקויפט אַנדערע שטאָפן ביז מ׳איז פאַרטיק געוואָרן מיטן איינקויף. די שטאָפן האָט מען שפעטער איבערגעגעבן צו די בעסטע שניידער אין שטאָט. יעדן טאָג זיינען די שניידער געקומען אַהיים אָפּ־

צומעסטן די נייע מלבושים. עס האָט געדויערט איבער דריי חדשים, ביז אַלצדינג איז געוואָרן פאַרטיק.

די גרעסטע פיבערישע אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן דריי וואָכן פאַר דער חתונה. אונדזער פאָטער האָט מיט צוויי יאָר פריער פאַרקויפט דאָס שיינע הויז וואו מיר האָבן געוואוינט אויף דער טארגאָוויצע און דערביי פאַרדינט עטלעכע טויזנטער. ער האָט באַלד נאָכדעם אָנגעהויבן בויען אַ שיינע צוויי שטאָקיקע הויז אויף דעם פּלאַץ וואָס ער האָט געהאַט לעבן דעם ערשטן הויז. די נייע הויז איז געוואָרן פאַרטיק פּונקט אין דער צייט, ווען מיר זיינען געווען גרייט צו דער חתונה. מיר האָבן נאָר וואָס געהאַט אַריינגעצויגן זיך אין אונדזער נייער דירה. די הויז איז דערווייל ניט געווען פאַרדונגען האָבן מיר טאַקי באַנוצט דעם גרעסטן טייל פון נייעם הויז צו דער חתונה. דעם טאַנץ־זאַל האָט מען איינגע־ריכטעט אויפן צווייטן שטאָק, מ׳האָט פאַר דעם צוועק אויסגעקליבן די שענסטע און גרעסטע שטוב. אויך צוויי שיינע גרויסע שטיבער פאַר דעם שפּייז זאַל פאַר די פרויען. פרויען און מענער זיינען ניט געזעסן צו־זאַמען ביי איין טיש. מ׳האָט דאָרט איינגעריכטעט אַ שטוב פאַר חתן־כלה, אַ שטוב פאַר די כלי־זמרים, אַ גאַרדעראָב שטוב און אַן אויפנאַמס שטוב. אויפן ערשטן שטאָק האָט מען אַראָנזשירט פינף גרויסע שטיבער פאַר די מענער. מ׳האָט דאָרט אויסגעשטעלט גרויסע לאַנגע טישן מיט בענק פאַר דער חתונה סעודה, אַ זיץ־שטוב פאַרן חתן און דריי צימערן פאַר קאָכן און צוגרייטן די מאכלים און געטראַנקען צום טיש.

אין קעלער האָבן מיר געהאַט אַ פּלאַץ וואו מיר האָבן געכאָוועט 15 געשטאָפּטע הינדיקעס. חוץ גענדז, קאַטשקעס און עופות. זעקס טעג פאַר דער חתונה איז צו אונדז געקומען רחל די צוקערבעקערין און אָנגע־הויבן באַקן שטרודלען, טאָרטן, מאַקאַראָנען, מאַנדל קיכלעך האָניק־לעקעך און פלאָדן, אויך אייער־קיכלעך און אַנדערע זיסע בעקערייען. זי האָט אויך געבאַקן אַ ריזיק גרויסן קוילישט מיט בולקעס אין די הונ־דערטער.

דריי טעג פאַר דער חתונה זיינען געקומען די צוויי שטאָטישע סאַרווערס. דעם זעלבן טאָג האָט מען געבראַכט גרויסע לעבעדיקע פיש — קאַרפּן. די סאַרווערס האָבן געקאָכט די פיש. זייער אַרט קאָכן האָט צו זיך קיין גלייכן ניט געהאַט. געטאָן האָבן זיי עס זייער שנעל און פלינק, עס איז געווען אינטערעסאַנט צו צוקוקן. דעם זעלבן טאָג איז אויך געקומען די קעכין וואָס איז אין ריישע געווען באַוואוסט פאַר איר גוטן קאָכן. אין הויז, אויף יעדע שטאָק, איז געווען ווי אויף אַ יאַריד. אויך

איך האָב די לעצטע דריי טעג שווער געאַרבעט. איך האָב איבערגענומען די אויפזיכט איבער די מענער אָפּטיילונג און געזאָרגט דערפאַר אַז אַלץ זאָל דאָרט זיין אין אָרדענונג. איך בין, צוליב דעם, ניט געגאַנגען לערנען אין קלויז די גאַנצע וואָך. די הויפּט אַרבעט וואָס מ׳האָט מיר פאַרטרויט, איז געווען דאָס איבערקלייבן אַרבעס און אַרויסנעמען די ווערעמדיקע, וואָס יידן טאָרן ניט עסן. אָט די אַרבעט האָט פאַרנומען עטלעכע טעג און נעכט. השי״ת האָט געהאָלפן עס איז געקומען דער טאָג פון דער חתונה.

אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג זיינען מיטן יאַסלער צוג געקומען צו פאָרן דער חתן מיט אַלע מחותנים און געסט פון סאַנץ. איך האָב זיי ביי דער באַן דערוואַרט מיט אַכט באַשטעלטע פיאַקערס. מיר האָבן פאַר זיי רעזערווירט צימערן אין האָטעל קראַקאווי, אַזוי איז דאַמאָלט געווען דער מנהג. אין דער היים איז יעדער געווען פאַרנומען מיט לעצטע מינוט פאַרבאַרייטונגען. מ׳האָט אָנגעפילט אַלע בליך־לאָמפּן מיט נאַפט און אַלע לייכטער מיט ליכט ביי די טישן. די טישן האָט מען אָנגעהויבן דעקן גאַנץ פרי. מ׳האָט צוגעגרייט גרויסע רונדע באַליעס פאַר די מענער כדי זיי זאָלן זיך קאָנען וואַשן די הענט יעדעס מאָל ווען מ׳דאַרף. מ׳האָט אויך גאַנץ פרי צוגעשטעלט זעקס פעסלעך ביר, מיט הונדערטער טעלער און גלעזער. אַרום דריי אַזייגער איז אַלץ געווען פאַרטיק פאַר דער חתונה.

צוערשט זיינען געקומען די כלי זמרים און האָבן זיך איינגעאָרדנט אין זייער צימער .עס איז אויך געקומען דער שמש פון דער וואָליער שול מיט די פיר חופּה שטאַנגען און חופּה. אַרום זעקס אַזייגער איז שוין די כלה געזעסן אויף איר שטול אין טאַנץ־זאַל, וואו עס זיינען שוין געווען עטלעכע חתונה־געסט. אַרום 7 אַזייגער אָוונט זיינען געקומען צופאָרן מיט פיאַקערס דער חתן, באַגלייט פון זיין מוטער (זיין פאָטער איז מיט עטלעכע חדשים צוריק נפטר געוואָרן, ניט דערלעבט צו פירן דעם יינגסטן זון צו דער חופּה) און אַלע סאַנצער מחותנים. מיט זיי איז אויך געקומען דער דאַמאָלט וועלט־באַרימטער בדחן שייעלע סאַנצער. ער האָט געשמט אין גאַנצן לאַנד מיט זיין בדחנות. פון צווייטן שטאָק האָט מען שוין געהערט די טענער פון טאַנץ־מוזיק, וואו עס האָט געשפּילט די באַוואוסטע ריישער יידישע מוזיק־קאַפּעלע פון מאָטל קרעבס. עס איז אויך באַלד אָנגעקומען דער ריישער שטאָט־רב, הרב נתן לעווין, אויס־געפּוצט אין די שוואַרצע זיידענע מלבושים מיטן שיינעם סויבעלנעם ספּאָדיק.

אין אַ ספּעציעלן זייטיקן צימער זיינען זיך צוזאַמענגעקומען דער

פאַטער און מחותנים און אין קעגנוואַרט פון רב האָט מען אונטערגעשריבן אַלע נויטיקע דאָקומענטן, און מ׳האָט אָנגעהויבן צוגרייטן זיך צו דער חופה.

אין דעם גרויסן חופה־צימער זיינען שוין געווען פאַרזאַמלט אַ גרוי־סער עולם פון די געסט. אויף אַ בענקל איז געשטאַנען שייעלע סאַנצער און געזאָגט בדחנות מיט אַ טרויעריקן ניגון, אַז עס האָט יעדן גערירט צום וויינען. ער האָט גערעדט שיין, מיט מליצות. אויף אַ בענקל, ניט ווייט פון בדחן, איז געזעסן די מחותנתטע שרהלע שטערן און געוויינט ווי אַ קליין קינד. צו די פאַרזאַמלטע געסט האָט מען אויסגעטיילט ליכט־לעך און אויך געפלאָכטענע הבדלה ליכט. עס איז אַרונטערגעקומען די כלה און מ׳האָט דורכגעפירט די צערעמאָניע פון דעם „באַדעקן״. די כלה איז געווען געקלייט לויט דעם מאָדערנעם טראַכט. זי האָט גע־טראָגן אַ שיינע ווייסע סאַטין חופה־קלייד מיט אַ זייער לאַנגן נאָכשלעפּ, און אַ שיינעם מאָדערנעם ברוידשלייער באַפּוצט מיט מירט, אין דער האַנט האָט זי געהאַט אַ גרויסן שיינעם בוקעט שמעק־רויזן. זי האָט אויסגעקוקט ווי אַ פּרינצעסין. ביים באַדעקן האָט דער רב אַרויפגעלייגט דאָס דעק־טיכל פון דעם שלייער. ביי די חסידים האָט די כלה קיין כלה־שלייער ניט געטראָגן, באַלד נאָכן באַדעקן איז דאָס טיכל געבליבן אויף איר קאָפּ, ווייל באַלד נאָך דער חופה האָט מען ביי איר אָפּגעגאָלט די האָר.

אין מיטן דעם גרויסן צימער איז שוין געווען צוגעגרייט די חופה מיט די פיר שטאַנגען. עס האָט אָנגעהויבן שפּילן די מוזיק. דער ערשטער צו קומען צו דער חופה איז געווען הרב לעווין. די מוזיק־טענער זיינען געווען זייער טרויעריק, זכר לחורבן. צוערשט האָט מען געפירט דעם חתן צו דער חופה. ער האָט געטראָגן אַ שיינעם סויבעלנעם שטריימל, אָנגעטאָן אין שוואַרצע זיידענע מלבושים, אַרומגעהילט מיט אַ שיינעם גרויסן טערקישן טלית מיט אַ ברייטע זילבערנע עטרה. זיינע אויגן האָט ער פאַרדעקט מיט אַ ווייסן נאָז־טיכל פּונקט ווי ער וואָלט געוויינט. נאָכדעם ווי דער חתן איז שוין געשטאַנען אונטער דער חופה, האָבן די אונטערפירער צוגעפירט די כלה צו דער חופה און צו די טענער פון דער מוזיק, האָט מען מיט איר אַרומגעצירקלט זיבן מאָל אַרום דעם חתן און געבליבן שטיין ביי דער רעכטער זייט פון חתן, אין דער צייט ווען דער בדחן האָט יעדן געמאַכט וויינען מיט זיין טרויעריקן בדחנות. די פלעמעלעך פון די הונדערטער ליכט וואָס יעדער האָט געהאַלטן אין האַנט און די ברייטע פלאַמען פון די געפלאָכטענע הבדלות, האָט פאַר־

בלענדט די חתונה שטוב. הרב לעווין האָט אָנגעהויבן די חתונה צערע־מאָניע. דער חתן האָט די כלה מקדש געווען כדת משה וישראל. הרב לעווין האָט געזאָגט די ברכה ראשונה, געלייענט די כתובה און געהאַלטן אַ שיינע רעדע פאַר חתן־כלה. נאָך דעם האָט מען מכבד געווען חשובע געסט מיט ברכה אחרונה. איבער דער צייט האָט די מוזיק געשפּילט אַ וואָלעך־מע־לאָדיע מיט אַ שטילן טאָן. נאָך דער לעצטער ברכה האָט דער רב גע־בענטשט חתן־כלה. דער חתן האָט שפּעטער צעבראָכן די גלאָז, אַלע אָנוועזנדיקע האָבן אויסגעשריען מזל טוב, די מוזיק האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכס, מ׳האָט זיך צוקושט, געוואונטשן מזל טוב. עס איז געווען שמחה אויף וואָס די וועלט שטייט.

חתן־כלה האָט מען באַלד געפירט אויפן צווייטן שטאָק אין זייער צו־געגרייטן צימער. די פרויען און מיידלעך זיינען אויך אַרויף אויפן צווייטן שטאָק און פאַרנומען זייערע זיץ ביי די גרויסע עס־טישן. די מענער, האָבן זיך געוואשן צום עסן, און זיך געזעצט אַרום די צוגעגרייטע טישן אונטן אויפן ערשטן שטאָק. עס איז געווען צו עסן כיד המלך. אַ חוץ עסן האָט מען סערווירט די בעסטע געטראַנקען, בראנפן, ראזאליס, וויין און ביר. איך געדענק נאָך היינט ווי עטלעכע אָנגעזעענע יידן, חתונה געסט, האָבן איבערגעכאַפּט די מאָס ביים טרינקען. די חתונה סעודה האָט זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף אַ בענקל איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שייעלע סאַנצער. פון זיין מויל זיינען געפלויגן פּערל פון בדחנות. דאָס מאָל האָט ער גערעדט מיט אַ פריילעכן טאָן, ער האָט גערעדט צום גראָם וואָס איז געווען זייער גוט און וויציק. דער עולם האָט דערפון געלעקט די פינגער. די סאַרווערס זיינען געווען פאַרנומען ווי די בינען. די כלי־זמרים האָבן זיך איינגעטיילט אין צוויי גרופּן, איין גרופּע איז געבליבן שפּילן אויפן צווייטן שטאָק ביי די פרויען. די צווייטע גרופּע — ביים סעודה־טיש פון די מענער. דער וואָליער חזן האָט אָנגעהויבן זינגען מי־שברכס פאַר אַלע אָנוועזנדיקע, באַגלייט פון מוזיק־טענער. אַרום צוויי אַזייגער פאַרטאָג האָט מען אָנגעהויבן בענטשן און פאַרענדיקט מיט שבע ברכות. אַרום דריי אַזייגער האָט זיך דער עולם אָנגעהויבן פונאַנדערגיין. עס איז שוין געווען נאָך פיר אַזייגער ווען דער לעצטער גאַסט האָט פאַרלאָזן אונדזער הויז. דאַמאָלט האָב איך און נאָך עטלעכע פון דער פאַמיליע, וואָס האָבן געאַרבעט אַרום די געסט און די טישן, זיך געזעצט עסן. ביים עסן בין איך געווען פאַרנומען מיט די פעסלעך ביר. איך בין געווען דער ביר־צאַפּער. מ׳האָט פאַרצערט פיר און אַ האַלב פעסל אָקאָטשימער ביר. אַרום פינף אַזייגער

זיינען מיר פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט. מיר זיינען געווען שרעק־לעך מיד.

ווען מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן איז שוין געווען אַרום זעקס אַזייגער אין דער פרי. געשלאָפן זיינען מיר בלויז צוויי שעה. מיר זיינען אויפגעשטאַנען אַכט אַזייגער פרי, ווייל עס איז געווען זייער אַ סך צו טאָן. דעם טאָג נאָך דער חתונה האָבן מיר געמאַכט אַ גרויסע סעודה, איינגע־לאַדן אַלע סאַנצער מחותנים און געסט. אַלע האָבן זיך גוט אונטערהאַלטן און זיך צוגעהערט צו די שבע ברכות. די מחותנים זיינען דעם דריטן טאָג צוריק געפאָרן קיין סאַנץ. די חתונה שמחה האָט ביי אונדז אָנגע־האַלטן זיבן טעג. נאָך די לעצטע שבע ברכות זיינען דאָס פּאָר־פאָלק געפאָרן אַהיים קיין סאַנץ וואו זיי האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט.

ווען אונדזער שוועסטער צילע האָט חתונה געהאַט, איז זי קוים אַלט געווען פופצן יאָר. אַליין געווען נאָך אַ קינד. אונדזער מוטער איז קוים אַלט געווען 34 יאָר. צילע האָט חתונה געהאַט אין אַ מזלדיקער שעה. איך זאָג אין אַ „מזלדיקער שעה״, ווייל איר מאַן מאָטל איז געווען אַן אויסגעצייכנטער געשעפטסמאַן, מיט הויכער אינטעליגענץ. ער האָט אין אַלע זיינע געשעפטס־אונטערנעמונגען באַגליקט. זיי האָבן געפירט זייער אַ גליקלעך לעבן און געבראַכט אויף דער וועלט פיר געראָטענע קינדער.

# איך הויב אָן אַ נײַ לעבן

צום אָנדענקען מײַן יוגנט פרײַנט
דעם באַרימטן דיכטער נחום שטערנהיים

## איך ווער אוים קלויז בחור

דער אינצידענט, וואָס האָט מיט מיר פּאַסירט אין דער היים הושענא רבה אין דער פרי, וועגן וואָס איך האָב געשריבן אין דעם פּאָריקן קאַפּיטל, האָט מיך געצוואונגען אָנצונעמען אַ נײַעם דרך אין לעבן. איך זאָג „געצוואונגען", ווײַל איך האָב עס געטאָן קעגן מײַן ווילן. עס איז מיר נמאס געוואָרן די רדיפות און באַליידיקונגען וואָס איך האָב געדאַרפט אויסשטיין פון די עלטערן און פון די קינדער אין דער היים. דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט הושענה רבה אין דער פרי מיט מיר, איז געווען מער ווי איך האָב געקאָנט פאַרטראָגן. כדי צו פאַרבעסערן מײַן לאַגע האָב איך באַשלאָסן איין מאָל פאַר אַלע מאָל אויפצוגעבן דאָס לערנען אין קלויז און אויך דעם חסידישן דרך.

באַלד נאָך שמחת תורה האָב איך גערעדט מיט מײַן מוטער און איר דערקלערט אַז איך בין גרייט צו פאַרלאָזן די קלויז און אָנהויבן לערנען דייטש און פּויליש און קומען צו אַ תכלית, אויב זי וועט מיר העלפן. מיטן פאָטער האָב איך וועגן דעם ניט גערעדט. ערשטנס, איז ער געווען אַ זייער רעזערווירטער מענטש, ער האָט מיט מיר די לעצטע דרײַ יאָר, זײַט איך בין געוואָרן אַן אָנהענגער פון חסידות, זייער ווייניק גערעדט. איך גלויב ניט אַז ער האָט עס געטאָן אויס שנאה צו מיר, נאָר פּשוט ווײַל ער איז ניט געווען איינפאַרשטאַנען מיט מײַנע דרכים. ער איז אויך געווען פאַרנומען מיט דעגת פּרנסה, צו פאַרזאָרגן אַ פאַמיליע פון נײַן קינדער. די מוטער איז פון מײַן באַשלוס געווען זייער צופרידן. זי האָט אויך גערעדט מיטן פאָטער וועגן דעם. דער פאָטער איז אויך געווען צופרידן און האָט פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אָנהויבן לערנען אין טינדעלס פּריוואַט שולע. הער טינדעל איז געווען איינער פון די הויכע

אינטעלעקטועלע פּערזענלעכקייטן. ער האָט באַהערשט אַכט שפּראַכן פּערפעקט. ער האָט אויך געקאָנט גוט העברעאיש. ער האָט נאָר גע־רעדט דייטש. ער האָט זיך אויך געקליידעט דייטש.

ביי הער טינדעל אין שולע האָב איך געלערנט קאָרעספּאָנדענץ, מאַ־טעמאַטיק, גראַמאַטיקע און בוכהאַלטעריע אין דער דייטשער שפּראַך. חוץ דעם האָב איך געהאַט אַ פּריוואַט לערער אַן אַקאַדעמיקער, וואָס האָט מיר געגעבן לעקציעס יעדן טאָג. איך בין געווען שטאַרק פאַרנומען מיטן שטודירן. איך האָב אויסגענוצט יעדע מינוט בייטאָג און ביינאַכט צו מאַכן די לעקציעס. נאָך צוויי און אַ האַלב יאָר שטודירן, בין איך אַרויס פון טינדעלס שולע אַ קוואַליפיצירטער בוכהאַלטער.

איך האָב באַשלאָסן צו גיין זוכן אַ שטעלע אין אַ געשעפט. די עקאָנאָמישע לאַגע אין לאַנד איז דאַמאָלט געווען זייער אַ שלעכטע. דער לעבנס־סטאַנדאַרט איז געווען אַ נידעריקער. וואָס אַן אַרבעטער האָט פאַרדינט האָט ניט געקלעקט פאַר דריי מאָלצייטן אַ טאָג, ווער רעדט נאָך פון יונגע אַרבעטער פון מיין ראַנג. איך בין דאָך געווען אַן אָנ־פאַנגער. אויב אַזוי, ווייל דער סוחר פרייער זען וואָס איך קאָן אויפטאָן. מוז מען דערפאַר אָנהויבן אַרבעטן „אויף פּראָבע״, אָדער, בעסער געזאָגט, אומזיסט. אַזוי איז טאַקע געווען מיט מיר.

איך האָב באַלד באַקומען אַ שטעלע אין אַ גרויסן האָלסייל שניט־געשעפט ביי זכריה יעזשאָווער, אַן אַלטע עטאַבלירטע פירמע וואָס איז דאַמאָלט אַלט געווען איבער פופציק יאָר. ווען איך בין אַריינגעקומען ריידן מיט הער יעזשאָווער האָט ער מיך באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און האָט אַ דריי געטאָן מיט דער נאָז, ווי איינער וואָס וויל זאָגן, „איך בין ניט קיין רבי און גיב זיך ניט אָפּ מיט חסידים״. איך שטיי און וואַרט ער זאָל מיך עפּעס פרעגן. ער האַלט אָבער אין איין קוקן אויף מיר. זכריה יעזשאָווער, כאָטש ער האָט אין זיין יוגנט געהאַט אַ גוטע יידישע דערציאונג, איז ער אָבער געווען ווייט אַוועק פון יידישקייט. ער האָט זיך געטראָגן דייטש אָנגעטאָן, זיין פרוי האָט קיין שייטל ניט געטראָגן. יידיש האָט ער קיינמאָל ניט גערעדט, בלויז דייטש און פּויליש. עס איז אים ניט געפעלן מיין הולך. נאָכדעם ווי ער האָט מיך עטלעכע מינוט גוט באַטראַכט, האָט ער צו מיר געזאָגט אויף דייטש, אַז ביי אים אין געשעפט איז ניט קיין חסידישע קלויז. אויב איך וויל גיין אָנגעטאָן ווי אַ חסידישער יונגערמאַן האָט ער גאָר ניט דאַגעגן. אָבער אויב איך וויל אַרבעטן ביי אים אין געשעפט, מוז איך איבערבייטן די קאַפּאָטע מיטן סאַמעטענעם קאַפּעלוש אויף אַ רעקל מיט אַ שטייפן הוט. איך

האָב צוגעזאָגט אַזוי צו טאָן. איצטער האָט ער מיר געזאָגט, אַזוי ווי איך בין ערשט אַרויס פון דער שולע פעלט מיר די פּראַקטיק, אַז עס וועט דויערן עטלעכע חדשים ביז איך וועל אויסלערנען דעם בוך־סיסטעם וואָס ער האָט איינגעפירט אין זיין געשעפט. דערפאַר קאָן ער מיר דערווייל גאָר ניט צאָלן. אויב איך וויל אַרבעטן עטלעכע חדשים אומזיסט, וועט ער מיך אַריינגעמען אין געשעפט. ניט האָבנדיק קיין ברירה האָב איך דעם פאָרשלאָג אָנגענומען. איך בין תיכף אַהיים געגאַנגען און זיך וואו ערגעץ אויסגעבאָרגט אַ רעקל מיט אַ האַרטן הוט. דעם נעקסטן טאָג בין איך שוין געזעסן ביים שרייב טיש ביי זכריה יעזשאָווער אין געשעפט.

אין אָנהויב איז מיר דאָס נייע לעבן אויף די אַטמאָספערע געווען פרעמד. איך האָב זיך אין אָנהויב ניט אַריינגעפּאַסט מיט די מענטשן. איך האָב אָבער אַלצדינג אָנגעווענדעט זיך צוביסלעך אַריינצולעבן מיט דער פּראָגרעסיווער יידישער יוגנט. פון מיינע פאות איז שוין קיין זכר ניט געבליבן. איך האָב זיך יעדן טאָג בעסער אַריינגעלעבט אין דעם נייעם לעבן. איך האָב אָנגעהויבן צו באַזוכן דעם ציוניסטישן יוגנט־פאַראיין „השחר". כמעט אַלע מיטגלידער זיינען געווען יונגע לייט פון מיין עלטער. איך האָב זיך צוגעהערט צו אינטערעסאַנטע פאָרטראַגן און ציוניסטישע רעדעס. אין פאַראיין איז אויך געווען אַ ביבליאָטעק פון יידישע און העברעאישע ביכער. עס זיינען אויך געווען פיל יידישע און העברעאישע צייטונגען און וואָכן־שריפטן, וואָס זיינען אַבאָנירט געוואָרן פאַר די מיטגלידער. מיט אַ יאָר צוריק וואָלט איך ניט געוואגט אַריינ־קוקן אין אַזעלכע ביכער אָדער צייטונגען, איך האָב אין דעם השחר פאַראיין זייער פיל פאַרבראַכט. מיט אַ יאָר שפּעטער — אויך אין דעם חובבי ציון פאַראיין.

איך האָב אויסגענוצט יעדע מינוט פון מיין פרייע צייט, צו לערנען און שטודירן דייטש. איך האָב זייער פיל געלייענט און געלערנט, וואָס איז מיר שפּעטער זייער גוט צונוץ געקומען. איך האָב זיך אויך פיל אָפּגעגעבן מיט יידישער ליטעראַטור.

אין יענע יאָרן פלעגן אָפט קומען קיין ריישע טעאַטער גרופּעס און בראָדער זינגערס. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין די יידישע שענ־קען. אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען קיין ריישע אויך געקומען גאַנצע טעאַטער־טרופּעס פון לעמבערג און געשפּילט יידיש טעאַטער. אַזאַ טרופּע האָט אָפט געשפּילט אין אַ ביר־גאָרטן וואו עס איז פאַר דעם צוועק צוגעגרייט געוואָרן אַ בינע, ווייל אין ריישע איז

געווען בלויז איין־איינציקער טעאַטער־זאַל, דער פּוילישער „סאָקאָל״, וואו עס האָט געשפּילט בלויז פּוילישער טעאַטער. יידיש איז דאָרט ניט דערלויבט געווען צו שפּילן.

אין יאָר 1906 איז קיין ריישע געקומען אַ יידישע טעאַטער טרופּע פון לעמבערג, אונטער דער דירעקציע פון משה ריכטער. זיי האָבן אָפּ־געדונגען אַ גרויסן זאַל אין דער לופט מאַשין. מ׳האָט דאָרט אויפגע־שטעלט אַ בינע מיט זיץ־פּלעצער און דאָרט אויפגעפירט יידישע פאָר־שטעלונגען. די אויבן דערמאָנטע טרופּע האָט זייער גוט אויסגענומען ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דער טעאַטער איז געווען זייער גוט באַ־זוכט צו אַלע פאָרשטעלונגען. אויך איך בין דאָרט געווען אַן אָפטער באַזוכער.

די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס איך האָב געזען צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, איז געווען „הערצעלע מיוחס״ פון משה ריכטער. איך בין פון דער פאָרשטעלונג געווען אַנטציקט און בין טאַקי געוואָרן ניט בלויז אַן אָפטער טעאַטער־באַזוכער, נאָר אויך אַ שטיקל טעאַטער פאַ־טריאָט. איך האָב זיך צוליב דעם באַקאַנט מיט עטלעכע פון די אַקטיאָרן און זיך געדרייט אַרום זיי.

געשפּילט האָבן זיי פאַרשידענע פּיעסעס. איך געדענק „גאָט, מענטש און טייוול״, „דער ווילדער מענטש״ פון יעקב גאָרדין. זיי האָבן אויך געשפּילט גאָלדפאַדענס „שולמית״ „בר כוכבה״, „עקדת יצחק״, אויך די פּיעסעס פון יאָזעף לאַטיינער. איינע פון די פּיעסעס איז געווען „עזרא דער עוויגער יודע״. איך בין פון זייער שפּילן געווען זייער באַגייסטערט און בין געוואָרן אַ גרויסער אָנהענגער פון דער יידישער בינע. איך האָב טאַקע מיט צוויי יאָר שפּעטער געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ קאָמיטע, וואָס האָט זיך באַפאַסט מיטן אויפפירן יידישע אַמאַטאָרישע פאָרשטעלונגען. צו דער אַמאַטאָרישער גרופּע איז צוגעשטאַנען אפרים הירשהאָרן, וואָס האָט אומדערמידלעך געאַרבעט די אידייע צו פאַרווירקלעכן. מיט צוויי יאָר שפּעטער איז צו דער גרופּע צוגעשטאַנען אויך דער באַוואוסטער זשורנאַליסט בן ציון פעטט און אַנדערע. אונדזער רעזשיסער איז געווען הער דוקער. די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס מיר האָבן אויפגעפירט איז געווען די אָפּערעטע „דר. אַלמאַסאַדאַ״ פון גאָלדפאַדען. מיר האָט מען צוגעטיילט די ראָלע פון באַרטעלאָ. מיר האָבן געהאַט גוטע טאַלאַנטן. נאָך עטלעכע וואָכן שטודירן און מאַכן פּראָבעס, האָבן מיר דאָס שטיק אויפגעפירט אין גרויסן זאַל פון חובבי ציון פאַראיין. מ׳האָט דאָרט פאַר דעם צוועק אויפגעשטעלט אַ פּראָוויזאָרישע בינע, גוט אויסגעשטאַט.

די דעקאָראַציעס און פאָרהאַנג האָבן מיר אויסגעבאָרגט פון פאַראײן „יד חרוצים". די מוזיק איז באַשטאַנען פון מאָטל קרעבס קאַפּעלע. געשפּילט האָבן מיר צוויי פאָרשטעלונגען, אַלע בילעטן זײַנען געווען אויספאַרקויפט. די פאָרשטעלונג איז געווען אַ דערפאָלג. מיט אַ יאָר צוויי שפּעטער האָבן מיר אויפגעפירט „דער מטורף", אַ דראַמע פון יעקב גאָרדין, מיט בן ציון פעטט אין דער הויפּטראָלע. אויך איך האָב אין דער פאָרשטעלונג געהאַט אַ ראָלע. מיר האָבן געשפּילט צוויי פאָר־שטעלונגען אין אַ נײַעם טעאַטער און טאַנץ־זאַל וואָס איז באַנוצט גע־וואָרן פון דעם באַוואוסטן מוזיקער און טאַנץ־לערער פישבײַין, אויף דער וואליע. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דער ייִדישער רײַשער האָטע־ליער הער בערגער אויפגעבויט אַ שײנעם מאָדערנעם טעאַטער־זאַל, וואו עס האָט אָפט געשפּילט ייִדיש טעאַטער.

## איך ווער אַ ייִדישיסט

ווי איך האָב עס פריער געשריבן, איז די גאַליציִשע אומגאַנגס שפּראַך געווען פּויליש. די מאָדערנע ייִדישע יוגנט, איך מײן יונגע לײַט און מײדלעך, וואָס האָבן שטודירט אין שקאָלעס און גימנאַזיעס, האָבן גע־רעדט אויסשליסלעך פּויליש. כאָטש אַ סך פון זײ האָבן געקאָנט גוט רײדן ייִדיש. די מאָדע צו רײדן פּויליש האָט זיך וואָס אַמאָל מער פאַרשפּרײט. ניט נאָר די אַסימילירטע, נאָר אויך די נאַציאָנאַל געזאָ־נענע און ציוניסטישע יוגנט האָט זיך באַנוצט מיט דער פּוילישער שפּראַך. אויף אַלע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען און פאָרטראַגן, האָט מען גערעדט אויסשליסלעך פּויליש. איך געדענק עס איז אַמאָל געקומען צו פאָרן נחום סאָקאָלאָוו און געהאַלטן אַ רעדע אין חובבי ציון פאַראײן אין דער פּוילישער שפּראַך. אויך געדענק איך ווען דער ייִדיש־עסטרײַכי־שער רײַכסראַטס אפּגעאָרדנעטער אַדאָלף שטאַנד איז געקומען קײן רײ־שע אַלס גאַסט רעדנער, האָט ער אויך גערעדט פּויליש. דר. פעליקס האָפּפען, דער דאַמאָלסטיקער פּרעזידענט פון חובבי ציון פאַראײן, האָט איבערהויפּט קײן וואָרט ייִדיש ניט גערעדט.

איך אַלײן בין קײנמאָל ניט געווען קײן אָנהענגער פון דער פּוי־לישער שפּראַך, כאָטש איך האָב די שפּראַך גאַנץ גוט באַהערשט. אין מײן פּראָפעסיע אַלס אַ בוכהאַלטער, האָבן מיר זיך באַנוצט מיט דער

דייטשער שפּראַך, צוליב דעם וואָס אונדזערע געשעפטס פֿאַרבינדונגען זיינען געווען מיט ווינער אָדער באָהעמישע פֿאַבריקאַנטן וואו עס איז פֿאַבריצירט געוואָרן די בעסטע זיידענע, וואָלענע און לייוונטענע שטאָפֿן. אלע אונדזערע קונים זיינען געווען יידישע פֿון קליינע שטעטלעך. מיט זיי האָבן מיר קאָרעספּאָנדירט אין יידיש. אין געשעפֿט האָבן מיר גע־רעדט דייטש.

חוץ דעם וואָס איך האָב שטודירט און זייער פֿיל געלייענט דייטשע ביכער האָב איך אויך זייער פֿיל יידישע ביכער געלייענט און בין אויך געוואָרן אַ גרויסער פֿאַרעהרער פֿון יידישער ליטעראַטור. איך האָב געלייענט מענדעלע מוכר ספרים, י. ל. פּרץ, שלום עליכם, שלום אַש, פּרוג און אַנדערע. איך און מיינער אַ חבר פֿלעגן אום זומער אויפשטיין פֿאַרטאָג גיין אין פֿעלד אַריין און לייענען אין טאָג יידיש, דעם צווייטן טאָג דייטש. דייטשע ביכער האָבן מיר געלייענט: שילער, געטע, היינע, גרילפּאַרצער, לעסינג, בערנע און אַנדערע. מיט פּויליש האָב איך קיין שום שייכות ניט געהאַט.

שפּעטער האָב איך, צוזאַמען מיט נחום שטערנהיים אָרגאַניזירט אַ גרופּע יונגע לייט אין אַ יידישע שפּראַך קאָמיטע. מיר האָבן אָפּגעהאַלטן פֿאַרזאַמלונגען און באַשלאָסן אַרויסצוקומען מיט אַן אָפֿענער אַגיטאַציע פֿאַר דער יידישער שפּראַך. מיר האָבן געלאָזט אָפּדרוקן עטלעכע הונדערט פֿלוג־צעטלעך, מיט פֿאָלגנדיקן אינהאַלט: „יידישע יוגנט! באַנוצט די יידישע שפּראַך אין טאָג־טעגלעכן לעבן. רעדט יידיש. שעמט זיך ניט מיט אייער מוטער שפּראַך". אונטערגעשריבן: „די יידישע שפּראַך קאָ־מיטעט". יעדן אָוונט זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען אין מאַרק און אויך אין דער הערן גאַס, וואו דער יידישער שפּאַציר פּאַרקער איז געווען דער גרעסטער, און דערלאַנגט אַ צעטל יעדן יונגן מאַן אָדער מיידל וואָס מיר האָבן באַגעגענט אויפֿן שפּאַציר. צום באַדויערן איז די אַגיטאַציע געווען אַ דורכפֿאַל. פּויליש איז געבליבן די אומגאַנגס־שפּראַך ביי דער יידישע יוגנט אין ריישע ווי לאַנג איך בין דאָרט געווען.

אין יאָר 1910, ווען עס איז אין עסטרייך פֿאָרגעקומען די פֿאָלקס־ציילונג ווי אין אַלע לענדער, האָט אויך יעדע שטאָט אין גאַליציע גע־האַנט אַ צענזוס ביוראָ פֿאַר דעם צוועק. אין דעם פֿראַגעבויגן וואָס יעדער איינוואוינער האָט געדאַרפֿט אויספֿילן איז אויך געווען די פֿראַגע פֿון דער אומגאַנגס שפּראַך פֿון יעדן אייגעם. שוין מיט עטלעכע חדשים פֿריער האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן אַן אַגיטאַציע צווישן די יידן, אַז מ'זאָל אָנגעבן פּויליש אַלס די אומגאַנגסשפּראַך. די פּאָליאַקן האָבן מיט

דעם געוואָלט באַווייזן דער רעגירונג אין ווין, אַז זיי זיינען אַ ריזיקע מאַיאָריטעט אין דער פּראָווינץ, און זיינען דערפאַר באַרעכטיקט צו אַ העכערע מאַכט ביי דער רעגירונג, אויך צו אַ גרעסערער פּאַרטרעטערשאַפט אין פּאַלאַמענט. די יידישע באַפעלקערונג אין גאַליציע איז דאַמאָלט געװען איבער 800 טויזנט. האָט זיך טאַקע צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אָנגעהויבן אַ באַוועגונג אַז מ׳זאָל אָנגעבן יידיש אַלס די אומגאַנגשפּראַך, כדי צו ציַיגן דער רעגירונג אַז מ׳דאַרף זיך אויך מיט זיי רעכענען.

אין דעם יאָר בין איך געווען אין סאַנץ, אָנגעשטעלט אַלס בוכהאַלטער ביי מיין שוואָגער. האָב איך דאָרט געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ קאָמיטע און אָנגעהויבן אַ גרויסע אַקציע צווישן די סאַנצער יידן, אַז זיי זאָלן אָנגעבן יידיש אַלס די שפּראַך אין צענזוס בויגן. דער סאַנצער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן גרופּעס, זיי זאָלן גיין פון הויז צו הויז און אַפּעלירן צו דער יידישער באַפעלקערונג, אַז זיי זאָלן אָנגעבן די שפּראַך „יידיש". מיר האָבן עס מאָטיווירט מיט דעם, דאָס מיר מוזן ציַיגן דעם שטאַט אַז מיר זיינען אַ קנאַפּ מיליאָן יידן אין דער פּראָווינץ און מ׳מוז זיך אויך מיט אונדז רעכענען פּאָליטיש.

אַ סך יידן האָבן איינגעזען די וויכטיקייט דערפון און האָבן טאַקי אָנגעגעבן יידיש אַלס די שפּראַך. די פּאָליאַקן זיינען אויך ניט געשלאָפן. אַזוי ווי איבער 90 פּראָצענט פון אַלע גאַליצישע שטאַטס־באַאמטע זיינען געווען פּאַטריאָטישע פּאָליאַקן, האָבן זיי קעגן דעם אַגיטירט. זיי האָבן געסטראַשעט מיט פאַרשידענע דראָהונגען. אַ גרויסער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך פון די פּוילישע דראָהונגען איבערגעשראָקן און טאַקי אומגעענדערט פון „יידיש" אויף „פּויליש". מיין אייגענער שוואָגער מאָטל און זיין ברודער לייבוש האָבן געהאַט דירעקטע פאַרבינדונגען מיט די פּוילישע שטאָט און שטאַטס באַאַמטע. די פאַרבינדונגען זיינען געווען ניט בלויז סאָציאַלע, נאָר אויך געשעפטלעכע. ווייל די שטאָט האָט ביי זיי געקויפט פילע פון זייערע בוי־מאַטעריאַלן. האָבן זיי ביידע, מיר צוליב, אָנגעגעבן „יידיש". אָבער ווען זייערע צענזוס פּאַפּירן האָבן דערגרייכט דעם פּוילישן צענזוס באַאמטן, וועלכער האָט זיי ביידן גוט געקאָנט האָט ער זיי תכף געשיקט רופן און זיי געפרעגט אויף פּויליש: „וואָס איז דאָס עפּעס וואָס איר האָט אָנגעגעבן אייער שפּראַך יידיש? איר רעדט דאָך מיט מיר אַלע מאָל אַ גוטן פּויליש? וואָס עפּעס פּלוצים יידיש? דאָס איז ניט שיין פון אייך, איך האָב עס פון אייך ניט דערוואַרט". מיין שוואָגער און זיין ברודער האָבן זיך פון דעם געפילט

זייער שלעכט. זיי האָבן שנעל גענומען אַ פעדער און איבערגעשריבן פון „יידיש" אויף „פויליש".

דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט טויזנטער אַנדערע יידן אין אַלע גאַליצישע שטעט. אין ריישע זיינען די פּאַטריאָטישע פּאָליאַקן געווען פיל שטרענגער. זיי האָבן געגריבלט אין די געזעץ ביכער און האָבן געפונען אַ געזעץ פון דער באָבע יאַכנעס צייטן, אַז עס איז ניט דער־לויבט אָנצוגעבן אַ שפּראַך אין דער פאָלקס־ציילונג, וואָס איז פון דער רעגירונג אָפיציעל ניט אנערקענט. אין גאַליציע האָט דאַמאָלט די רע־גירונג אנערקענט בלויז דריי אָפיציעלע שפּראַכן: דייטש, פויליש און רוטעניש. און אויך אַלע ציוויליזירטע לאַנדס־שפּראַכן פון דער וועלט. האָבן די פּאָליאַקן אַרויסגענומען דעם אַלטן פאַרשימלטן געזעץ פון דער פוטער־פאַס און פּראָקלאַמירט אַז ווער עס וועט אָנגעבן „יידיש" וועט באַשטראָפט ווערן. עס האָבן זיך אין ריישע געפונען בלויז עטלעכע יידן וואָס האָבן די פוילישע וואָרנונג איגנאָרירט און האָבן ניט געוואָלט ענדערן פון יידיש אויף פויליש, האָט מען זיי שפּעטער פאַרקלאָגט אין געריכט, וואו זיי זיינען באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ געלט־שטראָף. אַזוי ווי זיי זיינען געווען אָרעמע לייט און האָבן ניט געקאָנט די שטראָף באַצאָלן, האָט מען זיי פאַרפענדעט דאָס מעבל. ווען עס איז געקומען דער טאָג פון דער ליציטאַציע, האָט מען טאַקי די מעבל אַרויסגעפירט פון די היימען אין מאַרק אַריין צום פאַרקויפן. איך געדענק איינעם אַזאַ יידן, האָרוויץ, האָט ער געהייסן, ער איז געווען אַ פּאָדלאָגע לייגער, וואָס מ'האָט זיין מעבל, דאָס ביסל אָרעמקייט אַרויסגעשלעפּט אין מאַרק אַריין צום פאַרקויפן. מיט אַזעלכע מיטלען האָבן זיך די פּאָליאַקן באַנוצט, כדי אַרויפצוצווינגען דעם פוילישן פּאַטריאָטיזם אוי דער יידישער באַפעל־קערונג.

* * *

איידער איך פאַרענדיק דעם קאַפּיטל, וויל איך באַשרייבן פון מיין פריינטשאַפט מיט דעם באַרימטן דיכטער נחום שטערנהיים, וואָס האָט מיר פיל געהאָלפן אין מיין אַגיטאַציע פאַר „יידיש" אין ריישע.

איך געדענק נחום שטערנהיימען פון אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, ווען ער איז נאָר וואָס צוריק געקומען פון אַמעריקע. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין שטאָטישער פּאָליטיק, אויך אין די וואַלן צו קהל. ער האָט אָפט גערעדט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען. גע־

רעדט האָט ער בלויז יידיש. ניט ווי אַנדערע יידישע פּאָליטיקער וואָס האָבן גערעדט דייטש אָדער פּויליש.

זיין פאָטער איז געווען אַ ביאַנער חסיד פון אַלטן קלאָס. איך געדענק אים גוט ווען איך בין אין די יאָרן געווען אַן אָנהענגער פון ביאַנער חסידות. איך האָב אים אָפט געזען אין דער ביאַנער קלויז וואו מיר האָבן צוזאַמען געדאַוונט. ער איז געווען דער איינציקער פון די ריישער ביאַנער חסידים וואָס איז געווען אין ביאַן דעם טאָג פון דעם רבינס הסתלקות, ווי איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען.

נחום איז געווען פּונקט דער היפּוך פון פאָטער. ער איז געווען ווייט אַוועק פון חסידות. ער האָט געלעבט אין אַ גאַנץ אַנדער וועלט. נחום איז געווען אַ גרויסער ליטעראַט מיט אַ באַזונדערן טאַלאַנט צו שרייבן פּאָעזיע. קוים איז עפּעס פּאָרגעקומען אין ריישע אָדער ערגעץ וואו, האָט נחום באַלד פאַרטיק געהאַט אַ פּאָעמע. אָפט האָט ער די פּאָעמע ניט אָנגעשריבן. ער האָט די ווערטער דעקלאַמירט פּונקט ווי ער וואָלט גערעדט אָדער עפּעס דערציילט. די פּאָעטישע ווערטער זיינען אַרויס פון זיין מויל ווי שטראַלן און אַריינגעדרונגען אין די געדאַנקען פון די צוהערער.

איך געדענק אַ זומער אָוונט, ווען נחום און איך זיינען געגאַנגען שפּאַצירן אין דער הערן גאַס וואו מיר האָבן באַגעגנט אפרים הירשהאָרן און האָבן זיך אַנידערגעזעצט אונטער די קעסטן־בוימער. אפרים און איך האָבן דיסקוטירט יידישע שטאָט־פּראָבלעמען, אויך נחום האָט זיך באַטייליקט אין דער דיסקוסיע. ער האָט אָבער ניט גערעדט גלאַט אַזוי ווי מיר. ער האָט אויסגעשפּראָכן זיינע מיינונגען פּאָעטיש. ער האָט עס רעציטירט אין פּאָעזיע אָן וועלכע פאַרבריייטונגען אויפן פּאַפּיר. אַזוי האָט גערעדט נחום שטערנהיים. ער האָט געלעבט אין אַ פּאָעטישער אַטמאָספערע. איך האָב אָפט באַוואונדערט זיין פּאָעטישן טאַלאַנט. איך בין געווען איבערצייגט, אַז נחום שטערנהיים וועט אַמאָל פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דער יידישער ליטעראַטור.

איך האָב אים צום לעצטן מאָל געזען ווען ער האָט מיך באַגלייט צו דער באַן אין ריישע, דעם אָוונט ווען איך בין אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע אין אָקטאָבער 1913. ביים געזעגענען האָבן מיר זיך געוואונשן, אַז מיר זאָלן זיך באַלד ווידער זען אין ניו יאָרק. צום באַדויערן איז אונדזער וואונש ניט מקוים געוואָרן, ווייל צען חדשים שפּעטער האָט

אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. איך האָב פון אים זייט דאַמאָלט ניט געהערט.

ווען די ריישער סאָסייעטי אין ניו יאָרק האָט דעם 18טן פעברואַר 1922 געפייערט דעם 20סטן יובל האָט נחום שטערנהיים אין ריישע צו־געשיקט די פאָלגנדע פּאָעמע לכבוד דעם יובל־טאָג:

## דער יובל טאָג

דעם 18טן פעבער, יד שבט, תרפ״ג,
פייערט דער ריישער פאַראיין אין
ניו יאָרק זיין צוואַנציק יאָריקן
יובילעאום.

1

אָט האָט זיך דער מאָרגן
אין מזרח באַוויזן,
פאַרטריבן די נאַכטיקע
מורא׳ס און שרעקן.
פון געסלעך צו געסלעך,
פון פענצטער צו פענצטער
שושקען זיך ווינטלעך —
אַ בשורה, פרייע,
אין דער רייכער מדינה
די קרובים די ליבע,
אין יענער זייט ים דאָרט,
די היימישע פריינט —
פראַוועון אַ יובל טאָג היינט.

2

עס גייען זקנים
פאַרהילט און פאַרשנייט,
זיי טרעטן אַ סטעזשקע
צו שולן און קלויזן,

זיי וויינען פון שמחה
אין זייערע תפלות,
דערמאָנענדיק דאָ זיך
די קינדער די ליבע...
און שיקן אַ ברכה
פון האַרצן פון טיפן
צו יענער זייט ים דאָרט
די קרובים, די פריינט
לכבוד דעם יובל־טאָג היינט.

ריישע, כ״א טבת תרפ״ג

נאָך דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז נחום שטערנהיים אַריינגעפאַלן אין די בלוטיקע הענט פון די נאַציס ימח שמם און איז אַוועק פון דער וועלט צוזאַמען מיט די זעקס מיליאָן יידישע קדושים. צום באַדויערן זיינען שריפטן ניט אָפּגעדרוקט געוואָרן צוליב די קריטישע אומשטענדן וואָס האָבן עקזיסטירט זייט דעם ערשטן וועלט־קריג. מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט דער באַרימטער יידישער דיכטער אליעזר שינדלער זיך אָנגעשלאָסן אין אַ קאָמיטעט וואָס האָט אַרויסגעלאָזט אַן אויפרוף דורך דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע צו די ריישער לאַנדסלייט און געבעטן די יעניקע וואָס זיינען אינעם באַזיץ פון וועלכע געדיכטן אָדער שריפטן פון נחום שטערנהיים, זאָלן עס צושיקן צום קאָמיטעט. צום באַדויערן האָט עס ניט געהאַט קיין דערפאָלג.

# איך פאַרלאָז ריישע

ביי זכריה יעזשאָווער האָב איך געאַרבעט עטלעכע חדשים. איך האָב געזען אַז ער וויל מיך פשוט אויסנוצן צו אַרבעטן ביי אים האַלב אומזיסט. בין איך פון אים אַוועק און אָנגענומען אַ שטעלע ביי שימעלע דרוקער, אַן אָנגעזעענער האָלסייל שניט־סוחר אין ריישע. דאָ האָב איך שוין באַקומען דעם גרויסן געהאַלט פון 400 קראָנען אַ זמן (זעקס חדשים). איך האָב זיך דאָ געפילט פיל בעסער. שימעלע דרוקערס געשעפט איז ניט געווען אַזוי גרויס ווי זכריה יעזשאָווערס. די אַרבעט איז אָבער געווען דאָ פיל אינטערעסאנטער. ווייל ער האָט מיר אָנפאַרטרויט

ניט נאָר די בוכפירונג נאָר אויך די גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. איך האָב אויך געהאַט אַ דירעקטן קאָנטאַקט מיט די קונים. ביי יעזשאָווערן האָט מען אויף מיר געקוקט ווי אויף אַן אָנפאַנגער, אַ פּראַקטיצירער, דאָ אָבער, ביי שימעלע דרוקער, בין איך געווען דער גאַנצער פירער פון דער קאַנצעליי.

איבער די צוועלף חדשים וואָס איך האָב פאַרלאָזט די קלויז און חסידות, האָב איך אין דעם נייעם לעבן געמאַכט אַ ריזיקן פּראָגרעס. איך האָב יעדעס מאָל באַקומען נייע פריינט פון דער יידישער אינטעליגענץ און פון דער אַקאַדעמישער יוגנט. זיי האָבן פאַר מיר געהאַט די גרעסטע אַכטונג, טאַקי דערפאַר ווייל איך בין אַמאָל געווען אַ קלויז־בחור. יעדן שבת און אויך יעדן אָוונט האָב איך פאַרבראַכט אין חובבי ציון פאַראיין, וואו איך האָב זיך באַגעגנט מיט מיינע פריינט און וואו מיר האָבן דיסקוטירט פילע וויכטיקע יידישע פּראָבלעמען און ציוניזם. איך בין אָפט געזעסן צוויי שעה אין דער ביבליאָטעק און געלייענט יידישע און דייטשע ביכער. אונדזער פאָטער האָט נאָר וואָס געהאַט פאַרקויפט דאָס צווייטע הויז אויף דער טאַרגאָוויצע, דערביי פאַרדינט שיינע עטלעכע טויזנט קראָנען. ער האָט באַלד געקויפט אַ גרויסן בוי־פּלאַץ אויף דער אָגראָדאָווי גאַס און זיך באַלד גענומען בויען אַ גרויסע שיינע צוויי־שטאָקיקע געבײדע. די הויז האָט געהאַט אייגענע וואַסער לייטונג. ווען דאָס הויז איז פאַרטיק געוואָרן, האָבן מיר מיט מזל אַריינגעצויגן זיך אין זייער אַ שיינע, באַקוועמע וואוינונג.

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט אונדז באַזוכט אונדזער שוועסטער צילע פון סאַנץ. זי איז געקומען זען אונדזערע נייע הויז און וואוינונג. אַ טאָג שפּעטער האָב איך פאַרטרויט מיין שוועסטער פון מיין אומצופרידנקייט מיט מיין שטעלע ביי שימעלע דרוקער צוליב די קליינע פאַרדינסטן. איך האָב איר אויך דערקלערט אַז איך זע ניט קיין שום תכלית אין מיין אַרבעט אַלס בוכהאַלטער פאַר אַזאַ נידעריקן שכירות, אַז איך וואָלט וועלן ערגעץ וואו אַוועקפאָרן און פאַרבעסערן מיין לאַגע. שיעמלע דרוקער איז צו מיר געווען זייער גוט, אָבער ווען עס איז געקומען צו צאָלן שכירות, האָט ער זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון דער דאַמאָלסטיקער צייט, ווייל ער האָט אַלע מאָל געקאָנט קריגן אַ בוכהאַלטער פאַר דער זעלבער שכירות.

מיין שוועסטער צילע, זייער אַ גוטע און ווייכע ביי דער נאַטור, האָט מיט מיר איינגעשטימט. זי האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל פאָרן קיין סאַנץ מיט איר, ווייל מאָטל האָט זיך גראַד דאַמאָלט געעניטיקט

אין אַ נייעם בוכהאַלטער דענקט זי אַז עס וואָלט געווען זייער גוט פאַר מיר איך זאָל די שטעלע אָננעמען און אַז עס וועט פאַר מיר זיין אַ גוטע צוקונפט. מיין שוואָגער מאָטל האָט דאַמאָלט געמאַכט גוטע געשעפטן און איז געוואקסן גרעסער פון טאָג צו טאָג. ער האָט געהאַט פיל אונטערנעמונגען. ער האָט אויך דאַמאָלט איבערגענומען די בוי פון אַ גרויסן שיינעם באַנק־הויז פאַר דער זילבערמאַן באַנק. ער האָט אויך געפּלאַנט צו בויען אַ גרויסע הויז פאַר זיך אין שטאָט.

איך האָב זיך אָן דעם פאָרשלאַג אָנגעכאַפּט. צוויי טעג שפּעטער בין איך געזעסן מיט מיין שוועסטער אין אַ וואַגאָן אין יאַסלער צוג, אויפן וועג קיין סאַנץ, אַנצוהויבן אַ ניי לעבן מיט נייע מענטשן, אַ ניי געשעפט און אָן אַנדערער אַטמאָספערע. זיצנדיק אין וואַגאָן, קוקנדיק אויף מיין שוועסטער צילע, פון וועמען דאָס גוטסקייט האָט פון פּנים געשיינט און וויסנדיק אַז זי טוט עס כדי מיר צו העלפן, האָב איך איר געדאַנקט פאַר איר גוטסקייט און פאַרשפּראָכן, אַז איך וועל עס איר אָפּדינען אין פריידן, אַז זי וועט דעם שריט ניט באַדויערן.

איך האָב נאָכדעם אויפגעלעבט און געהאָפּט פאַר אַ נייעם אָנהויב פון אַ בעסערן לעבן און גוטע צוקונפט. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין שטרוזשע איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. עס זיינען דאָרט איינגעשטיגן אין אונדזער וואַגאָן עטלעכע סאַנצער יונגעלייט, אַלע סוחרים, אינטעליגענטן, גוטע ציוניסטן וואָס האָבן מיין שוועסטער גוט געקאָנט. זי האָט מיר פאַר זיי פאָרגעשטעלט. אַזוי שנעל ווי דער צוג האָט זיך גערירט פון דער סטאַנציע, האָבן אַלע אָנגעהויבן צו זינגען יידישע און העברעאישע לידער, פאַרשידענע נאַציאָנאַלע געזאַנגען. עס איז אין וואַגאָן געווען זייער פריילעך. מיר איז דאָס זייער געפעלן געוואָרן, ווייל אין ריישע וואָלט עס ניט פּאַסירט, אַז די מאָדערנע אינטעליגענץ זאָל זינגען יידישע לידער, איבערהויפּט אין אַן עפנטלעכן פּלאַץ ווי אין אַ באַן־וואַגאָן. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין סאַנץ, איז שוין געווען מיטנאַכט.

## סאַנץ

איידער איך בין אַוועק פון ריישע, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט סאַנץ אַלס אַ שטאָט מיט חסידישע יידן, פאַרזונקען אין טיפן פאַנאַטיזם. ווייל אין דער חסידישער וועלט האָט סאַנץ פאַרנומען דעם אויבנאָן. די שטאָט סאַנץ איז געווען אויסשליסלעך פאַרבונדן מיט חסידות. „סאַנצער

רבי״ אָדער „סאַנצער חסיד״ איז ביי די חסידים געווען אַ טעגלעכער אויסדרוק, ווען זיי האָבן גערעדט פון חסידות אָדער ביי אַ חסידישן זיץ. און ווען האָבן חסידים ניט גערעדט פון חסידות? חסידות איז דאָך געווען דער תמצית פון לעבן. זיי פּלעגן מער עוסק זיין אין חסידות ווי אין לערנען תורה. עס איז ביי זיי געווען אָנגענומען, אַז ווען זיי זיצן ביי אַ חסידישן „זיץ״ און דערציילן מעשיות פון דעם הייליקן צדיק, דאָס אַליין איז תורה.

אַלס אַ חסידישער קלויז־בחור מיט יאָרן צוריק, בין איך אַלע מאָל געווען אין דער מיינונג, אַז אין סאַנץ באַגעגנט מען חסידישע יידן אויף שריט און טריט. יידן וואָס זיינען ווייט פון עולם־הזהדיקן לעבן, וואָס ווייסן ניט פון קיין צורת מטבע. סאַנץ האָט געשמט אַלס דער מקור פון חסידות. אין סאַנץ האָט דאָך געלעבט דער וועלט־באַרימטער צדיק, דער „דברי חיים״, דער גרינדער פון דער סאַנצער דינאַסטיע.

אָט בין איך שוין אין דער חסידישער שטאָט סאַנץ, דאָס וויגעלע און צענטער פון חסידות. איך האָב דערוואַרט צו זען אַ שטאָט, וואו „אַ דייטש״ ווערט פאַרפאָלגט, וואו דער חסידיזם איז פיל עקסטרעמער ווי אין ריישע. דעם צווייטן טאָג האָב איך אויסגעפונען, אַז איך האָב געמאַכט אַ טעות.

סאַנץ איז געווען די ערשטע גרויסע שטאָט, וואָס איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט אַזוי ווייט אַוועק פון ריישע. ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן ווען עס האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַ שיינע מאָדערנע שטאָט מיט אַ פאָרטגעשריטענע יידישע קהילה. פון אַלטן סאַנצער חסידות האָב איך קיין שפּור ניט געפונען. פאַרקערט איך האָב דאָרט געזען אַן אידעאַליסטישע אינטעליגענטע יידישע יוגנט, וואָס איז געשטאַנען זייער הויך קולטורעל.

איך האָב זיך דאָרט באַלד באַקאַנט מיט יונגעלייט פון הויכן אינ־טעליגענץ און אויך זייער נאַציאָנאַל געזאַנען. ניט נאָר דאָס, עס האָבן זיך אויך צווישן זיי געפונען פיל, וואָס האָבן געקאָנט לערנען אַ בלאַט גמרא, כאָטש זיי האָבן קיין קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע קאַפּעלושן ניט געטראָגן. מיין שוואָגער מאָטל איז אין סאַנץ געווען זייער באַליבט און געאַכטעט און אויך זייער פּאָפּולער ביי דער יוגנט. ער איז דאַמאָלט אַלט געווען עטלעכע און צוואַנציק יאָר. ער האָט מיך טאַקי איבעראַל גענומען און פאַר אַלעמען פאָרגעשטעלט, האָט מען מיך אויך זייער געאַכטעט.

בין איך באַלד געוואָרן אַ יוצא ונכנס אין דאָרטיקן ציון פאַראיין

און איך האָב זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען. איך האָב געהאָלפן אַראַנזשירן ייִדיש ליטעראַרישע אָוונטן, איך בין אָפט געווען דער פאָרזיצער. איך האָב אָפט אויך פאָרגעלעזן פון שלום עליכם, פּרץ און אַש. איך האָב אויך גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די דאָרטיקע קהל־וואַלן, וואָס זײַנען גראַד דאָרט דעם יאָר פאָרגעקומען, און געהאָלפן באַקעמפן די אַסימילטאָרישע קליקע וואָס איז געווען אָנגעפירט פון דאָקטאָר קערביל, וואָס האָט אויך דאַמאָלט קאַנדידירט אַלס קולטוס פּרעזידענט. איך האָב גערעדט אויף עפנטלעכע פאַרזאַמלונגען און האָב געהאַט פיל פאַרגעניגן פון מײַן אַרבעט.

מײַן שוואָגער מאָטל האָט מיך זייער פײַן אויפגענומען. איך האָב איבערגענומען די בוכהאַלטעריע אין דער קאַנצעלײַ. איך בין פון מײַן נײַע פּאָזיציע געווען זייער צופרידן. מײַנע פרײַהייטן זײַנען געווען אומ־באַשרענקט. מײַן שוועסטער צילע איז געווען זייער גוט צו מיר, אויך דער שוואָגער. איך האָב אָנגעהויבן אַ נײַ לעבן אין סאַנאָק.

מאָטל איז געווען דער ייִנגסטער זון פון אַ פאַמיליע פון פינף קינ־דער — דרײַ טעכטער און צוויי זין. ווי איך האָב פריער געשריבן, זײַנען זײַנע עלטערן געווען זייער פרומע מענטשן פון אַלטן דור. דעם פאָטער האָב איך געזען בלויז איינמאָל, בײַ אונדז אין רײַשע, צו דער פאַרלאָבונג. ער איז נפטר געוואָרן עטלעכע חדשים פאַר דעם זונס חתונה. דאַקעגן האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַקאַנען זיך מיט זײַן מוטער, שרהלע שטערן. דאָס איז געווען אַ זעלטן געראָטענע פרוי, אַן אמתע אשת חיל. אויב איר האָט מיט איר גערעדט עטלעכע ווערטער, האָט זי תיכף געוואונען אײַער רעספּעקט. זי איז געווען אַן אָפּגעהיטע אָרטאָדאָקסישע פרוי. אין איר קליידונג איז זי געווען ענלעך צו אַ חסידישער רביצין. זי איז אין שטאָט געווען זייער גוט באַוואוסט ניט נאָר בײַ ייִדן, נאָר אויך בײַ קריסטן. זיי האָבן פאַר איר געהאַט די גרעסטע אַכטונג. טאָמער איז עמיצער אַרײַנגעפאַלן אין אַ צרה און זיך גענויטיקט אין הילף, איז מען געקומען צו שרהלע שטערן. זי האָט קיינעם ניט אָפּגעזאָגט. זי האָט אָפּגעגעבן די בעסטע טעג פון איר לעבן צו העלפן די יעניקע, וואָס האָבן אין איר הילף זיך גענויטיקט.

איך געדענק, ווען איך האָב געוואוינט אין סאַנאָק, איז אַמאָל צו איר געקומען אַ ייִד וואָס האָט קעגן זיך געהאַט אַן ערנסטע קלאַגע, וואָס האָט אים געדראָט אַ האַרטע שטראָף. דער ייִד האָט פאַר שרהלען אויסגעוויינט זײַן האַרץ און געבעטן זי זאָל אים העלפן. זי איז טאַקי תיכף געגאַנגען צום העכסטן ריכטער אין שטאָט און טאַקע אויך אויס־

געבעטן אַ הילף פֿאַר דעם יידן. זי איז אפשר געווען די איינציקע יידישע פֿרוי אין סאַנץ, וואָס האָט געהאַט אַ פֿרייען צוטריט צו אַלע גוישע ריכטער, צו די העכסטע רעגירונגס־לייט, די פּאָליציי און אויך צום בירגער־מייסטער. אַלע האָבן געקאַנט שרהלע שטערן, זי איז געווען אַן אמתע צדקת. איך האָב געוואוינט ביי איר אין הויז עטלעכע וואָכן ביז איך האָב באַקומען אַ צימער ביי דער שוועסטער. האָב איך געהאַט די גע־לעגנהייט זיך מיט איר בעסער צו באַקאַנען. זי האָט געהאַט אַ שאַרפֿן געשעפֿטס קאָפּ. אירע עצות זיינען געווען גוט איבערגעלייגט און לאָגיש באַגרינדעט און האָבן אַלע מאָל געבראַכט דערפֿאָלג. ווען איך האָב זי דעם לעצטן מאָל געזען, איז זי שוין געווען אין די זיבעציקער יאָרן. זי איז אָבער אַפֿילו אין דעם עלטער געווען זייער אַקטיוו.

מיין שוואָגער מאָטל איז געווען דער יינגסטער פֿון די קינדער. ווען איך האָב אים צום ערשטן מאָל געזען, ווען ער איז געקומען קיין ריישע אין 1904 צו באַקאַנען זיך מיט אונדזער שוועסטער צילע, בין איך געווען אַ חסידישער קלויז־בחור. אַזוי ווי ער האָט דאַמאָלט קיין פּאות ניט געהאַט און עס האָט ביי אים ניט געשפּראָצט קיין בערל כאָטש ער איז שוין דאַמאָלט אַלט געווען איבער צוואַנציק, האָט עס מיר טאַקע ניט געפֿעלן. אָבער שפּעטער, ווען איך האָב אַליין באַזייטיקט די פּאות מיט די חסידישע מלבושים, איבערהויפּט ווען איך בין געקומען קיין סאַנץ אַרבעטן אין זיין געשעפֿט, האָב איך פֿאַר אים געהאַט דעם גרעסטן רעספּעקט. אין זיינע יונגע יאָרן, און אויך היינט ווען איך שרייב די שורות, איז ער געווען אַ זייער ענערגישער געשעפֿטסמאַן. ער האָט זיך צו אַלע געשעפֿטס־אונטערנעמונגען צוגעכאַפּט. ער האָט זיך פֿאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט. ווען ער האָט געוואָלט וועמען פֿאַרקויפֿן סחורות, האָט ער פֿאַרקויפֿט. ער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלן איינפֿלוס איבער זיינע קונדן. קיין זאַך איז פֿאַר אים ניט געווען שווער. ער האָט באַהערשט די קונסט און די קראַפֿט פֿון איבערצייגונג. פֿון פֿוילקייט האָט ער קיינמאָל ניט געוואוסט. ער איז אַרומגעפֿאָרן גאַנצע נעכט אויף די באַנען כדי ער זאָל אַרבעטן מיט די קונדן בייטאָג. איך האָב אַלע מאָל באַוואונדערט זיין אויסערגעוויינלעכע ענערגיע. ער האָט קיין זיצפֿלייש ניט געהאַט. עס האָט אים אַלע מאָל געצויגן עפּעס צו טאָן. ער איז געווען טעמפּעראַמענטאַל מיט דיסציפּלין. מיט זיינע אומבאַגרענעצטע פֿעאיקייטן האָט ער אויפֿגעבויט אַ געשעפֿט, וואָס האָט געשמט אין גאַנץ עסטרייך. ער האָט גוט באַהערשט די פּוילישע און דייטשע שפּראַכן. ער איז געווען באַליבט אין אַלע קרייזן. ער איז אין סאַנץ געווען זייער פּאָפּולער.

װען ער איז נאָך דער חתונה געקומען קײן סאַנץ מיט זײן פרוי, האָט ער תכף ליקװידירט דאָס שטרײמל מיטן שװאַרצן זײדענעם כאַלאַט. ער האָט דאָס בלויז געטראָגן אין רײשע די ערשטע װאָך פון דער חתונה כדי אונדזער פאָטער צופרידן צו שטעלן.

אין סאַנץ האָב איך פאַרבראַכט אַ יאָר און אַ האַלב. איך האָב גע־אַרבעט פלײסיק און געלערנט דאָס געשעפט. באַלד נאָכן ערשטן יאָר, װען מאָטל האָט אײנגעזען אַז איך טויג זיך שױן גוט אויס אין געשעפט, האָט ער באַשלאָסן צו עפענען אַ פיליאַלע אין רײשע אונטער מײן אויפזיכט. איך בין טאַקי צוריקגעקומען קײן רײשע, װאו מיר האָבן אויסגעבויט ספּעציעלע מאַגאַזינען אין הויף פון אונדזער הויז אויף דער אַגאַראָדאָװע גאַס, פאַר אונדזער נײעם געשעפט. מאָטל האָט באַלד געשיקט דרײ װאַגאָנען מיט סחורות. ער האָט אויך איבערגענומען פאַר־טרעטונגען פון אַנדערע װיכטיקע פּראָדוקטן אין דעם בראַנזש. איך האָב דאָס געשעפט געפירט און עס איז אין אָנהויב געגאַנגען גאַנץ גוט.

אין אָנהויב פון יאָר 1908 (תרס״ח) ביז צו דער ערשטער װעלט־מלחמה אין 1914 (תרע״ד) האָט מען אין עסטרײך געפילט דעם דרוק פון דער דעפּרעסיע. אין גאַליציע אָבער איז די עקאָנאָמישע לאַגע געװען פיל ערגער. אַזוי װי דער האַנדל און אינדוסטריע איז געלעגן אין ײדישע הענט, האָבן טאַקע די ײדן געליטן פון דער דעפּרעסיע מער װי אַנדערע. יעדן טאָג זײנען פאַרגעקומען באַנקראָטן. געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן. אַ גרויסער טײל פון די אָפּזעצער האָבן געמאַכט פּליטה קײן אַמעריקע, װאו די אימיגראַציע טירן זײנען געװען פרײ אָפן פאַר יעדן װאָס איז געװען געזונט, נאָרמאַל און האָט געהאַט אויף אַ שיפסקאַרטע. אַמעריקע איז דאַמאָלט געװען דער בעסטער און זיכערסטער עיר מקלט פאַר אײראָפּעאישע אָפּזעצער.

אויך אין רײשע האָט מען געפילט די דעפּרעסיע אויף שריט און טריט. עס האָבן דאָרט אויך קײן אָפּזעצער ניט געפעלט. צװישן די רײ־שער ײדן האָבן זיך געפונען אַזעלכע װאָס האָבן די הונגער לײדן פאַר־דעקט און פאַרגלעט. אין דער הײם האָט מען געהונגערט, אָבער דרויסן, פאַר מענטשן, האָט מען געשפּילט אַ גרויסע ראָל. די דעפּרעסיע האָט אַלעמען געדריקט.

אַזױ װי גאַליציע האָט קײן פּראָװינציאָנעלן הילפס פאַראײן ניט געהאַט איז אין יאָר 1910 אין לעמבערג פאָרגעקומען אַ צוזאַמענקונפט פון דעלעגאַטן פון דער „איקא״, די פאַריזער אַליאַנס, די אַנגלאָ דזשואיש אַסאָסיאײשאָן, און פון דײטשן הילפס פאַראײן און אַנדערע אויסלענדישע

הילפס אָרגאַניזאַציעס, כדי צו גרינדן אַ גאַליציאַנער הילפס פאַראיין צו געפינען אַ וועג צו העלפן ברענגען דעם גאַליצישן יידישן עקאָנאָמישן מצב אויף אַ העכערע מדרגה. די אויבן דערמאָנטע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען גרייט צו געבן געלט פאַר דעם צוועק, אויב די גאַליצישע רייכע יידן וועלן טאָן דאָס זעלבע.

נאָך לאַנגע באַראַטונגען איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ „זעלבסט הילפס פאַראיין" וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט דער אַרבעט. אַלס פּראָווי־זאָרישער פּרעזידענט איז דערוויילט געוואָרן דער באַקאַנטער יידישער אַסימילאַנט שמעלקע פאָן האָרוויץ. אַלס וויצע פּרעזידענט איז דער־ווילט געוואָרן דער ציוניסט דר. יהושע טאָן. פון די סאָציאַליסטן איז דערוויילט געוואָרן דר. דיאַמאַנט, און דר. גראָס פון די אומאָפּהענגיקע.

די דערוויילטע האָבן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און אויסגעאַרבעט די סטאַטוטן. אונטער די דאַמאָלסטדיקע עסטרייכע געזעצן האָט אַזאַ אָר־גאַניזאַציע ניט געקאָנט פונקציאָנירן אָן דער דערלויבעניש פון דער רעגירונג. מ'האָט טאַקי אנגעגעבן אין דער לעמבערגער שטאַטהאַלטעריי פאַר אַ באַוויליקונג. אין יאָר 1914 איז ענדלעך אָנגעקומען די באַוויליקונג פון דער רעגירונג פאַרן זעלבסט הילפס פאַראיין". צום אומגליק איז אין דעם זעלבן יאָר אויסגעבראָכן די וועלט מלחמה און עס איז פון דעם גאָר ניט געוואָרן.

חוץ דער דעפּרעסיע זיינען דאַמאָלט אויך די באַציאונגען צווישן עסט־רייך און סערביע געווען זייער אָן אָנגעצויגענע. אויף דער זייט פון עסטרייך איז געשטאַנען די מעכטיקע דייטשלאַנד און אויף דער זייט פון סערביע איז געשטאַנען די צאַרישע רוסלאַנד. די לאַגע איז געווען אַזוי אָנגע־שטרענגט, אַז עס האָט קיינער ניט געצווייפלט אַז עס וועט סוף־כל־סוף קו־מען צו אַ מלחמה. עס איז בלויז געווען אַ פראַגע ווער וועט אָנצינדן דאָס פייער. אונדזערע עלטערן האָבן נאָר וואָס באַשלאָסן צו פאַרלאָזן ריישע און איבערציען זיך קיין ווין אין זייער אייגענער הויז, וואָס אונדזער פאָטער האָט געקויפט אין יאָר 1912, וואו זיי וואָלטן געקאָנט לעבן גליקלעך. צום אומגליק איז דער פּלאַן ניט דורכגעפירט געוואָרן. די דעפּרעסיע האָט אויך אונדזער פאָטער עקאָנאָמיש צוגעדריקט, וואָס האָט געפירט צום טראַגישן טויט פון מיין מוטער, ווי איך האָב געשריבן אין די פריער־דיקע קאַפּיטלען.

# אויף דער באַן פון באבאוו קיין סאַנץ

אום זומער אין יאָר 1912, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין דעם קליינעם שטעטל באבאוו, וואָס איז געלעגן אויף דער באַן שטרעקע צווישן טאַרנע און סטרוזשע, וואָס האָט זיך געצויגן איבער סאַנץ ביז צו דער אונגאַרישער גרענעץ. איך האָב דאָרט געהאַט עפּעס געשעפטלעך צו דערליידיקן.

באבאוו איז געווען דער זיץ פון אַלטן סאַנצער חסידות. דערבאבאַ־ווער רבי ר׳ שלמהלע האַלבערשטאַם האָט געשטאַמט פון דער סאַנצער גזע און האָט געהאַט אַ גרויס פּאָרעכטס פון אַלע טיילן פון לאַנד. געווען איז עס אין אַ פרייטיק פאַרמיטאָג אין חודש תמוז. איך האָב דערליידיקט וואָס איך האָב געדאַרפט און בין גלייך געגאַנגען צו דער באַן־סטאַנציע צו פאָרן קיין סאַנץ און דאָרט בלייבן איבער שבת. קו־מענדיק צו דער באַן, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ גרויסן עולם יידן. עס איז געווען אַ גרויסער טומל. איך האָב אויסגעפונען פון אַ יונגן בחור, אַז דער הייליקער באבאווער צדיק איז איצטער אין וואַרעם באָד, ניט ווייט פון אונגאַרן, פאָרן די באָבאָווער חסידים אַהין אויף שבת.

פון באָבאָוו ביז סאַנץ דויערט די רייזע אַביסל מער ווי אַ שעה. דערזעענדיק אַזאַ גרויסן עולם וואַרטן אויפן צוג, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די וואַגאָנען וועלן זיין גוט באַזעצט, אַז עס וועט ניט זיין גענוג פּלאַץ פאַר אַלעמען צו זיצן. זייענדיק אַ דערפאַרענדער רייזנדער האָב איך זיך דער ערשטער אַריינגעכאַפּט אין וואַגאָן אַזוי ווי דער צוג איז אָנגעקומען און פאַרנומען אַ גוטן זיץ ביים פענצטער. די איבעריקע חסידישע פּאַסאַ־זשירן האָבן זיך געשטופּט אַריין אין די וואַגאָנען. עס האָט געדויערט פופצן מינוט ביז דער צוג האָט געקאָנט אָפּפאָרן; נאָרמאַל שטייט דאָרט דער צוג ניט לענגער ווי איין מינוט.

דער וואַגאָן אין וועלכן איך בין געזעסן איז געווען איבערגעפּאַקט. כמעט אַלע זיינען געווען באבאווער חסידים. העלפט פון זיי האָבן קיין זיץ־פּלעצער ניט געהאַט. אויף דער זעלבער באַנק וואו איך בין געזעסן, און אויך אַנטקעגנאיבער מיר זיינען געזעסן חסידישע יידן. אַנטקעגן מיין וואַגאָן־פענצטער צו דער לינקער זייט זיינען געשטאַנען דריי חסידישע יונגעלייט, זיי האָבן אויסגעקוקט ווי שנה ראשונהניקעס. איך בין געווען דער איינציקער אין וואַגאָן וואָס איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ דייטש. אין וואַגאָן איז געווען זייער הייס. בין איך געזעסן געמיטלעך ביים פענצטער, מיט בלויזן קאָפּ און געלייענט אַ דייטשע צייטונג. דער צוג איז געפאָרן

אין דער ריכטונג פון שטרוזשע. זיצנדיק מיט דער צייטונג אין האַנט, האָב איך געהערט ווי איינער פון די דריי יונגעלייט, זאָגט צו דעם יידן וואָס איז געזעסן נאָנט צו מיר: „זעט נאָר ווי דער דייטש (מיינענדיק מיך) זיצט דאָרט צעשפּרייטביים פענצטער און מיר אַלע דאַרפן שטיין. איך דענק אַז ס׳וואָלט געווען גלייך מיר זאָלן אים הייסן אויפשטיין און אים משלח זיין. מיר וועלן קאָנען זיצן צוויי אויף זיין אָרט". געזאָגט האָט ער עס ניט ווייל איך האָב ניט אויסגעקוקט ווי אַ ייד נאָר ווייל איך האָב געטראָגן דייטשע מלבושים, אָן פּאות, און געזעסן בגולי ראש. דאָס איז ביי זיי אָנגענומען געוואָרן אַז איך פאַרשטיי קיין יידיש ניט. דער צווייטער יונגערמאַנטשיק לעבן אים האָט מיט אים איינגעשטימט. אָבער דער ייד, וואָס איז געזעסן נאָנט צו מיר האָט זיי אָפּגעראָטן, זיי זאָלן עס ניט טאָן. דער ערשטער האָט זיך אָבער ניט צוגעהערט און האָט דאָך געוואָלט פון מיין זיץ פּלאַץ מיך אַראָפּוואַרפן בעל כרחה. איך האָב זיך ניט וויסנדיק געמאַכט און ווייטער געלייענט די צייטונג. ביי זיך האָב איך געטראַכט, נו... נו... זאָל ער נאָר צוקומען און מיך אָנרירן, וועל איך אים תכף דערלאַנגען אַ מתנת יד צווישן די אויגן, אַז ער וועט קומען צום רבין מיט אַ בלוטיקער נאָז.

דער יונגערמאַן, אַ תקיף, האָט זיך טאַקי געלאָזט גיין אין מיין ריכטונג, וואו איך בין געזעסן. איך האָב זיך אויך, אומבאַמערקבאַר, צו־געגרייט אים צו באַגעגענען. עס האָט אים אָבער איינער פון די יידן אָפּגעשטעלט און געזאָגט: „טו עס ניט, כ׳וועל ניט לאָזן". ער האָט אים דערקלערט אַז איך וועל זיך געוויס ניט לאָזן פון זיך אַראָפּוואַרפן, דער סוף וועט זיין, אַז אויף דער נעקסטער באַן־סטאַנציע וועט מען רופן דעם סטאַציאָנס שעף, מ׳וועט מאַכן אַ פּראָטאָקאָל און ער וועט נאָך דאַרפן אפשר גיין זיצן אין חד גדיא. ענדלעך האָט דער חסידישער יונגערמאַנ־טשיק איינגעזען אַז דער ייד איז גערעכט און זיך צוריקגעצויגן צו זיין פּלאַץ ביים פענצטער און דערמיט פאַרמידן אַ סקאַנדאַל.

לעבן מיר איז געזעסן אַ שווערער און ברייטער חסידישער ייד. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין הינטערשטער קעשענע אַ פּאַטשיילע, וואו ער האָט געהאַט עטלעכע אייער־קיכלעך, פון דער צווייטער קעשענע האָט ער אַרויסגענומען אַ קליין פלעשל בראנפן. דאָס זעלבע האָבן אויך געטאָן אַנדערע יידן וואָס זיינען דאָרט געזעסן. זיי האָבן צעבונדן די פּאַטשיילעס מיט די קיכלעך און פּריצניקלעך. מ׳האָט געטרונקען לחיים, אַז דער רבי זאָל האָבן אַ רפואה שלמה. ער זאָל מאריך ימים זיין, משיח זאָל קומען און אויסלייזן די יידן פון גלות.

אַלע האָבן פאַרביסן און צעקייט די האַרטע פּריצניקלעך, און באַלד אָנגעהויבן ריידן חסידות און דברי תורה. זיי האָבן דיסקוטירט די פּלוגתא צווישן ר׳ אליעזר און די חכמים, וועגן „תנור של עכנאי״, אַ גמרא אין בבא מציאה, פּרק הזהב. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ באַק־אויוון, וואָס איז געבויט פון שטיינער פון עכנאי, אויב דער אויוון איז מקבל טמאה. ר׳ אליעזר האָט געזאָגט, אַז דער אויוון איז ניט מקבל טמאה (אַז ווען דער אויוון ווערט באַרירט פון אַן אומריינע זאַך אָדער שרץ, איז דער אויוון ניט אומריין). אָבער די חכמים האָבן געזאָגט, אַז דער אויוון איז טמא. ר׳ אליעזר האָט געוואָלט באַווייזן אַז ער איז גערעכט, האָט ער באַוויזן מיט פאַרשידענע נסים פון הימל ערד און וואַסער, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן, די חכמים האָבן ניט געוואָלט צוגעבן, ביז ער האָט געוואָלט באַווייזן מיט די ווענט פון בית המדרש, וואָס האָבן אָנגעהויבן זיך בויגן צום איינפאַלן. ביז עס איז אויפגעשטאַנען ר׳ יהושיע און גע־מאַכט אַ פּשרה. די יידן האָבן עס דיסקוטירט און באַוואונדערט די גרויס־קייט פון די חכמי התלמוד. איינער פון די יידן האָט געזאָגט, אַז די פּלוגתא ווערט געבראַכט אין דער גמרא בבא קמא אַ צווייטער האָט אים איבערגעשפּאַרט, אַז עס שטייט אין מסכתת בבא מציעה אָבער ער געדענקט ניט דעם פּרק. קיינער פון די יידן איז ניט געווען זיכער וואו די פּלוגתא איז געשריבן. איז מיר איינגעפאַלן, אַז איצטער איז דער ריכטיקער מאָמענט זיך אָפּצורעכענען מיט די יונגעמאַנטשיקעס, וואָס האָבן מיך געוואָלט אַראָפּוואַרפן פון מיין זיץ.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט צו נעמען מיין קאַפּעלוש, וואָס איז גע־לעגן אין דער הויך איבערן זיץ־פּלאַץ, כדי צו צודעקן דעם קאָפּ ווען איך רייד דברי תורה. ווען דער יונגערמאַנטשיק האָט דעזען אַז איך שטיי אויף, האָט ער געדענקט אַז איך קלייב זיך געוויס אַראָפּצוגיין ביי דער נעקסטער סטאַנציע, האָט ער זיך שנעל צוגעגרייט צו פאַרכאַפּן מיין פּלאַץ און האָט דערביי עפּעס געפּאָנפּעט אונטער דער נאָז גייענדיק אין מיין ריכטונג. אָבער אַזוי ווי איך האָב זיך שנעל צוריקגעזעצט, איז ער געבליבן שטיין אַ צעמישטער. איך האָב זיך געווענדט צום יידן וואָס איז געזעסן לעבן מיר, בזה הלשון: איך האָב, זיצנדיק דאָ, זיך צוגעהערט צו אייער דיסקוסיע וועגן דער פּלוגתא פון תנור של עכנאי, וויל איך אייך זאָגן, אַז די גמרא ווערט געבראַכט אין מסכת בבא מציעה, פּרק הזהב. — איך האָב די ווערטער געזאָגט גאַנץ הויך, אַז אַלע האָבן עס געהערט.

דערהערנדיק די ווערטער פון מיר, זיינען אַלע, וואָס זיינען געזעסן אַרום מיר, געבליבן נבהל ונשתומם. עס איז פּלוצים געוואָרן שאַ שטיל.

איך האָב זיך אויסגעדרייט צו די יונגעמאַנטשיקעס און זיי געגעבן אַ גוטע לעקציע פון דרך ארץ קדמה לתורה אַז זיי זיינען געווען אַ חושד בכשרין. אַלע דריי זיינען געבליבן פאַרשעמטע, קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. איך האָב זיך שפּעטער אויך באַטייליקט אין דער גמרא דיסקוסיע מיט די חסידים, ביז דער צוג איז אָנגעקומען אין סאַנץ. אַרויסגייענדיק פון וואַגאָן, האָב איך געהערט ווי איינער פון די יידן זאָגט צום צווייטן: „אַ שאָד, וואָס אַזאַ טייערער יונגערמאַן איז אַראָפּ פון דרך הישר.

## ווין

נאָכדעם ווי אונדזער פאָטער האָט איבערגענומען די הויז אין ווין, ביז צו דער צייט ווען מענדעלע האָרוויץ האָט אַריינגעזעצט אַ געריכטס־פאַרוואַלטער, בין איך געווען מער אין ווין ווי אין ריישע. איך האָב דאָרט געהאַט זייער פיל צו דערליידיקן. די הויז איז געווען אַ שיינע, מאָדערנע געביידע, מיט באַד־צימערן און עלעווייטאָר. געוואוינט האָבן דאָרט קריסט־לעכע איינוואוינער. אויפן ערשטן שטאָק איז געווען אַ באַנק. מיר האָבן דאָרט געהאַט אַ זייער גוטן פאַרוואַלטער וואָס האָט געהאַלטן דאָס הויז זייער ריין און אויך איינקאַסירט דירה געלט. איך בין אַהין געקומען יעדן חודש איבערצונעמען דאָס איינקאַסירטע געלט, איך בין דאָרט אָפט געבליבן צוויי וואָכן.

ווין איז דאַמאָלט געווען די הויפּט שטאָט פון דער עסטרייך־אונגאַ־רישער מאָנאַרכיע, מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן, אונ־טער דער הערשאַפט פון קייזער פראַנץ יאָזעף, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס אַ יידן־פריינט. ווין האָט געהאַט די שענסטע קייזערלעכע פּאַלאַצן און שטייט־געביידעס און איז אויך איצט באַוואוסט אַלס די שענסטע שטאָט אין דער וועלט. די שטאָט האָט געהאַט צוויי אָפּערע הייזער און איבער צוואַנציג טעאַטערס, וואו מ'האָט אויפגעפירט אָפּערעטעס און דראַמאַטישע שפּילן. איך געדענק אַמאָל אין אַ זומערטאָג, אין יאָר 1912, האָב איך באַגעגנט דעם באַרימטן אָפּערע זינגער ענריקאָ קאַרוזאָ, ווען ער האָט שפּאַצירט אין דער קערטנער שטראָסע מיט צוויי באַגלייטער. ער איז דאַמאָלט געווען אַ גאַסט שפּילער אין דער קייזערלעכער אָפּערע. עס איז אויך דאַמאָלט דאָרט געווען אַ זייער גרויסע צאָל מואווי־הייזער און אַנדערע אַמוזירונגס־פּלעצער.

ווין האָט אויך געהאַט די גרעסטע יידישע קהילה אין עסטרייך. די יידישע באַפעלקערונג האָט געציילט אַרום 150 טויזנט. עס זיינען דאָרט געווען פיל בתי כנסיות, שטיבלעך, גרויסע שיינע שולן און טעמפּלען. די קהילה איז געווען גוט אָרגאַניזירט, מיט אַ קולטוס פּרעזידענט און קולטוס ראַט, געוויילט דורך ספּעציעלע יידישע קהל וואַלן.

די שטאָט איז געווען איינגעטיילט אין 21 באַצירקן. דער צווייטער באַצירק איז געווען באַקאַנט אַלס דער יידישער באַצירק, וואו עס האָט געוואוינט דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. דאָרט זיינען געווען אויסגעבויט די עלטסטע שולן און די שענסטע טעמפּלען. מיר איז גוט באַקאַנט די באַרימטע שיף שול.

דער צווייטער באַצירק איז געווען אָפּגעטיילט פון ערשטן און די אַנדערע באַצירקן מיטן דאָנאי קאַנאַל. דאָרט זיינען געווען די גרעסטע כשרע שפּייז געשעפטן. אין מיינע צייטן האָבן דאָרט געוואוינט עטלעכע רבנים. איך פלעג אָפט באַגעגענען אין גאַס אַ חסידישן יידן מיט היפשע פאות אָנגעטאָן לויט דעם בעלזער הולך, וואָס אין ווין איז דאָס געווען אַ זעלטנקייט. די ווינער יידן, צווישן זיי זייער פיל פרומע אָרטאָדאָקסן, האָבן זיך גאַנץ אַנדערש געפירט פון די גאַליציאַנער יידן. דער ווינער האָט קיין פאות ניט געטראָגן. כמעט אַלע האָבן זיך ראַזירט, אָבער ניט מיט אַ ראַזיר מעסער. עס איז שוין דאַמאָלט געווען אַ כעמיש מיטל — ספּעציעלער ראַזיר־קרעם (דעפּילאַטאָר) — מיט וועלכן מ׳האָט באַשמירט די זייט פון פּנים וואו עס וואַקסט די באָרד, מ׳האָט שפּעטער אַרומגעקראַצט דעם קרעם און די האָר מיט אַ האָלץ־מעסער. אויף דעם איז געווען אַ הכשר. קיין איינציקער פון די ווינער יידן האָט ניט געטראָגן אַ סאַ־מעטעם קאַפּעלוש, קאַפּאָטע, אָדער אַ שבת שטריימל. אַלע האָבן זיך געקליידט לויט דעם דייטשן טראַכט. בלויז עטלעכע צוגעקומענע פרומע גאַליצישע יידן האָבן זיך געהאַלטן ביי זייער הלבשה, זיי האָבן זיך ווייניק אָנגעזען אין דער גרויסער שטאָט. אין צווייטן באַצירק זיינען איבער 60 פּראָצענט פון די יידישע געשעפטן געווען געשלאָסן אום שבת. דאָס יידישקייט האָט זיך געפילט אויף יעדן שריט, אָבער ניט אויפן גאַליציאַנער קליינשטעטלדיקן שטייגער. ווייל חוץ זיין פרומקייט איז דער ווינער ייד אויך געווען הויך אינטעליגענט מיט אַ וועלטלעכער בילדונג. איך בין איינמאָל געווען אין דער שיף שול צו מנחה, האָב איך דאָרט געטראָפן אַ פּאָליציי קאַפּיטאַן, אויסגעפּוצט אין זיין שיינעם אוניפאָרם, מיט שיינע גאָלדענע קנעפּלעך וואָס אין ווין איז דאָס געווען אַ זייער הויכער ראַנג.

ער איז געשטאַנען שמונה־עשרה, די אויגן צוגעמאַכט און זיך אַפילו גוט געשאָקלט מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן.

די ווינער יידן זיינען געווען שטאָלץ מיט זייער הויפטשטאָט און קייזער. זיי האָבן דאַמאָלט געהאַט די זעלבע פרייהייטן וואָס די קריסטן. זייערע רעליגיעזע פרייהייטן זיינען געווען אומבאַגרענעצט. איך געדענק אַפילו אין ווין אַ פּראָצעסיע פון יידן וואָס האָבן פּאַראַדירט אין גאַס, מיט אַ נייעם ספר תורה פאַר זייער שול און אַפילו געטאַנצט אַין גאַס. דער ייד האָט זיך געפילט פריי. די גוישע באַפעלקערונג איז געווען 90 פּראָצענט קאַטויליש און אָנגעזאַפּט מיט אַנטיסעמיטיזם. צווישן זיי די באַוואוסטע אַנטיסעמיטישע לוגערשע קריסטלעך סאָציאַלע פּאַרטיי, וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַרן נאַציזם. די פעדעראַלע רעגי־רונג האָט מיט זיין קיין שום שייכות ניט געהאַט. זיי האָבן זיך געהאַלטן ביי דער קאָנסטיטוציע.

עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו קומען קיין ווין און דאָרטן צו פאַרברענגען. עס זיינען אָפט געקומען יידישע טעאַטער טרופּן פון גאַלי־ציע און געשפּילט אין די יידישע קאַפע הייזער און האָטעלן אין צווייטן באַצירק. איך האָב אין ווין זייער גוט פאַרבראַכט. ווייל דאָרט האָט עקזיסטירט אַ טאָג־ און אַ נאַכט־לעבן. דאָס ווינער לעבן האָט מען גע־רופן „ווייַן, פרויען און געזאַנג". אָט די דריי זיינען געווען אַ קאָמבי־נאַציע, פון ווינער נאַכט־לעבן, די בעסטע ווייַן קעלערן די שענסטע פרויען און די בעסטע מוזיק. די ווינער מוזיק וועט ווערן געשפּילט אַזוי לאַנג ווי די וועלט וועט עקזיסטירן.

מיין הויפּט אויפגאַבע אין ווין איז געווען צו געפינען אַ קונה פאַרן הויז, עס צו פאַרקויפן מיט אַ גוטן פּראָפיט. צום באַדויערן האָט דאָס לאַנד דאַמאָלט מיטגעמאַכט אַ שווערע דעפּרעסיע. עס האָבן זיך קיין קונים ניט געפונען ווייל עס האָט געפעלט געלט. די יעניקע וואָס האָבן יאָ געהאַט געלט האָבן אָנגעבאָטן זייער נידעריקע פּרייזן. מיין אַרבעט אין ווין איז געווען אַן אומזיסטע און האָט קיין רעזולטאַטן ניט געבראַכט.

# מיינע לעצטע טעג אין ריישע

נאָכדעם ווי מיין מוטער איז אַוועק פון דער וועלט אין מאַי 1913, בין איך געבליבן אַן אַנטוישטער. איך האָב פאַרלוירן מיין צוטרויען צום לאַנד און אויך צו דער שטאָט פון מיין געבורט, צו די מענטשן בכלל

און דעם אָרטאָדאָקסישן יידישן קלאַס בפרט. עס האָט מיך געעקלט פון אַלץ וואָס איז געווען אַרום מיר. טאָג און נאַכט בין איך אַרומגעגאַנגען מיט אַ ביטער האַרץ קעגן די יידישע באַנקען, די וואָכערער, די מענדעלע האַרוויצעס, וואָס האָבן געהאַט אַ דירעקטן חלק אין אונדזער מוטער׳ס פריצייטיקן טויט. מיר האָט זיך געוואָלט לויפן אַוועק ערגעץ וואו.

מיין פעטער שמואל, דער ברודער פון אונדזער מוטער, וואָס האָט שוין געוואוינט אין אַמעריקע זייט דאָס יאָר 1902, אין בעלינגהעם, וואַשינגטאָן סטייט און האָט מיט מיר רעגלמעסיק קאָרעספּאָנדירט, האָט מיר אָפּט געשיקט פון אַמעריקע יידישע צייטונגען: „דער מאָרגן זשורנאַל״, „טאָגעבלאַט״ און אויך „דער אַמעריקאַנער״. איך האָב די צייטונגען זייער גערן געלייענט און געהאַט אַ גוטן באַגריף וועגן דעם יידישן לעבן אין אַמעריקע. האָב איך טאַקי באַלד נאָך דער שבעה באַשלאָסן צו פאָרן קיין אַמעריקע. איך האָב עס איבערגערעדט מיטן פאָטער און ער האָט מיט מיר איינגעשטימט. ער האָט אויך פאָרגעשלאָגן אַז מיין ברודער משה זאָל מיט מיר מיטפאָרן.

גערעדט און געטאָן. איך האָב זיך אָנגעהויבן צוגרייטן צו דער רייזע. איך האָב אָנגעהויבן צו ליקווידירן מיינע געשעפטס פאַרבינדונגען, וואָס איך האָב געהאַט מיט מיין שוואָגער מאָטל אין זיין ריישער פיליאַלע. מיין ברודער משה איז דעמאָלט אַלט געווען 15 יאָר, ער האָט ניט געוואַרט ביז איך וועל זיך דערליידיקן דאָ און איז געפאָרן אַליין קיין ניו יאָרק אין אויגוסט 1913. ביים אָנקומען האָט דער האַיאַס אים פאַר־בונדן מיט אונדזער מומע חיהלע־זייבל און פעטער חיימל. זיי האָבן אים באַלד פאַרזאָרגט מיט אַ שטעלע און ער האָט זיך באַלד איינגע־אָרדנט אין ניו יאָרק.

אַזוי שנעל ווי איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט מיינע געשעפטס־פאַר־בינדונגען, האָב איך באַלד אָנגעהויבן אַראַנזשירן פאַר מיין רייזע קיין אַמעריקע. איך האָב געהאַט פיל פריינט, צווישן זיי משה עהלבוים און אויך דער דיכטער נחום שטערנהיים. אַזוי ווי זיי זיינען שוין פריער געווען אין אַמעריקע האָב איך זיך פאַר זיי פאַרטרויט מיט מיין פּלאַן און באַשלוס. ביידע האָבן מיט מיר איינגעשטימט, און האָבן מיר אויך צוגעגעבן קוראַזש. משה עהלבוים האָט מיר זאָגאַר געגעבן אַ בריוו צו זיין שוואָגער איטשע וויינמאַן אין ניו יאָרק. דאַקעגן האָבן מיך די אַנדערע ריישער פריינט אָפּגערעדט פון דעם שריט. איינער פון זיי, פּייוועלע קאָהן, האָט מיר אַפילו געזאָגט, אַז עס איז ניט שיין צו פאָרן קיין אַמעריקע וואו עס פאָרן בלויז אָנזעצער און שווינדלער וואָס

ווילן זיך אַרויסדרייען פון דער גערעכטיקייט. איך האָב אָנגענומען די עצה פון די ערשטע צוויי. איך האָב זיך באַלד באַזאָרגט מיט אַ שיפסקאַר־טע, אָפּצופאָרן פון ברעמען מיט דער שיף דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, דעם 12טן אָקטאָבער 1913, קיין ניו יאָרק.

דעם טאָג וואָס איך האָב פאַרלאָזט מיין היים אין ריישע איז ביי אונדז אין דער היים געווען אַ טרויער. אַרום עלף אַזייגער אין דער נאַכט האָב איך זיך צוגעגרייט צו גיין צום באַן. די קליינע קינדער זיינען אַלע געשלאָפן געשמאַק, בלויז דער פאָטער און מיינע צוויי שוועסטער מאַליע און אסתר זיינען געווען מיט מיר אין צימער און געוואַרט. איך האָב אַלע קינדער געקושט אין זייער שלאָף און מיט טרערן אין אויגן האָב איך געוואונשן אַז מיר זאָלן זיך באַלד זען. אויך מיין פאָטער האָט געהאַט פייכטע אויגן ווען ער האָט זיך מיט מיר געזעגנט און געוואונשן אַ גוטע רייזע איך זאָל דאָרט באַגליקן און איך זאָל העלפן שאַפן אַ בעסערן מצב פאַר דער פאַמיליע. אויפן וועג צום באַן האָב איך זיך געזעגנט מיט ריישע, די שטאָט וואו איך בין געבוירן און אָפּגעלעבט 23 יאָר. איך בין אָפּגעפאָרן 12 אַזייגער מיטן נאַכט.

אין ברעמען בין איך אָנגעקומען אויף דעם דריטן טאָג גאַנץ פרי. האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין אַ האָטעל און רעגיסטרירט זיך ביי דער שיף־געזעלשאַפט. איך האָב דאָרט פאַרבראַכט צוויי טעג. אין אַ פריי־מאָרגן זיינען מיר אַלע מיט אַ ספּעציעלן צוג געפאָרן ביז ברעמערהאַפן. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט פונקט קעגן איבער דער גרויסער פאַ־סאַזשיר שיף, וואָס האָט אויף אונדז געוואַרט ביים ברעג ים. נאָכמיטאָג זיינען מיר שוין אַלע געווען אויפן שיף. איך האָב געהאַט אַ קאַיוטע מיט נאָך דריי מענער. אָט פאָר איך קיין אַמעריקע מיט שיינע חלומות פאַר אַ ניי לעבן.

געווידמעט מיין ברודער משה
זיין פרוי און קינדער — — —

# מיין אָנקום אין ניו יאָרק

איך בין אָנגעקומען אין ניו יאָרק ענדע אָקטאָבער 1913 און געלאַנדעט אין עליס איילענד. אין יענע צייטן האָט מען דאָ ניט געפּאָדערט קיין וויזעס. די אימיגראַציע טירן זיינען געווען פריי אָפן פאַר אַלע אימי־גראַנטן. איך בין אין עטלעכע מינוט דורכגעגאַנגען די אימיגראַציע פאָרמאַליטעטן, און מ׳האָט מיך געלאָזט גיין פריי. אַן אויפזעהער פון האַיאַס האָט מיך באַלד אָפּגעשטעלט און אָנגעוויזן וואו צו גיין צום שיפל וואָס וועט אונדז פירן פון עליס איילענד קיין ניו יאָרק. ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַזוי ווי עס איז קיינער ניט געקומען אַהער מיך צו דערוואַרטן, וועל איך פאָרן מיט אים צום האַיאַס אָפיס, וועלן זיי שוין דאָרט פאַרשטענדיקן די קרובים מיינע אין ניו יאָרק. איך און אויך אַנדערע מענער און פרויען, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקאַנט אויפן שיף, האָבן זיך געלאָזט גיין צום שיפל.

צוקומענדיק צום שיף פּיר, הער איך ווי אַ מאַן רופט אויס מיין נאָמען אויפן הויכן קול. איך בין שנעל צוגעקומען צום מאַן און גע־זאָגט אַז איך בין עס. דער מאַן מיט אַן האַיאַס צייכן אויפן אַרבל, נעמט מיך ביי דער האַנט און פירט מיך צו צו אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, און זאָגט צו אים „דאָס איז הערמאַן לעדער״.

איך קוק אויף דעם מאַן, איך ווייס ניט ווער ער איז. ער איז גע־שטאַנען אנגעלענט ביי דער וואַנט, ער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט. נאָר מיך ערנסט באַטראַכט. איך גיי צו נענטער און פרעג אים, ווער זייט איר? ער האָט אָבער אויף מיין פראַגע ניט געענטפערט. ער האָט בלויז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט „ס׳אָל רייט״. איך האָב דאַמאָלט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט. פרעג איך ווידער: „אפשר זייט איר מיין פעטער?״ האָב איך באַקומען דעם זעלבן ענטפער ווי פריער. איך האָב עס אָבער ניט פאַרשטאַנען. לעבן מיר זיינען געשטאַנען עטלעכע פון מיינע שיפס באַקאַנטע, פרעגן זיי מיך ווער דער בעל דבר איז, ענטפער איך אַז איך ווייס ניט, איך קאָן אים ניט. ווען איך פרעג אים ווער ער איז מאַכט ער מיט דער האַנט און זאָגט עפּעס אויף ענגליש וואָס איך פאַרשטיי ניט. איינער פון מיינע שיפס באַקאַנטע רוימט מיר איין אין אויער, אַז דער מאַן זעט אויס צו זיין אַ דעטעקטיוו. ווער ווייסט,

געוויס האָט ער אויף דיר אַ פאַרדאַכט. דערהערנדיק דאָס, האָט מיך אַ קאַלטער שווייס באַגאָסן פאַר שרעק. וואָס עפּעס אַ דעטעקטיוו? וואָס פאַר אַ באַגעגעניש איז דאָס? אין זעלבן מאָמענט איז אָנגעקומען די פערי שיף. דער מאַן ווינקט צו מיר מיט דער האַנט און זאָגט: „קאָם אָן". איך נעם מיין געפּעק און לאָז זיך מיט אַלע אַנדערע צום שיף, דער מאַן גייט מיר נאָך. איך ציטער פאַר מורא, דער מאַן ווייזט מיר אָן אַ פּלאַץ אויפן שיף וואו צו זיצן און זעצט זיך לעבן מיר.

אַזוי שנעל ווי די שיפל האָט אָנגעהויבן גיין זאָגט דער מאַן צו מיר אין יידיש: „הערשל, ווען דו וועסט קומען אַהיים צו מיר אין הויז, זאָלסט דו ניט ריידן צופיל". דערהערנדיק די יידישע ווערטער האָב איך מיט פרייד אַ געשריי געטאָן: „פעטער חיים", „יאָ", האָט ער געענטפערט, „איך בין חיים", און געשמייכלט צום ערשטן מאָל.

די פערי שיף איז צוגעקומען צום בעטערי. אַ פרייד האָט מיך אַרומגענומען ווען איך האָב געזען פאַר מיר די ריזיקע הויכע וואָלקן־קראַצער, און זיך צוגעהערט צו דעם גערויש און טומל, וואָס האָט דאָרט געהערשט. מיר זיינען אַרויף אויפן עלעווייטאָר טריין עטלעכע מינוט שפּעטער זיינען מיר שוין געווען אויף דילענסי סטריט. דער איינדרוק איז געווען אַ קאָלאָסאַלער. איך האָב זיך פּלוצים געפונען אין אַ נייע וועלט און אויך אַ יידישע וועלט. פון דאָרט זיינען מיר אַרונטער אין אַ סאָבוויי, 15 מינוט שפּעטער בין איך שוין געזעסן אין הויז פון אונדזער פעטער חיימל.

די אויפנאַמע וואָס איך האָב באַקומען אין מיין פעטערס הויז איז געווען אַ זייער פריינטלעכע און וואַרעמע. די מומע פעני האָט מיך באַגריסט מיט אַ זיסן שמייכל, זי איז געווען נאָך יונג און שיין. זי איז אויך געווען זייער אַ קלוגע פרוי, פול מיט לעבן און שפּאַס. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן מיט איר צו פאַרברענגען. זיי האָבן מיר באַלד דער־ציילט פון דעם אומגליק וואָס צו אונדזער מומע חיהלע זייבל האָט געטראָפן — זי האָט לעצטע וואָך פאַרלוירן איר מאַן. זיי זיצן איצטער שבעה. זיי האָבן מיר אויך דערציילט, אַז מיין ברודער משה איז אָנגעקומען בשלום און וואוינט טאַקי מיט מומע חיהלע און האָט אַ זייער גוטע שטעלע.

דריי טעג נאָך מיין אָנקומען אין אַמעריקע, האָט מיר מיין פעטער חיים באַזאָרגט מיט אַ שטעלע ביי דער פירמע ב. שווארץ ענד סאָנס, וואָס האָבן פאַבריצירט קינדער־קליידלעך — איינע פון די גרעסטע פירמעס אין דעם פאַך. איך בין דאַנקבאַר דעם פעטער חיים, די מומע פעני

און זייער שוואָגער איטשע שוואַרץ. ווייל קומענדיק אַרבעטן ביי דער שוואַרץ־פירמע איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר מיין עקאָנאָמישער צוקונפט, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ גוטן פינאַנציעלן דעראָפּלג מיט פיר יאָר שפּעטער.

אין די יאָרן 1913־1914 איז דער לעבנסטאַנדאַרט אין אַמעריקע געווען זייער אַ נידעריקער. די פאַרדינסטן זיינען געווען זייער קליינע. אַ גרינער האָט אָנגענומען אַ שטעלע אין אַ פאַבריק פאַר דריי דאָלער אַ וואָך. אַ פאָרמאַן אָדער אַ דזשיינער האָט פאַרדינט 25 ביז 30 דאָלאַר אַ וואָך. דאָס האָט געהייסן אַ גרויסער פאַרדינסט. עס זיינען אויך געווען אַרבעטער אין דעם זעלבן קלאַס וואָס האָבן פאַרדינט 40 און 50 דאָלער אַ וואָך; עס זיינען אָבער געווען זייער ווייניק פון דעם קלאַס. די פּרייזן פון שפּייז און קליידער זיינען געווען זייער ביליק. אַ גאַנץ ברויט האָט געקאָסט פינף סענט. פליייש — 15 סענט אַ פונט, צוקער — צוויי סענט אַ פונט, פרישע פיש — דריי סענט אַ פונט, פּוטער — 18 סענט אַ פונט, אַ קוואָרט מילך — 10סענט, טשיקן — 13 סענט אַ פונט. פרישטיק אין אַ רעסטאָראַן האָט מען פאַר פינף סענט באַקומען צוויי זעמל מיט פּוטער און אַ טעפּל קאַווע. איך מיט נאָך עטלעכע פריינט האָבן יעדן אָוונט געגעסן נאַכטמאָל אין אַ רעסטאָראַנט אויף עוועניו איי, וואו מ׳האָט סערווירט אַ פאָרשפּייז, זופּ, פליייש מיט צוויי גרינצייג, קיכלעך און טיי פאַר בלויז 25 סענט. ביים עסן האָט יעדער פון אונדז געגעבן אַ סענט, איינער פון אונדז איז געגאַנגען צום סאַלון אַנטקעגנאיבער און געקויפט אַ גרויס קריגל מיט ביר פאַר פינף סענט — גענוג פאַר אַכט גלעזער ביר. דער ערשטער אנצוג וואָס איך האָב געקויפט אין אַמעריקע איז געוועזן פון בלויען שטאָף מיט ווייסע שטרייפן און האָט געקאָסט 5.50 דאָלער. עס איז געווען אַ גוטער און שיינער אנצוג. אַ קאַפּעלוש האָט געקאָסט אַ דאָלער. אויף אַן אָרטשאַרד סטריט פּושקאַרט האָט מען געקויפט שיינע גוטע העמדער פאַר 39 סענט אַ שטיק, קראַוואַטן פאַר 10 סענט, גוטע שיך פאַר צוויי דאָלער. איצטער קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי גוט מ׳האָט געקאָנט אויסקומען מיט אַ געהאַלט פון צען דאָלער אַ וואָך. איך האָב גוט געגעסן, זיך גוט געקליידעט און אָפּט אַהיים געשיקט עטלעכע דאָלער. איך בין פון מיין שטעלע געווען זייער צופרידן.

נאָכדעם ווי איך בין אָפּגעווען אַ קורצע צייט אין ניו יאָרק, האָב איך זיך נאָכגעפרעגט און אויסגעפונען אַז אין ניו יאָרק אויף דער איסט סייד, איז פאַראַן אַ ריישער שול און אויך אַ ריישער סאָסייעטי. איך האָב דאָ אויך אויפגעזוכט אונדזער קאָזין הערי נידער, דער ייִנגסטער

זון פון פעטער טוביה נידער. ווען איך האָב אים באַגעגנט אין ניו יאָרק, איז ער געווען אין מיינע יאָרן. ער איז געווען אַ זייער גוטהאַרציקער מענטש. איך האָב אים דערפאַר זייער ליב געהאַט. פון אים האָב איך באַקומען די אינפאָרמאַציע וועגן דער ריישער פאַראיין, וואָס טראָגט דעם נאָמען „זשעזשאָווער יאָנג מענס בענעוואָלענט סאָסייעטי". איך האָב זיך אויך שפּעטער אָנגעשלאָסן אַלס מעמבער אין דעם פאַראיין און דאָרט געוואָרן זייער אַקטיוו. אין יאָר 1916 בין איך געווילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער ריישער סאָסייעטי.

# פון מיין לעבן אין ניו יאָרק

פון דעם טאָג וואָס איך בין אָנגעקומען אין ניו יאָרק האָב איך זיך געפילט ווי אַ נייער מענטש. איך האָב אָנגעהויבן אַ ניי לעבן אין אַ ניי לאַנד וואו מענטשן לעבן פריי און זייערע רעכט ווערן רעספּעקטירט. איך האָב געלעבט אין אַ נייע שיינע וועלט מיט האָפנונגען אויף אַ גליק־לעכער צוקונפט. איך האָב באַוואונדערט דאָס פרייע יידישע לעבן אין דער גרעסטער שטאָט אין אַמעריקע. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן דעם איינדרוק וואָס עס האָט אויף מיר געמאַכט ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט סעקאָנד עוועניו, לעבן הויסטאָן סטריט, וואָס האָט זיך דאַמאָלט גערופן די „בראָדוויי" פון דער איסט סייד. באָריס טאָמאַשעווסקיס נאַציאָנאַל טעאַטער און קעסלערס סעקאָנד עוועניו טעאַ־טער, מיט בלישטשענדיקע עקעלטרישע שילדן פון פאַרשידענע קאָלירן זיינען געווען פיל שענער און אויך מאָדערנער ווי די אַלטע טעאַטערס אויף בראָדוויי. אָט די צוויי טעאַטערס האָבן די געגנט באַצירט. ניט ווייט פון דאָרטן איז געווען דער פּיפּלס טעאַטער, אויף דער באַוערי, וואו עס האָבן געשפּילט מאַקס געביל מיט זיין געזעלשאַפט. אין גרענד סטריט טעאַטער האָט געשפּילט דער באַרימטער יעקב פּ. אַדלער. דאָס יידישע טעאַטער האָט דאַמאָלט געבליט. איך האָב נאָך געהאַט די גע־לעגנהייט צו זען שלום עליכם, יוסף לאַטיינער, שלום אַש און אַנדערע באַוואוסטע שרייבער. איך האָב אויך געזען שפּילן זיגמונד מאָגולעסקאָ דוד קעסלער, באָריס און בעסי טאָמאַשעווסקי, רעגינא פּראַ־גער, בערטאַ קאַליש, מאָריס מאָריסאָן, יעקב פּ. אַדלער, מאַקס געביל, מאַלווינאַ לאָבעל און פיל אַנדערע באַרימטע שוישפּילער פון דער יידי־

שער בינע. די ייִדישע טעאַטערס זײַנען געװען געפּאַקט אַפילו אין אַ װאָכן־טאָג. דאָס ייִדישע נאַכט־לעבן האָט זיך דאַמאָלט קאָנצענטרירט אויף סעקאָנד עװעניו. געלט? װער האָט זיך דאַמאָלט געזאָרגט װעגן געלט? אויב אײנער איז געװען הונגעריק און האָט געהאַט אַ ניקל אין קעשענע איז ער אַרײַן אין אַ סאַלון, באַשטעלט אַ גלאָז ביר, דאָרט האָט ער געפונען אַ גרויסן פרײַען בופעט מיט ברויט, זעמל, הערינג, סאַרדינעס, קעז, סאַלאַמי און אַנדערע געשמאַקע עסנס, װאָס איז געװען פרײַ פאַר יעדן װאָס האָט געקויפט אַ גלאָז ביר פאַר אַ ניקל. האָט מען זיך טאַקי גוט אָנגעגעסן און פאַרטרונקען אַ גלאָז ביר. אַרײַנצוגײן אין אַ מואװי טעאַטער האָט געקאָסט פינף סענט. אין די קלענערע איסט סײַד מואװי טעאַטער האָט מען געגעבן אַן אײַז־קרים קאָון פרײַ מיט יעדן פינף סענטיקן טיקעט. איך געדענק דעם שײנעם באַװאוסטן רוף גאַרדן אין דער געבײַדע פון טאָמאַשעװסקיס נעשאָנעל טעאַטער, װאו מ׳האָט געװיזן די בעסטע מואװיס, װאו עס האָט אויך געשפּילט אַ גרויסער אָרקעסטער, האָט אויך בלויז געקאָסט פינף סענט אַרײַנצוגײן. איך פלעג אַהין אָפט גײן אין אָװנט נאָכן עסן.

* * *

עס האָט ניט לאַנג גענומען און איך האָב זיך אָנגעהויבן באַטײליקן אין װיכטיקע ייִדישע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. איך האָב זיך אויך אָנגעשלאָסן אַלס מיטגליד אין פאַראײן פון די עסטרײַך־אונגאַרישע ציוניסטן. אין גרײטער ניו־יאָרק זײַנען דאַמאָלט געװען עטלעכע ציוני־סטישע פאַראײנען — אַלע זײַנען געװען פאַראײניקט אין אַ צענטראַלע, װאָס האָט זיך גערופן „ציון קאָנסיל פון גרײטער ניו יאָרק". דער פאַראײן פון די עסטרײַך־אונגאַרישע ציוניסטן האָט געהאַט שײנע קלוב־צימערן אויף סעקאָנד עװעניו מיט אַ גרויסער מיטגלידערשאַפט. איך בין געװען אַ טעגלעכער באַזוכער אין קלוב און זיך אַקטיװ באַטײליקט אין קאָמיטעט־מיטינגען, װאו מיר האָבן געטאָן גוטע ציוניסטישע אַרבעט.

דער גרעסטער טײל פון די מיטגלידער זײַנען געװען אומפאַרהײַ־ראַטע מײדלעך און יונגע לײַט. איך האָב אין דעם קלוב אָפט באַגעגנט דעם באַרימטן ייִדישן דיכטער מאָריס ראָזענפעלד. רײדנדיק מיט אים האָב איך אים דערמאָנט פון זײַן באַזוך אין רײַשע און דעם גרויסן קבלת פּנים, װאָס מ׳האָט פאַר אים אַראַנזשירט בײַ זײַן אָנקומען. און אויך דעם גרויסן ליטעראַרישן אָװנט אין חובבי ציון פאַראײן װאו די בעסטע רעדנער פון שטאָט האָבן אים באַגריסט און װאו עס זײַנען פאָרגעלעזן

געוואָרן עטלעכע פון זיינע געדיכטן אין צוויי שפּראַכן. איך האָב אים אויך דערציילט אַז עס איז מיר דאַמאָלט ניט געווען באַשערט צו זיין אין זאַל, ווייל עס איז קיין פּלאַץ ניט געווען פאַר אַלע וואָס האָבן געוואָלט אַריינגיין. בין איך געשטאַנען אין דרויסן און מקנא געווען אַלע וואָס זיינען אין זאַל. איך האָב צו אים געזאָגט: „זעט וואָס פאַר אַ טייערע מדינה אַמעריקע איז. אין ריישע בין איך געווען געצוואונגען צו שטיין דרויסן שטונדן לאַנג און אייך ניט געקאָנט זען, און דאָ שטייען מיר פּנים אל פּנים אָן טומל און אָן רעש, יעדער קאָן מיט אייך ריידן און מ'דאַרף קיין איינטריטס געלט ניט צאָלן."

איך געדענק אויך ווען דאָס זעלבע איז געשען מיט דעם באַזוך פון שלום עליכם אין ריישע. דאַמאָלט איז מיר יאָ געלונגען אַריינצוגיין אין זאַל, אָבער ניט אַזוי לייכט. ווען איך האָב אין ניו יאָרק געהאַט די געלעגנהייט צו באַגעגענען זיך מיט שלום עליכם, האָב איך דאָס דערמאָנטע אין זינען געהאַט. דאָס זעלבע האָט אויך פּאַסירט מיט אַ באַזוך פון דר. שמריהו לעווין אין ריישע, אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מיין אָנטייל אין יידיש קולטורעלער און ציוניסטישער אַרבעט האָט מיך צוזאַמענגעבראַכט מיט פיל יידישע פּערזענלעכקייטן, ווי הרב מאַס־ליאַנסקי (איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געטאָן גוטע אַרבעט צוזאַמען מיט זיין איידעם דר. וויינבערג אין דער ישיבת עץ חיים דבארא פּאַרק), ראובן ברייניז, ריכטער לעאָן סענדערס, יוסף באַראָנדעס און אויך לואיס ד. בראַנדייס. מיט בראַנדייסן האָב איך זיך באַקאָנט ביי אַ גרויסן ציוניסטישן מיטינג, וואָס מיר האָבן לכבוד אים אַראַנזשירט אין האַרלעם קאַסינאָ, אין דענק, אין יאָר 1915. איך האָב אָפּט גערעדט מיט לואיס ליפּסקי, ער איז דאַמאָלט געווען אַ יונגער לאָיער און אַקטיווער ציוניסטישער פּירער. איך געדענק אויך דעם באַוואוסטן חנא, ווען איך האָב באַגעגנט אין ציוניסטישע קרייזן.

אין דער צייט איז אויך אָנגעגאַנגען דער עלילת דם פּראָצעס אין רוסלאַנד קעגן מענדל ביילים וואָס האָט אויפגעשטורעמט די יידישע וועלט. אין ניו יאָרק איז די פּאַרביטערונג קעגן די צאַרישע רוסלאַנד און די שוואַרצע מאהניקעס געווען גרויס. די פּראָגנט זייטן פון דער יידישער, ווי אויך ענגלישער פּרעסע האָט פאַרנומען דער ביילים פּראָצעס.

דער עלילת דם פּראָצעס קעגן מענדל ביילים איז געווען אַ רעזול־טאַט פון די צאַרישע רעאַקציאָנערן וואָס האָבן געזוכט זיך אָנצוכאַפּן

אָן עפּעס, כדי צו פֿאַרדעקן די חרפּה וואָס דאָס לאַנד האָט מיטגעמאַכט באַלד נאָכדעם ווען רוסלאַנד האָט פֿאַרלוירן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה אין יאָר 1905. אָנגעהויבן האָט זיך עס מיטן קישינעווער פּאָגראָם, וואו איבער 300 ייִדן זײַנען דערמאָרדעט געוואָרן, און איבער טויזנט זײַנען גע־בליבן פֿאַרקריפּלט. פּאָגראָמען אויף ייִדן אין רוסלאַנד איז דאַמאָלט געווען אַ טעגלעכע דערשײַנונג.

אין יאָר 1911 האָט מען געפֿונען דעם קריסטלעכן ייִנגל יושטשינסקי דערמאָרדעט. דער טויטער האָט געשטאַמט פֿון אַ פֿאַמיליע פֿאַרברע־כער. אַזוי ווי מ'האָט דעם קערפּער געפֿונען לעבן אַ ייִדישער פֿאַבריק וואו עס האָט געאַרבעט מענדל בייליס, האָט מען באַלד אים אַרעסטירט און באַשולדיקט אין אַ ריטואַלן מאָרד. דער דאַמלסטדיקער רוסישער יוסטיץ מיניסטער שטשעגלאָוויטוו, איינער פֿון די גרעסטע שונאי ישראל, האָט אויסגעאַרבעט די קלאַגע: היות דער מאָרד איז פֿאָרגעקומען גראַד פֿאַר דעם ייִדישן יום טוב פּסח, איז עס זיכער אַז דער ייִד בייליס איז דעם מאָרד באַגאַנגען כדי צו באַנוצן דאָס בלוט פֿאַר פּסחדיקע מצות.

נאָך דעם אַרעסט פֿון מענדל בייליס האָט דער יוסטיץ מיניסטעריום אָנגעהויבן אַן אונטערזוכונג כדי אויסצואַרבעטן די קלאַגע אַקטן קעגן דעם אָנגעקלאָגטן. די אונטערזוכונג האָט זיך געצויגן צוויי יאָר. אין יאָר 1913 איז פֿאָרגעקומען דער עלילת דם פּראָצעס וואָס האָט דאַמאָלט אויפֿגעשטורעמט ניט נאָר די ייִדן, נאָר אויך די ניט־ייִדיש באַפֿעלקערונג איבער דער גאַנצער וועלט. דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין אַ געריכט פֿאַר 12 געשוואָרענע. פֿאַר די געשוואָרענע האָט די רעגירונג אויסגע־קליבן 12 פּויערים אָן וועלכער בילדונג וואָס האָבן ווייניק פֿאַרשטאַנען. דערפֿאַר זײַנען זיי אָבער געווען פֿאַנאַטישע פּראַוואָסלאַוונע גלויביקע, וועלן זיי שוין טאַנצן צו דער מוזיק פֿון דער אָנקלאַגע.

דער פּראָצעס האָט זיך געצויגן עטלעכע חדשים. די ייִדישע פֿאַרטײ־דיקער האָבן געבראַכט הונדערטער עדות פֿעסטצושטעלן דעם בלבול. אַלס עדות פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג איז אויך אויפֿגעטראָטן דער מאָסקווער רב מזא"ה, ז"ל. אויך ער האָט באַוויזן פֿון זיכערע קוואַלן אַז דער פּראָצעס איז ניט מער ווי אַ בלבול קעגן ייִדישן פֿאָלק. הרב מזא"ה איז טאַקי צוליב זײַן עפֿנטלעכן אַרויסטריט פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג, טעראָריזירט געוואָרן פֿון דער שוואַרצער מאה. די אָנקלאַגע, פֿון דער צווייטער זײַט, האָט געהאַט גענוג פֿאַלשע עדות צו באַווייזן אַז דער אָנגעקלאָגטער איז שולדיק.

די געשוואָרענע האָבן געדאַרפֿט אורטיילן איבער צוויי פּונקטן פֿון

דער קלאָגע: 1) איז עס אמת אַז יידן באַנוצן קריסטלעך בלוט פאַר פסחדיקע מצות; 2) איז ביילים דער מערדער פון יושטשינסקי. אויפן ערשטן פונקט האָבן די געשוואָרענע געאורטיילט „יאָ", אויפן צווייטן פונקט „ניין". מענדל ביילים איז באַפרייט געוואָרן. ער איז באַלד נאָך דער באַפרייאונג זיך באַזעצט אין פּאַלעסטינע.

# די זשעשאָווער (ריישער) יאָנג מענס סאָסייעטי

דעם גרעסטן טייל פון מיין פריער צייט האָב איך אָפּגעגעבן פאַר דער ריישער יאָנג מענס סאָסייעטי. גאַנצע דריי יאָר בין איך דאָרט געווען אַקטיוו. עס איז דאַמאָלט געווען די בליענדיקע פעריאָדע פון די לאַנדסמאַנשאַפטן אָרגאַניזאַציעס. יעדער אימיגראַנט וואָס האָט געקאָנט נאָכקומען די רעגולאַציעס האָט זיך באַלד אָנגעשלאָסן אין דער לאַנדסמאַן פאַראיין פון זיין שטאָט. אין ניו יאָרק זיינען דאַמאָלט געווען אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס אין די הונדערטער. אַלע מיטינג לאָקאַלן זיינען געווען פאַרנומען מיט מיטינגען פון לאַנדסמאַן-פאַראיינען.

די געשיכטע פון דעם ריישער פאַראיין גייט צוריק צום יאָר 1893, ווען דער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו יאָרק, אויף דער איסט סייד. אָבער צוליב די באַגרענעצטע צאָל ריישער לאַנדסלייט, אויך צוליב דעם דאַמאָלסטדיקן עקאָנאָמישן קריזיס, האָט די אָרגאַניזאַציע לאַנג ניט אָנגעהאַלטן.

דער איצטיקער ריישער פאַראיין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1902. אַ גרופּע ריישער יונגע לייט פול מיט לעבן און אונטערנעמונגס גייסט, זיינען זיך אין דעם יאָר צוזאַמענגעקומען ביי אַ מיטינג אין דער היים פון בערנאַרד עסטרייך און האָבן באַשלאָסן צו רעאָרגאַניזירן די „זשעזשאָווער יאָנג מענס סאָסייעטי". אין דער גרופּע זיינען געווען בערנאַרד עסטרייך, י. פאַרמאַן, מ. הויזער, ל. טאַקער, ל. פּרעכטיק, אַלעק עסטרייך, ה. עסטרייך, אייב גאָלדפאַרב, ל. עסטרייך, לייב צוקער, מ. לאַסט, י .זיגפריד און ש. טאַנץ. דעם 19טן מערץ 1902 איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע פאַרזאַמלונג ווי עס איז אָפיציעל אָנגענומען געוואָרן, אַז דער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע זאָל זיין „זשעזשאָווער יאָנג מענס סאָשעל און בענעוואָלענט סאָסייעטי". אַלס ערשטער פּרעזידענט איז דערוויילט געוואָרן יעקב פאַרמאַן.

צוליב דער אומדערמידלעכער אַרבעט פון דער אויבן דערמאָנטער גרופּע, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער בעסטע צייט פאַר דעם נאָבעלען צוועק, אונטער דער ענערגישער פירערשאַפט פון בערנאַרד עסטרייך, האָט דער פאַראיין פּראָגרעסירט. ווען איך בין געקומען קיין ניו יאָרק אין יאָר 1913, איז דער רײַשער פאַראיין געשטאַנען אויף אַ זייער הויכער מדרגה און איז געווען אנערקענט אַלס איינע פון די בעסטע און מער אַקטיווע צווישן די לאַנדסמאַנשאַפטן אָרגאַניזאַציעס אין ניו יאָרק. אין יאָר 1922 האָט דער רײַשער פאַראיין געפייערט דעם צוואַנציקסטן יובל, מיט אַ באַנקעט און טאַנץ. בערנאַרד עסטרייך, איז דעם יאָר געווען פּרעזידענט. דער טשערמאַן פון אַראַנזשירונגס קאָמיטעט איז געווען אברהם שמחה קאַצענבערג. דאָס איז געווען איינע פון די שענסטע יובל פייערונגען וואָס אַן אָרגאַניזאַציע האָט ווען געהאַט.

דער פאַראיין האָט באמת געדינט אַלס צענטער פון סאָציאַלע אַק־וויטעטן פאַר די מיטגלידער. אַזוי ווי דער גרעסטער טייל פון זיי איז דאַמאָלט געווען פון אימיגראַנטן קלאַס, האָבן זיי אין דעם פאַראיין געפונען דאָס גייסטיקע פאַרגעניגן און אויך פריינט, וואָס יעדער האָט זיך דאַמאָלט גענויטיקט. יעדער האָט געפונען אַ פריינט און אויך די געזעלשאַפט, אין וועלכער ער האָט זיך אַמבעסטן אַריינגעפּאסט. איך אַליין פון דעם טאָג וואָס איך בין אָנגענומען געוואָרן אַלס אַ מיטגליד, האָב איך מיט אומגעדולד געוואַרט, פאַר די טעג ווען מיר האָבן אָנ־געהאַלטן די פאַרזאַמלונגען. מיינע טייערסטע און בעסטע פריינט אין ניו יאָרק האָב איך געפונען אין דער רײַשער פאַראיין.

דער רײַשער פאַראיין האָט געהאַט זייער גוטע פירער און געטרייע מיטאַרבעטער. צווישן זיי האָט פאַרנומען דעם אויבן אָן בערנאַרד עסט־רייך. ביי די מיטגלידער איז ער געווען באַוואוסט אַלס דער „רויטער", צוליב דעם וואָס זיין פּנים איז געווען באַצירט מיט אַ שיינע געשטיצטע באָרד פון רויטן קאָליער, אויך זיין קאָפּ האָר איז געווען פון זעלבן קאָליער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ דיפּלאָמאַט און שטאַטסמאַן. דעם אמת זאָגנדיק, ער האָט אין זיך געהאַט די אויביקע צוויי מעלות. ער איז געווען אַ גוטער רעדנער. ווען דער „רויטער" האָט גענומען דאָס וואָרט ביי אַ פאַרזאַמלונג, האָבן זיך אַלע צוגעהערט. זיינע רעדעס זיינען אָפט געווען געמישט מיט גוטן הומאָר וואָס האָט די צוהערער פיל פאַר־געניגן פאַרשאַפט. ער איז געווען פון די וואָס האָבן זיך געהאַלטן אין די ראַמען פון דער קאָנסטיטוציע. ער האָט גערעדט דיפּלאָמאַטיש און צו דער זאַך. ער איז געווען איינער פון די איבערגעבנסטע אַרבעטער

און פירער אין ריישער פּאַראַיין צו וועלכן צוועק ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן אין ניו יאָרק. איך בין זיכער, און אַלע ריישער מיטגלידער וועלן מיט מיר איינשטימען, אַז דער גרויסער דער־פּאָלג פון דעם ריישער פּאַראַיין, האָט מען צו פאַרדאַנקען דעם „רויטן" בערנאַרד עסטרייך. ער איז נפטר געוואָרן דעם 23טן יאַנואַר 1952.

דער צווייטער איבערגעגעבענער פירער און געטרייער מיטאַרבעטער פון ריישער פּאַראַיין, איז אין מיינע צייטן געווען מאָריס פּאַלאַדזשע. ער איז געווען אַן אַמעריקאַנער יונגערמאַן מיט הויכער אינטעליגענץ און אַן אַלגעמיין פּראַקטישע בילדונג. די מיטגלידער האָבן זיין אַרבעט הויך אָפּגעשאַצט, וואָס האָט זייער פיל געהאָלפן צו ברענגען דעם פּאַראַיין צו דער הויכער מדרגה אין די יאָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אויך שפּעטער. אויך ער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער רעדנער. גערעדט האָט ער בלויז ענגליש, מיט מתיקות וואָס האָט יעדן צוהערער פיל פאַרגעניגן פאַרשאַפט. ער האָט גערעדט אָן חכמות, ער האָט זיין אַרבעט פאַר דעם פּאַראַיין גענומען זייער ערנסט, דאָס איז געווען דער אונטערשיד צווישן מאָריס פּאַלאַדשע און דעם רויטן עסטרייך. פּאַלאַדשע האָט זיך זעלטן ווען באַנוצט מיט הומאָר. ער איז דערפאַר געווען זייער דערפאָלגרייך אין אַלץ וואָס ער האָט אונטערגענומען צו טאָן פאַר דעם פּאַראַיין. אויך ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע צייט פון זיינע יונגע יאָרן פאַר דעם ריישער פּאַראַיין און טוט עס אויך היינט ווען איך שרייב די שורות. אונטער זיין פירערשאַפט האָט די סאָסייעטי זייער גוט פּראָגרעסירט. ער האָט זיך צו יעדן פון די מיטגלידער באַצויגן ווי אַ פריינט. ער פאַרדינט פיל אנערקענונג פאַר זיינע גרויסע אויפטואונגען פאַר דער ריישער סאָסייעטי.

מאַקס לאַסט, איינער פון די גרינדער, מיט וועמען איך האָב זיך באַקאַנט באַלד נאָכדעם ווי איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער סאָ־סייעטי איז געווען פון דעם קלאַס מענטשן וואָס יעדער האָט ליב געהאַט. ער איז געווען פון די וואָס האָבן קיינמאָל קיין כבוד ניט געזוכט, ער איז אויך קיינמאָל ניט געלאָפן פאַר אַן אַמט. ער איז געווען אַ לאָיאַלער מיטגליד, געקומען צו מיטינגען רעגלמעסיק און גענומען אַן אָנטייל אין אַלע וויכטיקע ענינים. מאַקס איז געווען אַ יידישער ליטעראַט און אַ משכיל. ער איז געווען זייער באַלעזן אין דער יידישער ליטעראַטור. ער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין העלפן איינפלאַנצן יידישע קולטור אין ריישער פּאַראַיין. ער האָט געהאָלפט אַראַנזשירן יידיש־ליטעראַרישע פאָרלעזונגען נאָך די מיטינגען. ער

האָט זיך אויך באַטייליקט אין אַלע דיסקוסיעס. ער איז נפטר געוואָרן דעם 11טן דעצעמבער 1933.

סעם ביעגלאַייזן איז אויך געווען איינער פון די אַלטע און ענער־גישע מיטאַרבעטער פון רײַשער פּאַראַיין. ווען איך בין אַרײַן אַלס מיטגליד אין דער רײַשער סאָסייעטי אין יאָר 1914, איז ער דאַמאָלט געווען וויצע־פּרעזידענט. ער האָט זײַנע פליכטן דורכגעפירט גוט און פּינקטלעך. אויב עס איז קראַנק געוואָרן אַ מיטגליד, איז סעם געווען דער ערשטער אים קומען מבקר חולה זײַן. ער האָט זעלטן ווען פאַרפעלט אַ מיטינג. דער פּאַראַיין איז געווען אַ טייל פון זײַן לעבן. ער האָט געהאַט אַ זייער גערעָטענעם זון וואָס איז אין זײַנע פריציײטיקע יאָרן אַוועק פון דער וועלט. דאָס האָט אויף אים שרעקלעך געווירקט. ער איז טאַקי פון דעם שרעקלעכן אומגליק מער צו זיך ניט געקומען. ער איז אָבער ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט זײַן געטרײַער אַרבעט לטובת דעם פּאַראַיין. ער איז נפטר געוואָרן דעם 11טן אָקטאָבער 1952.

דר. ברוך לאַסט, דער רײַשער פּאַראַיין דאָקטאָר, איז געווען איינער פון די וואָס האָבן געהאָלפן אַרײַנפלאַנצן דעם מאָדערנעם ייִדישן גייסט אין פּאַראַיין. ער איז געווען אַ קעמפער פאַר רעפאָרמען און אויך איינער פון די וואָס האָבן אָפּגעשאַפט די אַלטמאָדישע דײַטשמערישע אויסדריקן, וואָס זײַנען אין די פריערדיקע יאָרן באַנוצט געוואָרן בײַ די פאַרזאַמלונגען פון די לאַנדסמאַנשאַפט פּאַראַיינען. אין די יאָרן וואָס ער איז געווען אַקטיוו זײַנען אונטער זײַן איינפלוס אַרײַנגעקומען נײַע מיטגלידער פון אינטעליגענטן קלאַס, וואָס האָבן שפּעטער געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער אָרגאַניזאַציע. איך וויל דאָ דערמאָנען בלויז עטלעכע. ווי א. ש. קאַצענבערג, דר. ב. טוירק, שמעון שטויב און אַנדערע. דר. לאַסט איז אַוועק פון דער וועלט אין זײַנע יונגע יאָרן, דעם 29טן אָקטאָבער 1924.

יוסף קליינקאָפּ איז אויך געווען איינער פון די אַלטע מיטגלידער. ער האָט געהאַלטן אַ באַרבער שאָפּ אויף דער נידעריקער איסט סייד, וואָס איז פּאַטראָניזירט געוואָרן פון רײַשער לאַנדסלײַט. מײַן קאָזין העררי נידער, ראַלף פּאַלאַדשע, סעם אײַזן און איך האָבן זיך יעדן זונטיק גע־טראָפן אין באַרבער שאָפּ בײַ יוסף קליינקאָפּ. דאָרט פלעגן מיר, זיצנדיק אין די באַרבער־שטולן מיט פאַרזייפטע פּנימער דיסקוטירט די פּראָ־בלעמע פון פּאַראַיין, וואו קליינקאָפּ איז געווען דער רעדלפירער. ער האָט גערעדט אַ גוטן ענגליש און איז אויך געווען אַ גוטער רעדנער. ער האָט זיך געמישט אין פּאָליטיק און געהאַט אַ גרויסן איינפלוס איבער

אַ גרויסן טייל פון די מיטגלידער אין צייט פון די וואַלן. ער איז געווען אַ גוטער און געטרייער מיטגליד אין רייִשער פאַראיין.

צווישן אַנדערע אַקטיווע מיטגלידער איז אויך געווען לייזער גרונער. ער איז געווען דער היפּוך פון יוסף קליינקאָפּ. גרונער איז געווען אַ שטילער און רואיקער מענטש. ווען ער האָט גערעדט און וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אָן טומל און אָן רעש. אַלס אַ בן תורה האָט ער געגלויבט אין „אמור מעט ועשה הרבה" (רייד ווייניק און טו מער). ער איז געווען ווייס פּרעזידענט אין דער צייט ווען איך בין געווען פּרעזידענט אין יאָר 1916. ער האָט זיך אַלע מאָל באַטייליקט אין אַלע קאָמיטעס, איבערהויפּט אין יאָר ווען די סאָסייעטי האָט געפייערט דעם צוואַנציקסט יובל דעם 18טן פעברואַר 1923. ער איז געווען אַ וויכטיקער מיטאַרבעטער פון דעם קאָמיטעט וואָס האָט דעם באַנקעט אַראַנזשירט. אויך ער איז איינער פון די מיטגלידער מיט וועמען רייִשער פאַראיין דאַרף שטאָלצירן.

פון די אַלטע אַקטיווע מיטגלידער איז אויך ווערט צו דערמאָנען הערמאַן ראָזענבערג וואָס האָלט אָן דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון פאַראיין שוין איבער דרייסיק יאָר. צווישן די אַנדערע איבערגעבענע אַלטע מיטגלידער געהערן שמעון שטויב, אהרן קליינהויז, נתן דרילער, די ברידער עלצוויג אויך סעם אייזן, ווילי קריסטעל, און פרענק וואָלף. די לעצטע דריי זיינען געווען זייער אַקטיוו אין פאַראיין אין די יאָרן 1913 — ווען סעם אייזן איז געווען סעקרעטאַר, ווילי קריסטעל איז אויך שפּעטער געווען פּרעזידענט.

צום אויבן דערמאָנטן קלאַס געהערן אויך יוסף ברענער, אוירווינג לאו, לואיס רעטינג, מאַקס שטריק, לואיס שטויב, מאָריס זימבאַך, סעם ליכט, סעם ליבערמאַן, פרענק פּויזיכבוים, אהרן שטאַרק, היימאַן שטויב און מאַרטין שטויב. די אויבן דערמאָנטע האָבן זיך אַלע באַטייליקט אין דער נאָבעלער אַרבעט פון רייִשער רעליף קאָמיטעט. צום דערמאָנטן קאָמיטעט געהערט אויך משה האָראָוויץ, וואָס איז אויך דער פּרעזידענט פון דער רייִשער־קארטשינער שול אין ניו יאָרק, אויך יעקב בערגער, עד. פּעלזענפעלד, נתן גאָלדמאַן, נתן היימאַן, ס. קאַנזער, נתן שענפעלד, א. ליכטיג, אברהם מילגרוים, ק. ר. מאָסקאָוויץ, אוירווינג פאַלאַדזשע און ה. זיפערשטיין.

אין ניו יאָרק עקזיסטירט אויך אַ „רייִשער ליידיס סאָסייעטי" וואָס האָט פיל געהאָלפן דעם רייִשער רעליף. זיי באַטייליקן זיך אויך אין אַלע וויכטיקע אונטערנעמונגען פאַר הילפסאַרבעט. צווישן די אַקטיווע

מיטגלידער איז ווערט צו דערמאָנען מיני שטויב, דאַרא פלאַמענדאָרף, טיליע גלאַגאָווער און מרס. לואיס רעטינג.

איינמאָל אין יאָר האָט רײַשער פאַראיין אַראַנזשירט אַ יערלעכן באַל. אַזוי איז דאַמאָלט געווען דער מנהג ביי אַלע לאַנדסמאַן אָרגאַני־זאַציעס. אין דעם אָוונט האָבן זיך אַלע לאַנדסלייט באַגעגנט אין דעם גרויסן טאַנץ־האָל. דאָס איז געווען דער לאַנדסמאַן פאַראייניקונג אָוונט. עס פלעגן קומען רײַשער ניט נאָר פון ניו יאָרק און ניו דזשוירזי, נאָר אויך פון אַנדערע נאָנטע שטאַטן. עס איז באמת געווען אַ פאַרגעניגן זיך צו באַגעגענען מיט אַזוי פיל פריינט און לאַנדסלייט. איך געדענק אַזאַ טאַנץ־אָוונט אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן, האָב איך דאָרט באַגעגנט דעם באַוואוסטן רײַשער משכיל און זשורנאַליסט מענדל קאַרפּ און אויך דעם רײַשער כלל־טוער אפרים הירשהאָרן. ביידע זיינען גע־קומען אַהער באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. ווען ניט דער טאַנץ־אָוונט, וואָלט איך קיינמאָל ניט געוואוסט אַז זיי זיינען אין אַמע־ריקע.

ביי דעם יערלעכן טאַנץ־אָוונט האָט בערנאַרד עסטרייך פאַרנומען דעם אויבן אָן צוליב דעם וואָס ער איז געווען דער אַראַנזשירער און אויך פירער פון דעם מיטגלידער מאַרש, וואָס איז פאָרגעקומען פונקט 12 אַזייגער מיטנאַכט צו די טענער פון דער מוזיק קאַפּעלע. פאָראויס האָט מאַרשירט דער מאַרשאַל עסטרייך, נאָכגעפאָלגט פון דעם פרעזידענט און מיטגלידער. דאָס איז געווען דער שענסטער טייל פון אָוונט.

## די רײַשער סאָסייעטי אין נואַרק, ניו-דזשוירזי

נאָך ניו יאָרק פאַרנעמט נואַרק, ניו דזשוירזי אַ וויכטיקן פלאַץ צווישן די רײַשער לאַנדסלייט. אויך אין נואַרק עקזיסטירט אַ רײַשער פאַראיין וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין דעצעמבער 1909, פון אַ גרופּע רײַשער, אונטער דער פירערשאַפט פון מאָריס קרעמער וואָס איז אויך געווען דער ערשטער פרעזידענט. צווישן די גרינדער זיינען אויך געווען פּאָלגנדיקע רײַשער: ה. אייזען, אהרן בוש, אברהם גאָלדפאַרב, מ. גייגער, ס. ארם, מ. גראַד, יוסף צוקער, בנימין קלינגער און בנימין קוירש. אָט די אויבן דערמאָנטע פאַרדינען די אנערקענונג פאַר זייער מי און אַר־

בעט צו שאַפֿן דעם ריישער פֿאַראיין, וואָס פֿאַרנעמט אַ וויכטיקן פּלאַץ צווישן די יידישע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס אין נואַרק.

איינער פֿון די אַקטיווע מיטגלידער וואָס האָט געהאָלפֿן ברענגען דעם ריישער פֿאַראיין צום העכסטן מצב פֿון די לאַנדסמאַנשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, איז זעליג (זיגמונד) שפּאָרן, וואָס האָט אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פֿון זיין לעבן אין אַמעריקע פֿאַר דעם ריישער פֿאַראיין, וואו ער איז געווען דריי מאָל פּרעזידענט. ער איז היינט דער קאַסירער פֿון פֿאַראיין, אַן אַמט וואָס ער האַלט שוין אָן 17 יאָר.

זעליג שפּארן איז געווען איינער פֿון די וואָס האָט געהאָלפֿן אָר־גאַניזירן אַ ריישער שפּיטאַל קאָמיטעט אין נואַרק, צוזאַמען מיט דעם באַוואוסטן ריישער כלל־טוער, אפרים הירשהאָרן, יעקב סאוער, היימאַן אַקסט, היימאַן גראַד און י. קרעמער און אויך מיט דער הילף פֿון זיין פֿרוי עליזאַבעט, האָבן זיי געאַרבעט צו זאַמלען געלט פֿאַר דעם אויבן דערמאָנטן נאָבעלן צוועק. ווען דער נייער ריישער יידישער שפּיטאָל איז פֿאַרטיק געוואָרן אין יאָר 1939, האָט זעליג שפּארן מיט זיין פֿרוי באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען קיין ריישע זיך צו באַטייליקן אין דער אָפֿיציעלער דערעפֿענונג פֿון שפּיטאַל. צום באַדויערן האָט דער אויסברוך פֿון דער לעצטער וועלט־מלחמה געשטערט זייער רייזע קיין ריישע.

עס איז ווערט צו באַמערקן, אַז זיין פֿרוי עליזאַבעט, אַ געבוירענע אין אַמעריקע, אַן אמתע אשת חיל, האָט אָפּגעגעבן יעדע מינוט פֿון איר פֿרייער צייט צו העלפֿן זאַמלען געלט פֿאַר דעם ריישער רעליף איבער דער צייט פֿון די לעצטע צוויי וועלט־מלחמות. ביים ענדע פֿון דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך דער נואַרקער ריישער רעליף קאָ־מיטעט פֿאַראייניקט מיט דעם ניו יאָרקער ריישער רעליף קאָמיטעט און געהאָלפֿן ברענגען הילף צו די נויט־ליידנדיקע ריישער מלחמה־קרבנות אין די אייראָפּעאישע לאַגערן.

אין יאָר 1948 האָט זיך אין נואַרק אָרגאַניזירט אַ ריישער ליידיס אָקזילערי אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון פֿרוי עליזאַבעט שפּארן וואָס איז געווען די ערשטע פּרעזידענטין, און פֿרוי אַדאָלף וואַנג איז געווען די ערשטע וויים־פּרעזידענטין. די ריישער לאַנדסלייט אין אַמעריקע זיינען שטאָלץ מיט זייערע לאַנדסלייט אין נואַרק, ניו־דזשורזי.

עס וואוינען אויך פֿיל ריישער אין פֿילאַדעלפֿיע און אויך אין אַנדערע שטעט אין אַמעריקע. ריישע איז רעפּרעזענטירט אין די 48 שטאַטן. די אויבנדערמאָנטע פֿאַראיינען זיינען די איינציקע ריישער אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

עס עקזיסטירט אויך אַ ריישער אָרגאַניזאַציע אין מדינת ישראל. דאָס איז דער ארגון בני רישא אין תל אביב וואו עס וואוינען אַ היפּשע צאָל ריישער לאַנדסלייט. די ערן־פּרעזידענטן פון דערמאָנטן פאַראיין זיי־נען די צוויי באַוואוסטע ריישער פּערזענלעכקייטן בן ציון פעטט און משולם דודזאַן (איך האָב וועגן זיי געשריבן אין ערשטן קאַפּיטל). דער פּרעזידענט איז דער באַוואוסטער ריישער כלל טוער און ביי אַלעמען באַליבטער יצחק עסטרייכער, וואָס איז אין זיינע יונגע יאָרן געווען זייער פּאָפּולער און אַקטיוו צווישן דער יידיש־נאַציאָנאַלער יוגנט אין רישע. ער איז איינער פון די וואָס גיבן אָפּ פיל צייט פאַר דעם ריישער ארגון צו העלפן די ריישער פליטים וואָס זיינען די לעצטע יאָרן גע־קומען קיין ישראל פון די אייראָפּעאישע לאַגערן. צווישן די אַנדערע ענערגישע מיטאַרבעטער און פירער פון תל אביבער ארגון בני רישא איז ווערט צו דערמאָנען דר. א. אינפעלד, נפתלי טוכפעלד, ברוך שליסל, שלמה שלם, יעקב רבהאַן, יעקב אלתר, יהושע רוזנערקלר, מרדכי הי־לינגער, משה טוכפעלד, פרידה פעלדמויז, רחל הילינגער, יחזקאל ווינ־שטיין משה בירמאַן, שמואל גאָטליב און אברהם זילברמן.

דער ארגון בני רישא גיט זיך אָפּ מיט רעליף הילף פאַר די ריישער וואָס קומען זיך באַזעצן אין מדינת ישראל. דער פאַראיין געפינט זיך אויף 15 ליליענבלום גאַס אין תל אביב. אויך אין ירושלים און אין חיפה זיינען פאַראַן גוט אָרגאַניזירטע ריישער פאַראיינען.

## פון דער איסטסייד ביז קוני איילאַנד

ווי איך האָב פריער געשריבן, האָט אין יענע יאָרן געבליט דאָס יידישע לעבן אין דער איסט סייד. גרענד סטריט איז דאַמאָלט געווען די 34סטע סטריט פון דער איסט סייד. 2טע עוועניו ביז הויסטאָן סטריט איז געווען די איסטסיידער "בראָדוויי". דילענסי סטריט איז געווען די פינפטע עוועניו — דער שענסטער ריטייל־געשעפטס צענטער. עס זיי־נען דאָרט געווען די גרעסטע און שענסטע רעסטאָראַנען. די באַוואוסטע ראַטנערס רעסטאָראַן עקזיסטירט נאָך היינט. די שילדקרויטס וועדזשע־טעריאַנער רעסטאָראַנען האָבן דאַמאָלט פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ. איך האָב דעם שילדקרויטן געקאַנט פּערזענלעך. ער איז געווען דער ערשטער ייד אין ניו יאָרק וואָס האָט גענומען אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו פאַר־שפּרייטן די אידייע צווישן יידן, ניט צו עסן פלייש, אַז דאָס שעכטן פון עופות אָדער בהמות איז ברוטאַל.

בראָדוויי האָט דאַמאָלט געבליט און געהאַט אַ נאָמען איבער דער גאַנצער וועלט. דאָס האָט מען געהאַט צו פאַרדאַנקען יידן, וואָס זיינען דאַמאָלט געווען די גרעסטע בינע קינסטלער, פּראָדיוסערס און אַרטיסטן. עס האָבן דאַמאָלט געבליט די נעמען פון אל דזשאָלסאָן און עדי קענטאָר. דער ערשטער האָט געהאַט אַן אייגענע פאָרשטעלונג אין ווינטער גאַרדן, דער צווייטער איז געווען אין די זיגפילד פאָליס; עס זיינען אויך דאַמאָלט געווען זייער פּאָפּולער דזשאָרדזש דזשעסל, הערי ריטשמאַן, אל הויערמאַן און פיל אַנדערע. אָט די יידישע אַרטיסטן זיינען געווען די זיילן פון דער ענגלישער בינע און דער שוישפּילער וועלט, שוין אָפּגערעדט פון די פילע יידישע פּראָדוסערס. דער יידישער פּובליקום, אָבער, איז געבליבן געטריי דער יידישער בינע אויף סעקאָנד עוועניו, צוליב צוויי טעמים: ערשטנס האָט דער גרעסטער טייל יידן ניט אַזוי גוט גערעדט אָדער גוט פאַרשטאַנען ענגליש. צווייטנס האָט זיך ניט געלוינט צו שלעפּן אויף בראָדוויי, ווען אויף דער איסט סייד זיינען דאַמאָלט געווען שיינע גרויסע ענגלישע וואָדעוויל הייזער און די שענסטע יידישע טעאַטערס וואָס האָבן געשפּילט גוטן רעפּערטואַר. די פּאָפּולערסטע פילמען זיינען דאַמאָלט געווען די טשאַרלי טשאַפּלין קאָמעדיעס.

ווינטער פלעגן מיר אין ניו יאָרק גוט פאַרברענגען. ווען איך האָב אין 1914 געוואוינט אויף דער עוועניו „בי" און געאַרבעט ביי דער שוואַרץ פירמע אויף גרין סטריט, האָב איך דעם לאַנגן וועג שפּאַצירט צו דער אַרבעט כדי צו שפּאָרן פינף סענט, וואָס דאַמאָלט איז עס געווען אַ היפּשע מטבע. אָפטמאָל האָט גענומען פיל שנעלער דאָס גיין ווי דאָס פאָרן, ווייל דער איינציקער טראַנספּאָרט מיטל איז דאַמאָלט געווען דער פערד־טראַמוויי. דאָס איז געווען אַן אַלטער אָפּגעקראָכענער וואַגאָן, זייער אַ קליינער, געשלעפּט פון צוויי פערד אויף רעלסן איבען הויסטן סטריט, געטריבן פון אַ באַלעגאָלע מיט אַ קאָנדוקטאָר וואָס האָט איינ־קאַסירט די ניקלס. אין די מאָרגן און אָוונט שטונדן, ווען עס זיינען געווען מער פאָרער ווי די קליינע קאַרלעך האָבן געקאָנט אויפנעמען און מענטשן האָבן זיך אָנגעהאַנגען פון אַלע זייטן, איז דער טראַמוויי גע־שלעפּט געוואָרן פון פיר פערד. אינעווייניק, אין דער טראַמוויי, זיינען געווען זיץ־פּלעצער, אין מיטן וואַגאָן איז געשטאַנען אַ קליינער אויוון, אין קאַלטע ווינטער־טעג האָט דער קאָנדוקטאָר געהייצט מיט האָלץ און קוילן עס זאָל זיין וואַרעם.

אום זומער איז דער פאַרקער אויף דער פערד־קאַר ליניע געווען אַ נאָרמאַלער. אום ווינטער, אָבער, ווען עס איז אָפט אָנגעפאַלן אַ שניי,

איז דער פערד־קאַר פאַרקער געווען פאַרקריפּלט. ווער רעדט נאָך ווען עס פלעגט זיין גליטשיק, דאַמאָלט איז געווען גרויסע צרות. די פערד פלעגן זיך אויסגליטשן און אַוועקפאַלן, מ׳האָט קוים געקאָנט פאָרן. עס פלעגט אָפט זיך טרעפן, אַז אַ טראַק איז געבליבן שטיין אין מיטן שמאָלן הויסטן סטריט, האָבן זיך די פערד מיט דעם טראַמוויי ניט גערירט פון אָרט. איז טאַקי פאַר יעדן בעסער געווען צו שפּאַצירן צו דער אַרבעט, ניט קוקנדיק אויף דער ווייטקייט.

אום ווינטער האָבן מיר יונגעלייט געהאַט גוטע פאַרוויילונגס־שטונדן אין אָוונט. מיר פלעגן באַזוכן דעם ציון קלוב, אויך מיטינגען און אַנדערע געזעלשאַפטלעכע פאַרוויילונגען. אום זומער, אָבער, ווען עס האָבן אויפ־געהערט אַלע אָרגאַניזאַציע־טעטיקייטן, ווייל די היצן זיינען געווען גרויס, איבערהויפּט אויף דער איסט סייד, וואו די הייזער זיינען געווען געבויט אַלט־מאָדיש, וואו דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג האָבן גע־וואוינט אין אַלטע ענגע דירות, וואו עס איז געווען ווייניק לופט. דער צימער, וואו איך האָב געוואוינט אין עוועניו „בי״, האָט קיין פענצטער ניט געהאַט. פיל מענטשן זיינען געשלאָפן אויף די פייער־עסקייפּס — איז טאַקי אום זומער דאָרט געווען אומדערטרעגלעך הייס. איך ווייס ניט ביזן היינטיקן טאָג ווי אַזוי איך האָב עס אַריבערגעטראָגן שלאָפנדיק אין אַזאַ צימער דעם גאַנצן זומער. די איינציקע אָנגענעמע זומער טעג זיינען געווען שבת און זונטיק, ווען מיר פלעגן פאָרן פאַרברענגען אין קוני איילאַנד.

קוני איילאַנד איז דאַמאָלט געווען, און איז אויך היינט דער שטאָלץ פון ניו יאָרק, איבערהויפּט פאַר דער אָרעמערער באַפעלקערונג, וואָס קאָן זיך ניט דערלויבן צו פאָרן אין די בערג. קיין סי־ביטש אָדער וועסט־ענד סאָבוויים, זיינען דאַמאָלט ניט געווען. געפאָרן זיינען מיר אין אָפענע קארס פון דילענסי סטריט ביז קוני איילאַנד איבער וויליאַמסבורג בריק. די רייזע איז געווען אַן אנגענעמע. געפאָרן זיינען מיר אַ גרופּע פריינט מיט וועלכע איך האָב דאַמאָלט פיל פאַרקערט. צווישן זיי — סעם אייזן, ראַלף פאלאדשע, הערי נידער און אַנדערע. מיר האָבן גע־נומען אַ „לאָקער״ אין אַ באָד־הויז און גוט פאַרבראַכט אויפן ים־ברעג. עסן איז געווען ביליק: אַ געשמאַק כשר וואורשטל מיט אַ זעמל האָט גע־קאָסט אַ ניקל, פאַר צוויי סענט האָט מען געקויפט אַ גוטן זיסן טרונק. עס איז אויך דאָרט געווען פיל מילכיקע און פליישיקע רעסטאָראַנען, וואו מ׳האָט געגעסן אַ געשמאַקן מאָלצייט פאַר זייער ווייניק געלט. עס איז דאַמאָלט געווען פּאָפּולער „פעלדמאַנס״ ביר גאָרטן, פלעגן מיר אַהין אָפט

גיין, זיצן אַ שעה־צוויי ביי אַ גלאָז ביר. די קעלנער האָבן געטראָגן שוואַרצע רעק מיט לאַנגע ווייסע שירצן און לאַנגע וואָנצעס. זיי זיינען אויך געווען די זינגער — יעדע 15 מינוט פלעגן פיר קעלנערס זיך אַוועקשטעלן זינגען אַ קוואַרטעט. מיט די טאַצן און די האַנדטיכער אין די הענט, און גראָד שיין זינגען. טאַקי אין דעם פעלדמאַנס ביר גאָרטן איז אַנטדעקט געוואָרן דער באַרימטער קאָמיקער און זינגער עדי קענטאָר. עס האָט אויך דאַמאָלט עקזיסטירט דער קייזערגאַרטן, מיט פרייע צירקוס און אַנדערע שפּילערייען, אויך אַ פרייען בענד קאָנצערט — אַלץ פאַר 10 סענט איינטריט געלט.

די רייכע, ווי למשל געשעפטסלייט און אַנדערע פּאַרמעגלעכע מענטשן, וואָס האָבן זיך געקאָנט דערלויבן אויסצוגעבן געלט, זיינען געפאָרן אין די קעטסקיל בערג, אָדער קיין ראָקאַווי ביטש, וואו עס האָט געקאָסט פון 15 ביז 18 דאָלער אַ וואָך מיט עסן. אָט די רייכע האָבן שוין פאַרמאָגט „מאָדעל טי" פאָרד קאַרס. אויף פינפטער עוועניו האָט מען נאָך דאַמאָלט געזען קאַרעטן געשלעפּט פון פערד.

# אַ פאַמיליע טראַגעדיע

נאָכדעם ווי איך און מיין ברודער משה זיינען דאָ אָפּגעווען עטלעכע חדשים און האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט, האָט אונדזער פאָטער אונדז געשריבן, אַז מיר זאָלן אַהער ברענגען אונדזערע צוויי יינגערע שוועסטער, אסתר און גיטל. פאַרוואָס ער האָט באַשלאָסן אַז גיטל זאָל אויך פאָרן אַהער, איז מיר ניט באַקאַנט. די שלעכטע לאַגע פון דער פאַמיליע אין ריישע, מיט קליינע קינדער אָן אַ מוטער, האָט דערצו געבראַכט. מיר האָבן באַלד באַזאָרגט צוויי שיפסקאַרטן. די שוועסטער זיינען אָנגעקומען אין ניו יאָרק אין דזשולי 1914 — עטלעכע וואָכן איידער דער עסטרייכישער קראָנפּרינץ איז דערשאָסן געוואָרן, וואָס עס האָט געבראַכט צום אויסברוך פון ערשטן וועלט־קריג.

איצטער זיינען מיר געווען אַ פאַמיליע פון פיר — צוויי שוועסטער און צוויי ברידער. משה און איך האָב געאַרבעט, אָבער ניט פיל פאַרדינט. מיר האָבן אָבער געדאַרפט האָבן אַ היים. עס איז פאַר אונדז געווען שווער צו וואוינען אַלס באָרדערס. די מיידלעך האָבן געוואוינט ביי דער מומע חיהלע זייבל צוזאַמען מיט משהן, איך האָב געוואוינט

אויף דער איסט סייד. מיר האָבן ענדלעך באַשלאָסן צו דינגען אַן אייגענע וואוינונג. אויף דער איסט סייד האָבן מיר געפונען אַ דירה פון צוויי צימערן און אַ קיך. האָבן מיר געקויפט מעבל אויף אויסצאָלן און האָבן אײַנגעריכט אַן אייגענע וואוינונג. אסתר, משה און איך האָבן געאַרבעט. גיטל איז געגאַנגען אין שול. ווען זי איז אַהיימגעקומען פון דער שול האָט זי צוגעגרייט דאָס עסן פאַר אונדז. אונדזער קאָזין, הערי נידער, האָט מיט אונדז צוזאַמען געוואוינט — דאָס האָט אונדז געגעבן די מעג־לעכקייטן אויסצוהאַלטן די הויז.

די ערשטע צייט איז אַלץ געגאַנגען גוט. מיר האָבן איינגעזען אַז וואוינען צוזאַמען אין אַן אייגענער דירה איז דער בעסטער וועג פאַר אונדז זיך דאָ איינצואָרדענען. מיר זײַנען אָבער פון דער דירה ניט צופרידן געווען, האָבן מיר געזוכט און אויך געפונען אַ פיל שענערע און בעסערע דירה אויף 4טער סטריט, ניט ווייט פון צווייטער עוועניו. מיר האָבן טאַקי אַהין זיך אַרײַנגעצויגן אין אַ שלימזלדיקער שעה. איך זאָג „שלימזלדיקער שעה" צוליב דעם גרויסן אומגליק וואָס איז געשען באַלד נאָכדעם, ווי מיר האָבן דאָרט אָפּגעוואוינט צוויי חדשים, ווי איך וועל ווייטער שרײַבן.

פון דער נײַער דירה זײַנען מיר געווען זייער צופרידן. אסתר האָט געהאָלפן אין הויז ווען זי האָט געקאָנט נאָך דער אַרבעט, אָבער דער גאַנצער עול פון דער הויז־ווירטשאַפט איז געלעגן אויף גיטלס פּלייצעס. זי איז אין גאַנצן אַלט געווען 11 יאָר — נאָך אַליין אַ קינד. אין דעם עלטער האָט אַ קינד ליב צו זײַן אין דרויסן צו פאַרברענגען מיט אַנדערע קינדער. גיטל האָט זיך דאָס ניט געקאָנט דערלויבן. ווען זי איז געקומען אַהיים פון שול, אָנשטאָט צו פאַרברענגען מיט קינדער פון איר עלטער און האָבן אַביסל פאַרגעניגן, האָט זי געדאַרפט קאָכן אַ מאָלצייט פאַר אונדז אַלעמען, ווייל קאָכן און עסן אין דער היים האָט מעגלעך געמאַכט אויסצוהאַלטן די וואוינונג. אָפט האָט זי אירע פליכטן פאַרנאַכלעסיקט, אָבער זי איז דאָך געווען אַ קינד, האָבן מיר עס פאַרזען.

איינמאָל, איך געדענק ניט גענוי ווען, זײַנען מיר געקומען אַהיים פון דער אַרבעט און געפונען די וואוינונג פינצטער. גיטל איז ניט געווען אין דער היים. מיר זײַנען אַרויס אויסצוגעפינען פון די שכנים, אָבער קיינער פון זיי האָט זי ניט געזען. מיר זײַנען געבליבן דערשלאָ־גענע, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. מיר זײַנען געווען אויסער זיך. מיר האָבן שוין געוואָלט אָפּרופן די פּאָליציי. האָבן מיר באַשלאָסן צו טעלעפאָנירן צו אונדזער מומע חיהלע אין איסט ניו־יאָרק. אַ שטיין איז

אונדז אַרונטער פון האַרצן, ווען מיר האָבן אויסגעפונען אַז זי איז ביי דער מומען. אָבער די צרות וואָס מיר האָבן געהאַט ביז מיר האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם, האָט אונדז געקאָסט בלוט. ווי מיר האָבן שפּעטער אויסגעפונען, איז זי אָן אונדזער וויסן דעם טאָג ניט געגאַנגען אין שול, זי איז גלייך אין דער פרי אַוועקגעפאָרן קיין איסט ניו יאָרק צו זיין ביי דער טאַנטע. אַרום אַכט אַזייגער בין איך גלייך געפאָרן קיין איסט ניו יאָרק כדי זי ברענגען אַהיים. מיר האָבן אויף איר גוט אָנגעשריען, אַז זי זאָל עס מער ניט טאָן, ווייל זי האָט אונדז פאַרשאַפט פיל זאָרג. מיר האָבן איר אויך דערקלערט, אַז זי מוז גיין אין שול, אַז די בעסטע צייט צו גיין צו דער טאַנטע איז אום שבת אָדער זונטיק.

גיטל האָט אונדז אויסגעהערט און געשוויגן. זי האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט. מיר האָבן אין דער שנעל צוגעגרייט עפּעס צום עסן. געזעסן און גערעדט ביז מיר זיינען געגאַנגען שלאָפן. דעם נעקסטן טאָג זיינען מיר אַוועק צו דער אַרבעט, אַרום האַלב נאָך זיבן אין דער פרי, איבערלאָזנדיק גיטל אַליין אין הויז, ווי יעדן טאָג, ווייל זי איז געגאַנגען אין סקול ערשט אַרום האַלב נאָך אַכט אין דער פרי. שטייענדיק ביי דער אַרבעט, אַרום 10 אַזייגער פרי, רופט מען מיך פּלוצים צום טעלעפאָן. אַ פּאָליסמאַן האָט אָפּגערופן איך זאָל קומען שנעל אַהיים. עס איז אין הויז אַן אומגליק געשען. משה און איך זיינען שנעל גע־לאָפן אַהיים אין שרעק, עס איז געווען בלויז עטלעכע בלאָק צו אונדזער וואוינונג. אַריינקומענדיק אין הויז איז אונדז פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אונדזער טייערע שוועסטער גיטל איז ניט מער געווען צווישן די די לעבעדיקע. זי האָט זיך גענומען דאָס לעבן אויס פאַרצווייפלונג. עס איז אויך באַלד אָנגעלאָפן אסתר. דער ווייטיק און צרות וואָס מיר האָבן דעם טאָג דורכגעמאַכט איז ניט צו באַשרייבן. דעם נעקסטן טאָג האָבן מיר זי באַגלייט אויף דער בעסערער וועלט. עס בלוטעט מיין האַרץ אויך איצט, פון מיינע אויגן גיסן זיך טרערן, עס ציטערט מיין האַנט ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות.

## די מלחמה יאָרן

דער אויסברוך פון ערשטן וועלט קריג אין אויגוסט 1914, האָט גע־בראַכט צו אַן איבערקערעניש צווישן יידן אין ניו יאָרק און איבער גאַנץ אַמעריקע. דער גרעסטער טייל פון דער ניו יאָרקער און אויך אַמערי־

קאַנער יידישער באַפעלקערונג איז געווען פון אימיגראַנטן קלאַס. זייער פיל זיינען נאָר וואָס ניט לאַנג געקומען אַהער. מיר אַליין האָבן געהערט צו אָט דעם קלאַס. אַלע דאָ אין לאַנד האָבן געהאַט נאָענטע קרובים, עלטערן, שוועסטער און ברידער אין אויסלאַנד. דער פלוצימדיקער קריג האָט זיי אַלעמען אָפּגעשניטן פון זייערע משפחות. אויך אונדז האָט עס שטאַרק געטראָפן. די פּאָסט פאַרבינדונגען צווישן עסטרייך און אַמע־ריקע זיינען באַלד אָפּגעשניטן געוואָרן. ענגלאַנד האָט באַהערשט די ימים, איבערהויפּט דעם אַטלאַנטישן ים. זיינען טאַקי באַלד אַלע שיפן פאַרבינדונגען מיט דייטשלאַנד און עסטרייך אָפּגעשניטן געוואָרן. דאָס האָט אונדז דאָ פאַרשאַפט גרויסע ליידן. ווען עס איז שפּעטער אָנגעקומען דער באַריכט, אַז די רוסן האָבן אָקופּירט דעם גרעסטן טייל פון גאַלי־ציע, אַריינרעכענענדיק ריישע, זיינען מיר דאָ געווען דערשלאָגן. מיר האָבן אָבער גאָר ניט געקאנט טאָן, מיר האָבן געהאָפט און געבעטן, אַז עס זאָל אונדזער פאַמיליע קיין שלעכטס ניט געשען, זיי זאָלן לעבן און געזונט זיין, מיר זאָלן זיך באַלד ווידער זען.

אין אָנהויב פון דער מלחמה, ווען אַמעריקע, אונטער דער פירער־שאַפט פון פּרעזידענט ווילסאָן, איז געווען נייטראַל, זיינען צווישן די יידן אין דער איסט סייד אויפגעקומען צוויי פאַרטייען. די עסטרייך־אונגאַרישע יידן האָבן געהאַלטן מיט דייטשלאַנד, דאַקעגן האָבן די רוסישע יידן געהאַלטן שטאַרק מיט רוסלאַנד. אין רעסטאָראַנען און אין געזעלשאַפט־לעכע לאָקאַלן און אויך אין גאַס זיינען פאָרגעקומען מחלוקת צווישן עסטרייכער, אָדער בעסער געזאָגט, גאַליציאַנער יידן און רוסישע. מ'האָט זיך אָפּט גאַנץ גוט צעקריגט, אַז עס איז געקומען צו געשלעגן. אָט דאָס איז געווען צו דערוואַרטן צוליב דעם וואָס דער גאַליציאַנער ייד האָט ניט ליב געהאַט רוסלאַנד פאַר די אַנטי־יידישע געזעצן, פאַר דעם ביילים בלוט בלבול און פּאָגראָמען, האָבן זיי געבעטן אויף רוסלאַנדס מפּלה, כאָטש דאָס וואָלט אויך געבראַכט אַ מפּלה פאַר ענגלאַנד און פראַנקרייך. זיי האָבן זיך מיט דעם ניט גערעכנט. דער רוסישער ייד האָט געהאַט נאָענטע קרובים אין רוסלאַנד. ווי מערדעריש די רעגירונג האָט זיך געהאַלטן צו יידן, האָט דער רוסישער ייד דאָך געוואָלט, אַז רוסלאַנד זאָל דעם קריג געווינען. זיי האָבן געהאַט בטחון אַז די מלחמה וועט ברענגען אַן ענדערונג צו די באַציאונגען פון דער צאַרישער רעגירונג צו די יידן. איך האָב געהאַלטן מיטן גאַליציאַנער צד צוליב די דערמאָנטע אורזאַכן. דער סוף פון דער מלחמה אין 1918 איז איצטער יעדן באַקאַנט.

אויף דער איסט סייד האָבן זיך דאַמאָלט געגרינדעט רעליף קאָמי־

טעטן פון אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן. מ'האָט געהאַפט, אַז די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן, וועלן זיך די לאַנדסלייט אין די אַלטע היימען נויטיקן אין הילף. אויך מיר ריישער האָבן געגרינדעט אַזאַ רעליף קאָמיטעט. מיר האָבן געהאַט גוטע יונגע קרעפטן, יונגע לייט וואָס האָבן זיך אַריינ־געלייגט אין דער אַרבעט און געאַרבעט אומדערמידלעך, וגם אני בתוכם. איך בין אויך געווען אַ מיטגליד פון קאָמיטעט. ווי איך האָב פריער געשריבן איז פאַראַן אַ ריישער שול אויף דער איסט סייד. האָבן זיך אויך די מיטגלידער פון דער ריישער שול אָנגעשלאָסען אָן דעם רעליף קאָמיטעט. מיר האָבן אַמאָל, אין אַ זונטיק, פאַררופן אַ מאַסן פאַרזאַמלונג צו שאַפן געלט פאַר דעם רעליף. מיר האָבן אָנגעפירט אַ גרויסע אַגיטאַ־ציע צווישן די ריישער לאַנדסלייט, אַרויסגעשיקט בריוו מיט אויפרופן און געבעטן יידן פון ריישע צו קומען צום מיטינג אין דער ריישער שול און העלפן שאַפן געלט פאַר די מלחמה־קרבנות פון ריישע. דער באַוואוסטער זשורנאַליסט גרשום באַדער איז געווען דער הויפּט רעדנער און האָט אויך געמאַכט דעם אַפּיל. מיר האָבן דאַמאָלט געזאַמלט עטלעכע הונדערט דאָלער. מיר האָבן אויך אַראַנזשירט ליטעראַרישע אָוונטן און קאָנצערטן וואָס האָט דער רעליף קאַסע אַריינגעבראַכט עטלעכע הונדערט דאָלער.

אין יאָר 1916, אין סאַמע קאָך פון דער אייראָפּעאישער מלחמה, איז דאָ אין לאַנד געווען וואַלן־יאָר פאַר פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי איז געלאָפן אַלס קאַנדידאַט דער געוועזענער גאָווערנאָר פון ניו יאָרק, טשאַרלס עוואַנס היוז. פון די דעמאָקראַטן איז געווען דער קאַנדידאַט פאַר ווידער־דערוויילונג, פּרעזידענט ווילסאָן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין ניו יאָרק ענדע אָקטאָבער 1913, איז דאַמאָלט גראָד געווען די וואַלן פאַר אַ מעיאָר אין ניו יאָרק. עס איז דאַמאָלט דערוויילט געוואָרן מעיאָר מיטשעל. אַזוי ווי איך בין אָנגעקומען בלויז עטלעכע טעג פאַר די וואַלן, האָב איך ניט געהאַט די מעג־לעכקייטן זיך צו באַקאַנען מיט די פּאָליטישע מעטאָדן, וואָס ווערן דאָ באַנוצט אין די וואַל־קאַמפּן. אָבער ביי די וואַלן אין 1914, זיינענדיק אין לאַנד אַ יאָר צייט, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו שטודירן דאָס פּאָליטישע לעבן דאָ אין לאַנד, און אין ניו יאָרק. אין לאַנד, און ספּעציעל אין ניו יאָרק, האָט געהערשט גענוג קאָרופּציע. ניט לאַנג איידער איך בין געקומען, האָט מען אַרונטערגעוואָרפן גאָווערנאָר סולצער פון זיין אַמט צוליב קאָרופּציע. אויך די ניו יאָרקער שטאַט רעגירונג איז

ניט געווען ריין פון כאַבאַרניקעס. דאָס האָט באַוויזן דער פּראָצעס פון פּאָליציי־לייטענאַנט בעקער, וואָס איז טאַקי פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט. דאָס איז געווען אין דער פּעריאָדע ווען גענגסטעריזם האָט גע־בליט אויף דער איסט סייד. די גענגסטער פירער האָבן געאַרבעט אָפן און מ׳האָט פאַר זיי געציטערט. זיי האָבן זייער אַרבעט אָנגעפירט אַזוי פּינקטלעך און אויסגערעכנט, אַז דאָס געזעץ האָט ניט געקאָנט אויף זיי קיין האַנט לייגן.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ סענסאַציאָנעלע געשיכטע, וואָס איז פאָר־געקומען אין ניו יאָרק אין יאָר 1914, ווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָבן די צייטונגען געבראַכט די נייס, אַז דער באַוואוסטער געמבלער הערמאַן ראָזענטאַל איז געפונען געוואָרן דערמאָרדעט. עס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ געשיכטע מיט אונטערזוכונגען מצד דער פּאָליציי, אויך האָט דער גאָווערנאָר אַרויסגעגעבן אַ באַפעל דעם מאָרד צו אונטערזוכן. נאָך אַ קורצער אונטערזוכונג האָט די פּאָליציי אַנאָנסירט דעם אַרעסט פון דעם פּאָליציי־לייטענאַנט בעקער, אויך פיר איסט סיידער גענגסטערס, לעפטי לואי, ווייטי לואי, דזשיפּ די בלאָד און דיעגאָ פרענק. די ערשטע דריי זיינען געווען יידן, דער לעצטער אַן איטאַליענער. אָט די אויבן דערמאָנטע זיינען געווען פּראָפעסיאָנעלע גענגסטערס, וואָס האָבן זייער אַרבעט אָנגעפירט פון דער איסט סייד אין אַלע שטאָט טיילן.

די אונטערזוכונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז דער געמבלער ראָזענטאַל האָט געהאַט דירעקטע פאַרבינדונגען מיט דעם פּאָליציי לייטענאַנט בע־קער ווען ער האָט געצאָלט גרויסן כאַבאַר פאַר פּראָטעקציע. דאָס איז אָנגעגאַנגען אַזוי לאַנג ביז עס איז צווישן זיי געקומען צו אַ שפּאַלטונג. ווען ראָזענטאַל האָט בעקערן געדראָט אַז ער וועט אויסזאָגן פון חדר, האָט בעקער באַקומען „קאַלטע פיס”. ער האָט ניט געקאָנט דערלויבן אַז דאָס זאָל פּאַרקומען, ווייל דאָס האָט געשמעקט ניט נאָר מיט סקאַנדאַלן, נאָר אויך מיט יאָרן אין תפיסה, האָט בעקער באַשלאָסן אָפּצוראַמען ראָזענטאַלן פון וועג, אַז ער זאָל מער ניט קאָנען ריידן...

אַזוי ווי דער לייטענאַנט בעקער האָט געהאַט דירעקטע פאַרבינדונגען ניט נאָר מיט די געמבלערס, נאָר אויך מיט די גענגסטערס, וועלכע האָבן אויך געצאָלט פאַר פּאָלציי באַשיצונג, האָט ער, בעקער, אָפּגעמאַכט מיט די אויבן דערמאָנטע פיר גענגסטערס אַז זיי זאָלן ראָזענטאַלן אָפּ־ראַמען פון וועג איידער ער הויבט אָן „ריידן”. די גענגסטערס האָבן אים געפּאַקט און האָבן זיין קערפּער דורכגעלעכערט מיט קוילן. אָט דאָס

האָט פעסטגעשטעלט די פּאָליציי־אונטערזוכונג. זיי האָבן געהאַט באַווייזן און אויך עדות צו באַשטעטיקן די קלאַגע קעגן די אַרעסטירטע.

דער אַרעסט פון פּאָליציי אָפיציר בעקער צוזאַמען מיט די פיר גענגסטערס איז געווען זייער סענסאַציאָנעל. עס האָט אויפגעשטורעמט ניט נאָר ניו יאָרק, נאָר גאַנץ אַמעריקע. זייער פּראָצעס האָט פאַרנומען די ערשטע זייטן פון דער אַמעריקאַנער פרעסע, פרי און אָוונט (ראַדיאָ האָט נאָך דאַן ניט עקזיסטירט). ענדלעך האָבן די 12 געשוואָרענע אַרויס־געגעבן דעם אורטייל „שולדיק״ פאַר אַלע. (זיי האָבן געהאַט באַזונדערע פּראָצעסן.) עטלעכע טעג שפּעטער נאָך די פּראָצעסן זיינען די פיר גענג־סטערס און דער פּאָליציי אָפיציר בעקער פאַראורטיילט געוואָרן צום טויט אויפן עלעקטרישן שטול אין סינג־סינג תפיסה.

דער אורטייל פון לייטענאַנט בעקער איז דורכגעפירט געוואָרן נאָך דעם ווי זיינע אַדוואָקאַטן האָבן פאַרלאָרן אַלע אַפּילס אין די העכסטע געריכטן. ער האָט באַצאָלט מיט לעבן פאַרן גרויזאַמען ראָזענטאַל מאָרד, אין וועלכן ער האָט זיך אַליין אומדירעקט באַטייליקט.

אויך די פיר גענגסטערס האָבן אויסגענוצט יעדע געלעגנהייט פון זייערע קאָנסטיטוציאָנעלע רעכט. זייערע אַדוואָקאַטן האָבן רעקורירט פון איין אינסטאַנץ צו דער צווייטער. דערפאַר וואָס דריי פון די גענג־סטערס זיינען געווען יידן, זיינען טאָקע יעדן טאָג דערשינען אין דער איסט סיידער יידישער פרעסע באַריכטן וועגן די עלטערן און פאַמיליעס פון די פאַראורטיילטע. מ׳האָט באַריכטעט, אַז די עלטערן פון די פאַראור־טיילטע זיינען אגב אָנשטענדיקע יידישע מענטשן וואָס פירן אַ נאָרמאַל לעבן אויף דער ניו יאָרקער איסט סייד. אָט די עלטערן האָבן ניט געשוויגן, ביי זיי זיינען זייערע קינדער געווען אומשולדיק. זיי האָבן געריסן טירן אין יעדן שטאָטישן שער רחמים כדי צו דערוועקן די יידישע רחמנות געפילן זיי זאָלן העלפן ראַטעווען די לעבנס פון זייערע דריי קינדער, וואָס לויט זייער מיינונג און באַהויפּטונג, זיינען זיי געווען אומשולדיק.

ווי אין אַזעלכע פאַלן, האָבן זיך צווישן די איסט סיידער יידן גע־פונען אַזעלכע וואָס האָבן מיט זיי סימפּאַטיזירט. די דריי גענגסטערס זיינען גראַד געווען יונגע מענער אין אָנהויב פון זייער צוואַנציקסטן לעבנסיאָר, איינער איז געווען שענער פון אַנדערן, האָבן זיי אויך דער־וועקט די סימפּאַטיע ביים ווייבלעכן יונגן עולם. עס האָט ווי געטאָן צו זען אַזעלכע שיינע יונגעלייט אין דער בליענדיקער יוגנט זאָלן גיין צום טויט.

עס האָט אָבער גאָר ניט געהאָלפֿן. ווען דער טאָג פֿון דער עקזע־קוציע איז געקומען, נאָכדעם ווי פּרעזידענט ווילסאָן האָט אָפּגעזאָגט דעם לעצטן אַפּיל, האָט מען די פֿיר באַשולדיקטע, איינעם נאָכן אַנדערן געפֿירט צום עלעקטרישן שטול אין טויט־הויז פֿון סינג־סינג יעדע 10 מינוט. אַזוי האָט זיך געענדיקט איינע פֿון די סענסאַציאָנעלע כאַבאַר און מאָרד פּראָצעסן אין ניו יאָרק אין אָנהויב פֿון צוואַנציקסטאָן יאָרהונדערט.

* * *

פֿאַר מיר זיינען די פּאָליטישע וואַלן געווען זייער אינטערעסאַנט. איך האָב דאַמאָלט געוואוינט אויף דער איסט סייד, וואו דער וואָל קאַמ־פּיין איז געווען גרעסער און איז אָנגעגאַנגען מיט מער אימפּעט ווי אין אַנדערע טיילן פֿון שטאָט. אויף די עקן פֿון דילענסי סטריט און אויך אין אַנדערע גאַסן זיינען געשטאַנען רעדנער אויף זייף־קעסטלעך, גערעדט און אַגיטירט פֿאַר געוויסע קאַנדידאַטן. עס איז דאַמאָלט גע־לאָפֿן פֿאַר קאָנגרעסמאַן דער סאָציאַליסט מאיר לאָנדאָן, וואָס איז גע־שטיצט געוואָרן פֿון „פֿאָרווערטס". אין יענע צייטן האָט מען פֿון קאָ־מוניזם ניט געוואוסט. אַ סאָציאַליסט איז דאַמאָלט באַטראַכט געוואָרן אַלס אַן עקסטרעמער ראַדיקאַל.

אין יענע יאָרן איז די שטאָט געווען פֿאַרפּלייצט מיט סוועט־שעפּער. אַרבעטס־שטונדן זיינען געווען לאַנגע און די אַרבעט אַ שווערע, אויך זיינען די פֿאַרדינסטן געווען קליינע. די נאָדל־אינדוסטריע אַרבע־טער זיינען דאַמאָלט נאָך ניט געווען גוט אָרגאַניזירט אַחוץ די גרויסע פֿאַבריקן. למשל, דאָרט וואו איך האָב געאַרבעט איז די פֿאַבריק גע־ווען גוט אָרגאַניזירט. עס האָבן דאָרט געאַרבעט עטלעכע הונדערט מענער און פֿרויען, אַחוץ דעם האָט מען אַרויסגעגעבן אַרבעט צו צען קאָנטראַקטאָרס וואָס האָבן אויך באַשעפֿטיקט אַרום 500 אַרבעטער.

איך אַליין האָב צו דער יוניאָן ניט געהערט. אויך די סטאַק און שיפּינג־אַרבעטער זיינען קיין יוניאָן לייט ניט געווען. ביי דער שוואַרץ פֿירמע האָט מען דאַמאָלט געאַרבעט 50 שעה אַ וואָך. 9 שעה אַ טאָג, און זונטיק 5 שעה. שבת האָט מען ניט געאַרבעט. עס זיינען אָבער גע־ווען הונדערטער קליינע שעפּער וואו די יוניאָן האָט קיין צוטריט ניט געהאַט און זיי ניט געקאָנט אָרגאַניזירן. די אַרבעטס באַדינגונגען אין די ניט־אָרגאַניזירטע שעפּער, זיינען געווען זייער שלעכטע, חוץ וואָס מ׳האָט דאָרט געאַרבעט 60 און אָפּט 65 שעה אַ וואָך, זיינען די פֿאַרדינסטן אויך געווען קליינע. אַ מיידל ביי דער מאַשין האָט פֿאַרדינט פֿון אַכט ביז צען דאָלער אַ וואָך. אַזאַ צושטאַנד האָט אויך געהערשט אין אַנדערע

אינדוסטריעס. אַט די עקאָנאָמישע לאַגע האָט אויפגעלעבט דעם סאָ־ציאַליסטישן אידעאַל. דערפאַר האָט טאַקי דער „פאָרווערטס", וואָס האָט דאַמאָלט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין העלפן אָרגאַניזירן די אַרבעטער יוניאָנס, פאַרנומען אַ הויכן פּלאַץ צווישן די אַרבעטער־מאַסן.

דער איסט־סייד איז געווען אַ מישמאַש פון קאַנדידאַטן פון אַלע פּאַרטייען. חוץ די רעדנער אויף סטריט קאָרנערס, זיינען די קאַנדידאַטן אַליין אַרומגעפאָרן פון איין האָל צום צווייטן און אָפט אויך גערעדט אויף די גאַסן און סקווערס. זיי האָבן אויך גערעדט שטייענדיק אויף די וועגענער אין וועלכע זיי זיינען אַרומגעפאָרן. די וועגענער זיינען געווען באַצירט מיט פאָנען און גרויסע אויפשריפטן מיט די נעמען פון די קאַנדידאַטן.

דער גרעסטער וואַל־פיבער איז אָנגעגאַנגען אין יאָר 1916, ווען עס זיינען פאָרגעקומען די נאַציאָנאַלע וואַלן פאַר פּרעזידענט, אַ גאָווערנאָר און אויך אַנדערע וויכטיקע אַמטן. די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז געווען שטאָלץ מיטן רעקאָרד פון פּרעזידענט ווילסאָן צוליב זיין דיפּלאָמאַטיע און אויך זיינע באַרימטע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס, וואָס ער האָט געשיקט צו די מלחמה־לענדער יעדעס מאָל ווען זיי האָבן פאַרשוועכט די אַמע־ריקאַנער נייטראַליטעט. אויף דעם געביט האָט דייטשלאַנד זיך שטאַרק אויסגעצייכנט. די דייטשע סובמארינען האָבן געזונקען שיפן סיי פיינט־לעכע און סיי נייטראַלע, זיי האָבן אויך ניט געשוינט פּאַסאַזשיר־שיפן אויף וועלכע עס זיינען געפאָרן אויך אַמעריקאַנער בירגער. זייער פיל אַמעריקאַנער האָבן זייער לעבן פאַרלוירן ווען די שיפן זיינען געזונקען געוואָרן אָן אַ וואָרנונג, וואָס איז געווען קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ. האָט טאַקי פּרעזידענט ווילסאָן געשיקט שטרענגע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס צו דייטשלאַנד, וועלכע האָבן אויך געבראַכט גוטע רעזולטאַטן. דייטשלאַנד האָט זיך פאַרפּליכטעט ניט נאָר צו צאָלן שאדן ערזאַץ צו די אַמעריקאַנער וואָס האָבן געליטן פון די געזונקענע שיפן, נאָר זיך אויך פאַרפּליכטעט ניט צו זינקען שיפן אָן אַ וואָרנונג. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר פּרעזידענט ווילסאָן. זיין רעפּוטאַציע איז הויך גע־שטיגן.

דער דעמאָקראַטישער קאַמפּיין איז געווען געשטיצט אויף דעם שלאָג־וואָרט, „זיין פּעדער איז מעכטיקער פון דעם שווערד". זיי האָבן מיט דעם באַהויפּטעט, אַז ווילסאָן מיט זיינע אויסגעצייכנטע דיפּלאָמאַטישע נאָטעס האָט געצוואונגען די מעכטיקע דייטשלאַנד אויפצוגעבן דאָס זינ־קען פון שיפן אָן אַ וואָרנונג. אַז ווילסאָן וועט אונדזער לאַנד האַלטן

נייטראַל, אַז מיר וועלן ניט אַריינגעשלעפּט ווערן אין קריג איז ווילסאָן טאַקי ווידער דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט.

איך געדענק דעם אינצידענט, וואָס איז פאָרגעקומען דינסטיק נאַכט, דעם טאָג פון די פּרעזידענט וואַלן, ווען עס איז אַרויס אַ קלאַנג אַז היוז איז דערוויילט געוואָרן. דער באַריכט איז געווען געשטיצט לויט די אָפיציעלע באַריכטן וואָס זיינען אָנגעקומען טעלעפאָניש און טעלעגראַפיש. די רעפּובליקאַנער האָבן מאַרשירט מיט מוזיק אין די גאַסן און געפייערט דעם גרויסן זיג. שפּעט אין דער נאַכט, זיינען אַרויס אַלע „עקסטראַס" פון אַלע ניו יאָרקער מאָרגן צייטונגען, וואו עס איז דערשינען אַ בילד ווי מרס. היוז קושט איר מאַן, דעם נייעם דערוויילטן פּרעזידענט, און זאָגט „איך בין זייער גליקלעך וואָס דו ביסט דערוויילט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן". לויט די באַריכטן פון די מאַיאָריטעט שטאַטן, האָט זיך טאַקי אַרויסגעוויזן אַז היוז איז דערוויילט געוואָרן. די קאָמוניקאַציע סיסטעם איז דאַמאָלט געווען אַ לאַנגזאַמע אין פאַרגלייך צו היינט, עס האָט לאַנג געדויערט ביז די הויפּט־קוואַרטירן האָבן באַקומען די גענויע באַריכטן פון די וואַל דיסטריקטן.

די דעמאָקראַטן זיינען געווען זייער פאַרזאָרגט, זיי האָבן אָבער דעם דורכפאַל ניט צוגעגעבן. עס האָבן נאָך געפעלט ריטוירנס פון די וועסט־לעכע שטאַטן. ערשט דאָנערשטיק, דעם דריטן טאָג נאָך עלעקשאָן, זיינען אָנגעקומען די ריטוירנס פון קאַליפאָרניע, און דאָס האָט געענדערט די געשיכטע. ווילסאָן איז געוואָרן אָפיציעל ווידער דערוויילט פּרעזי־דענט. אַ טאָג שפּעטער האָט היוז גראַטולירט דעם ווידערדערוויילטן פּרעזידענט ווילסאָן.

פינף חדשים שפּעטער, אין פרילינג 1917, האָט דייטשלאַנד גע־ענדערט איר שטעלונג און געבראָכן דעם אָפּמאַך מיט אַמעריקע ניט צו זינקען שיפן אָן אַ ווארנונג. יעדן טאָג זיינען שיפן געוואָרן טאָרפּעדירט אָן אַ ווארנונג, עס איז אויך דאַמאָלט געזונקען געוואָרן די גרויסע ענגלישע פּאַסאַזשיר שיף, די „לוזיטאַניאַ", וואו פיל אַמעריקאַנער לעבנס זיינען פאַר־לוירן געוואָרן. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז אַמעריקע איז אַריין אין דער מלחמה קעגן דייטשלאַנד אויף דער זייט פון ענגלאַנד און פראַנקרייך.

געווידמעט מײַן ברודער יעקב
און זײַן פֿאַמיליע

# זכרונות פֿון די ערשטע מלחמה יאָרן אין ניו יאָרק

צום סוף פֿון יאָר 1915 איז די מלחמה אין אײראָפּע אָנגעגאַנגען אין פֿולן טעמפּאָ. די דײַטשן האָבן געזיגט אויף אַלע פֿראָנטן. זײ האָבן אַרײַנגעדרונגען און באַזעצט אַ גרויסן טײל פֿון פֿראַנקרײַך און רוסלאַנד. עסטרײַך איז עס געגאַנגען מיט דער פּוטער אַראָפּ. איבעראַל וואו זײ האָבן אַטאַקירט, האָט מען זײ צוריקגעשטויסן. עס האָט זײ אַפֿילו געפֿעלט די קראַפֿט אַרײַנצודרינגען אין סערביען — דאָס קלײנע לאַנד, וואָס איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אָנצינדן דאָס מלחמה פֿײַער. ניט נאָר האָט זיך די קלײנע סערביע פֿאַטײדיקט, נאָר אויך געמאַכט קעגן־אַטאַקעס. דאָס האָט אָנגעהאַלטן ביז דײַטשלאַנד האָט געשיקט אַ מעכ־טיקע אַרמײ און האָט באַזיגט סערביע און איר באַזעצט. אויך אויפֿן מזרח־פֿראָנט האָט עסטרײַך געליטן גרויסע מפּלות. ניט נאָר האָט רוס־לאַנד צוריקגעשלאָגן די עסטרײַכישע אַטאַקעס, נאָר אויך באַזעצט אַ גרויסן טײל פֿון גאַליציע. אין אַ שײנעם פֿרימאָרגן האָבן מיר געלײענט אין די צײַטונגען, אַז רוסלאַנד האָט באַזעצט טאַרנע און רײשע און מאַרשירט טיפֿער אין לאַנד. דאָס האָט אונדז שרעקלעך געקרענקט. מיר זײַנען געוואָרן אַביסל פּעסימיסטיש און זיך זײער געזאָרגט וועגן דער זיכערקײט פֿון אונדזער פֿאַמיליע. די רוסן זײַנען געווען באַוואוסט אַלס גרויסע שונאי ישראל. עס האָט זיך פֿאַרשפּרײט אַ קלאַנג, אַז אין יעדער שטאָט וואָס די רוסן האָבן באַזעצט, מאַכן די קאָזאַקן פּאָגראָמען אויף יידן און רויבן זײער האָב און גוטס. מיר האָבן בלויז געהאָפֿט, אַז עס איז געלונגען אונדזער פֿאַמיליע צו פֿאַרלאָזן רײשע אײדער דער שונא איז אַרײַן אין שטאָט און געפֿינען זיך ערגעץ אויף אַ זיכערן אָרט.

די רוסישע באַזעצונג פֿון גאַליציע האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. עס איז באַלד געקומען די זיגרײַכע דײַטשע אַרמײ און פֿאַרטריבן די רוסן ניט נאָר פֿון גאַליציע, נאָר אויך אַרײַנגעדרונגען טיף אין רוסלאַנד ביז ברעסט ליטאָווסק. פֿאַר די גאַליציאַנער יידן דאָ אין לאַנד איז די נײַס אויפֿגענומען געוואָרן מיט פֿרײד. מיר האָבן געדאַנקט גאָט וואָס רײשע איז ווידער פֿרײ און האָבן געהאָפֿט באַלד ווידער צו הערן נײַס פֿון אונדזערע פֿאַמיליעס.

* * *

ביי דער פירמע שוואַרץ, וואו איך האָב געאַרבעט, האָבן דאַמאָלט געאַרבעט איבער 200 יידישע מיידלעך אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען. אַ גרויסע צאָל פון זיי זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. עס איז אויך צווישן זיי געווען עטלעכע שיינקייטן, וואָס וואָלטן היינט לייכט געוואונען אַ שיינהייטס קאָנטעסט. איינע פון זיי איז געווען אַ יונגע מיידל פון אַ יאָר 18, וואָס האָט געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט מער ווי די אַנדערע מיידלעך. זי איז געווען באַשעפטיקט אין אַן אָפּטיילונג אויף דעם נעקסטן שטאָק פון דער פאַבריק. יעדעס מאָל ווען איך בין דאָרט געווען, האָב איך מיט איר פאַרפירט אַ געשפּרעך. איר נאָמען איז געווען שרה אלטמאַן.

נאָך אַ באַקאַנטשאַפט פון עטלעכע וואָכן האָט זי מיר דערציילט, אַז זי קומט פון פּאָקיפּסי, ניו יאָרק, וואו איר פאָטער איז געווען רב פון דער דאָרטיקער קהילה. זי האָט דאָרט מיט אַ יאָר צוריק גראַדואירט היי־סקול און זיך צוגעגרייט צו גיין אין קאָלעדזש. איר פּלאַן איז צע־שטערט געוואָרן צוליב אַן אומגליק וואָס האָט פּאַסירט מיט איר פאָטער, וואָס איז פּלוצים פּאַראַליזירט געוואָרן. זיי האָבן זיך אַריבערגעצויגן קיין ניו יאָרק וואו עס געפינען זיך די גרעסטע און בעסטע דאָקטוירים. פון גיין אין קאָלעדזש איז שוין געווען אָפּגערעדט, זי מוז אַרבעטן כדי אַרויסצוהעלפן צו דעקן די גרויסע הוצאות פון דאָקטוירים און מעדי־צינען פאַר איר פאָטער.

זינט איך האָב זיך באַקאַנט מיט איר, בין איך יעדן טאָג צוגעקומען צו איר טיש מיט איר צו ריידן. איינמאָל האָב איך זי געפרעגט אויב זי האָט צייט אום שבת נאָכמיטאָג, וועל איך מיט איר פאַרברענגען עטלעכע שעה. אַזוי ווי שבת האָב איך בלויז געאַרבעט אַ האַלבן טאָג, האָט זי איינגעוויליקט מיך צו באַגעגענען ביים דילענסי סטריט סאָבוויי סטיישאָן אום שבת 2 אַזייגער נאָכמיטאָג. מיט אַ טאָג פריער האָב איך באַזאָרגט צוויי בילעטן פאַר אַ מאַטינע פאָרשטעלונג אין קעסלערס טעאַטער. מ׳האָט דאַמאָלט געשפּילט „שלמהלע שאַרלאַטאַן“. מיר האָבן זיך געטראָפן אין צייט און גלייך אַוועק אין טעאַטער. דאָס איז געווען אום ווינטער 1915. מיין ערשטער „דעיט“ זינט איך בין געווען אין ניו יאָרק.

זיצנדיק מיט איר אין טעאַטער האָב איך זיך געוואָלט שטעלן ברייט ווי אַ ספּאָרט, האָב איך ביי איינעם פון די פּעדלערס אין טעאַטער

געקויפט אַ שאַכטל מיט קענדי פאַר אַ האַלבן דאָלער און עס איר געגעבן. זי האָט זייער באַדאַנקט. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז עס אויך געווען איר ערשטער „דעיט״.

צווישן די אַקטן האָבן מיר גערעדט וועגן פאַרשידענע זאַכן. עס איז באמת געווען אַ פאַרגעניגן מיט איר צו ריידן און הערן איר „ענגליש״. אין יעדן וואָרט האָט געשטעקט חכמה. זי האָט גערעדט מיט טאַקט, שטיל און געלאַסן. ווען זי האָט אַרויסגעזאָגט איר מיינונג איבער עפּעס וואָס מיר האָבן דיסקוטירט, איז עס געווען מיט אינטע־ליגענץ און לאָגיק. זי האָט געהאַט אַ נאַטור געבענטשט פון גאָט. זי האָט אַלע מאָל מלמד זכות געווען אויף דעם שולדיקן. איך בין אין דעם געשפּרעך געווען אַזוי ווייט פאַראינטערעסירט, אַז די לעצטע צוויי אַקטן האָבן מיר אַפילו ניט געקוקט אויף דער בינע. מיר זיינען געווען פאַר־טיפט אין געשפּרעך. מיר האָבן ניט גערעדט הויך, כדי ניט צו שטערן די וואָס זיינען געזעסן לעבן אונדז.

הינטער מיין זיץ איז גראָד געזעסן אַ נערוועזער ייד, וואָס האָט מיך אָפט געשטורקעט אין דער פּלייצע מיט אַ געשריי: „שאַ...״ איינמאָל האָט ער מיר אַ שטורקע געטאָן אין אַקסל מיט אַ געשריי: „שאַ, שטיל!... דאָ איז ניט קיין שול״. דאָס האָט מיר פאַרדראָסן, האָב איך זיך אויס־געדרייט מיטן פּנים צו אים און צוריקגעשריען, אַז אין שול רעד איך ניט, אָבער דאָ איז ניט קיין שול. דער ייד האָט זיך אויפגעשטעלט און מיר געוואָלט דערלאַנגען אַ בינטל פינגער אין מיין פּנים, אָבער זיין ווייב, אַ פלינקע יידענע, האָט אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אים באַרואיקט. מיר האָבן אויפגעהערט ריידן ביז נאָך דער פאָרשטעלונג.

אין יידישן טעאַטער, איידער דער פאָרהאַנג איז אַרויף, איז געווען אַזאַ בהלה און טומל, פּונקט ווי אויף סוירף עוועניו אין קוני איילאַנד אין אַ זונטיק נאָכמיטאָג אום זומער. דאָס ריידן און שרייען פון ווערטן פּובליקום, אויך דאָס וויינען פון די קינדער, איז געווען אומדערטרעג־לאַך. דאַמאָלט האָט מען ניט געוואוסט פון בייבי סיטערס. אויב יאָ, ווער האָט זיך געקאָנט דערלויבן אַזאַ לוקסוס. ווען עלטערן האָבן גע־וואָלט גיין אין טעאַטער, איז מען געגאַנגען מאַטינע און מיטגעבראַכט דאָס קליינוואַרג. אָבער קליינע קינדער האָט די פאָרשטעלונג ניט איב־טערעסירט. זיי פלעגן באַלד אין אָנפאַנג פאַרלירן די קינדערשע געדולד, און אָנפאַנגען טומלען, וויינען און שרייען. אָפט האָט דער פאָטער אָדער די מוטער דעם קינד דערלאַנגען אַ פּראַסק אין פּיסקל, דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דער גרויסער טומל. אויך די פּעדלערס, וואָס זיינען

געלאָפֿן הין און צוריק און געשריִען אויפֿן הויכן קול: „קענדי, קנאַק־ניסלעך, זאָדע וואַסער!״. אין אָרקעסטער אַליין האָב איך געציילט זעקס אַזעלכע שטורמיקע פּעדלערס. היינט דאָס אַרומקריגן זיך. ניט איינמאָל פֿלעגט קומען צו אַ געשלעג, אַז מ׳האָט געדאַרפֿט רופֿן דעם „ספּעשעל״ פּאָליסמאַן פֿון טעאַטער. קוים האָט די ליכט אויסגעגאַנגען און דער פֿאָר־האַנג האָט זיך אָנגעהויבן רוקן אַרויף, איז תיכף געוואָרן שטיל. ס׳זאָגט זיך נאָר אַזוי „שטיל״, ווייל שטיל איז ביי דער פֿאָרשטעלונג קיין מאָל ניט געווען. בלויז דאָס ניסן, הוסטן און גרעבצן איז געווען גענוג אַז מ׳זאָל פֿאַרפֿעלן צו הערן עטלעכע ווערטער וואָס די אַקטיאָרן האָבן גערעדט אויף דער בינע.

באַלד נאָך דער פֿאָרשטעלונג זיינען מיר ביידע געגאַנגען עסן אין אַ רעסטאָראַן אויף דער 2טער עוועניו. די מאָלצייט פֿאַר ביידן האָט געקאָסט גאַנצע 80 סענט. אַזוי ווי איך האָב זיך געוואָלט שטעלן ברייט, האָב איך דעם קעלנער דערלאַנגט גאַנצע 10 סענט טרינקגעלט. מיר זיינען דאָרט געזעסן איבער צוויי שעה און גערעדט אומגעשטערט. פֿון דאָרט זיינען מיר געגאַנגען צום סאָבוויי און איך האָב זי באַגלייט אַהיים. אין הויז אַריין בין איך ניט געגאַנגען. זי האָט מיך אויך ניט געבעטן אַריינצוגיין. איך בין גראַד געווען צופֿרידן פֿאַר דעם ניט איינלאַדן אַריינצוגיין אין הויז. ווייל עס איז מיר דאַמאָלט ניט איינגעפֿאַלן צו נעמען אונדזערע באַקאַנטשאַפֿט ערנסט. אונדזער פּאַרקער איז געווען אַ פֿריינטלעכער, אָבער ניט קיין ערנסטער.

אונדזער פֿריינטשאַפֿט האָט אָנגעהאַלטן. איך בין יעדן טאָג צו־געקומען צום טיש וואו זי האָט געאַרבעט, כדי מיט איר צו ריידן. וואָס מער מיר האָבן גערעדט, אַלץ מער האָבן מיר זיך געוואָלט זען. מיר האָבן ביידע געפֿילט גלייך איינער צום צווייטן. מיר זיינען אָפֿט אויסגעגאַנגען. זי האָט זיך אַנטזאָגט צו גיין אין אַ רעסטאָראַן אָדער טעאַטער, כדי איך זאָל קיין געלט ניט אויסגעבן. פֿאַר איר איז געווען גענוג, אַז מיר זאָלן זיך טרעפֿן צוזאַמען ערגעץ וואו און פֿאַרברענגען עטלעכע שעה. אַמאָל זיינען מיר געגאַנגען אין אַ מואווי פֿאַר 5 סענט אַ בילעט. אין זייער היים האָט זי מיך ניט איינגעלאַדן צוליב דער קראַנקהייט פֿון איר פֿאָטער. זייער האָפֿנונג אַז דער פֿאָטער וועט געזונט ווערן איז ניט מקוים געוואָרן. ער איז נפֿטר געוואָרן אום ווינטער 1915, נאָך שווערע ליידן.

# איך ווער אַ געשעפטסמאַן

ווען איך בין דעם אָוונט געקומען אַהיים אין מיין צימער, בין איך געזעסן און נאָכגעטראַכט צו געפינען אַ וועג וואָס וועט מיך פירן צו אַ תכלית. די גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן און געטראַכט וואו נעמט מען ערגיץ 200 דאלער כדי צו קאָנען עפענען אַ געשעפט. איך בין געווען גרייט צו צאָלן אַ הויכן פּראָצענט. איך האָב באַשלאָסן צו ריידן מיט מיינע פריינט זיי זאָלן מיר דאָס געלט באָרגן.

ווען איך האָב דעם צווייטן טאָג דערציילט שרהלען פון מיין באַשלוס, איז זי פון מיינע ווערטער געווען טיף גערירט. נאָכדעם ווי זי האָט זיך באַרואיקט האָט זי מיר פאַרטרויט אַז איך זאָל אין ערגעץ קיין געלט ניט באָרגן, אַז איר מוטער וועט מיר מיט פאַרגעניגן באָרגן די 200 דאלער. איך האָב איר פאָרשלאָג אָנגענומען.

איצט אַז איך בין שוין געווען פאַרזיכערט מיטן אינוועסטמענט קאַפּיטאַל, האָב איך אָנגעהויבן צוגרייטן אַ פּלאַן פאַר אַ געשעפט. מיר האָבן באַלד געפונען אַ געשעפטסלאָקאַל אויף בראָדוויי אין ברוקלין פאַר 40 דאלער אַ חודש. איך האָב עס באַלד געדונגען מיט אַ פינף דאלער דעפּאָזיט. ווען מיר זיינען אַהיים געקומען האָבן מיר זיך געפילט זייער גליקלעך.

דאָס געשעפט איז פאַרטיק געוואָרן אין צייט. מיר האָבן באַקומען אַביסל סחורה אויף קרעדיט און זיינען געווען גרייט צו עפענען די טירן אין צייט. עטלעכע טעג איידער איך האָב דאָס געשעפט געעפנט, האָב איך באַשלאָסן צו אַנאָנסירן מיין פאַרלאָבונג מיט שרהלען. איך האָב באַזאָרגט אַ רינג און עס אָנגעטאָן אויף שרהלעס פינגער. דאָס איז געשען אַזוי אומגעריכט אַז זי האָט ניט געוואוסט אויף וועלכער וועלט זי איז. מיר האָבן זיך ביידע געפילט די גליקלעכסטע אין דער וועלט.

מיר האָבן געעפנט דאָס געשעפט אין מערץ 1916. עס איז אונדז באַלד פון אָנהויב גוט געגאַנגען. מיר האָבן באַגליקט. מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָב איך צוריקגעצאָלט די געבאָרגטע 200 דאלער. די הלוואה איז געווען אַ מזלדיקע. מיר האָבן געטאָן בעסערע געשעפטן יעדן טאָג. דער סוקסעס איז געוואקסן פון טאָג צו טאָג און גרעסער און גרעסער פון יאָר צו יאָר. אין נאָוועמבער 1917 האָבן מיר חתונה געהאַט און געבראַכט אויף דער וועלט צוויי געראָטענע קינדער. צום אומגליק איז מיין פרוי אָוועק פון דער וועלט אין איר 32סטן לעבנסיאָר נאָך אַ לאַנגער און שווערער קראַנקהייט, דעם 29סטן אויגוסט 1929.

# אַמעריקע ווערט אַריינגעצויגן אין דער מלחמה

די מלחמה אין אייראָפּע שלעפּט זיך שוין צוויי און אַ האַלב יאָר. דייטשלאַנד ווייזט אַרויס וואונדער אויפן שלאַכטפעלד. זיי האָבן שוין פאַרנומען גאַנץ סערביע, אויך אַ גרויסן טייל פון מערב רוסלאַנד וואָס האָט דערגרייכט ביז איבער ברעסט ליטאָווסק. זיי האָבן שפּעטער אויך פאַרנומען גאַנץ בעלגיע און האַלב פראַנקרייך. ענגלאַנד איז אָבער געווען שטאַרקער אויפן ים. דער מעכטיקער ענגלישער פלאָט האָט קאָנטראָלירט די ימים און האָט בלאָקירט דייטשלאַנד פון אַלע זייטן. קיין דייטשע שיפן, חוץ סובמאַרינס, האָבן ניט געקאָנט אַריין אָדער פאַרלאָזן אַ דייטשן האַפן. די לופט־שיף איז נאָך דעמאָלט ניט געווען אַזוי אַנטוויקלט ווי איצט. די עטלעכע לופט־שיפן וואָס האָבן זיך אין אָנהויב באַטייליקט אין דער מלחמה, זיינען געווען קליינע און האָבן כמעט גאָר ניט אויפגעטאָן. באַמבערס האָבן דאַמאָלט איבערהויפּט ניט עקזיסטירט. איז טאַקי דייטשלאַנד געווען פאַרשפּאַרט און אָפּגעשניטן פון דער וועלט און האָט געמוזט אויסקומען מיט דעם וואָס זי האָט אַליין פּראָדוצירט. דאָס האָט דייטשלאַנד זייער פיל שאָדן געטאָן. אין דער זעלביקער צייט האָבן ענגלישע שיפן קורסירט צווישן אַמעריקע און ענגלאַנד. זייער פיל זיינען פון די דייטשע סובמאַרינס געזונקען געוואָרן, אָבער אַ גרויסער טייל איז אנגעקומען אין ענגלאַנד, אָנגעלאָדן מיט וויכטיקע קריגס־מאַטעריאַלן פון אַמעריקע.

עטלעכע חדשים נאָך דעם אויסברוך פון קריג, האָט זיך דייטשלאַנד פאַרמאָסטן מיט דעם ענגלישן פלאָט אין נאָרד ים, ערגעץ לעבן יוטלאַנד, דענמאַרק. דייטשלאַנד האָט דאַמאָלט געליטן אַ גרויסע מפּלה און האָט מער ניט געוואגט אַרויסצושיקן אַ שיף קעגן דעם ענגלישן פלאָט. דאַקעגן האָבן די אַליואירטע, איבערהויפּט ענגלאַנד, געליטן גרויסע פאַרלוסטן פון די דייטשע סובמאַרינס, וואָס האָבן געזונקען שיפן יעדן טאָג און אָפּט אויך אַן ענגלישע קריגסשיף.

אויף דער יבשה אָבער איז דייטשלאַנד געבליבן „איבער אַלעס". זי האָט אויך פּראָגרעסירט אין וויסנשאַפט און טעכניק. ווען עס איז אָנגעקומען די נייס אַז דייטשלאַנד באָמבאַרדירט פּאַריז מיט קאַנאָנען 60 מייל ווייט ,איז עס געווען די גרעסטע סענסאַציע. אָט די מעכטיקע קאַנאָנען האָט מען אַ נאָמען געגעבן „די גרויסע בערטאַ". דייטשלאַנד איז אויך געווען די ערשטע וואָס האָט פּראָגרעסירט מיט די „ליפט־

וואַפן". עס האָבן זיך פּלוצים באַוויזן ריזיקע לופטשיפן וואָס זיינען געפלויגן זייער הויך און האָבן באָמבאַרדירט לאָנדאָן. דאָס איז דאַמאָלט געווען די גרעסטע סענסאַציע אין דער וועלט. דייטשלאַנד איז געווען די איינציקע, וואָס האָט געהאַט אַזעלכע מעכטיקע לופטשיפן, וואָס זיינען דערפונדן און געבויט געוואָרן פון דעם דייטשן גראַף צעפּעלין. די לופטשיפן האָבן טאַקי געטראָגן זיין נאָמען.

ענגלאַנד און פראַנקרייך זיינען געווען מאַכטלאָז אויפן פעלד קעגן דער מעכטיקער דייטשער אַרמיי וואָס האָט געהאַט דערפאָלג אין יעדן אָנגריף. עס איז שוין דאַמאָלט אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער מלחמה איטאַליע אויף דער זייט פון די אַליואירטע, אויך טערקיי און בולגאַריע אויף דער זייט פון דייטשלאַנד. עס האָט ניט לאַנג גענומען און די דייטשע אַרמיי האָט אויך איטאַליע צעקלאַפּט און שפּעטער אויך איינ־גענומען רומעניע. דייטשלאַנד האָט קאָנטראָלירט אַלע פראָנטן אויפן שלאַכטפעלד.

אַמעריקע, כאָטש זי איז געווען נייטראַל, האָט אומדירעקט זייער פיל געהאָלפן ענגלאַנד און פראַנקרייך. זיי האָבן דאָ געהאַט אַ פרייען מאַרק צו קויפן אַלצדינג וואָס זיי האָבן געדאַרפט און עס איבערגעפירט אין זייערע שיפן. דאָס איז אָנגעגאַנגען ביז דעם פרילינג פון 1917, ווען דייטשלאַנד האָט געלאָזט וויסן אַמעריקע, אַז פון איצטער אָן וועלן אירע סובמאַרינען פאַרזינקען אַלע שיפן אָן אַ ווארנונג. דאָס איז געווען קעגן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ און אויך קעגן דעם אָפּמאַך וואָס דייטש־לאַנד האָט געשלאָסן מיט אַמעריקע. דייטשלאַנד האָט אין איר נאָטע צו אַמעריקע דערקלערט, אַז זי קאָן ניט בלייבן גלייכגילטיק און לאָזן די אַליואירטע ווערן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג, מיט דעם וואָס זיי פירן פון אַמעריקע יעדן טאָג טויזנטער טאָנען מיט קריגס־מאַטעריאַלן, אָנגעלאָדן אויף שיפן וואָס זיינען גלייכצייטיק באַוואָפנט מיט אַרטי־לעריע קאַנאָנען. אַזעלכע שיפן קאָנען די סובמאַרינען ניט אָפּשטעלן און ווארנען, ווייל זיי וועלן געזונקען ווערן פון די קאַנאָנען, דערפאַר וועלן די סובמאַרינען פון איצטער אָן פאַרזינקען אַלע שיפן אָן אַ ווארנונג. די דייטשן האָבן געהאַלטן וואָרט. אין אַ שיינעם נאָכמיטאָג, אין מערץ 1917 זיינען דערשינען „עקסטראַס" אַז דייטשע סובמאַרינען האָבן גע־זונקען די גרויסע ענגלישע פּאַסאַזשיר־שיף „די לוסיטאַניאַ", וואו עס זיינען אומגעקומען דער גרעסטער טייל פון די פּאַסאַזשירן, מערסטנס אַמעריקאַנער בירגער.

אַמעריקע איז געוואָרן אויפגעבראַכט. עס האָט זיך ווידער אָנגע־

הויבן אַ געשיכטע מיט נאָטעס. פּרעזידענט ווילסאָן האָט זיך געהאַלטן ביים אָפּמאַך. דייטשלאַנד האָט אָבער ניט געוואָלט נאָכגעבן און האָט געלאָזט וויסן, אַז אירע סובמאַרינען וועלן יאָ זינקען פּאַסאַזשיר־ און אַנדערע שיפן אָן אַ ווארנונג. דאָס האָט געפירט דערצו, אַז פּרעזידענט ווילסאָן האָט איינגערופן אַ ספּעציעלע זיצונג פון קאָנגרעס און האָט געפאָדערט אַז אַזוי ווי דייטשלאַנד וויל אָפּשניידן דעם פּאַסאַזשיר־פאַר־קער מיט איראָפּע און זינקען שיפן אָן אַ ווארנונג, קעגן אונדזער אָפּמאַך און קעגן אינטערנאַציאָנאַלן געזעץ, פאַרלאַנגט דער פּרעזידענט, אַז קאָנ־גרעס זאָל דערקלערן קריג קעגן דייטשלאַנד. דער רעזולטאַט איז געווען אַז אין אַפּריל 1917 האָט קאָנגרעס געשטימט אַז קריג עקזיסטירט צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און דייטשלאַנד.

די קריגס־דערקלערונג האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסן טומל אין לאַנד. עס זיינען באַלד אָנגעקומען באַריכטן, אַז דייטשע סובמאַרינען האָבן גע־זונקען פיל אַמעריקאַנער שיפן. קאָנגרעס האָט אָנגענומען ספּעציעלע קריגס־געזעצן, אויך קאָנסקריפּציע פאַר מיליטער דינסט.

## דער סוף פון דער ערשטער וועלט מלחמה

אין אָקטאָבער 1918 איז די וועלט־מלחמה געווען אין פינפטן יאָר. די לעצטע נאַכריכטן פון שלאַכטפעלד זיינען געווען גינסטיק פאַר די אַליואיר־טע, ווען אין ענדע אָקטאָבער איז אָנגעקומען דער באַריכט אַז בולגאַריע האָט זיך אונטערגעגעבן. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט זיך אויך טערקיי אונטערגעגעבן, האָט עס יעדן איינעם דערמונטערט. מיר האָבן געפילט אַז עס איז שוין נאָנט צום ענדע פון דער מלחמה. ענגלאַנד האָט שוין דאַמאָלט געהאַט באַזעצט פּאַלעסטינע, סיריע און אַנדערע מיטל מזרח־טעריטאָריע. דאַמאָלט איז אויך אַרויס די באַלפור דעקלאַראַציע, אַז די בריטישע רעגירונג וועט שטיצן די עטאַבלירונג פון אַ יידישן שטאַט אין פּאַלעסטינע. די נייס איז פון אַלע יידן איבער דער וועלט אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס שמחה. אין ניו יאָרק האָט מען די באַלפור דעקלאַראַציע געפייערט מיט מוזיק און פּאַראַדן. פון פיל יידישע הייזער האָט געפלאַטערט די ווייס־בלויע פאָן פון ציון. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גרויסע באַוועגונג צו שאַפן נייע מיטגלידער פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. די מיטגלידערשאַפט האָט זיך צוליב דעם,

אין אַ קורצער צייט פאַרדאַפּלט. דער ציוניזם האָט אָנגענומען די פאָרמע פון אַ מאַסן יידישע באַוועגונג, צו פאַרשפּרייטן דעם ציון אידעאַל גראַד איצטער, ווען מיר שטייען שוין אויף דער שוועל פון האָבן אַן אייגענע לאַנד און אַן אייגענע רעגירונג. עס זיינען אין דער באַוועגונג אַריינ־געצויגן געוואָרן יידן, וואָס האָבן אין ציוניזם קיינמאָל ניט געגלויבט, אַ גרויסער טייל פון זיי זיינען געווען פון אָרטאָדאָקסישן קלאַס, ביי וועמען דער ציוניזם איז אַלע מאָל געווען טריף. אָט די אַלע האָבן זייערע מיינונגען געענדערט צוליב דעם ווייל ענגלאַנד, די גרויסע מעכ־טיקע ענגלאַנד וואָס הערשט איצטער אין פּאַלעסטינע, האָט געגעבן איר הסכמה צו גרינדן אַן אומאָפּהענגיקע יידישע מדינה. עס איז שוין מער קיין חלום ניט געווען.

אויך די מזרחי אָרגאַניזאַציע איז געוואָרן גרעסער און שטאַרקער. די געלט־זאַמלונגען פאַרן קרן קיומת האָבן זיך פאַרדאַפּלט. פאַר דעם געלט האָט מען געקויפט באָדן אין פּאַלעסטינע. פון פילע אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך טאַקי באַלד נאָכן קריג אָנגעהויבן אַ גרויסע עמי־גראַציע קיין פּאַלעסטינע. דאָס קליינע יידישע שטעטל תל אביב האָט אָנגעהויבן וואַקסן גרעסער און גרעסער.

נאָכדעם ווי טערקיי האָט זיך אונטערגעגעבן, האָט יעדער געוואוסט, אַז די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן מיט אַ זיג פאַר די אַליואירטע. עס איז טאַקי אַזוי געשען. דייטשלאַנד האָט געבעטן פאַר אַ וואַפן־שטילשטאַנד, דעם 11טן נאָוועמבער 1918 איז דער וואַפן־שטילשטאַנד געשלאָסן געוואָרן.

דעם אָוונט פריער האָט מען אַנאָנסירט אין די צייטונגען, אַז אַזוי שנעל ווי עס וועט אָנקומען דער באַריכט פון וואַפן־שטילשטאַנד, וועט עס אַנאָנסירט ווערן דורך די גרויסע סירענעס וואָס מ'האָט געהאַט איינגעשטעלט אין ניו יאָרקער סיטי האָל. אַזוי ווי אַלע ניו יאָרקער האָבן עס דערוואַרט, זיינען טאַקי דער גרעסטער טייל פון דער באַפעלקערונג געווען אין די גאַסן גאַנץ פרי און געוואַרט אויף דעם סיגנאַל. פונקט 7 אַזייגער פרי האָט מען דערהערט דעם הויכן פייף פון די סירענעס, עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן אַ פייפעריי פון אַלע שיפן אין האַפן און אַלע פייערלעשער אַפּאַראַטן. דאָס ברומען און פייפן האָט די שטאָט פאַר־הילכט. מענטשן זיינען אַרויס אין גאַס, אויך מיט פאַרשידענע פייפערס און טומל־מאַכערייקעס. די געשעפטן זיינען דעם טאָג געווען געשלאָסן. עס איז געווען אַ גרויסער יום טוב. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט פּאַראַדן אין אַלע געגנטן פון שטאָט. ווער עס האָט געקאָנט שפּילן אויף אַן

אינסטרומענט איז געווען אין גאַס גרייט אָנצושליסן זיך אין אַ פּאַראַד. אין די גאַסן האָבן זיך אויך באַלד באַוויזן פּעדלערס וואָס האָבן פאַר־קויפט פאַרשידענע קלאַפּערגעצייג און פייף־אינסטרומענטן. דער גאַסן טומל איז געווען דער גרעסטער, וואָס ניו יאָרק האָט ווען געהאַט. פיל גאַסן האָט מען אָפּגעשלאָסן פון פאַרקער כדי די ריזיקע מאַסע מענטשן זאָל זיך קאָנען פריי באַוועגן, ווייל אויף די טראָטואַרן איז פאַר זיי קיין פּלאַץ ניט געווען.

דער גרעסטער טומל איז פאָרגעקומען ביים סיטי האָל און אין טיימס סקווער. שרהלע און איך האָבן דאַמאָלט באַזוכט ביידע פּלעצער. אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך ניט געזען אַזוי פיל מוזיק קאַפּעלעס, ווי אין דעם טאָג. פון אַלע זייטן האָט מען מאַרשירט מיט מוזיק. מ׳האָט געטראָגן וואקסענע פיגורן, וואָס האָבן אויסגעקוקט ווי קייזער ווילהעלם, געהאַנגען פון אַ תליה. אַנדערע האָבן געטראָגן אַ טויטן קאַסטן, מיט דער אויפשריפט פון קייזער. אַזאַ גרויסע שמחה האָט ניו יאָרק נאָך ניט געהאַט. די זעלבע פאָרמע פון פייערונג איז פאָרגעקומען אין אַלע טיילן פון שטאָט.

שלום... יאָ שלום... ענדלעך שלום אויף דער וועלט. דער שונא איז געפאַלן. ענגלאַנד און פראַנקרייך, מיט דער הילף פון אַמעריקע, האָבן דעם קריג געוואונען. דער נאָמען פון פּרעזידענט ווילסאָן האָט געשמט איבער דער גאַנצער וועלט. אַלע וואָס האָבן געהאַט קרובים אין אייראָפּע, האָבן געהאָפט באַלד פון זיי צו הערן. אויך מיר האָבן געהאָפט צו הערן פון אונדזער פאָטער און פאַמיליע. מיר האָבן טאַקי מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער פון זיי געהערט. אונדזער פאָטער האָט שפּעטער איבערגע־צויגן זיך קיין ווין, וואו ער האָט איבערגענומען זיין הויז, און טאַקי דאָרט געוואוינט. אונדזערע צוויי ברידער, יעקב און מאיר, זיינען שפּע־טער געקומען אַהער.

וואָס גרעסער עס איז געוואקסן ווילסאָנס פּאָפּולאַריטעט אין אויס־לאַנד, אַלץ נידעריקער איז עס געפאַלן דאָ אין לאַנד. אין אַמעריקע האָט זיך באַלד נאָך דער מלחמה געבילדעט אַ גרויסע קעגנערשאַפט צו פּרעזידענט ווילסאָן, פאַראורזאַכט פון די נאָכווייענישן פון דער מלחמה, פון די ביטערע געפילן, פון די געפאַלענע סאָלדאַטן און די 300 טויזנט פאַרוואונדעטע און זייערע קרובים, פון דער אינפלאַציע, וואָס האָט געהאַט אַ שלעכטע ווירקונג אויף דער עקאָנאָמיע פון לאַנד. מ׳האָט דעם פּרעזידענט באַשולדיקט, אַז ער האָט דאָס לאַנד אַריינגע־שלעפּט אין דער מלחמה. די קעגנערשאַפט האָט זיך אויך פאַרשפּרייט

צווישן דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין קאָנגרעס. די ליג פון נאַציאָנען, וואָס ווילסאָן האָט געהאָלפן שאַפן, האָט געליטן אַ דורכפאַל אין קאָנגרעס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין די פּרעזידענט־וואַלן אין יאָר 1920 האָט די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי געליטן די גרעסטע נידערלאַגע. די רעפּובליקאַנער האָבן געזיגט און זיינען געבליבן אין זאָטל ביז 1932.

# ריישער פערזענלעכקייטן אין אַמעריקע

## בעריש וויינשטיין

ריישע האָט אַרויסגעגעבן רבנים, גאונים וגדולים, דיכטער, זשורנאַ־ליסטן, אינטעלעקטועלע פערזענלעכקייטן און אינדוסטריאַליסטן וואָס פאַרנעמען היינט אַ הויכע שטעלונג אין יידישן גייסטיקן, ליטעראַרישן, געזעלשאַפטלעכן און אויך אין עקאָנאָמישן לעבן אין אַמעריקע. איינער פון די גדולים איז דער באַרימטער דיכטער בעריש וויינשטיין.

בעריש וויינשטיין ווערט פאַררעכנט אַלס איינער פון די גרעסטע יידישע דיכטער אין אַמעריקע. זיינע לידער און פאָעמען איז אַן אוצר פון יידישער פאָעזיע. וויינשטיין האָט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער ליטעראַטור אַ נייעם אַרט פאָעזיע. איך זאָג „אַ נייעם אַרט" ווייל ווען איר לייענט זיין „ברוכוואַרג" זעט איר באַלד דעם נייעם קינסטלערישן דרך פון זיין שרייבן. ער איז אפשר דער איינציקער פון די מאָדערנע דיכטער וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ אויף גראַמען. ביי אים איז דער תוך פון דער פאָעמע מער ווי דער גראַם. ער איז אין זיין שרייבן אייגנאַרטיק און אָביעקטיוו. דערפאַר לייענען זיך זיינע פאָעמען בעסער און זיינען מער פאַרשטענדלעך.

צווישן זיינע שריפטן איז דאָס בוך „ריישע, אַרויסגעגעבן פון דוד איגנאַטאָוו ליטעראַרישן פאָנד אין יאָר 1947. אין דעם דאָזיקן בוך באַשרייבט דער דיכטער די שטאָט און דאָס יידישע לעבן. „ריישע" איז געשריבן אַלס פאָעמע וואָס האָט צו זיך קיין גלייכן ניט.

אין ערשטן קאַפּיטל, „היימישע ערד", פירט אייך דער דיכטער אַריין אין דער שטאָט ריישע אין אַ קאַלטן ווינטער טאָג, ווען די גאַסן זיינען באַדעקט מיט שניי. יינגלעך לויפן אין חדר מיט לאַמטערנעס און עס הערט זיך דאָס קלינגען פון די גלעקלעך אויף די שליטנס. יונגען גליטשן זיך אין די אייזיקע רינשטאָקן. ביי די בודקעס זיצן ווייבער מיט פייער־טעפּ אַרום די געפרוירענע אויבסטקוישן. אָט גייט ר' הערש

יעקב מיט זיין תפלין זאַק און שטעקן. דער אייז־קאַלטער ווינט בלאָזט אים צוריק אומרחמנותדיק, ער שטעלט זיך אָבער ניט אָפּ. ער גייט אין קלויז אַריין צו עבודת הבורא.

אין צווייטן קאַפּיטל „וואָכעדיקע טעג", פירט אייך דער דיכטער אַרום צווישן די ריישער סוחרים און געוועלבן, אין מאַרק, אויף דער מיקאשקע וואו ווייבער אין שייטלעך, יידן מיט בערד פאַרקויפן סחורות אויף דער אייל און קוואַרט. אויף דער וואַליע און טאַרגאָוויצע, וואו עס גייט אָן דער מסחר מיט פערד, קי און קעלבער. איר באַגעגנט אויך די יידישע טרעגער, פּראַכטער און שפּיליטערן וואָס טראָגן און פירן די סחורות פון דער באַן צו די מאַגאַזינען און סקלאַדעס. פון דאָרט קומט איר צום טעפּער געסל וואו איר באַגעגנט דעם העלד „שבתי".

אין קאַפּיטל „שטאָט און פעלד" מאָלט דער דיכטער אַ בילד פון דער שיינער פּאַנאָראַמע פון די גרינע פעלדער און לאָנקעס וואָס צירקלען אַרום דעם טייך וויסליק וואו יונג און אַלט גייען זיך באָדן אין די הייסע זומער־טעג. אין די גאַסן שפּילן זיך יינגלעך אין זעלנער. די ריסקיווישער יונגען פאַרפירן געשלעגן אויף דער מיקאָשקע מיט די וואָליער יונגען. אָט קומען די גרויסע רעגענס און איבערשווענמונגען ווען דער ווסליק גייט אַריבער די ברעגעס און פאַרפלייצט די געגנט אַרום. אויך די גרויסע שרפות אויף די בודיס און אין אַנדערע שטאָט־טיילן.

די אַנדערע דריי קאַפּיטלען ווידמעט דער דיכטער זיין באָבע חנהלע וואָס האָט אים דערצויגן, אויך זיין פרוי מלכה, דעם פעטער זבולון און אַנדערע פון זיין נאָנטער משפחה אין ריישע און מיר קומען צום קאַפּיטל „ערד און שווערד", וואו דער דיכטער הייבט אָן מיט דער טראַגעדיע פון דעם עסטרייכישן קראָנפּרינץ וואָס איז דערשאָסן גע־וואָרן פון אַ סטודענט אין סאַראַיעווע, וואָס האָט געבראַכט צום ערשטן וועלט־קריג. עס ווערן גערופן צום מיליטער־דינסט יונגע מענער, צווישן זיי ישיבה־בחורים און חסידים. אַלע גייען אָפּגעבן זייער לעבן פאַר דעם גוטן קייזער פראַנץ יאָזעף. אָט איז שוין די אינפלאַציע, עס וואַקסט דער יקרות און עס פעלט אויס שפּייז. די מלחמה גייט אָן אין פולן טעמפּאָ. די רוסישע אַרמיי געווינט די ערשטע שלאַכטן. זיי פאַרנעמען אַ גרויסן טייל פון גאַליציע און דרינגען אַריין אין ריישע.

איצט קומען מיר צום קאַפּיטל „נע ונד", וואו מענטשן אַנטלויפן פון ריישע איידער די רוסן קומען באַזעצן די שטאָט. עס ווערט צע־שטערט די אייזערנע וואָליער בריק און אַלע אַריינגאַנגען אין שטאָט.

דער דיכטער באַשרייבט די צרות פון די אַנטלאָפענע ייִדן, מענער, פרויען און קינדער, ביז זיי זייַנען אָנגעקומען קיין בעהמען און אין אַנדערע ערטער. מ׳האָט געליטן און געשוויגן. פּלוצים קומט די דייטשע ווערמאַכט און שטויסט צוריק די רוסישע אַרמיי פון גאַליציע. רייִשע ווערט באַפרייט פון די רוסן און די פּלטים קומען צוריק.

אין קאַפּיטל „פּוילן" באַשרייבט דער דיכטער דאָס אויפקומען פון פּוילישן שטאַט ביים סוף פון דער מלחמה. עס ווערן דאָ געשילדערט די צרות וואָס די פּאַליאַקן האָבן אָפּגעטאָן די ייִדן. עס צעוואַקסט זיך דער אַנטיסעמיטיזם שטאַרקער און ערגער — פּאָגראָמען איבעראַל, די פּויערים מיט העק, מ׳שלאָגט, מ׳הרגעט און מ׳צעשטערט ייִדישע הייזער און געשעפטן. מ׳שטעכט ייִדן, עס רינט ייִדיש בלוט. די לאַגע ווערט טרויעריקער מיט דעם אָנקומען פון די „האַלער" פּאָגראָמשטשיקעס. מ׳פליקט ייִדישע בערד, מ׳רייסט פּאות, מ׳וואַרפט ייִדן אַרויס פון באַנפענצטער, ווי עס ווערט געשילדערט אין די קאַפּיטלען „שווערע טעג" און „חלום און וואָר".

אין דעם קאַפּיטל „ייִדן", שילדערט דער דיכטער די ימים נוראים אין רייִשע אונטער דער פּוילישער ממשלה. אין קאַפּיטל „פּאַרמעט" באַשרייבט ער דעם שרעקלעכן אָנפאַל אויף די ייִדן אום שבת. עס גייט איבער אַ שוידער לייענענדיק די איינצלהייטן פון דעם מערדערישן איבערפאַל. דאָס איז איינער פון די טראַגישסטע קאַפּיטלען פון דעם ייִדישן לעבן אונטער דער פּוילישער ממשלה. אין לעצטן קאַפּיטל, „אַמעריקע", באַשרייבט דער דיכטער זיין רייזע קיין אַמעריקע, אויך די שטאָט ווין וואו ער האָט זיך אַ צייט אויפגעהאַלטן.

ווען איר לייענט דאָס בוך „רייִשע" פילט איר אַז איר זייט אין רייִשע און איר זעט אַלצדינג וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. די שילדערונגען זייַנען גוט און רעאַליסטיש און דאָ האָט דער דיכטער אַרויסגעוויזן זיין קינסטלערישן טאַלאַנט וואָס נאָר בעריש וויינשטיין פאַרמאָגט.

דאָס בוך „רייִשע" האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג און איז באַצייכנט געוואָרן אַלס אַ גרויסע ביישטייערונג צו דער ייִדישער ליטעראַטור. דער דערפאָלג האָט דערגרייכט מדינת ישראל, וואו „רייִשע" איז איבערזעצט געוואָרן אין העברעאיש פון צבי שטאָק אין תל אביב, מיט אַ לאַנגער און זייער אינטערעסאַנטער הקדמה פון דעם באַרימטן העברעאישן קריטיקער און עסייאיסט דב סדן.

בעריש וויינשטיין איז געבוירן אין רייִשע אין יאָר 1905. זיין פאַ־

טער אליעזר יעקב, אַ גרויסער למדן וועמענס יחוס ציט זיך פון דער סאַנצער גזע, האָט צוליב מיליטער־דינסט אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע ווען בעריש איז געווען אַ קינד. ער איז דערצויגן געוואָרן ביי זיין באָבען חנהלע, וועמען דער דיכטער ווידמעט דאָס קאַפּיטל „ירושה פון דורות" אין דעם אויבן דערמאָנטן בוך.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט בעריש ווייג־שטיין געפליכטעט קיין רייכענבערג וואו ער האָט געלערנט אין די דאָרטיקע דייטשע שולן. נאָך דער מלחמה איז ער צוריק געקומען קיין ריישע, וואו ער האָט מיטגעמאַכט די צרות אין דער צייט פון פּאָגראָמען וואָס די „האלערטשיקעס" האָבן דורכגעפירט נאָכדעם ווען פוילן איז געוואָרן זעלבסטשטענדיק. ער איז באַלד אַנטלאָפן קיין ווין וואו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן צוויי יאָר פון דער דאָרטיקער פּאָליציי. אין יאָר 1925 איז אים געלונגען צו קומען קיין אַמעריקע מיט דער הילף פון זיין קוזינע מלכה, מיט וועמען ער האָט שפּעטער חתונה געהאַט.

אין יאָר 1927 האָט ער זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע ליטעראַרישע שריפטן: „ליטעראַרישע בלעטער" (וואַרשע), „אונדזער טאָג" (ווילנע), אויך אין אָפּאַטאָשו־לייוויק זאַמל־ביכער. ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם „המשך". אין יאָר 1936 איז דערשינען זיין „ברוק־וואַרג" אין בוך פאָרמאַט, וואָס האָט אים גלייך אַוועקגעשטעלט אויף אַ הויכן שטאַפּל פון דער יידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע. אין יאָר 1949 איז דערשינען זיין דריט בוך „לידער און פּאָעמען" (פון משה שטאַרק־מאַנס אַנטאָלאָגיע).

בעריש ווײַנשטיין ווערט היינט פאַררעכנט פאַר איינעם פון די גאָר אָריגינעלע דיכטער אין אַמעריקע פון וועמען עס פילן זיך שוין באַאיינפלוסטע נאָכגייער. ער איז דער אַמעריקאַנישסטער דיכטער אין דער אַמעריקאַנער יידישע פּאָעזיע.

די ריישער יידן אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט זיינען שטאָלץ מיט זייער בן עיר בעריש ווײַנשטיין.

## אליעזר שינדלער

ווי איך האָב פריער געשריבן, וואוינען אין אַמעריקע אַ היפּשע צאָל ריישער וואָס פאַרנעמען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין יעדן פעלד פון געזעלשאַפטלעכן, ליטעראַרישן, פּאָליטישן און עקאָנאָמישן לעבן. ווען איך זאָג „ריישער", מיין איך אויך די וואָס האָבן געוואוינט אין ריישער

קרייז. איינער פון זיי איז דער באַרימטער יידישער דיכטער אליעזר שינדלער וואָס וואוינט אין לייקוואוד, ניו דזשוירזי.

אליעזר שינדלער פאַרנעמט אַ חשובן פּלאַץ ניט בלויז צווישן די רייזשער יידן אין אַמעריקע, נאָר אויך צווישן יידן איבער דער גאַנצער יידישער וועלט. זיינע שריפטן ווערן געלייענט פון אַלע ליבהאָבער פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַלע טיילן פון דער וועלט וואו עס וואוי־נען יידן, פון דרום אַפריקע ביז אַמעריקע און פון אייראָפּע ביז אַזיע. די יידישע צייטונגען פון די אויבן־דערמאָנטע וועלט־טיילן, האָבן אָפּ־געגעבן גאַנצע קאלומס צו באַשרייבן זיינע לידער און פּאָעמען. די בעסטע ליטעראַרישע קריטיקער באַוואונדערן זיין אַרט שרייבן. זיין לעצטער בוך „יידיש און חסידיש״ איז געדרוקט געוואָרן אין ניו יאָרק אין יאָר תש״י (1950), די מוזיק פאַר די לידער האָט געשריבן דער באַרימטער חזן און קאָמפּאָזיטאָר יהושע ווייזער.

ווען איר לייענט די פּאָעמען, פילט איר ווי פון יעדן וואָרט פינקלען אַרויס שטראַלן און דרינגען אַריין טיף אין דעם יידישן האַרץ. איר זעט ניט בלויז די שורות און די אותיות, איר זעט אויך דאָס וואָס די פּאָעמע באַשרייבט. עס איז ניט גלאַט פּאָעזיע, עס איז דיווירקלעכקייט. עס איז דאָס וואָס יעדער ייד אין דער אַלטער היים האָט געזען, געהערט און איבערגעלעבט. נעמט למשל דאָס ליד „פאַר די בענטשליכט״:

„פאַר די בענטשליכט שטייט די מאַמע,
אַ טאָכטער פון צדיקים,
אצילותדיק און ציכטיק
ווי אַ חסידישע כלה;
ווי דער לחם הפּנים
אויף דעם שולחן אין בית־המקדש,
ליגט אויף דעם שבתדיקן טיש
די הייליקע חלה.
דער טאַטע קומט אַהיים פון שול
ווי אַ נשיא בישראל,
פול חדווה און דבקות
קלינגען זיינע זמירות.
די פליגל פון נגינה
טראָגן אונדז וואָס העכער
צו די עשר ספירות.״

ווען איך האָב דאָס ליד געלייענט, האָט עס מיך צוריקגעפירט צו מיין יוגנט אין ריישע, — פרייטיק פאַר שקיעה, די מאַמע שטייט ביים טיש, פאַר איר שטייען די גרויסע זילבערנע רערן־לייכטער מיט 16 ליכט. אויפן טיש ליגן די שבת־חלות, אויך די זילבערנע כוסות מיט יין לקידוש. אירע הענט שוועבן אַרום די ליכט און פאַרדעקן איר פנים ווען זי זאָגט שטיל די ברכות הדלקת הנר. פון דער שטאָט קלויז קומט אהיים דער טאַטע. מיט חדווה און דבקות באַגריסט ער די מלאכים זינגענדיק דעם טראַדיציאָנעלן שלום עליכם מיטן ראַזווידאָווער ניגון. איך האָב זיך טאַקי געפילט הויך ווי איך וואָלט דערגרייכט די עשר ספירות. איצטער, דאָס ליד „די מלכתא שבת״:

„די זון איז אין מערב פאַרגאַנגען,
די מלכה — דער שבת איז דאָ.
טראָגן זיך שירים, געזאַנגען
פרום אין דער הייליקער שעה.

פון פשוטע שטיבעלעך גלאַנצן
פלעמעלעך ריינע, באַחנטע;
און כיתות מלאכימלעך טאַנצן
מיט יידישע תפלות באַקריינטע.

זיי טראָגן די קרוינען און שוועבן
אַרויף צום באַשעפער דעם האַר.
און יידן זיך פרייען מיט שבת —
קיין סימן פון גלות און צער.״

זיינע לידער האָבן יידן געזונגען אין די צייטן ווען זיי האָבן זיך געפילט פריי אין עסטרייך און אין דייטשלאַנד. זיי האָבן די לידער אויך שפּעטער געזונגען אין די לאַגערן און אין די טויטן־קאַמערן. אין זיין הקדמה צו דעם בוך „יידיש און חסידיש״, שרייבט דר. בנימין מ. קאדער פאָלגענדעס: „אייניקע לערערקעס פון די בית יעקב שולן, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען אַלע שבעה מדורי גיהנום אין די טויטן קאַמערן און זיינען על פי נס ניצול געוואָרן און געפינען זיך איצט אין אַמעריקע, האָבן דאָ דערציילט, אַז אין די לאַגערן האָט מען געזונגען שינדלערס

לידער פון וועלכע מ'האָט געשעפּט טרייסט און בטחון. די דאָזיקע זכיה איז אויסגעפאַלן אויפן גורל פון אונדזער דיכטער אליעזר שינד־לער. אַ גרויסע זכיה.

אליעזר שינדלער איז געבוירן אין טיטשין לעבן ריישע, וואו עס האָט געוואוינט דער גרויסער רבי ר' שלמה לייבעלע, פון וועמען איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. שינדלערס עלטערן, ר' אברהם יצחק און נחמה שטאַמען פון דער גזע פון דעם גרויסן גאון און מקובל הרב ר' משה סופר פון פּשעוואָרסק, דער מחבר פון די ספרים „אור פני משה" און „אור הנעלם". זיינע עלטערן האָבן פאַרלאָזן טיטשין און האָבן זיך באַזעצט אין דער שטאָט מינכען אין בייערן ווען אליעזר איז קוים אַלט געווען אַכט יאָר.

זיינע יונגע יאָרן האָט ער אָפּגעגעבן צו פאַרשפּרייטן די יידישע קולטור צווישן די יידן אין דייטשלאַנד, עסטרייך און רוסלאַנד. ער האָט אויך געשריבן לידער און פּאָעמען און געאַרבעט פאַרן ציוניסטישן אידעאַל. אין יאָר 1912 איז דערשינען זיין ערשטער בוך „דערנער", וואָס איז געווען זיין ערשטעביישטייערונג צו דער יידישער ליטעראַטור.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געדינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי און זיך באַטייליקט אין פאַרשידענע שלאַכטן. ער איז צוויי מאָל פאַרוואונדעט געוואָרן און איז שפּעטער אַריינגעפאַלן צו די רוסן אַלס געפאַנגענער און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט באַלד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע, איז ער אַ קורצע צייט געבליבן אין רוסלאַנד און זיך אָפּגעגעבן מיט קולטורעלער אַרבעט. ער האָט פאַרברענגט אַ צייט אין סאַראַטאָוו, וואו ער האָט געהאָלפן גרינדן דעם יידישן קולטור און הילף־פאַראיין פאַר יידישע געפאַנגענע. ער איז געקומען צוריק אַהיים אין יאָר 1919.

חוץ זיינע 37 ביכער און שריפטן וואָס זיינען דערשינען זייט 1912, האָט ער אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן פאַר דער יידישער קולטור און אַנדערע נאָבעלע צוועקן. ער האָט אויך געאַרבעט צוזאַמען מיט דר. נתן בירנבוים און געהאָלפן פאַרשפּרייטן בירנבוימס עולים שיטה פון דר"ת (דעת רחמים תפארת). ער האָט זיך אויך אַריינגע־וואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער אַרבעט פאַר „בית יעקב" שול באַ־וועגונג. ער האָט אויך געשריבן טעקסט־ביכער פאַר די דערמאָנטע שולן. ער איז געווען אַן עוסק בצרכי צבור באמונה. זיין נאָבעלע אַרבעט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ווען די נאַציס ימח שמם זיינען אַריין אין מאַכט.

נאָך אַ זעקס־יאָריקן נע־ונד לעבן איז ער אין יאָר 1938 געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי און צוויי קינדער. זיי וואוינען אויף אַ פאַרם אין לייקוואוד, ניו דזשוירזי.

## הרב ישכר בעריש היילפּרין

אין ניו יאָרק וואוינט היינט איינער פון די אָנגעזעענסטע רבנים, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין ריישע. דאָס איז דער באַוואוסטער ריישער־בייטשער רב, הרב ר׳ ישכר בעריש היילפּרין, דער שוואָגער פון דעם באַרימטן ריישער רבין ר׳ אליעזרל, פון וועמען איך האָב שוין געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען. הרב ר׳ ישכר בעריש איז דער זון פון דעם ריישער רב ר׳ חיים יונה היילפּרין, און אַן אייניקל פון דעם לעמבערגער רב הרב ר׳ אלכסנדר שמואל היילפּערין, דער בעל מחבר פון די צוויי ספרים ראש המזבח און שו״ת מהרא״ש. ער איז אויך דער אייניקל פון באַוואוסטן ריישער גאון הרב הצדיק ר׳ נחום ראובן, דער בעל מחבר פון ספר נחלת ראובן.

איך געדענק גוט הרב ישכר בעריש ווען ער איז געווען אַ בחור אין מיינע יאָרן. איך האָב אים אָפט געזען ווען איך בין געקומען צום רבין ר׳ אלעזרלס שבת טישן. אַלס אַ יונגער בחור האָט ער אַרויס־געצייגט גרויס חריפות און גאונות אין לערנען. ער איז געווען אַ גרויסער חכם מיט אַ שאַרפן מוח. ער האָט זיך צוליב דעם דערוואָרבן פּאָפּולאַרי־טעט ביי אונדז קלויז בחורים און אויך ביי די בעלי־בתים וואָס האָבן אים געקאָנט. איך אַליין האָב אים אָפט באַוואונדערט ווען איך האָב זיך צוגעהערט צו זיין ריידן און לערנען. איך בין טאַקי צוליב דעם אָפט געקומען אין ר׳ אלעזרלס קלויז אין אַ וואָכן־טאָג כדי אים דאָרט צו זען. אַלע וואָס האָבן אים דאַמאָלט געקאָנט, האָבן איינגעשטימט, אַז ער וועט אַמאָל זיין אַ גרויסער גאון און מנהיג הדור, וואָס וועט מיט זיין גאונות באַשיינען די לומדישע און חסידישע וועלט.

אין יאָר תר״ע (1910) האָט ער חתונה געהאַט מיט דער טאָכטער פון דעם בייטשער רב הרב ר׳ אהרן האָרוויץ. אין יאָר תרע״ג (1913) האָט ער באַקומען סמיכת רבנות פון די דריי באַרימטע רבנים, הגאון הרב מאיר אריק פון בוטשאַטש, הרב דוד האָרוויץ פון סטאַנילאַוו און הרב נתן לעווין פון ריישע. ער איז טאַקי דעם זעלבן יאָר אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין דער שטאָט בייטש, אַלס דער ממלא מקומו פון

זײַן שווער הרב ר׳ אהרן האָרוויץ, וואָס איז אין דעם יאָר אויפגענומען געוואָרן אַלס ראב״ד אין דער שטאָט קאשוי אין אונגאַרן. הרב היילפּרין האָט זיך אַ גרויסן נאָמען דערוואָרבן אַלס בייטשער רב. ער איז געווען זייער באַליבט און געאַכטעט ביי אַלעמען.

ווען די נאַצי באַרבאַרן ומח שמם, האָבן פאַרנומען פּוילן ביים אָנהויב פון דער לעצטער וועלט־מלחמה און באַלד אָנגעהויבן מיט הריגות און שחיטות קעגן יידישן פאָלק אין יעדער שטאָט וואָס זיי האָבן פאַר־נומען, האָבן זיי אויך די יידן פון דער שטאָט בייטש ניט פאַרשוינט. אַ גרויסע צאָל פון די יידן אין שטעטל האָבן זיי אויסגעקוילעט. די לעבנגעבליבענע האָבן זיי אָפּגעזונדערט אין אַ געטאָ וואו זיי האָבן טאָג־טעגלעך אויסגעמאָרדעט מענער, פרויען און קינדער. אין דעם געטאָ האָט הרב היילפּרין פאַרלוירן זיין בר מצוה זון אהרן חיים. הרב היילפּרין איז עס געלונגען, על פּי נס, צו אַנטלויפן פון געטאָ מיט צוויי קליינע קינדער. אַ חודש צייט האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ וואַלד ניט ווייט פון דער שטאָט יאַסלע. עס איז מיט נסים, ווי זיי האָבן איבער־געלעבט די דרייסיק טעג אין דעם וואַלד אָן אַ דאַך און אָן עסן. פון דאָרט האָבן זיי אין דער שטיל געוואַנדערט, ביז עס איז זיי געלונגען צו קומען קיין קראָקע. זיי זיינען דאָרט ווידער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די נאַצישע מערדער וואָס האָבן זיי פאַרשפּאַרט אין אַ קאָנצענטראַ־ציע לאַגער מיט אַנדערע יידן. דאָרט האָט ער געטראָפן זיינע זין און טעלעכע בייטשער יידן.

זיין קליינעם יינגעלע נחום ראובן, האָט ער אַריינגעגעבן אין אַ בית יתומים אין קראקאווער געטאָ. צום אומגליק האָבן די נאַצי באַרבאַרן שפּעטער פאַרברענט דעם בית יתומים צוזאַמען מיט אַלע קינדער און אויך זיין קינד. דעם זעלבן יאָר האָבן די נאַציס ליקווידירט דעם קראַ־קאווער קאָנצענטראַציע־לאַגער און אויסגעמאָרדעט טויזנטער יידן. הרב היילפּרין מיט נאָך טעלעכע יידן, האָט מען שפּעטער איבערגעשיקט אין דעם פּלאשאווער לאַגער וואו מ׳האָט זיי שרעקלעך געפּייניקט. עס איז פּשוט ניט צו באַשרייבן די צרות און ליידן וואָס זיי האָבן זיך דאָרט אויסגעשטאַנען. צוויי פון זיינע פינף זין האָבן די נאַצישע רוצחים פאַרברענט.

אין יאָר 1944 האָבן די נאַציס אים מיט זיינע דריי זין איבער־געשיקט אין דעם עסטרייכישן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין מאַטהויזן. פון דאָרט האָט מען זיי געטריבן אין דעם מעלקער לאַגער און פון דאָרט

אין דעם לאַגער אין עבענזעע, וואו זיי זיינען אין פרילינג 1945 באַפרייט געוואָרן דורך דער זיגרייכער אַמעריקאַנער אַרמיי.

נאָך דער באַפרייאונג איז הרב היילפּרין מיט זיינע דריי זין געפאָרן קיין רוים אין איטאַליע, וואו ער איז אויפגענומען געוואָרן אַלס רב פון דער דאָרטיקער אשכנזישער קהילה. פון רוים זיינען זיי שפּעטער געפאָרן קיין ענגלאַנד און אין יאָר 1947 זיינען זיי אָנגעקומען אין ניו יאָרק.

באַלד נאָך זיין באַזעצן זיך אין ניו יאָרק, האָט הרב היילפּרין אי־בערגענומען דעם כסא הרבנות אין דער בראָנקסער שול אויף מאָריס עוועניו. דער נאָמען פון דער שול איז „זכרון אלעזר" צום אָנדענק פון זיין שוואָגער הרב ר׳ אלעזר ריישער. איך האָב געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו באַזוכן הרב האַלפּערן אין זיין היים אויף 1972 מאָריס עוועניו און האָב מיט אים פאַרבראַכט צוויי אנגענעמע שעה. ער האָט מיר געגעבן אַ מתנה דער ספר „משנה למלך" פון זיין באַרימטן שוואגער הרב ר׳ אלעזרל ריישער, וואָס ער האָט געלאָזט אָפּדרוקן אין ניו יאָרק.

## דר. יצחק (העברי) וואַכטעל

איינער פון די געטרייע און איבערגעבענע מיטאַרבעטער פון דער ריישער סאָסייעטי און מיט אַלץ וואָס האָט אַ שייכות צו הילף פאַר די נויטליידנדע יידן אין אייראָפּע, מדינת ישראל און אויך אין אַמעריקע, איז דר. יצחק וואַכטל. געבוירן אין ריישע און באַוואוסט אַלס דער „פאָטער" פון די ריישער יידן אין ניו יאָרק. איך זאָג „איבערגעבענער מיטאַרבעטער" ווייל ער איז פאַר די לעצטע עטלעכע און דרייסיק יאָר געווען און איז אויך היינט מיט לייב און לעבן אַ געטרייער אַקטיווער מיטגליד פון דעם ריישער פאַראיין און אַלע אָרגאַניזאַציעס וואָס האָבן צו טאָן מיט ריישער רעליף.

דר. וואַכטעל איז איינער פון די פּיאָנירן פון די ריישער לאַנדסלייט אין אַמעריקע. ער איז געקומען פון ריישע קיין ניו יאָרק אין יאָר 1898 אין עלטער פון 17 יאָר. ער האָט אין ניו יאָרק גראַדואירט פון דענטאַל קאַלעדזש און פּראַקטיצירט די פּראָפעסיע ביז דעם היינטיקן טאָג אין זיין אָפיס וואָס געפינט זיך אין טיימס סקווער בילדינג. ער איז געווען פון די ערשטע צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט אין ניו יאָרק צו זאַמלען אַ פאָנד צו העלפן בויען אַ מאָדערנעם יידישן שפּיטאָל אין ריישע.

אין יאָר 1930 האָט ער אָרגאַניזירט אַ פּרייען דענטאַל קליניק אין ירושלים, צום אָנדענק פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי קלאַראַ וואַכטעל. די קליניק וואָס האָט זיך געפונען אין דעם „שטרויס געזונטהייט צענ־טער", איז געווען איינע פון די מאָדערנסטע און שענסטע אינסטיטוציעס אין דער דאַמאָלטדיקער פּאַלעסטינע. בלויז אין יאָר 1931 האָבן איבער צוואַנציק טויזנט קינדער באַקומען פרייע צאָן באַהאַנדלונג אין דעם קליניק.

דר. וואַכטעל איז אויך געווען איינער פון די, וואָס האָבן געהאָלפן זאַמלען ביכער אין אייראָפּע און אין אַמעריקע פאַרן ירושלימער אוני־ווערזיטעט. אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן האָט ער אין ניו יאָרק אָפּגעגעבן יעדע שעה פון זיין פרייער צייט צו געבן פרייע דענטאַל־באַהאַנדלונג צו די אָרעמע מענטשן אין דער צייט פון דער דיפּרעסיע. ער האָט טאַקע דערפאַר באַקומען אַ ספּעציעלע אויסצייכנונג פון דעם ניו־יאָרקער מעיאָרס אָפּיס.

אין דער צייט פון דער לעצטער מלחמה, האָט ער אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן די רייזשער רעליף סאָסייעטי און האָט אומדערמידלעך גע־אַרבעט פאַר דעם וואָלטעטיקן צוועק. באַלד נאָכן וואַפנשטילשטאַנד האָט ער אָפּגעגעבן זיין פרייע צייט צו העלפן צוזאַמענברענגען די רייזשער פּליטים אין די אייראָפּעאישע לאַגערן מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע. די ערשטע ידיעה פון מיין איינציק לעבן געבליבענע שוועס־טער אין אַ לאַגער אין שלעזיען, האָב איך באַקומען פון דר. וואַכטעל אין יאָר 1946.

אויך היינט רוט ער ניט. אַנדערע באַוואוסטע כלל טוער אין זיין עלטער האָבן זיך שוין לאַנג צוריק געצויגן פון אַקטיווער כלל אַרבעט, אָבער ניט דר. וואַכטעל. ניט קוקנדיק אויף זיין עלטער, גייט ער ווייטער אָן מיט זיין נאָבעלער אַרבעט, ניט בלויז פאַר רייזשער, נאָר אויך פאַרן כלל ישראל און פאַר אַלע וואָס נויטיקן זיך אין פרייע הילף אין זיין פּראָפעסיע. אין פעברואַר 1953 האָט ער געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ נייעם רייזשער הילפס קאָמיטעט צו העלפן דעם ארגון בני רישא אין תל אביב. די רייזשער יידן מעגן זיין שטאָלץ מיט זייער חשובן לאַנדסמאַן דר. יצחק וואַכטעל.

# לעאָן (לייב) וויזענפעלד

ווי איך האָב געשריבן אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, האָט ריישע געהאַט עטלעכע גוטע און פּעאיקע זשורנאַליסטן וואָס האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקן פּלאַץ אין פעלד פון זשורנאַליזם אין ריישע, לעמבערג און אין קראקע און נאָך דער לעצטער מלחמה אויך אין אַנדערע וועלט־טיילן. איינער פון זיי איז דער באַרימטער יידיש־ענגלישער זשורנאַליסט לעאָן וויזענפעלד, דער אַרויסגעבער און רעדאַקטאָר פון דעם ענגלישן זשורנאַל „די דזשואיש וואָיס פּיקטאָריעל" אין קליוולאַנד, אָהייאָ. ער איז געבוירן און דערצויגן אין ריישע, אַ ברודער פון דעם באַוואוסטן ריישער משכיל, שריפטשטעלער, לעקטשורער און ציון פירער משה וויזענפעלד, פון וועמען איך האָב שוין פריער געשריבן.

ווען איך האָב זיך מיט לעאָן וויזענפעלדן באַקאַנט אין ריישע, אין יאָר 1908, האָט ער שוין דאַמאָלט אַרויסגעגעבן אַ יידישע צייטונג, „די גערעכטיקייט", אַ צוויי־וואָכנבלאַט. די צייטונג האָט ניט לאַנג געלעבט צוליב געלט מאַנגל. ער האָט געשריבן אַרטיקלען אין דער קראקאווער טעגלעכער צייטונג „דער טאָג", ער איז אויך געווען אַ מיטאַרבעטער אין דעם „אידישן זשורנאַל" אין לאָנדאָן, ענגלאַנד, אויך אין אַנדערע יידישע און פּוילישע צייטשריפטן.

נאָך דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט וויזענ־פעלד געפליכטעט קיין פּראַג, די הויפּטשטאָט פון בעהמען, וואו עס האָבן דאַמאָלט זיך געפונען אַ גרויסע צאָל יידישע פליכטלינגע פון פאַרשי־דענע שטעט אין גאַליציע וואָס איז באַזעצט געוואָרן פון די רוסן. די דאָרטיקע דייטש־בעהמישע יידן האָבן אויף די פליכטלינגע געקוקט מיט קרומע אויגן, ניט קוקנדיק וואָס זיי זיינען געווען עלנט און הילפלאָז. וויזענפעלד איז ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. זיין ערשטער שריט איז געווען צו גרינדן אַ פאַרבאַנד פון יידישע פליכטלינגע וואָס שאַפן הילף פאַר די פאַרלאָזענע און איינזאַמע יידן און אויך געווינען מער אַכטונג פון די פּראַגער יידן. זיין צווייטער שריט איז געווען צו גרינדן „די פּראַגער אידישע צייטונג", אַ צוויי־וואָכנבלאַט אין יידיש און אין דייטש. אַלס מיטאַרבעטער האָט ער צוגעצויגן דעם באַרימטן דייטש־יידישן שריפטשטעלער מאַקס בראָד, אויך ראָבערט וועלש און אַנדערע. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער פּראַגער ציוניסטיש־דייטשער וואָכנשריפט „זעלבסטווער". אַ דאַנק די דאָזיקע טעטיקייטן האָבן זיך

די באַציאונגען צווישן די פּליכטלינגע און די פּראַגער יידן אַ סך פּאַר־בעסערט.

אין יאָר 1916 איז ער גערופן געוואָרן אין דער אַרמיי. דאָס איז געווען נאָכדעם ווי די מעכטיקע דייטשע אַרמיי האָט פאַרטריבן די רוסן פון גאַליציע, און די פּליכטלינגע האָבן פאַרלאָזן די דערמאָנטע עסטריי־כישע פּראָווינצן און זיינען צוריקגעקומען אין זייערע אַלטע היימען. אויך די ריישער יידן האָבן זיך צוריקגעקערט אַהיים נאָכדעם ווען די שטאָט איז באַפרייט געוואָרן פון די רוסן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען פּוילן איז געוואָרן זעלבסט־שטענדיק און עס האָט אויפגעפלאַמט דער פּוילישער אַנטיסעמיטיזם, האָבן יידן געלעבט אין טויט־שרעק. מ׳האָט געשלאָגן יידן אויף שריט און טריט, מ׳האָט געריסן בערד, אויסגעצופּט פּאות און גערויבט יידיש האָב און גוטס. האָט זיך וויזענפעלד אַריינגעוואָרפן אין דעם קאַמף קעגן דעם פּוילישן אַנטיסעמיטיזם מיט לייב און לעבן. ער האָט געגרינדעט און אַרויסגעגעבן „די יידישע פאָלקס־צייטונג״ כדי דעם אַנטיסעמיטיזם צו באַקעמפן. ווען עס האָט אום זומער 1920 אויסגעבראָכן דער ערשטער פּאָגראָם אין ריישע, האָט וויזענפעלד געאַרבעט מעשים צו אָרגאַניזירן אַ יידישן „זעלבסטשוץ״. דאָס איז אים אָבער ניט לייכט אָנגעקומען. די ריישער יידישע יוגנט איז פאַר אַזאַ פּאַרטיידיקונג ניט געווען צו־געגרייט. האָט ער זיך דאַמאָלט געווענדט צו דר. האָכפעלד, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס איבער די גוים פון די הויכע פענצטער, וועלכער האָט וויזענפעלדן געהאָלפן דערמיט, וואָס ער האָט אָרגאַני־זירט עטלעכע ליבעראַלע קריסטן, וועלכע האָבן זיך אונטערגענומען צוריקצוהאַלטן די מאַסן פּויערים און שטאָטישע בויאַנעס, וועלכע האָבן מערדערלעך געשלאָגן יידן און צוגערויבט זייער האָב און גוטס. די ריישער פּאָליציי און אויך די פּוילישע מיליטער האָט זיך ניט וויסנדיק געמאַכט, איז עס פאַר דער קליינער ליבעראַלער קריסטלעכער גרופּע ניט מעגלעך געווען עפּעס צו אויפטאָן.

אין גרויס פאַרצווייפלונג האָט וויזענפעלד אַפּעלירט צום ריישער סטאַראָסטע, קאָנצעוויטש, מיט וועלכן ער איז גראָד געווען באַפריינדעט אַ לאַנגע צייט, אַז ער זאָל העלפן אָפּשטעלן דעם פּאָגראָם. קאָנצעוויטש האָט פון אָנפאַנג ניט געוואָלט, אָבער וויזענפעלד האָט אים דאָך איבער־גערעדט און ער האָט טעלעפאָניש פאַרלאַנגט מיליטערישע הילף פון יאַריסלאַוו און פּשעמישל. עטלעכע שעה שפּעטער איז טאַקע אָנגעקומען

מיליטער פון די דאָזיקע שטעט, זיי האָבן די פויערים פאַרטריבן און איינגעשטעלט אָרדענונג אין שטאָט.

די ריישער פּאָליציי וואָס האָט אומדירעקט געשטיצט די אָבלאַוועס און רויבערייען פון די מיעשטשאַנעס און פויערים קעגן די יידן, האָט אויף וויזענפעלדן געקוקט מיט קרומע אויגן און געזוכט זיך נוקם צו זיין אָן אים. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט די פּאָליציי אַרעסטירט ווי־זענפעלדן צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידישע פירער פון שטאָט. מ'האָט אים געהאַלטן פאַרשפּאַרט צוויי טעג און אים אויפגעפאָדערט אַז ער זאָל תיכף די שטאָט פאַרלאָזן. אויב ניט, וועט מען אים פאַרשיקן אין אַ קאָנצענטראַציע לאַגער. אויף דער אינטערווענציע פון דעם סטאַ־ראָסטע קאָנצעוויטש, וועלכער האָט וויזענפעלדן צוגערעדט אַז ער זאָל די שטאָט פאַרלאָזן, האָט מען אים באַפרייט. וויזענפעלד האָט איינגעזען אַז ער איז ניט זיכער מיט זיין לעבן, איז ער אַוועק קיין דייטשלאַנד, איבערלאָזנדיק זיין פרוי אין אַ קראַנקן צושטאַנד מיט אַ פּיצעלע קינד, און פון דאָרט איז ער געקומען קיין אַמעריקע.

אין ניו יאָרק, מיט אַ גלענצנדיקער רעפּוטאַציע פון זיין זשורנאַ־ליסטישער קאַריערע אין אייראָפּע, איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס מיטאַרבעטער אין „פאָרווערטס״, וואו ער האָט אין אָנהויב געשריבן אַרטיקלען פון דרויסן און שפּעטער אַלס שטענדיקער סטאַף־מיטאַרבע־טער׳ ער פאַרלאָזט דעם „פאָרווערטס״ עטלעכע חדשים שפּעטער און ווערט אַ מיטאַרבעטער אין דער פילאַדעלפיער „אידישע וועלט״. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער ווערט ער דער רעדאַקטאָר פון דער ברוקלינער „נייע צייטונג״ — אַ וואָכנבלאַט.

אין יאָר 1923 איז ער געוואָרן מיט־רעדאַקטאָר מיט דר. וואַרטסמאַן פון דער נייער צייטונג „דער אידישער וועכטער״, אין קליוולאַנד, וועלכע האָט ניט לאַנג געלעבט. וויזענפעלד קומט צוריק קיין ניו יאָרק און ווערט דער קאָרעספּאָנדענט פאַר דער פּויליש־יידישער צייטונג „נאָווי דזשעניק״ און פאַר דער ווינער דייטש־יידישער צייטונג „מאָרגן־צייטונג״ און אַנדערע יידישע צייטונגען.

אין יאָר 1924 ווערט וויזענפעלד איינגעלאַדן קיין קליוולאַנד צו ווערן דער מיט־רעדאַקטאָר (שפּעטער הויפּט־רעדאַקטאָר) פון דער דאָר־טיקער טעגלעכער „אידישע וועלט״. ער מאַכט באַלד אַ רושם מיט זיינע אַגרעסיווע אַרטיקלען אין קאַמף קעגן אַלץ וואָס איז געווען שלעכט און פאַרדאָרבן אין דער יידישער קהילה. ער פירט אויך אָן אַ קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם אין די דאָרטיקע סקולס. ער וואַרפט זיך אַריין אין גע־

זעלשאַפטלעכער אַרבעט און העלפט אָרגאַניזירן עטלעכע גוטע און וויכ־טיקע יידישע אָרגאַניזאַציעס, דאַרונטער „די קליוולאַנד ציון סאָסייעטי״ אונטער דער פירערשאַפט פון ראַביי אבא הלל סילווער. צוזאַמען מיט ראַביי סילווער אָרגאַניזירט ער די ערשטע אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע אָנצופירן אַן עקאָנאָמישן באָיקאָט קעגן היטלערס דייטשלאַנד. ער העלפט אויך שפּעטער אָרגאַניזירן דעם קליוולענדער יידישן קאָמיוניטי קאָנסיל.

אין דער זעלבער צייט ווערט וויזענפעלד אַ מיטאַרבעטער אין ניו יאָרקער „טאָג״ און אַנדערע יידישע צייטונגען אין אַמעריקע און קאַנאַדע. ער שרייבט אַ ראָמאַן „דעם רבס טאָכטער״, וואָס האָט אין דער צייט געמאַכט אַ גרויסן רושם. ער האָט אויך אָנגעשריבן צוויי טעאַטער פּיעסן. זיין פּיעסע „צוריק צו גאָט״ איז אין זיין צייט אויפגעפירט געוואָרן פון יעקב פּ. אַדלער אין ניו יאָרקער גרענד טעאַטער. אַ צווייטע פּיעסע, „ליבע און יחוס״, איז געשפּילט געוואָרן אין די יידישע טעאַטערס אין גאַליציע.

די קליוולענדער יידישע קהילה האָט געהעריק אָפּגעשאַצט וויזענ־פעלדס אויפטואונגען. אין יאָר 1931 ווערט פאַר אים אַראַנזשירט אַ גרויסער יום־טוב לכבוד זיין 25סטן יובל אַלס זשורנאַליסט. אַריבער פינף הונדערט מענטשן האָבן זיך אין דעם באַנקעט באַטייליקט. דער הויפּט־רעדנער איז געווען ראַביי אבא הלל סילווער און אַנדערע באַ־רימטע פּערזענלעכקייטן.

אין יאָר 1937 האָט די קליוולאַנדער קהילה ווידער געעהרט לעאָן וויזענפעלדן און זיין פרוי אסתר צו זייער פינף און צוואַנציק יאָריקער חתונה. קרוב צו אַכט הונדערט מענטשן און אַרום זיבעציק אָרגאַניזאַ־ציעס האָבן זיך אין דעם יום טוב באַטייליקט. ער איז באַגריסט גע־וואָרן פון דעם גאָווערנאָר און פון די סענאַטאָרן פון אָהייאָ. דער שטאָט מעיאָר און ראַביי אבא הלל סילווער זיינען געווען די הויפּט רעדנער. די לאָקאַלע טעגלעכע ענגלישע צייטונגען האָבן געווידמעט גאַנצע עדי־טאָריעלס און געלויבט זיינע גרויסע אויפטואונגען אין קליוולאַנד. אויך די נאַציאָנאַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי דער אַמעריקאַנער יידישער קאָנגרעס, די אַנטי נאַצי ליג און די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָבן געשיקט ספּעציעלע שלוחים צו באַגריסן וויזענפעלדן וועלכער איז גע־ווען אַ מיטגליד פון זייערע נאַציאָנאַלע עקזעקוטיווס.

וויזענפעלדס פרוי, די געוועזענע אסתר אַמסטערדאַם, אויך אַ ריי־שער געבוירענע, איז פאַרבליבן אין ריישע זעקס יאָר, ביז קאָנענדיק קומען אַהער צוליב די שוועריקייטן פון די אימיגראַציע געזעצן. אין דער צייט האָט זי געאַרבעט פאַר דער ריישער קינדערהיים וואָס זי



האָט אָרגאַניזירט אין יאָר 1919 צוזאַמען מיט דעם אומגליקלעכן, אומ־געקומענעם בערנאַרד פיש, איינער פון די פיינע נאָבעלע מענטשן און כלל־טוער וואָס ריישע האָט אַרויסגעגעבן. די „קינדערהיים" האָט אויס־געהאַלטן הונדערטער קינדער יתומים און פון גלאַט אָרעמע יידישע היימען. זיי געשפייזט און געקליידעט און זיי געגעבן אַ גוטע דערצי־אונג. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר איז דער אַנשטאַלט אנערקענט געוואָרן אַלס איינער פון די וויכטיקסטע יידישע אינסטיטוציעס אין דעם נייעם פוילן. אסתר וויזענפעלד האָט אויך געגרינדעט דעם פאַרבאַנד פון יידישע פרויען אין ריישע, וואָס האָט געבראַכט הילף און געשטיצט פיל אָרעמע לייט וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה.

איצט איז לעאָן וויזענפעלד דער רעדאַקטאָר און אַרויסגעבער פון אַ פיינעם ענגלישן זשורנאַל, ווי איך האָב שוין פריער געשריבן. מיט דער הילף פון זיין פרוי אסתר איז געגרינדעט געוואָרן די איינציקע יידיש־געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציע פון גאַליציאַנער יידן אין דער גאַנצער מיטלוועסט „די פאַראייניקטע גאַליצאַנער יידן אין קליוולאַנד", מיטן צוועק צו העלפן אָרעמע יידישע קינדער אין גאַליציע. די אָרגאַ־ניזאַציע האָט זיך אויסגעצייכנט מיטן שאַפן פון פילע טויזנטער דאלערס וואָס איז געשיקט געוואָרן צו די יידישע האַנטווערק שולן אין גאַליציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דער טראַגיש אָבער העלדיש אומגע־קומענער פרוי דר. ציליע קלאַפטען, אין די דאָזיקע שולן זיינען אויך געווען אַ סך קינדער פון ריישע. די קליוולאַנדער אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאָלפן דעם גאַליציאַנער פארבאנד אין אַמעריקע צו שאַפן אַ יידישן בית יתומים אין קראקע און שפּעטער אַרויסצוראַטעווען אַזוי פיל קינדער ווי עס איז געווען מעגלעך פון פוילן און זיי אַריבערצופירן קיין ישראל. די טעטיקייטן פון דיזן פאַרבאַנד גייען ווייטער אָן. לעאָן וויזענפעלד אַלס דער ערן פּרעזידענט און זיין פרוי אסתר, זיינען אין דער אַרבעט זייער אַקטיוו.

איך שרייב די שורות מיט אַ וואַרעם געפיל צו מיין יוגנט־פריינט לעאָן וויזענפעלד מיט וועמען עס שטאָלצירן ניט נאָר די ריישער יידן, נאָר אַלע יידן אין אַמעריקע.

## משה עלבוים

ווען מ׳רעדט פון יידישע כלל־טוער אין ריישע, מוז מען צוערשט דערמאָנען דעם נאָמען פון משה עלבוים, דער זון פון יוסף עלבוים,

פון וועמען איך האָב געשריבן אין ערשטן קאַפּיטל. ווייל צווישן דער באַגרענעצטער צאָל כלל־טוער וואָס די שטאָט ריישע האָט פאַרמאָגט, פאַרנעמט משה עלבוים דעם אויבן אָן. ער איז געווען איינער פון די עוסקים בצרכי ציבור באמונה, איבערהויפּט אין קריטישע טעג ווען די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די הערשאַפט איבער גאַליציע. איך זאָג: „באמונה״, ווייל זיין הילפסאַרבעט איז ניט געווען צוליב פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר פּשוט כדי יענעם צו העלפן און פאַר אָט דעם נאָבעלן צוועק האָט ער אָפּגעגעבן די בעסטע טעג פון זיין לעבן אין ריישע, אין בעלגיע און אויך אין אַמעריקע.

משה איז געווען מיין יוגנט פריינט אין ריישע ביז דעם טאָג ווען איך בין אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע אין אָקטאָבער 1913. ער איז אויך געווען איינער פון די וואָס האָבן מיך באַגלייט צו דער באַן. ער האָט שוין דאַמאָלט אין זיינע יונגע יאָרן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלץ וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט הילף פאַר נויטליידנדיקע. צוליב זיין באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט מיט הויכע שטאָטישע פּוילישע פּערזענלעכקייטן, פון אַ געוויינלעכן מאַגיסטראַט באַאמטן ביז צום העכסטן שטאָט ריכטער, פון דעם פּאָליציי שעף ביז דעם גאָווערנאָר, איז ער געווען אין דער לאַגע צו העלפן יעדן וואָס האָט זיך געווענדעט אין זיין הילף.

באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, נאָכדעם ווי עס האָט זיך געגרינדעט די אומאָפּהענגיקע פּוילישע מלוכה, ווען אין לאַנד האָט געהערשט די אומזיכערקייט, ווען דער ייד איז געוואָרן פּוילנס כפּרה הינדל, האָט זיך משה עלבוים אַריינגעוואָרפן אין דער יידישער הילפס־אַרבעט מיט לייב און לעבן. אין שטאָט האָט דאַמאָלט אויסגעפּעלט שפּייז. דער יקרות איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג, עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז יידן זאָלן אויסגייען פון הונגער, האָט משה געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ קאָאָפּעראַטיווע אָרגאַניזאַציע צו פאַרקויפן שפּייז צו דער יידישער באַ־פעלקערונג פאַר קאָסט פּרייז, ער האָט אויך איינגעריכטעט פרייע מאָלצייטן פאַר דער אָרעמער יידישער באַפעלקערונג. דאָס איז דאַמאָלט געווען די וויכטיקסטע הילפסאַרבעט.

ווען די פּוילישע כוליגאַנעס האָבן דעם דריטן מאַי 1919 אַטאַקירט די ריישער יידישע באַפעלקערונג, געראַובט און צעשטערט יידיש האָב און גוטס, האָט ער תיכף דעם 5טן מאַי אָרגאַניזירט אַ רעליף קאָ־מיטעט צו העלפן די יעניקע, וואָס האָבן געליטן פון די פּאָגראָמען. ער האָט געזאַמלט געלט צווישן די רייכע יידן און עס פאַרטיילט צווישן

די נויטליידנדיקע. ער האָט פיל געהאָלפן צו פאַרמיידן בלוטפאַרגיסונגען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג מצד די פוילישע פּאָגראָמשטשיקעס.

משה עלבוים איז אין די יאָרן געווען דער „טאַטע" פון דער רייַ־שער יידישער באַפעלקערונג. ער האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט צו העלפן די נויטליידנדיקע וואָס האָבן זיך צו אים געווענדעט, און ווער האָט זיך דאַמאָלט ניט געניטיקט אין הילף? דאָס זיינען דאָך געווען די שוואַרצע טעג פון דער יידישער געשיכטע אונטער דעם פוילישן רעזשים.

דאָס איז געשעהן אין יאָר 1920, ערב יום כפור, צווישן מנחה און כל נדרי. משה איז געזעסן אין אַ וואַנע אין זיין באַדצימער צוגרייטנדיק זיך צו גיין צו כל נדרי, ווען ער האָט פּלוצים דערהערט אַ טומל אין זיין פראָנט שטוב. עס איז צו אים געקומען אַ מוטער און אַ טאָכטער און האָבן געוויינט מיט ביטערע טרערן, אַז מ'האָט אַרעסטירט איר מאַן צוליב אַ בלבול וואָס זיינער אַ שותף האָט אויף אים אויסגעטראַכט אַז ער האָט ביי אים צוגעגנבעט 300 אַמעריקאַנער דאלער.

דערהערנדיק די קולות און דאָס וויינען ,איז ער שנעל אַרויס פון דער וואַנע, אַרומגעהילט זיך מיט אַ באדמאַנטל און אַריינגעקומען אין שטוב. ער האָט די פרוי באַרואיקט און צוגעזאָגט איר צו העלפן. ער האָט שנעל אַרויפגעכאַפּט אויף זיך וואָס עס איז און איז געלאָפן אין אַ מבולדיקן רעגן צום פּאָליציי אַמט. ער האָט תיכף אַפּעלירט צום פּאָליציי שעף סטאַניסלאַוו ריינמאַן, וואָס איז אגב געווען זיין פּער־זענלעכער פריינט, ער האָט געזאָגט צו אים אין פויליש: „סטאַשעק (ער האָט אים גערופן ביים ערשטן נאָמען) איך וויל אַז דו זאָלסט תיכף באַפרייען דעם מאַן פון אָט דער פרוי אויף מיין אחריות". דער פּאָליציי שעף האָט אים טאַקי באַלד באַפרייט.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז אין ריישע געווען קהל־פּרעזידענט ר' נח שפּירא, שפּעטער אויך אשר זילבער, אָבער דער אמתער אויפטוער אין קהלשער אַרבעט איז געווען משה עלבוים. ער איז געווען דער פירער „הינטער דער סצענע". די שטאָטישע קהל־פירער האָבן זיך פיל מיט אים גערעכנט.

אין די זעלבע יאָרן, האָבן די ריישער יידישע אַדוואָקאַטן, כמעט אַלע אַסימילירטע יידן, געגרינדעט אַ קאַסינאָ קלוב און האָבן ניט געוואָלט אַריינגעמען יידן אַלס מיטגלידער. ווען משה האָט זיך פון דעם דערוואוסט ,האָט ער אין אַ קורצע צייט געגרינדעט אַן אייגענעם קאַסינאָ קלוב, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַוואוסט איבער גאַנץ פוילן, שפּעטער

זיינען אַלע אַדוואָקאַטן אַריינגעטראָטן אין דעם נייעם קאַסינאָ קלוב.

נאָך דער פּטירה פון הרב נתן לעווין, איז משה עלבוים דעלעגירט געוואָרן צו פאָרן קיין סאמבאר צו ברענגען הרב אהרן לעווין קיין ריישע ער זאָל פאַרנעמען דעם כסא הרבנות נאָך זיין פאָטער.

אין יאָר 1934 האָט ער פאַרלאָזט ריישע און זיך באַזעצט אין בריסעל, בעלגיע. אויך דאָרטן איז ער אָנגעגאַנגען מיט זיין נאָבעלער אַרבעט. זיין פּאָפּולאַריטעט איז אויך דאָרט געוואקסן אַזוי, אַז ער איז פון בעלגישן יוסטיץ מיניסטער אויסגעקליבן געוואָרן צום פּרעזידענט פון דער שטאָטישער קהלה וואָס האָט זיך גראַד דאַמאָלט געגרינדעט אין „אַ רייניקונג" און רעפאָרמען אין דער פירערשאַפט. מיט עטלעכע חדשים שפּעטער איז ער אָפיציעל דערוויילט געוואָרן צום קהל פּרעזידענט דורך די שטאָטישע קהל־וואַלן. באַלד נאָכן אויסברוך פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, איז ער געקומען קיין אַמעריקע צוזאַמען מיט זיין שוועסטער איטע יאלעס וואָס איז איצט פאַרהייראַט מיט דעם מיליאָנער אַלפרעד קאלבערג.

אויך דאָ אין אַמעריקע, אין זיין עלטער, זיצט ניט משה מיט פאַר־לייגטע הענט. ער באַטייליקט זיך אין יעדער וויכטיקער יידישער הילפס־אַרבעט. ער איז אויך אַ מיטאַרבעטער פון ריישער רעליף קאָמיטעט.

צוליב זיינע מעשים טובים שטייט משה עלבוים אויף דער מדרגה פון „אַ גוטן יידן". ער האָט אָפּגעגעבן די בעסטע טעג פון זיין לעבן לטובת הכלל. די ריישער יידן אין אַמעריקע און אויך מעבר לים זיינען שטאָלץ מיט זייער בן עיר משה עלבוים.

## הרב דר. יצחק לעווין

צווישן די ריישער קולטורעלע פּערזענלעכקייטן אין ניו יאָרק, וואָס איז באַוואוסט אין אַמעריקע און אין אייראָפּע צוליב זיין אַקטיווער באַ־טייליקונג אין אַלעם וואָס האָט אַ שייכות מיטן רעליגיעזן יידנטום, איז הרב דר. יצחק לעווין, דער זון פון הרב אהרן לעווין, אַן אייניקל פון דעם באַרימטן ריישער רב הרב נתן לעווין און אַן אור־אייניקל פון לעמבערגער רב הרב יצחק שמעלקיס.

זיין פאָטער, הרב אהרן לעווין, איז געווען אב"ד פון דער שטאָט סאמבאר, אין גאַליציע, אָבער באַלד נאָך דער פּטורה פון זיין פאָטער

הרב נתן לעווין אין ריישע אין יאָר 1927, איז ער אויפגענומען געוואָרן פאַר אב״ד אין ריישע אַלס דער ממלא מקומו פון זיין פאָטער.

הרב אהרן לעווין איז געווען דער ערשטער יידישער דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים (פּאַרלאַמענט). ער איז דערווײלט געוואָרן אין די וואַלן פון 1930 צו אַן אַמט וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן מיט שטאָלץ און עהרע. ווען די נאַציס ימח שמם האָבן פאַרנומען גאַליציע אין דער לעצטער וועלט מלחמה, איז הרב לעווין אַנטלאָפן קיין ווילנע וואָס איז דאַמאָלט געווען אַ טייל פון דער סאָוועטישער רעפּובליק. צום באַדויערן האָבן אים די קאָמוניסטישע רשעים צוריק געשיקט קיין לעמבערג און אים איבערגעגעבן אין די הענט פון די נאַצי באַרבאַרן, וואו ער האָט פאַרלוירן זיין לעבן על קידוש השם צוזאַמען מיט זיין ברודער הרב יחזקאל, דער לעמבערגער רב.

זיין זון, דר. יצחק לעווין, האָט גראַדואירט אוניווערזיטעט מיט דעם טיטל דאָקטאָר פון אַדוואָקאַטור און אויך דאָקטאָר פון פילאָזאָפי. ער האָט אויך שפּעטער באַקומען סמיכת רבנות פון די גרעסטע רבנים אין פּוילן.

נאָך זיין חתונה האָט זיך דר. לעווין באַזעצט אין דער שטאָט לאָדזש אין פּוילן, וואו מ׳האָט אים געוואָלט אויפנעמען אַלס שטאָט רב. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט פון כסא הרבנות. איבער דער צייט וואָס ער האָט געוואוינט אין לאָדזש, איז זיין פּאָפּולאַריטעט געוואקסן פון טאָג צו טאָג. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע יידישע רעליגיעזע, פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אונטערנעמונגען. די שטאָט לאָדזש האָט דאַמאָלט געהאַט אַ יידישע באַפעלקערונג פון אַרום 230 טויזנט. ער איז צוויי מאָל דערווײלט געוואָרן צום שטאָטישן קאָנסיל.

באַלד נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אים געלונגען צו קומען קיין אַמעריקע וואו ער איז באַלד געוואָרן אַקטיוו אין יידישן קולטורעלן און רעליגיעזן לעבן. ער איז געווען געהילפס־רעדאַקטאָר פון דעם בוך „דאָס שווארצע בוך פון פּוילישן יידנטום״ וואָס איז דערשינען אין יאָר 1943 אין ניו יאָרק.

צום סוף פון דער מלחמה איז ער באַלד אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע וואו ער האָט זיך באַטייליקט אין רעליף אַרבעט צו העלפן די אומגליקלעכע יידן וואָס זיינען על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן אין די לאַגערן פון נאַצישן גיהנום. נאָך זיין צוריקקומען האָט ער אָנגעשריבן צוויי יידישע ביכער וועגן חורבן פּוילן 1948 און נאָכן חורבן 1950.

דר. לעווין איז דער פאָרזיצער פון דער מערב העמיספערע פון

אגודת ישראל וועלט עקזעקוטיווע. ער איז אויך פּראָפעסאָר פון יידישער געשיכטע אין דער ישיבה אוניווערזיטעט אין ניו יאָרק. זייט 1948 איז ער אויך דער ראַטגעבער פון אגודת ישראל צום עקאָנאָמישן און סאָציאַלן קאָנסיל פון דער „יונייטעד ניישאָנס".

זייט דעם יאָר 1922 זיינען דערשינען זיינע 12 ביכער אין פיר שפּראַכן. ער האָט אויך איבער דער צייט געשריבן אַרטיקלען וועגן יידישער געשיכטע. ער האָט זיך באַרימט געמאַכט מיט די רעדעס וואָס ער האָט געהאַלטן ביי די זיצונגען פון די „יונייטעד ניישאָנס" אין די אינטערעסן פון רעליגיעזן וועלט-יידנטום אין נאָמען פון אגודת ישראל וואָס וועלן אייביק לעבן אין דער יידישער געשיכטע. ער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט מיט זיינע רעדעס פאַר דער קאָמיסיע פאַר הומאַניטאַרישע רעכט פון דער „יונייטעד ניישאָנס" און אויך פאַר דעם קאָמיטעט „צו פאַרווערן דיסקרימינאַציע און באַשיצונגען פון מינדער-הייטן". אָט די אויבן דערמאָנטע רעדעס זיינען דערשינען אין בוך-פאָרם אין ענגליש אין יאָר 1953. דאָס איז די הייליקע אַרבעט פון אַן אייניקל פון דעם באַרימטן ריישער רב הרב נתן לעווין.

# שמחה זיידען

איינער פון די אָנגעזעענע ריישער יידן אין אַמעריקע, איז דער באַוואוסטער און ביי יעדן איינעם באַליבטער שמחה זיידען, וואָס וואוינט אין מיאַמי, פלאָרידא. ער איז דער פּראָדיוסער און דירעקטאָר פון „די יידישע פאָרום" אויפן ראַדיאָ סטיישאָן אין מיאַמי, וואו ער האָט זיך דערוואָרבן אַ גרויסן נאָמען ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין פלאָרידע.

שמחה-זיידן איז אַ געבוירענער פון ראפּשיטץ, ניט וויט פון ריישע, וואו עס האָט געוואוינט דער באַרימטער ראפּשיצער רבי ר' נפתלי האָרוויץ, דער גרינדער פון דער ראַפּשיצער גזע. שמחהס פאָטער, ר' אהרן זיידען איז געווען דער ראש הקהל און אויך דער בירגערמייסטער פון דער שטאָט. אין יאָר 1910 האָט ער חתונה געהאַט אין ריישע מיט דער געראָטענער טאָכטער פון ר' פנחס גרויער, אַן אָנגעזעענער ריישער בעל-הבית.

באַלד נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין ריישע, איז ער גע-וואָרן אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט ווי אויך אין צורכי צבור.

ער איז געווען גבאי אין שטאָטישן בית המדרש אין דער צייט, ווען הרב אהרן לעווין איז געווען ריישער ראב״ד. ער איז אויך שפּעטער געוואָרן דער פירער פון דער שטאָטישער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין יאָר 1923 איז ער געווען דער ריישער דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס אין קאַרלסבאַד. ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון אַ ריישער יידישער לאָקאַלער צייטונג.

אין יאָר 1925 איז ער דערווײלט געוואָרן אַלס געמיינדע־ראַט מיט־גליד, אויך אַלס אַ מיטגליד פון סיטי קאונסיל. אַלס שטאָטישער ציון־פירער האָט ער באַגריסט דר. חיים ווייצמאַן, פּרעזידענט פון דער ציוני־סטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע און שפּעטער פּרעזידענט פון מדינת ישראל, ווען ער איז דורכגעפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט אין ריישע. ער האָט אויך אין ריישע באַגריסט אַ צאָל פון די היינטיקע מדינת ישראל מי־ניסטאָרן און מזרחי פירער.

באַלד נאָך זיין אָנקומען אין ניו יאָרק אין יאָר 1936, האָט ער זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין יעדער וויכטיקער אַרבעט וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט ריישע. ער איז געווען איינער פון די וואָס האָבן אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט אין ניו יאָרק צו זאַמלען אַ פאָנד צו העלפן בויען אַ נייעם יידישן שפּיטאָל אין ריישע. אין דער צייט פון דער לעצטער וועלט מלחמה האָט ער אָפּגעגעבן פיל מי, צייט און געלט צו העלפן איבער 1200 געראַטעוועטע ריישער יידן אין די אייראָפּעאישע קאָנצענטראַציע לאַגערן און אויך געהאָלפן פיל פון זיי צו פאַרבינדן מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע. ער האָט אין דער דאָזיקער אַרבעט געפונען אַ טרייסט אויף דעם טראַגישן פאַרלוסט פון זיין פרוי מלכה און צוויי זין — דר. משה און יחזקאל — און זיין טאָכטערביילע וואָס זיינען אומגעקומען דורך די הענט פון די נאַצישע רוצחים.

זיין זון פנחס זיידען וואוינט אין ברוקלין מיט זיין פרוי און קינ־דער. ער איז געווען אַן אָפיציר אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי און האָט זיך באַטייליקט אין דער נאָרמאַנדי אינוואַזיע. אַלס אַ ריישער קינד אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי האָט ער פיל געהאָלפן אַ צאָל פון די ריישער מלחמה־קרבנות וואָס ער האָט באַגעגנט אין די אייראָפּעאישע לאַגערן.

אין דער צייט וואָס ער האָט געאַרבעט פאַרן ריישער רעליף האָט ער רעדאַקטירט צוויי בראָשורן וואָס זיינען געדרוקט געוואָרן אין ניו יאָרק אונטער דעם טיטל „דער ריישער אַמעריקאַנער״ אין יידיש און אין ענגליש, וואָס האָט זייער פיל געהאָלפן צו פאַרשפּרייטן די דערפאָלגרייכע הילף און אַרבעט פאַרן ריישער רעליף און צוזאַמענבריינגען די אַמע־

ריקאַנער רייִשער מיט זייערע קרובים אין די אייראָפּעאישע לאַגערן. איבער דער צייט וואָס ער האָט געוואוינט אין ניו יאָרק האָט ער אויך געהאָלפן רעאָרגאַניזירן דעם גאַליציאַנער פאַרבאַנד.

ווי איך האָב פריער דערמאָנט, וואוינט שמחה זיידען אין מיאַמי, וואו ער נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע יידישע אונטערנעמונגען. ער איז אויך דער סעקרעטאַר פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין מיאַמי. ער האָט דאָרט ווידער חתונה געהאַט מיט אַ רייִשער מיידל, מרים יאַקאָבי. זיי האָבן אַ זון מיטן נאָמען משה יחזקאל, נאָך זיינע צוויי אומגעקומענע זין.

## א. נ. פרלברג

געווידמעט מיין שוועסטער
אסתר און אירע צוויי קינדער
בלומה דבורה און שולמית

איינער פון די גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס האָט געהאָלפן פאַר־שפרייטן דעם מאָדערנעם דרך פון העברעאישן חינוך אין אַמעריקע, איז געווען אברהם נתן פרלברג, אַ רייִשער איידעם.

א. נ. פערלבערג איז אַ באַוואוסטער נאָמען אין העברעאישע קרייזן אין אַמעריקע. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער פאַרנומען אַ וויכטיקן פלאַץ אין העברעאישן זשורנאַליזם און אויך אין העברעאישן חינוך. ער האָט טאַקע אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן פאַר דעם דאָזיקן צוועק.

אַלצדינג וואָס איז געווען העברעאיש איז ביי אים געווען קודש קדשים. ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיטן פאַרשפרייטן און אויפלעבן די העברע־אישע שפראַך און ליטעראַטור. ער האָט מיט זיין איבערגעבנקייט געאַרבעט טאָג און נאַכט. איך זאָג „טאָג און נאַכט", ווייל ווען מיר האָבן, אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן געוואוינט צוזאַמען אין זעלבן הויז אויפן זעלבן שטאָק, אין ברוקלין, האָב איך אים אָפט געזען זיצן ביי דער אַרבעט גאַנצע נעכט. דעם גאַנצן טאָג איז ער געווען פאַרנומען אַלס לערער אין דעם ישיבה אוניווערזיטעט, אַלס דער מנהל פון

בית הספר הלאומי, אַלס לערער אין בית המדרש למורים און אויך אין בית הספר לבנות אין ברוקלין. ווען ער איז געקומען אַהיים שפּעט ביינאַכט, אָנשטאָט צו גיין שלאָפן און זיך אויסרוען, פלעגט ער זיצן איבער זיינע כתבים ביז פיר אַזייגער פאַרטאָג.

פּרלברג איז אויך געווען אַן ערשט קלאַסיקער רעדנער. איך האָב אים אַמאָל געהערט ריידן אין דעם גרויסן קופּער יוניאָן זאַל אין ניו יאָרק. דער זאַל איז געווען געפּאַקט מיט איבער טויזנט מענטשן. אַלע זיינען געזעסן שטיל און געשלונגען זיינע ווערטער. איך בין אויך אַמאָל געווען צו אַ פאַרזאַמלונג וואָס איז גערופן געוואָרן פון אַלע העברעאישע פירער אין עדיוקיישאָנעל עלייענס אויף איסט בראָדוויי, וואו עס האָבן גערעדט ראובן ברייניך, אייב גאָלדבערג און פּרלברג. די רעדעס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין העברעאיש. צווישן די פאַרזאַמלטע איז אויך געווען דער באַרימטער מטיף הרב צבי מאַסיאַלנסקי. געדענק איך, ווי נאָכדעם ווען די אסיפה האָט זיך געשלאָסן, איז הרב מאַסליאַנסקי צוגעקומען צו פּרלברגן וואָס איז גראַד געזעסן לעבן מיר, און געזאָגט צו אים אין העברעאיש: „די רעדע וואָס איר האָט דאָ היינט געהאַלטן, איז איינע פון די בעסטע וואָס איך האָב ווען געהערט. די העברעאישע וועלט איז שטאָלץ מיט אייך.‟

אין זיין פרייער צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט שרייבן שירים ומחצות לילדים. ער האָט פאַרפאַסט אַ סך פּזמונים, ספּורים און אגדות פאַר די העברעאישע שולן. דער העברעאישער חינוך איז טאַקע פון זיינע שאַפונגען באַרייכערט געוואָרן. זיינע שריפטן וועלן בלייבן אויף דורות, אַזוי לאַנג ווי עס וועט לעבן די העברעאישע שפּראַך.

פּרלברג איז געבוירן אין יאָר תרמ״ט אין קאלנע, לאָמזשער גובער־ניע. אַלס יינגל האָט ער געלערנט אין חדרים און שפּעטער אויך אין דער לאָמזשער ישיבה. ער איז געווען באַוואוסט אַלס דער „קאלנער עילוי‟. ער האָט אויך שטודירט השכלה און שפּעטער אויך רוסיש, דייטש און פּויליש.

נאָך צוועלף יאָר לערנען אין דער לאָמזשער ישיבה, איז ער גע־קומען קיין וואַרשע און אַריינגעטראָטן אין דער דאָרטיקער גימנאַזיע וואו ער האָט אומדערמידלעך שטודירט טאָג און נאַכט.

שוין אין זיין יוגנט האָט עס אים געצויגן צום שרייבן. ער האָט זיך באַקאַנט מיטן העברעאישן שריפטשטעלער א. מ. פּיוקאָ, וואָס האָט

דאַמאָלט אַרויסגעגעבן דעם ירחון „לבני הנערים" וואָס האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר פּרלבּרגס שרייבער קאַריערע.

אין וואַרשע איז ער געווען אַ יוצא ונכנס אין די לאָקאַלן וואו עס האָבן פאַרקערט די באַוואוסטע העברייער און משכילים. דורך זיין באַקאַנטשאַפט מיט דעם באַרימטן העברעאישן שרייבער און פאַרלעגער בן אביגדור, איז ער געוואָרן אַ העברעאישער פּריוואַטער לערער. ער האָט געלערנט מיט דער היינט באַוואוסטער שרייבערין רחל פיינבערג. ער האָט אויך געלערנט מיט הלל צייטלינס צוויי זין, אהרן און אלחנן. דער ערשטער איז היינט אַ באַוואוסטער זשורנאַליסט אין ניו יאָרק און אַ מיטאַרבעטער אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל". ער האָט אויך געלערנט מיט אַנדערע קינדער וואָס פאַרנעמען היינט אַ הויכע שטעלע אין ליטע־ראַרישן און אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע און אויך אין אַנדערע וועלט־טיילן.

אין יאָר תרע"ג (1913) איז ער געקומען קיין אַמעריקע וואו ער האָט זיך תיכף באַקאַנט מיט דעם באַוואוסטן מחנך ה. א. פרידלאַנד, וואָס איז דאַמאָלט געווען דער מנהל פון בית הספר הלאומי. ער איז טאַקי באַלד אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער אין דער דערמאָנטער שול. ער איז אויך שפּעטער געוואָרן לערער אין בית הספר לבנות אין ברוקלין.

ווען די מזרחי אָרגאַניזאַציע האָט געעפנט דעם בית המדרש למורים, איז פּרלבּרג אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער פון דער העברעאישער שפּראַך. אַ יאָר שפּעטער איז ער אויך אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער אין ישיבת ר' יצחק אלחנן. אין יאָר תרפ"א (1921) נאָכדעם ווי ה. א. פרידלאַנד איז אַוועק קיין קליוולאַנד, איז פּרלבּרג אויפגענומען גע־וואָרן אַלס מנהל פון בית הספר הלאומי און איז דאָרט פאַרבליבן ביז צום לעצטן טאָג פון זיין לעבן.

חוץ זיין פאַרבינדונג מיט די אויבן דערמאָנטע אינסטיטוציעס, איז ער אויך געווען אַ מיטאַרבעטער כמעט אין אַלע טעגלעכע, וועכנט־לעכע און חודש העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן אין אַמעריקע, אייראָפּע און ארץ ישראל. זיינע אַרטיקלען זיינען דערשינען אין התורן, הדואר, האומה, המנהל, הארץ, ספרי היובל של הדואר, ניר, אביב, שחרית, מקרא עונג, עדן יהודה הצעיר און אַנדערע זשורנאַלן. ער איז דער מחבר פון די ספרים „המנצחים" און „העברית", אַרויסגעגעבן פון הסתדרות העברית ב'אמריקה.

פּרלבּרג איז געווען אָנערקענט אַלס אַן איבערגעגעבענער ברודער און

חבר אין דער משפחת העברים אין אַמעריקע. ער האָט זיך משמח געווען ביי זייערע שמחות און זיך מצער געווען מיט זייערע צרות. צו זיין גוטסקייט און ברייטער האַנט צו העלפן די מיטגלידער פון דער דערמאָנטער משפחה, איז קיין גרענעץ ניט געווען.

אין אָנהויב פון די צוואַנציקער יאָרן איז ער געוואָרן דער מיט־רעדאַקטאָר פון דעם העברעאישן זשורנאַל „התורן" וואָס איז דערשינען אין ניו יאָרק וואו עס האָט זיך אויך באַטייליקט ראובן בריינין.

אין יאָר תר"פ (1920) האָט ער חתונה געהאַט מיט אַ ריישער מיידל, מיין שוועסטער אסתר. זיי האָבן געפירט אַ גליקלעך לעבן און געבראַכט אויף דער וועלט צוויי געראָטענע קינדער. אין יאָר תרפ"ז (1927) איז ער קראַנק געוואָרן און האָט מיטגעמאַכט אַ שווערע אָפּעראַציע. ער איז זייט דאַמאָלט צו זיך ניט מער געקומען. ער איז אָבער ווייטער אָנגע־גאַנגען מיט זיין אַרבעט אין די העברעאישע אינסטיטוציעס. אין יאָר תרצ"ד (1934) איז ער ווידער קראַנק געוואָרן און מיטגעמאַכט אַ צווייטע אָפּעראַציע. ער איז באַלד נאָכדעם נפטר געוואָרן נאָך שווערע ליידן י"ח טבת, תרצ"ד 1934 אין עלטער פון 45 יאָר.

אין יאָר תרצ"ט (1939) איז דערשינען זיין בוך „כתבי א. נ. פּרגלברג" מיט אַן הקדמה פון מנחם ריבולוב. עס האָבן זיך אויך באַטייליקט די באַוואוסטע העברעאישע שריפטשטעלער ווי מ. ח. טויזנער, דניאל פרסקי, י. ז. פרישבערג, חיים ליפשיץ, דר. יחיאל קאפּלאַן, שלמה דמשק, עמנועל זאַפּינסקי און יוסף גרינשטיין.

ווען מיין פרוי איז אַוועק פון דער וועלט אין איר 32סטן לעבנס־יאָר, האָט א. נ. פּרלברג אָנגעשריבן אַ פּאָעמע פאַר די צוויי איבערגע־בליבענע יתומים, מיינע קינדער מיכאל און בלומה דבורה. איך גיב עס דאָ איבער:

יתומים היינו ואין לנו אם,
אחות ואח, ואנו עוד קטנים.
נכרת לו גזע, אך שרשו עוד ינוב,
ובדד יצמחו יונקותיו רעננים.

אין יד מחבקת, אין חזה מרפק
אין חיק עוד לראשי „בנים נחמדים" —
אך רבו המרחמים: „יתומים", „אומללים" —
יומם ולילה אך דברים אחדים...

אמנם ערבים דברי אבינו:
נחמו בני, אהבכם כפלים,
אל נא תבכיו, אך מדי דברו
מה ימח הדמעות מעל הענים.

וכמא מכאיבה דומות הזקנה
כמונו אומללה, זו אם של אמנו,
בלי אומר ודברים — באנחה חרישית
צוברות שפתיה הקמוטות שפתינו...

אך אחת נדעה והי תנחמנו:
נשמח אמנו היא כרוב בשמים.
משק כנפיה גם נקשיב בלילות
כי תסך על ערש בניה השנים.

מיט דעם ענדיק איך דעם לעצטן קאַפּיטל — מיט אײנעם פֿון די גרעסטע פּעדאַגאָגן און פֿירער פֿון העברעאישן חינוך און זשורנאַליזם אין אַמעריקע, אבֿרהם נתן פּרלבּרג.



